אַלגעמיינע ביבליאָטעק

שאָלעם־אליכעם

# בלאָנזנדע שטערן

א ראָמאַן אין צוויי טיילן

צווייטער טייל

## נאַווענאַד

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור־ליגע“
קיעוו — 1927

קאַפּיטל 1

# מיסטער קלאמער.

דער לאָנדאָנער ווייטשעפּעל — דאָס איז אַ מין באַרדיטשעוו, אָדער ווילנע, אָדער בראָד, אָדער אלע דריי צוזאַמען, און עפּשער גאָר יערושאָלאים. אין ערגעץ שלאָגט ניט אַזוי דער אידישער דויפעק, ווי דאָרט. אין ערגעץ פילט זיך ניט אַ איד אזוי היימיש, ווי דאָרט. דאָס אויסזען איז אונזער אויסזען, דאָס לאָשן איז אונזער לאָשן. דאָס לויפן, דאָס יאָגן, דאָס שרייען, דאָס מאַכן מיט די הענט, — אַלצדינג, ווי בא אונז. אַפּילע דער האַנדל, די פּאַרנאָסעס — דיזעלבע. דאָס הייסט, איך וויל זאָגן, אַז די אידן האָבן דאָרט קיין שום נייעס ניט אופגעטון. זיי לעבן דאָרט איינער פונם אַנדערן, רייסן איינער באם אַנדערן פון די הענט — וואָס זאָג איך, פון די הענט? — טאַקע דעם ביסן פונם מויל. מיט איינעם וואָרט, זענט איר געקומען אַהין, הייסט עס, אַז איר זענט געקומען אַהיים. איר האָט קיין דאַיגע נישט מיט קיין אידיש נאַכטלעגער, מיט קיין אידישער שול, מיט קיין אידישן מאָלצייט.

רעדנדיק פון מאָלצייטן, דאַרף מען אייך רעקאָמענדירן אַ אידישן רעסטאָראַן סאַמע אין רעכטן מיטן ווייטשעפּעל מיטן נאָמען „קאַפּע נאַציאָנאַל”. דאָס איז ניט נאָר אַ אידישער רעסטאָראַן, דאָס איז אַ אידישער קלוב, וואָרום צו יעדער צייט, ווען איר זאָלט ניט אריינקומען אַהין, טרעפט איר אן ערעווראַוו פון אַלערליי אידן, פון קאָל האַמינים טיפּן, וועלכע נאָר אייער האַרץ גלוסט: בערזנמעקלערס, דאָקטוירים פון פילאָזאָפיע, קאָמיוואָיאַזשערעס, מיסיאָנערן, הויזירערס, אַרטיסטן פון אידישן טעאַטער, דיימאָנט־הענדלערס, קאַנטאָריסטן, צייטונג־שרייבערס, שאָכשפּילערס, פּריקאַזטשיקעס, ציעניסטן, טעריטאָריאַליסטן און גלאַט יונגעלייט, וואָס מע ווייסט ניט, ווער זיי זענען און וואָס זיי טוען, נאָר זיי שרייען און פּילדערן, לאַכן און רויכערן, און ס'איז פול מיט זיי דער קלוב. נאָר מער פון אַלעמען רויכערט און שרייט און פּילדערט דער באַלעבאָס אליין, מיסטער קלאַמער, וועלכן מיר האָבן די ערע אייך פאָרצושטעלן.

מיסטער קלאַמער איז אַ איד אַ גאַליציאַנער, אַ מענטש אַ באַרדאַס, מיט אַ האַדרעס־פּאָנים און מיט אַ העריצל־באָרד, האַלט זיך דעריבער פאַר אַ שיינעם מענטשן און פאַר אַ ציעניסט. אליין איז מיסטער קלאַמער געשטימט מער טעריטאָריאַליסטיש, דאָס הייסט ער איז קיין טעריטאָריאַליסט אויך ניט. און בּיכלאַל האַלט ער ניט פון קיין כעוורעס און פון פּאַרטייען מאַכמעס דעם, פאַרשטייט איר מיך, וואָס מיסטער קלאַמער איז בעטעווע אַן אַפּיקוירעס. ער גלויבּט נישט קיינעם, אויסער זיך. נאָר אַז מע קומט צו גיין און מע זאָגט אים אין די אויגן, אַז ער האָט פּונקט אזא באָרד, ווי דער דאָקטער הערצל, ס'זאָל דאָס פעלן אַ האָר, האָט ער זיך שוין איינגעשריבּן צווישן ציעניסטן, נאָר מיט אַ טנאַי, אַז בעאים טאָמער מאַכט זיך, עס גערעאָט מיסטער זאַנגווילן, ער קריגט אַ פּאַסנדע טעריטאָריע פאַר אידן, האָט ער, מיסטער קלאַמער, קעגן דעם גאָרנישט וואָס אויסצוזעצן. דאָקטער הערצל איז אוואַדע אַ גרויסער מענטש, אַ דזשענטעלמען. מיסטער זענגוויל איז אָבער אויך ניט קיין אינגעלע. „לעבּען און לעבּען לאָססען" — דאָס איז מיסטער קלאַמערס פּרינציפּ. מיסטער קלאַמער איז, איבּערהויפּט, אַ מענטש פון פּרינציפּן, און רעדט איינגליש, און מיינט, אז ער ועדט, ווי אַן עכטער איינגלענדער. און דערצו האַלט ער זיך פאַר אַ שטיק לאַמדן, אַ יודייע סייפער און ס'איז גאָר ניטאָ אַ זאַך אף דער וועלט, וואָס ער זאָל דערפון ניט וויסן. דאָס געשעפט, דעם רעסטאָראַן, הייסט עס, האָט ער פיינט, ווי אַ קאָשערער איד האָט פיינט כאַזער, קוקט נישט אפילע אין ווינקל אַריין, גאָר אז עס קומט צום כעשבּן, טוט ער אַ טויווע און נעמט געלט — אַבּי מע גיט אים. וואָרום אַז מע גיט אים ניט, איז אויך פאַרפאַלן. בּא אים איז אַ פּרינציפּ: כל דכפין ייתי וייכול — אידן קומען, עסן זיך אָן, טרינקען זיך אָן און פאָרן אוועק קיין אַמעריקע — גיי זוך זיי. דער כיסאָרן איז נאָר, וואָס ער אַליין, מיסטער קלאַמער, הייסט עס, טייטשט אויס אזוי דעם פּאָסעק. צופיל ועדט מיסטער קלאַמער פון זיך און פון קענען די וועלט און פון זיין גוטהאַרציקייט. אוביכלאַל רעדט מיסטער קלאַמער אַביסל צופיל. נאָר פארוואָס זאָל ער ניט רעדן, אַז קיין אַנדער ארבעט האָט ער ניט? אַרבעטן אין געשעפט — אַרבעט זיין ווייב, ד' מיסעס קלאַמער, אַ אידענע אַן אויסגעהאָרעוועטע באַם אויוון, אַ פאַרוויסטע און פאַרפּינצטערטע. קוקט נישט אָן דעם פאַרויכערטן פאַרווייגטן לאָנדאָנער הימל, אַכוץ שאַבּעס. קומט שאַבּעס, טוט זי אָן די „העט" מיט אַ שיינע „דרעס" און ווערט אַ „לעדי". דערפאַר אָבער זעט זי, אַז איר מאַן, מיסטער קלאַמער, זאָל האָבּן זיין „ברעקפעסט" מיט זיין „דינער" צו דער צייט. נאָכן עסן מוז ער זיך צושפּאַרן, כאַפּן אַ דרימל, און נאָכדעם שוין קאָנט איר אים זען אָדער

אַרומשפּאַצירן איבער זיין קלוב און גלעטן זיך זיין הערצל־באָרד, אָדער — זיצנדיק מיט עמעצן בא אַ טישל, ווי אַ גאַסט, בא אַ גלעזל ביר, מיט אַ ציגאַר, און באַקלאָגן זיך אף זיין פינצטער מאַזל: „אָך און וויי די יאָר, אַז עך, מיסטער קלאַמער, באַדאַרף פארקויפן לאָקשן! נאָר וואָס זאָל מען טון, אַז מע דאַרף לעבן? אָדער ווי זאָגט דער איינגלענדער: „יו מאָסט וואָרק פאָר יור ליווינג”...

ניין. מיסטער קלאַמער האָט פיינט דעם רעסטאָראַן, קאָן ניט אָנקוקן דידאָזיקע פּאַרנאָסע. ער האָט בעסער ליב קאָהאָלשע געשעפטן, מישן זיך אין לאָנדאָנער צדאָקע־כעווראָס, זאָגן דייעס אף די רוסישע עמי־גראַנטן, וואָס הייסן בא אים ניט מיט קיין אנדער נאָמען, אויסער: „די קאַצאַפּעס”, אָדער „די שנאָרערס”. נאָך זיין מיינונג, האָט מען אלע רוסישע אידן באַדאַרפט נעמען און אופהיינגען אף איין שטריקל. עפשער מיינט איר, אַז מיסטער קלאַמער איז כאָלילע אַזאַ שלעכטער מענטש? אָדער עפשער מיינט איר, אַז די איינגלישע אידן האָבן בא אים מער כיין? האָט איר אַ טאָעס. מיסטער קלאַמער, אַז עס קומט אים אָן, קאָן ער אייך אָנזידלען (געוויינלעך, אונטער די אויגן) אלע לאָנדאָנער גווירים, די אידישע לאָרדן, מאַכן זיי מיט דער בלאָטע. מיסטער קלאַ־מער איז אַ מענטש מיט אַמביציע: פּרואווט אים זאַטשעפּען מיט אַ וואָרט, וועט איר זיך ניט אויסבאָדן ווייל איר וועט לעבן. די, וואָס קענען אים, היטן זיך. אַניט, זאָל ער אייך אליין אריינמישן זיך צווישן די געסט, אריינשפּרינגען פלוצים, בעאייס יענע האַלטן אין מיטן אַ שמועס, מעלדן זיך צום וואָרט: „אידן לאָזט מעך! עך וועל אייך זאָגן אופּריכטיק, אַז איר אַלע ווייסט ניט מאַ דעקאַמרע רעבעצן. רעדן קאָסט קיין געלט ניט, אָדער ווי זאָגט דער איינגלענדער: „טוק איז טשיפּ”... — אַ ז ו י לאָזט אויס מיסטער קלאַמער און נעמט זיך אָן בא זיין הערצל־באָרד: „וועגן וואָס, אייגנטלעך, האַנדלט זיך דאָ בא אייך, לעמאָשל?”...

איינמאָל האָט זיך געטראָפן אַ מאַיסע. צום מיסטער קלאַמער האָט זיך צוגעלאָנטשעט אַ מאָדנער פּאַרשוין און האָט פּאַרגעסן בא אים אַ פּעקל מיט קסאָווים, אַ גאַנצן אויצער... נאָר מיר גיבן איבער מיט די ווערטער פון מיסטער קלאַמער, ווי ער אליין דערציילט פונם דאָזיקן פּאַרשוין, ווי ער האָט זיך מיט אים באַגעגנט און וואָס פאַר אַן אוי־צער עס איז אריינגעפאַלן צו אים אין די הענט גאָר אומגעריכט.

— אָט דאָס פּעקל, וואָס איר זעט, איז פּאַרבליבן בא מיר אַ יערושע פון איינעם עפּעס אַ שנאָרער, אַן אַרטיסט פון די אידישע אַרטיסטן, אַ קליינינטשקער, אַ הייזעריקער, מיט מאַמזערישע אויגן, עך זאָל אזוי ווויסן פון אים, ווי עך ווייס, ווער ער איז און וואָס ער איז און פונ־

וואַנען ער איז! בּאַ מיר איז אַ פּרינציפּ, אַז יענער זאָגט מיר ניט, דאַרף מען ניט — איטלעכער האָט זיך זיין פּעקל, אָדער ווי זאָגט דער איינגלענדער: „סטוק טו יורגינס"... האַקיצער, צוויי וואָכן דורכאַנאַנד האָט ער בּאַ מיר געפּרעסן און געזויפן, געזאָגט, אַז ער האָט דאָ אַ בּאַ־קאַנטע שפּילערן, וואָס פאַרדינט מיליאָנען. איז ער מיט איר, זאָגט ער, אַ נאָענטער שמעלקע. עס איז שווער, זאָגט ער, איידער מע דערשלאָגט זיך צו איר. נאָר קוים, זאָגט ער, וועט ער זיך נאָר דערשלאָגן, אַזוי וועט ער אָפּגעשאָטן מיט געלט, ווי אַ כאָסן מיט געשטן. אָל־רייט! בּאַ מיר איז אַ פּרינציפּ: אַ מענטש זאָגט — מיסטאָמע איז ער בּאַגלויבּט, אָדער ווי זאָגט דער איינגלענדער: „זיהינג איז בּעליווינג"... איינמאָל קומט ער צו מיר צו גיין, אָט דער שלימאַזל, עך זאָל אים אויסלייען אַ פּאָר שילינג. ער דאַרף, זאָגט ער, געבּן אַ פּאָר אַראָפּ אף איין טאָג אָט דאָ ניט ווייט קיין בּרייטען — אַן ערטול אַזעלכס, ניט ווייט פון לאָנ־דאָן, וואו עס פאָרן אַרויס אלע לאָרדן און רייכסטע מאַגנאַטן. דאָרט, זאָגט ער, געפינט זיך איצט די בּאַרימטע זינגערן, אָדער די שפּילערן. און בּעאייס מאיסע נעמט ער און גיט מיר איבּער עפּעס אַ פּעקל, אָדער, ווי מע רופט דאָס אין איינגלישן, אַ „האַנד־בּעג" — עך זאָל עס אים בּאַהאַלטן, פארשליסן, זאָגט ער, אונטערן שלאָס, וואָרום דאָרט ליגן, זאָגט ער, נייטיקע פּאַפּירן, וואָס האָבּן די ווערט, זאָגט ער, מיעדייע וויפל. אָל־רייט! בּאַ מיר איז אַ פּרינציפּ: אַ מענטש זאָגט — מיסטאָמע איז ער בּאַגלויבּט, ווי זאָגט דער איינגלענדער: „זיהינג איז בּעליווינג"... גיי עך און געבּ אים עטלעכע שילינג און נעם בּאַ אים צו אָט דאָס פּעקל, דעם האַנד־בּעג, און פאַרשליס עס אויבּן בּאַ מיר אין שרייבּטיש. און עך וואַרט אף דעם שנאָרער אַ טאָג און צוויי און דריי און אַ וואָך און אַ כוידעש און אַ יאָר — אַזוי ווי איר האָט אים געזעען, אזוי האָבּ עך אים געזעען, בּיז היינטיקן טאָג, גיי זוך מעך, אָדער ווי זאָגט דער איינגלענדער: „קעטש מי איף יו קען"... איינמאָל דערמאַן עך מעך אינם סעטשעל, אָדער אינם האַנד־בּעג פונם שלימאַזל. עך טו מיך אַ נעם צום סעטשעל, ס'איז קעדאי צו וויסן, וואָס פאר אַ דאָבּרע־מאַזל דאָרט קאָן ליגן. עך טו אַ קוק — קסאָווים אף אידיש געשריבּן! אָל־רייט — טראַכט עך מיר — אַלע בּייזע כאַלוימעס אף זיין קאָפּ! אף וואָס דאַרף עך זיי? וואָס וועל עך מיט זיי מאַכן?... וואָס פאַר אַ ווערט האָבּן זיי? ווי זאָגט דער איינגלענדער: „טראַש מיט אָלט"!...

אָט אַזוי דערציילט מיסטער קלאַמער פונם אויצער, וואָס גאָט האָט אים צוגעשיקט און וואָס בּאשטייט פון אַ פּעקל קסאָווים, אין אידיש געשריבּן. און וויל דידאָזיקע קסאָווים האָבּן אַ נאָענטע שאַיכעס צו אונזער ראָמאַן, גיבּן מיר דאָ אַ ריכטיקע קאָפּיע פון זיי, אין דער האָ־

פענונג, אַז דער לעזער וועט שוין אליין טרעפן פון ווען און צו וועמען זיי זענען געשריבן.

קאפיטל 2

## אַ פּעקל בריוו.

ערשטער בריוו.

איך שרייב צו דיר א בריוו, מיין טייערער, און פרעג מיך, צו וואָס טו איך עס? ווייס איך דען, וואו דו ביסט און וואָס דו ביסט און וואָס מיט דיר טוט זיך? איך האָב אָבער אַ האָפענונג, אז ניט היינט, איז מאָרגן — אלע טאָג, אַלע שאָ, אַלע מינוט האָף איך, טאָמער וועל איך פאָרט אמאָל געוואָר, וואו דו ביסט. לאָמיר דיר כאָטש אַרויס־שרייבן אַלצדינג, וואָס מיט מיר האָט זיך אָפּגעטון פון דער ערשטער מינוט, וואָס איך בין אַוועק פון האָלענעשטי, ביז צו היינטיקן טאָג. בעאייס איך שרייב צו דיר, מאָלט זיך מיר אויס, אַז דו זיצסט נעבן מיר און איך דערצייל דיר און דערצייל דיר. געוויינטלעך, וועל איך ניט קאָנען דיר אלצדינג אזוי גוט און אַזוי דייטלעך אַרויסשרייבן, ווי איך וואָלט דאָס דיר געקאָנט איבערגעבן פערזענלעך, וואָרום ווי קומט צו מיר קאָנען שרייבן? דאָס ביסל אידיש, וואָס איך קען, האָב איך אויך צו פאַרדאַנקען מיין טאַטן דעם כאַזן. ער פלעגט מיר אָבער שטענדיק זאָגן: „אלע אינגלעך זיצן און שרייבן — שרייב אויך. וואָס וועט דיך אַרן, אַז דו וועסט קענען? געדיינק, טאָכטער, עס וועט דיר אַמאָל צונוץ קומען!"... היינט זע איך, ווי ווייט ער איז געווען גערעכט...

פונוואַנען ווילסטו, טייערער, זאָל איך דיר אָנהייבן צו דערציילן? פון יענעם שאַבעס־צונאַכטס — געדיינקסטו? אוי, יענעם שאַבעס־צונאַכטס, אז איך בין ניט געשטאָרבן פאַר שרעק אליין, איז א סימען, אז איך וועל לאַנג לעבן. איידער איך האָב דערלעבט הערן דעם זייגער אויס־שלאָגן צוועלף, איז מיר שיר דאָס האַרץ ארויסגעשפּרונגען. איטלעכע מינוט איז מיר געווען א שאָ. וואָס זאָג איך — א שאָ? אַ טאָג, א יאָר. און אַז דער זייגער האָט אויסגעשלאָגן צוועלף, האָב איך מיך פאַוואָ־לינקע אופגעהויבן, פּאַוואָלינקע אופגעעפנט דאָס פענצטער און געגעבן אַ קוק ארויס אין דרויסן — א נעכטיקער טאָג, פינצטער־כוישעך, נישטאָ קיינער!.. וואָס האָב איך אין דער מינוט ניט איבערגעטראכט? — וואו נאָר ערגעץ א שלעכטע מאַכשאָווע, איז זי מיר געקראָכן אין קאָפּ

אריין. מער פון אַלץ האָב איך מוירע געהאַט פאַר דיר, מיין טייערע, טאָמער האָט זיך מיט דיר כאָלילע עפּעס געטראָפן... נאָר אָט הער איך א פייף, און נאָך א פייף — אזוי ווי מיר האָבן אָפּגערעדט מיט דעם הייזעריקן פאַרשוין (אָט דער, וואָס מע רופט אים שאָלעם־מייער מוראַוועטשיק)... דאָס האַרץ — ווי א זייגערל: טיק־טיק־טיק. הענט און פיס ציטערן. אַ מאָדנע קעלט אָף מיר. „רייזל, מאַך צו דאָס פענצטער! רייזל, דעק דיך איבער מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ און — א גוטע נאַכט!" — אזוי טראַכט איך מיר א מינוט און דערמאָן מיך אָבער באַלד אין דעם, וואָס מיר האָבן אָפּגערעדט... און דערמאַן מיך אין דער שוואוע, וואָס מיר האָבן געשוואָרן, און אינם טקיעס־קאַף, וואָס מיר האָבן זיך געגעבן אין דער נאַכט פון דער סרייפע, — געדיינקסט נאָך יענע נאַכט פון דער סרייפע?.. און איך גיב מיך אַ כאַפּ אוף: „זייט געזונט, טאַטע־מאַמע! זיי געזונט האָלענעשטי! עס לאָזט אייך גריסן דעם לעצטן מאָל דעם כאַזנס מיידל... אויס רייזל!.. ארויסגעפלויגן דאָס פייגעלע פונם שטייגעלע"... אזוי געזעגן איך מיך מיט די פיר ווענט און צעקוש מיך מיטן קאָפּנקישעלע. און עס טוט מיר ווי דאָס האַרץ און האָב ראַכמאָנעס אפן טאַטן נעבעך: וואָס וועט ער זאָגן מאָרגן אינדערפרי?.. דאָס געדויערט אָבער נישט מער ווי א מינוט, עפּשער נאָך ווינציקער ווי א מינוט — און איך בין שוין אָף יענער זייט פענצטער, אַף דער גאַס. „גאָטס גאַס" איז טויט. ווי צוויי שאָטנס גייען מירביידע, איך און דער הייזעריקער. איך לויף, ער לויפט מיר נאָך. קאַם וואָס ער כאַפּט דעם אָטעם. ערשט אין עק, באַ אָשער דעם בעקערס אָפּגעברענטער שטוב, שטעלן מיר זיך אָפּ ביידע, איך און דער הייזעריקער. ער קוקט אָף מיר, איך — אָף אים. דערנאָך צעלאַכט ער זיך שטיל, מיט זיין הייזעריקן געלעכטער: „מיידעלע, זאָגט ער, דו לויפסט אזוי, אז איך האָב דיך קאַם געכאַפּט". און ער בינדט אוף עפּעס אַ פעקל. דאָרט ליגט א צעריסענער קעצענער בורנוס מיט אן אלטן שאַל. „וואָס איז דאָס?" — „דאָס איז, זאָגט ער, פון דיינעטוועגן, קעצעלע, זאָלסט זיך איבערטון, מע זאָל דיך, זאָגט ער, כאָלילע ניט פאַקן. זיי מעגן שוין זיין, זאָגט ער, מיט אכצן קעפּ, וועלן זיי דיך א מאַקע דערקענען. הילל דיך נאָר גוט איין, פייגעלע, אינם שאַל. אָט אזוי. און שטומען זאָלסטו מיר, זאָגט ער, ווי א פיש. ביז מיר וועלן ניט קומען צו דער באַן, טאָרסטו ניט אויסרעדן, זאָגט ער, קיין וואָרט. דו הערסט, ליובעניו? קיין פּיפּס!"...

אין דעם פאָרט אָן א בויד מיט דריי פערד. דער הייזעריקער שטעלט אָפּ די פור. אָף דעם קעלני זיצט שימען־דאָוויד באלעגאָלע — איך האָב אים דערקענט אין דער פינצטער — און פון בויד שפּרינגט

ארויס דער דירעקטאָר (שטשופּאַק) עפּעס זייער צעטראָגן. ער רופט אָפּ דעם הייזעריקן אף א זייט און מע סוידעט זיך. וואָס — ווייס איך ניט. איך הער נאָר, ווי דער הייזעריקער צעשרייט זיך, אפּן דירעקטאָר, אַפּאָנים: „אי־די־אָט!"... איך שטיי אין געהאקטע וואונדן, איינגעהילט אין בורנוס און אין שאל, און די צוויי הערן ניט אויף צו סוידען זיך. נאָכדעם גייען זיי זיך צו צום באַלעגאָלע, נעמען אים אַראָפּ פון דער קעלני, פירן אים אוועק אויך אף א סאָד — און איצט סוידען זיך שוין אַלע דריי. „ריבוינע שעל אוילעם! וואָס איז דאָס פאַר סוידעס?"... דער באַלעגאָלע, שימען־דאָוויד, הער איך, טאַינעט צו זיי אף זיין מאָל־דעווער לאָשן. איך כאַפּ ווערטער: „אביסל אַ סמיכעס האַפּאַרשע!.. אַ פּאָלג מיך אַ גאַנג!.. וואו איז פּאַטשעשטי, און וואו איז נאָוועסע־ליץ!"... זאָל איך ניט אַראָפּוואַרפן פון זיך אָט דעם קעצענעם בורנוס, טראַכט איר מיר, און ניט מאַכן א וואַיוורעך צוריק אַהיים, קאָלזמאַן ס'איז נאָך צייט?.. דערווייל הער איך א הייזעריק קאָל: „מאַדאַם קאַץ! מאַדאַם קאַץ!"... ווערמען רופט מען עס? דאָס מיינט מען מיך, אַפּאָנים? ער האָט מיך געקרוינט מיט א נייעם נאָמען: „מאַדאַם קאַץ". — „וואָס זענט איר שטיין געבליבן?" — מאַכט ער צו מיר ווייטער. — קריכט, זייט מויכל, מאַדאַם קאַץ, אין בויד אריין"...

און מיר זעצן זיך אַלע דריי אריין אין וואָגן אַריין, איך מיטן די־רעקטאָר אויבנאָן אין בויד, און דער הייזעריקער—פּאָריטש, אקעגן. דער דירעקטאָר איז מאָדנע מאָרעשכוירעדיק. ער זיפצט, און עס לאָזט זיך הערן פון אים וויין. דער הייזעריקער טוט א קאָמאַנדעווע צום באַלע־גאָלע: „יאַזדע!" שימען־דאָוויד טוט אַ שמייס די פערד, און מיר פאָרן.

וויפל מיר זענען אזוי אָפּגעפאָרן, ווייס איך ניט. נאָר פּלוצים, הער איך, טוט דער באַלעגאָלע א שטעל אָפּ די פערד מיט א ברייטן „טפררררו" — און מיר בלייבן שטיין אקוראט באַ נעכע דער אַלמאָנעס שטוב. „פאַרפינצטערט בין איך געוואָרן! עס גייט מיר מער ניט אָפּ צו מיינע זיידענע קליידער, — טראַכט איך מיר, — אז נעכע די אלמאָנע זאָל מיך דאָ דערזעען!"... און קאַכאַווע. איידער איך קוק מיך ארום, שטייט שוין נעכע די אלמאָנע באַ דער טיר מיט אירע צוויי שוועס־טערלעך, האַלב אויסגעטון, און שימען־דאָוויד לאָזט זיך אַריין מיט נע־כע דער אַלמאָנע אין אַ שמועס וועגן די „יאַם־קאָטערס" (דאָס מיינט ער, אַפּאָנים, די אקטיאָרן), צי זענען זיי שוין אוועקגעפאָרן? אַלע קיין פּאַטשעשטי, און ווען זיינען זיי אוועקגעפאָרן? אגעוו, האָט ער זי פירגעהאַלטן פאַר א פאָר פאַרשוינדלעך, וואָס ער האָט איר אַנומלטן געבראַכט צו פירן פון דער באַן. זי האָט אים, זאָגט ער, אפילע אין האַנט ניט אָנגעשפּיגן... דערויף ענטפערט אים נעכע די אל־

מאָנע, אַז אַזעלכע צוויי פאַרשווינדלעך, ווי ער האָט איר געבראַכט צו
פירן אַנומלט פון דער באַן, מעג מען געדיכט זייען און שיטער אופ־
גיין. און בעאייס מאַיסע קוקט נעכע אין בויד אַריין גלייך אף מיר...
איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז זי האָט מיך דערקענט... אָט־אָט פליט
מיר ארויס די נעשאָמע... איך היל מיך איין אין דעם בורנוס מיטן
שאַל שטאַרקער און שטאַרקער. נאָך א מינוט — און איך ווער דער־
שטיקט. לאַנג לעבן זאָל דער הייזעריקער. ער האָט זיך צעשריגן אפן
באַלעגאָלע, גענומען אים טרייבן האַלז און נאַקן: „יאַזדע! יאַזדע!"
און אָפּגעזעגנט זיך מיט נעכן: „זייט געזונט — פאָרט געזונט". שימען־
דאָוויד האָט געגעבן אַ קנאַק מיט דער בייטש: „הײדאַ" — און ער צע־
לאָזט די פערד אַזוי שטאַרק, אַז עס מאָלט זיך מיר אויס, אַז אָט־אָט
ווערן מיר צעשאָטן. „וואָס פליט איר אַזוי? וועלכע שוואַרצע יאָר יאָגט
אונז נאָך?" — פרעגט אים דער דירעקטאָר, און מע הערט, ווי די ציין
טרייסלען זיך אים אין מויל. שימען־דאָוויד אָבער ענטפערט נישט. ער
שמייסט די פערד שטאַרקער און שטאַרקער. און מיר הייבט אָן איבער־
גיין אַ געדאַנק: עפשער טאַקע יאָגט מען זיך נאָך אונז?... עפשער
איז דאָס געווען דער סאָד, וואָס די דריי האָבן זיך געסוידעט?.. און
אַזוי ווי איך טראַכט, דערזע איך פאַר אונזער וואָגן לויפן גלייך מיט
די פערד אייער הונט „טערקוש" — איך האָב אים באַלד דערקענט. אַ
שלעכטער סימען — ווי קומט אַהער „טערקוש"?.. מיסטאָמע יאָגט מען
זיך פון אייער הויף נאָך דיר, און כאַפּן וועט מען מיך... פאַרפאַלן!
מיר ביידע זענען פאַרפאַלן... עס שטעלט זיך מיר שוין פאָר אַפילע, ווי
אַזוי מע פירט אונז מיט קאָוועד צוריק אין שטאָט אַריין, און דאַווקע
געבונדענע, און דאַווקע ביידע אינאיינעם... עפשער איז גאָר אַ פּלאַן, —
טראַכט איך מיר, — איך זאָל מיך געבן אַ וואָרף אַראָפּ פונעם וואָגן און
געהאַרגעט ווערן? וואָרום איידער אַזאַ בזיאָיען... „סטאָפּ! האַלט זיך
איין!" — דערהערט זיך אַ געשריי פון שימען־דאָווידן, וואָס שטעלט זיך
ווידעראַמאָל אָפּ, שוין אין מיטן פעלד, און שמועסט זיך אויס מיט אַ
צווייטן באַלעגאָלע אף זיין מאָלדעווער לאָשן. איך קוק מיך איין אין
דער צווייטער פור — אַ וואָגן אָנגעפּאַקט מיט קאַסטנס, און אויבן, אף
די קאַסטנס זיצן צוויי פאַרשוינען. איינער איז, דאַכט מיר, האָצמאַך,
דער אַנדערער — דו!.. דיך האָב איך באַלד דערקענט, טײַערער, כאָטש
דו ביסט געזעסן איינגעוויקלט, ווי איך, עפּעס אין אַן אַלטן מאַלבעש.
אַ מינוט האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז דו קוקסט אף מיר. אָט האָסטו
דיך געגעבן אַ הייב אויף, אַ מאַך צו מיר מיט דער האַנט און אָנ־
גערופן מיך באַם נאָמען. שיר־שיר בין איך ניט אַראָפּגעשפרונגען פון
וואָגן. דאָס האָט אָבער, אַפּאָנים, מער ניט ווי אויסגעדאַכט זיך מיר.

און געדויערט האָט עס, איך ווייס ניט, אויב אַ האַלבע מינוט. וואָרום שימען־דאָוויד האָט באַלד געגעבן א קערעווע אויס דעם וואָגן ווי צוריק, אַ קנאַק מיט דער בייטש — און מיר פאָרן ווייטער.

זענען מיר, דאַנקען גאָט, איבערגעקומען דעמדאָזיקן שרעק אויך. איצט, פרעגט זיך, וואוהין פאָרן מיר? וואוהין פאָרן די איבעריקע? וואָס איז דער דירעקטאָר עפּעס אזוי מאָרעשכוירעדיק? וואָס איז געווען דער סאָד? און פאַרוואָס האָט דער הייזעריקער אָנגערופן דעם דירעקטאָר „אידיאָט"? — דאָס אלעס וועל איך דיר ארויסשרייבן אין מיין צווייטן בריוו. איצט איז שפּעט. צייט שלאָפן. אַ גוטע נאַכט.

צווייטער בריוו.

מיין איינציקער פריינט!

די צאָרעס, וואָס איך האָב דיר באַשריבן אין מיין ערשטן בריוו, און די אלע שרעק און פּכאָדים, וואָס איך בין אויסגעשטאַנען אין יענע נאַכט, זענען גאָלד אַקעגן דעם, וואָס איך האָב איבערגעלעבט דערנאָך. דאָס איז געווען צאָרעס און אומגליק און כיבעט־האַקייווער און גענעם און וואָס דו ווילסט. שטעל דיר פאָר, טייערער, אַז ערשט דעמאָלט, ווען מיר זענען שוין אַריבערגעפאָרן די גרענעץ, ווער איך געוואָר, אַז עס הייבט זיך גאָר ניט אָן — מיר זענען גאָר ניט אין רומעניע, ווי מיר האָבן געהאַט אָפּגערעדט פריער. ווי אַזוי איך האָב מיך געפילט און וואָס איך האָב מיר געטראַכט — דאַרף איך דיר דען באַשרייבן? איך זאָל געווען זעען פאַר זיך אַ וואַסער, וואָלט איך מיך זיכער ארייגעוואָרפן. איך האָב גענומען זיך שלאָגן מיט די הענט אין קאָפּ, רייסן אף זיך די האָר און וויינען אַזוי, ווי איך האָב נאָך אף מיין לעבנסטאָג קיינמאָל ניט געוויינט. אַפּאָנים, אַז זיי ביידע, דער הייזעריקער מיטן דירעקטאָר, האָבן זיך פאַר מיר גוט דערשראָקן. איינס איבער דאָס אַנדערע האָבן זיי גענומען מיך איינשטילן מיט גוטע רייד. נאָר וואָס מער זיי האָבן איבער מיר גערעדט, מער האָב איך געליאַרעמט. איך האָב צעריסן אף זיך די קליידער, דאָס העמד, געוואָלט אויסשלאָגן די פענצטער. דער דירעקטאָר האָט זיך רעכט דערשראָקן פאר מיר און איז אַנטלאָפן געוואָרן. און עפשער האָט אים דער הייזעריקער שטילערהייט מעשאַ־לייעך געוועזן... ער האָט פאַרשטאַנען, אַפּאָנים, אַז איך האָב מוירע פאר דעם דירעקטאָרס מעגושעמדיק געקנייטשט פּאָנים מיט זיינע פאַסקודנע רויטע אויגן, וואָס אָן ברעמען...

איבערגעבליבן אינצווייען מיטן הייזעריקן, מיט דעם, וואָס מע רופט אים שאָלעם־מייער מוראַווושיק, האָב איך ערשט דעמאָלט אָנגעהויבן וויינען. האָט ער מיך גענומען טרייסטן און שווערן בא זיין לעבן און באם הימל און בא גאָט אליין, אַז עס וועט מיר קיין זאַך ניט געשען. בין איך צוגעפאַלן צו אים, גענומען אים קושן די הענט — ער זאָל מיר זאָגן דעם עמעס, דעם ריינעם עמעס... האָט ער מיר ווידעראַמאָל גענומען שווערן, אַז ער וועט מיר דערציילן אַלצדינג, איטלעכס ברעקעלע, אַניט — זאָל ער אַזוי און אַזוי. און אָט וואָס ער האָט מיר דערציילט. איך גיב עס דיר דאָ איבער אין דריי ווערטער:

געזאָלט האָבן מיר טאַקע פאָרן קיין רומעניע, נאָר סאַמע אין דער לעצטער מינוט איז דער פּלאַן געענדערט געוואָרן איבערן דירעקטאָר טאַקע. אָט דער דירעקטאָר, לאָזט זיך אויס אַ מאיסע, האָט זיין אייגנס צוויי ווייבער. ער זאָגט אַפילע, אַז איינע פון זיי האָט ער שוין לאַנג אָפּגעגעט. ער קאָן, זאָגט ער, שטעלן איידעס. נאָר זי, די געגעטע, הייסט עס, טאַינעט, אַז ס׳איז שעקער וועקאָזאָוו. וויל די אַנדערע, די ניט געגעטע, הייסט עס, ער זאָל זי געטן. וויל ער איר קיין געט ניט געבן. פאַרוואָס? ער פאַרלאַנגט פון איר, זי זאָל אים אומקערן דאָס גאַנצע געלט מיטן צירונג מיט דער גאַרדעראָבע מיט די הויצאָעס, וואָס ער האָט אָף איר אויסגעבראַכט — אַ גאַנצן מאַיאָנטעק. טאַינעט זי פאַרקערט: ס׳זאָל זיך אים זעצן די מאַקעס, וואָס זי האָט זיך אָף אים אַסאַך מער אויסגעבראַכט. ווער פון זיי איז גערעכט — איז שווער צו וויסן. דער הייזעריקער זאָגט, אַז זיי זענען אלע דריי גערעכט, און מאַכמעס זיי זענען אלע דריי גערעכט, טאָר מען זיי ניט, זאָגט ער, צולאָזן איינס צו דאָס אַנדערע, וואָרום עס קאָן, זאָגט ער, ארויס דערפון אַן אומגליק — זיי וועלן אלע, זאָגט ער, בלייבן אָן נעזער.

דערווייל טרעפט זיך אַ מאיסע, אַז אין די לעצטע טעג פאַרן אַוועקפאָרן פון האָלענעשטי באַקומט דער דירעקטאָר אַ בריוו פון אַ באַקאַנטן, אַז זיין ערשטע ווייב, די געגעטע, איז געוואָר געוואָרן וואו ער איז, קלייבט זי זיך צו אים צו־גאַסט קיין האָלענעשטי. איז אים געוואָרן קאַלעמוטנע אפן האַרצן, וואָרום זי מאַכט אים אומעטום אַזעלכע סקאַנדאַלן, אַז ער מוז פון איר לויפן אין דער וועלט ארייין. ער האָט זיך געהאַט שוין לאַנג געריסן קיין רומעניע, קיין בוקאַרעשט. נאָר אז ער האָט באקומען דידאָזיקע פריילעכע יעדיע, האָט ער גענומען זיך גרייטן אין וועג ארייין מיט דער גאַנצער כאַליאַסטרע. נעם־זשע, קוני־לעמל, און פאָר אוועק און מאַך אַ שווייג! ניין. גייט ער, דער דירעקטאָר, הייסט עס, און שרייבט אוועק פריער אַ בריוו צו זיין צווייטער ווייב, די ניט־געגעטע: „זאָלסט וויסן, אַזוי און אזוי, איך האַלט בא אָפּפאָרן

קיין רומעניע. שוין צייט מיר זאָלן מאַכן אַן עק, אַהין אָדער אַהער. ווילסטו מיט מיר זיין, קאָנסטו קומען צו פאָרן צו מיר גלייך קיין בוקאַ־רעשט". וואָס־זשע טוט זי, די ניט־געגעטע, הייסט עס? גייט זי און שרייבט אים אָפּ אַן ענטפער: „אַזוי און אַזוי, מיין טייערער מאַן! פריער מאַך אַן עק מיט דיין ערשטער ווייב, נאָכדעם וועסטו שמועסן מיט דער צווייטער". און צו יענער, צו דער געגעטער, נעמט זי, די ניט־געגעטע, און שרייבט אוועק אַכוץ אַ בריוו: „זאָלסט וויסן, אַזוי און אַזוי, אויב דו ווילסט מאַכן אַן עק מיט שטשופּאַקן, זאָלסטו זעען קומען וואָס גיכער קיין בוקאַרעשט"... נעמט יענע, די געגעטע, הייסט עס, און לאָזט זיך פאָרן גלייך קיין בוקאַרעשט. ווערט געוואָר פון דעם דער דירעקטאָר דורך עפּעס איינעם אַן אַקטיאָר, וואָס האָט באַקומען אַ בריוו פון זיינעם אַ באַקאַנטן, אויך אַן אַקטיאָר. ווען באַווייזט אים דער אַקטיאָר דאָס בריוול? פּונקט אַ האַלבע שאָ פאַרן אַוועקפאָר, בא הענעך וויינשיינקער אין קעלער. אָט דאָס איז די גאַנצע מאַיסע. און אָט דאָס איז געווען דער סאָד דעמאָלט, שאַבעס־צונאַכטס אין דרויסן, און אָט דערפאַר האָט דאָס דער הייזעריקער אָנגערופן דעם דירעקטאָר מיטן נאָמען „אידיאָט".

„דידאָזיקע מאַיסע, וואָס איר האָט מיר דערציילט, — זאָג איך צום הייזעריקן, — איז טאַקע אַפּילע זייער אַ שיינע מאַיסע, נאָר אַ קורצע. וואָס־זשע וועט אָבער זיין ווייטער?" — „ווייטער, זאָגט ער, וועט זיין גוט: די ווייבער וועלן זיך דאָרטן אין בוקאַרעשט, זאָגט ער, אימירצע־שעם רייסן בא די שלייערס, און מיר וועלן דאָ אָפּדינגען אַ טעאַטער, זאָגט ער, און אַוועקשרייבן אַ בריוו צו דער כעוורע, זיי זענען, זאָגט ער, אין יאַס, אַז ווער עס האָט מיט וואָס, זאָל קומען אַהער, און ווער עס האָט ניט קיין פּאָדעם, זאָל זיצן דאָרט, זאָגט ער, אָדער ער זאָל גיין אַהין, וואו דער ליבער שאַבעס־קוידעש גייט אַוועק". — „נו, און האָצמאַך?" — זאָג איך. מאַכט ער צו מיר: „וואָס עפּעס האָצמאַך? האָסט זיך פאַרבייִנקט נאָך אים?" — „ניין, זאָג איך, גלאַט אַזוי. איך האָב מיך דערמאַנט, זאָג איך, ווי אַזוי האָצמאַך טאַנצט אַ „כאָסיד"". — „לאָז ער דיר טאַנצן, זאָגט ער, מיטן מאַלכעמאָוועס, אָט דער האָצמאַך. וואָס דאַרפן מיר אָט דעם דראָנג מיט די לאַנגע פּיס? מיר וועלן קריגן, זאָגט ער, אומעטום אַזאַ קאָמיקער, ווי האָצמאַך"...

דו פאַרשטייסט דאָך שוין, טייערער, אַז פון דער בסורע איז מיר פאַרקילט געוואָרן דער מאַמעס מילך... איך האָב מיך אָבער איינגעהאַלטן ווי ווייט מעגלעך, געמאַכט אַ פריינטלעך פּאָנים. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז מיט גוטן וועל איך בעסער מאַכן, און אַז מע דאַרף שלאָגן בלאָט מיט אָט דעם הייזעריקן פאַרשוין. און איך האָב אים אָנגעהויבן

בעטן און געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז קאָלזמאַן עס וועלן נישט קומען די גאַנצע איבעריקע כעוורע, וועל איך מיך ניט באַרואיקן. און אויב ער וויל מיר טון אַ טויווע, זאָל ער זעען, אַז אַלע זאָלן קומען צו פֿאָרן, און דאַווקע אָט דער דראָנג האָצמאַך זאָל אויך קומען. „דעמאָלט, זאָג איך, וועל איך מיך פֿילן, גלייך ווי איך בין אינדערהיים, אין האָלע־נעשטי"... קוקט ער אויף מיר און לאַכט, און זאָגט צו מיר: גוט. זיי שרייבן אוועק באַלד אַ בריוו, אַז אַלע זאָלן קומען צו פֿאָרן, און אָט דער דראָנג האָצמאַך זאָל אויך קומען, כאַפּט אים דער רועך! אַזוי זאָגט צו מיר אָט דער הייזעריקער, מוראַוועטשיק, הייסט עס, און בעט מיך, אַז וואָס איך וועל דאַרפֿן און ווען איך וועל עפּעס דאַרפֿן — זאָל איך מיך ווענדן צו אים, און נאָר צו אים, — וועט ער מיר שטיין אין מיינע נויטן... און ער לויפֿט אַוועק אין די קלייטן און ברענגט מיר צו טראָגן נייע מאַלבושים אַ פּאַק, איך זאָל מיר אויסקלייבן, וואָס איך וויל און וואָס מיר פּאַסט. און שוכוואַרג האָט ער מיר געבראַכט צו טראָגן דריי מאָל, ביז איך האָב מיר צוגעקליבן אַ פּאָר שיך צו מיין מאָס. און איך האָב מיך איינגעוואַשן און אָנגעטון פֿון קאָפּ ביז פֿיס. און אַז איך האָב אַ קוק געגעבן אויף זיך אין שפּיגל, האָב איך מיך אַליין נישט דערקענט. וואו זענען אַהינגעקומען די טרערן? עס האָט זיך מיר אָנגעהויבן וועלן עסן. און ניט נאָר עסן — זינגען האָט זיך מיר גאָר פֿאַרגלוסט! און איך האָב מיך צעזונגען ווי אַ סאָלאָוויי, גלייך ווי מיר וואָלט געווען גוט, ווי די גאַנצע וועלט.

## דריטער בריוו.

מיט דעם אַלעם, וואָס איך האָב דיר באַשריבן אין מיינע ערשטע בריוו, קערסטו זיכער מיינען, אַז עס האָבן זיך שוין געענדיקט מיינע גרויסע צאָרעס? ניין, טייערער, אָט דאָ הייבט זיך ערשט אָן פֿאַר מיר אַ סעדרע פֿון נייע טרערן, בייִנקעניש, ביזיוינעס, פֿאַרדראָס און האַרצ־ווייטיק אַפֿן פֿוד! אַ יאָר האָט דריי הונדערט זעכציק טעג. אַ טאָג האָט פֿיר און צוואַנציק שאָ. אַ שאָ האָט זעכציק מינוט. און יעדע מינוט ברענגט נייע יעסורים מיט נייע ווייטיקן מיט נייע אָפּקומענישן... אַז סאַכאַקל האָב איך גאָר געלעבט אין טאָעס. איך האָב געמיינט, אַז ווערן אַן אַקטריסע איז אַ שפּילעכל. מע טוט זיך איבער און מע גייט אַרויף אויף דער בינע — און פֿאַרטיק. צום סאָף לאָזט זיך אויס, אַז ס'איז נאָך ווייט צום געלעכטער, מע דאַרף דורכמאַכן פֿריער אַ גאַנצע שקאָלע, דורכגיין אַלע שיווע מעדוריי גענעם. אַרטיסטן, זאָגן זיי, ווערן ניט גע־

בוירן. פּאַטי, די באַרימטע פּאַטי, זאָגן זיי, איז מיידלווייס אַרומגעגאַנגען מיט אַ שאַרמאַנקע און געזונגען אונטער די פענצטער... אַזוי האָבן מיך אויפגעקלערט דער דירעקטאָר (שטשופּאַק) און מיין באַשיצער (מוראַווטשיק). און ביכדיי מע זאָל מיך צוגעוואוינען צו דער בינע, האָט מען מיר געגעבן קוידעם זינגען קופּלעטן און לידלעך און אויסגעלערנט טאַנצן.

דעם ערשטן אופטריט מיינעם אַף דער בינע וועל איך ניט פאַרגעסן ווייל איך וועל לעבן. און אופגעטראָטן האָב איך אינגאַנצן מיט איין לידל. דער דירעקטאָר (שטשופּאַק) באַרימט זיך, אַז ס'איז זיין לידל. ער אַליין, זאָגט ער, האָט עס פאַרפאַסט. דער הייזעריקער זאָגט: שפּיי אים אין פּאָנים... ווער דאָס האָט פאַרפאַסט — ווייס איך ניט. נאָר הייבן הייבט זיך עס אָן מיט די ווערטער:

„פּראַטיק אַף דער נאכט —
איז אַיעדער איד א מיילעך...
אין יעדן ווינקעלע לאַכט,
אַפן האַרצן איז לעבעדיק־פריילעך..."

דער איקער איז אָבער ניט דאָס לידל, ווי דאָס זינגען. און ניט אַזוי נאָך דאָס זינגען, ווי דער גרים, דאָס אָנטון. מע האָט מיך אָנגעטון פאַר א יונגנמאַן א כאָסידל. מע האָט מיר אָנגעקלעפּט פּייעלעך, אַריינגעשטעלט אין א פּאָר מאַנסבילשע אטלעסענע הויזן, א זיידענע קאַפּאָטע, מיט א קאַפּעלושל אפן קאָפּ. די מוזיק האָט געשפּילט און איך האָב דורכגעזונגען דעם „פּראַטיק אַף דער נאַכט" און נאָך צוגעטאַנצט דערצו אַ „פריילעכס" — איז געוואָרן, וואָס זאָל איך דיר זאָגן? — אָן איינלייגעניש מיט אַ פּאַטשעריי בראַוואָ, זאָל גאָט היטן! איך האָב געמיינט — אָט־אָט פאַלט איין אַף מיר די סטעלי. ביזן הימל זענען געגאַנגען די געשרייען: „ספּיוואַק! ראָזע ספּיוואַק!" (אַזוי האָב איך שוין געהייסן דעמאָלט אַף דער אַפּישע). עס האָט זיך געשפּאָלטן אונטער מיר די ערד. עס האָבן זיך מיר געוויגט די ווענט מיט די לאָמפּן. איך האָב ניט געוואוסט, וואָס איך זאָל טון. האָט מיך דער דירעקטאָר פון איין זייט און דער הייזעריקער פון דער אַנדערער זייט גענומען שטויסן פון הינטער די קוליסן, אַז איך מוז אופטרעטן פאַרן פּובליקום נאָך אַ מאָל. האָב איך אופגעטראָטן נאָך א מאָל. איז דער געפּילדער געוואָרן נאָך גרעסער. האָב איך געמוזט אופטרעטן נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. איבעראַניים זינגען דעם „פּראַטיק אַף דער נאַכט" און ווידער איבערטאַנצן דאָס „פריילעכס". איך האָב געטאַנצט, און אלץ האָט מיט מיר מיטגעטאַנצט: די סטעלי, די ווענט, די לאָמפּן, דאָס פּובליקום, און אַז

איך האָב געענדיקט, בין איך בא זיך הינטער די קוליסן אַנידערגעפֿאַלן ווי אַ סנאָפּ און האָב מיך צעוויינט. „קעצעלע, דו ווייסט? פרייען דאַרפסטו זיך! דו ווייסט דען, פייגעלע, וואָס פאַר אַן ערפאָלג, וואָס פאַר אַ פוראָר, וואָס פאַר א טריאומף? פאַטי איז א הונט, גאָט זאָל מיר אַזוי געבן גליק און האַצלאָכע!"... אַזוי האָט מיך געטרייסט מיין באַשיצער, דער הייזעריקער. און דער דירעקטאָר איז געשטאַנען פונדערווייטנס (אים האָב איך קיינמאָל ניט צוגעלאָזט נעענטער ווי אַ האַלבן קלאַפטער פון זיך). ער איז געשטאַנען און אָנגעקוואָלן, געוואָרן ברייטער ווי לייגער. דאָס האָט מען געקאָנט אַרויסזען נאָך די באנעצטע אייגלעך זיינע און נאָכן געלעכטערל זיינעם, וואָס זעט אויס מער געוויינט, ווי געלאכט. „אוי, קופּלעטן, הערט־זשע, צוקער־זיס, זאָל מיין נאָמען ניט הייסן אַלבערט"... — האָט ער געבעלעבעטשעט מיט דער צונג און געבלישטשעט מיט זיינע בריליאַנטן.

פון דעמאָלט אָן איז אַוועקגעגאַנגען א גאַנג „ראָזאַ ספּיוואַק". נאכט אין נאַכט, נאָך דעם טעאַטער־שפּילן, ווי א מין קאָמפּאָט, האָט מען באַדאַרפט אונטערטראָגן דעם פּובליקום ראָזאַ ספּיוואַקס „פּראַטיק אַף דער נאַכט" און אויסלאָזן מיט א טענצל. ס'איז אַ טוואָרע, אַז דעם קאָמפּאָט האָט דאָס אידישע פּובליקום מער פאָליובעט פון אַלע מאַיכאָלים מיט די פּאָטראַוועס פונם גאַנצן טעאַטער. איך האָב אַליין געהערט מיט מיינע אויערן, ווי צוויי אידן באַלעבאַטים שמועסן זיך דורך אין טעאַטער הויך איבערן גאַנצן זאַל: „ווען וועט שוין האָבן אַן עק מיטן פּורים־שפּיל און ווען וועט מען אונז שוין דערלאַנגען אַביסל ראָזאַ ספּיוואַק?"... די ערשטע צייט האָב איך געמיינט, איך וועל אין דער ערד אַריין פון אַזעלכע קאָמפּלימענטן. ניין, דאָס דאַרף מען פאַרשטיין. דאָס דאַרף מען פילן!... דאָס פאַרקוקן פון די מאַנסבילן צו מיר אונטער דער זשילע׳ט... דאָס באטראכטן מיך פון אַלע זייטן אין די מאנסבילשע הויזן... זייערע אויגן בעאייס מאַיסע מיט די ווערטלעך, וואָס זיי וואַרפן איינס דאָס אַנדערע... הײנט די בייזע אויגן פון די ווייבער — ריבוינע שעל אוילעם! וואו ס'איז דאָ ערגעץ אַ קריינק אַף דער וועלט, האָב איך זיי געווינשעוועט, און וואו ס'איז דאָ ערגעץ א קלאָלע — האָב איך אין זיי אלעמען אַריינגעוואָרפן. איך האָב פאַרשאָלטן די מאַנסבילן און די ווייבער און דאָס אידישע טעאַטער און זיך אליין און דעם טאָג, וואָס איך בין געבוירן געוואָרן אף דער וועלט! איך האָב עס אָבער אַלצדינג, ווי דו זעסט, איבערגעלעבט, און דאַנקען גאָט, וואָס איך קאָן עס איצט דערציילן דיר אין פריידן. און ווייסטו, וועמען איך האָב צו פאַרדאַנקען? נאָר דיר, מיין טייערער, מיין איינציקער פויינט! וואָרום איך האָב די גאַנצע צייט אַף קיין מינוט נישט פאַרלוירן די האָפענונג, אַז אָט קומסטו

צו פאָרן, אָט דערזע איך דיין ליכטיק פּאָנים, און אָט נעמען מיר זיך ביידע פאַר די הענט און לאָזן זיך אוועק אין דער וועלט אַריין, אַזוי ווי מיר האָבן אָפּגערעדט, זיך טקיעס־קאַף געגעבן... מיין באַשיצער (דער הייזעריקער) האָט מיך געפירט פון טאָג צו טאָג, אַז אָט קומען צו פאָרן די איבעריקע כעוורע און מיט זיי וועט קומען „מיין האָצמאַך״... (אַזוי פלעגט ער זיך מיט מיר רייצן). עס זענען אָבער אַוועקגעגאַנגען טעג און וואָכן — ווער? וואָס? מע הערט נישט און מע זעט נישט!

די איינציקע, וואָס האָט זיך יאָ באַוויזן פון דעם פריערדיקן כיידער, איז געווען די מאַדאַם טשערניאַק, אַן אַקטריסע אַ פאַרזעעניש, אַ קאָמישע פיגור, וואָס מע רופט זי „ברײַנדעלע קאָזאַק״. דו דאַרפסט זי געדיינקען פון האָלענעשטי. אַ קורצינקע, אַ גראָבינקע, מיט גרויסע ווייסע ציין. פון איר בין איך דאָס געוואָרע געוואָרן, אַז מיין באַשיצער (מוראַווטשיק) האָט מיך געגנאַרט, מיעס אָפּגענאַרט. ער האָט קיין שום בריוו ניט געשריבן צו דער כעוורע קיין יאַס, אַז זיי זאָלן צוריקקומען. ס׳איז געווען ליגן פון אָנהייב ביזן סאָף!... אָט די דאָזיקע ברײַנדעלע קאָזאַק האָט מיר אָנגעדערציילט אַזעלכע זאַכן, אַז די האָר שטעלן זיך קאַפּויר. די דעקאָראַציעס, זאָגט זי, האָט מען אויסגעשריבן, נאָר די קאָמפּאַניע אַקטיאָרן און אַקטריסעס האָט מען איבערגעלאָזט ווי אַפּן וואַסער, אין אַ פרעמד לאַנד, זאָגט זי, אָן אַ שפּראַך און אָן אַ גראָשן באַ דער נעשאָמע. ווען ניט זי, וואָלטן זיי דאָרטן אויסגעגאַנגען פון הונגער. ווי ווייט נאָר מעגלעך, האָט זי זיי, זאָגט זי, אונטערגעהאַלטן. נאָכדעם האָבן זיי אויסגעפאַרקויפט, זאָגט זי, פון זיך, וואָס זיי האָבן געהאַט, און האָבן זיך צעקראָכן, צעגאַנגען, זאָגט זי, אַזוי ווי זאַלץ אין וואַסער. „נו, און האָצמאַך?״— פרעג איך זי. — „האָצמאַך, זאָגט זי, איז ווי אין דער ערד אַריין״... און אַזוי אַלעמאָל פלעגט זי מיר דערציילן שרעקלעכע מאַיסעס פון די אָרעמע אַקטיאָרן, ווי אַזוי מע האָט זיי נעבעך אָפּגעכומלט, און אַלעמאָל האָב איך אריינגעוואָרפן: „נו, און האָצמאַך?״ און אַלעמאָל איז געווען די אייגענע ווערטער: „האָצמאַך איז אין דער ערד אַריין״.

נאָר איינמאָל האָט זיך די ברײַנדעלע קאָזאַק אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, אַז זי האָט געהערט פון איינעם אַ אידישן אַקטיאָר, אַז ער האָט געהערט פון נאָך איינעם, אויך אַ אידישן אַקטיאָר, אַז יענער האָט געזעען האָצמאַכן מיט עפּעס זייער אַ יונגיטשקן באָכערל זענען אומגעפאָרן איבער בוקאַרעשט... דו קאָנסט פאַרשטיין, ווי מיר האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ, אַז איך האָב דערהערט אָט די דאָזיקע ווערטער!... צוליב דעם אַליין האָב איך זי געוואָלט אַרומכאַפּן קושן, און מיר זענען געוואָרן פון דעמאָלט אָן מיט אָט דער ברײַנדעלע קאָזאַק ווי צוויי

שוועסטער. און ווער שמועסט, זי צו מיר — איז געווען טאַקע, ווי אַן אייגענע שוועסטער.

אָט דער בריינדעלע קאָזאַק האָב איך צו פאַרדאַנקען מיט אסאַך — אסאַך זאַכן. זי האָט מיר געעפנט די אויגן, ווער דער דירעקטאָר (שטשופאַק) איז און וואָס דער הייזעריק (מוראַווטשיק) איז, און האָט מיך קלאָר געמאַכט און אויסגעלערנט, וואָס איך האָב צו טון אף דער וועלט. זי האָט מיך באקאַנט געמאַכט מיט אזעלכע זאַכן, וואָס וואָלט געווען עפשער אָן אן אומגליק, איך זאָל עס וויסן א ביסל שפּעטער...

איך האָב איר צו פאַרדאַנקען דערמיט, וואָס איך האָב מיך אַרויסגעוואַ־טעוועט פון דער בלאָטע נאָך באצייטנס. זי איז געווען די ערשטע, וואָס האָט מיר אָנגעוויזן, אז מיין אָרט איז ניט דאָ, צווישן די קאָמעדיאַנטן... ווען ניט זי, וואָלט איך מיך נאָך עפשער אַדאַיעם אַרומגעשלעפּט מיט שטשופאַקס טרופּע וואו ערגעץ א העק. ווען ניט זי, וואָלט איך נאָך איצט אויך עפשער אופגעטראָטן אין אלע שיינקלעך, אָנגעטון אין מאַנס־בילשע הויזן, און געזונגען „פּראַטיק אף דער נאַכט" און געטאַנצט א „פריילעכס" . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

טייערער! טייערער! אז איך דערמאַן מיך אָן יענער צייט, פלאַמט מיר מיין פּאָנים פאר כאַרפּע נאָך איצט אויך און עס ברענט אין מיר א פייער. ניט אַזוי אף מיין דירעקטאָר און ניט אזוי אף מיין באשיצער, וואָס האָבן געוואָלט פון מיר אַרויסציען וואָס מער געלט,— דאָס טוט יעדער אונטערנעמער היינט אויך. ניין. מיך האָט געברענט אַף יענע זאַטע באַלעבאַטים מיט די פעטע בייכלעך, וואָס פלעגן גיין מיך הערן זינגען מיין „פּראַטיק אַף דער נאַכט", אָדער קוקן, ווי איך טאַנץ אַ „פריילעכס", און פלעגן קוועלן, זיך באלעקן, ווי אַ קאַץ אַף סמעטענע, איינלייגן די וועלט, צעטראָגן דאָס טעאַטער: „ספּיוואַק! ראַזאַ ספּיוואַק"!...

ליבהאָבער פון אידישן טעאַטער — אַזוי האָבן זיי זיך גע־רופן, און געגאַנגען נאכט און נאַכט צו שטשופאַקן אין טעאַטער, פאַרקוקט הינטער די קוליסן: ווען וועט זיך שוין באווייזן אָט דאָס מיידל אין מאַנסבילשע הויזן?... אוי, אָט די „ליבהאָבער פון אידישן טעאַטער!" מיט איינעם א „ליבהאָבער פון אידישן טעאַטער" מוז איך דיך באַקאַנט מאַכן. און ווייל פון אים איז זייער אסאַך צו דערציילן און ס'איז שוין רעכט שפּעט, לייגן מיר אים אָפּ אף אַ צווייטן מאָל. אַ גוטע נאַכט, טייערער מיינער. שלאָף געזונט!

## פּערטער בּריוו.

איינמאָל — דאָס איז געווען אין אַ הייסן זומערדיקן טאָג — זיינען מיר געווען אַלע אַף פּראָבע. איך האָב שוין געהאַט דעמאָלט אָנגעהויבּן שטודירן „ערשטע ראָלן״. קומט מען צו גיין און מע זאָגט אָן דעם דירעקטאָר, אַז עפּעס אַ מענטש פרעגט זיך נאָך צו אים. איטלעכס מאָל, אַז דער דירעקטאָר (שטשופּאַק) דערהערט, אַז עמעצער פרעגט זיך נאָך צו אים, אַזוי ווערט ער טויט ווי די וואנט. אַפּאָנים, אַלץ איבּער די ווייבּער... די מאַדאַם טשערניאַק, אָט די, וואָס מע רופט „בּריינדעלע קאָזאַק״, זאָגט, אַז שטשופּאַק האָט, דאַנקען גאָט, ניט קיין צוויי, נאָר דריי ווייבּער... האַקלאַל, האָט מען אים געגעבּן צו וויסן, אַז עמעצער, אַ מענטש, פרעגט זיך נאָך צו אים. איז ער בּאַלד געוואָרן ווי צעמישט און אָנגעהויבּן זוכן זיין בּאַל-יויעץ: „שאָלעם-מייער! וואו איז ער ערגעץ, שאָלעם-מייער, אַ כאַליערע!״... דער „מענטש״ אָבּער האָט זיך, אַפּאָנים, נישט געקאָנט דערוואַרטן בּיז עפּעס וואָס, איז ער אויסגעוואַקסן הינטער די קוליסן, און בּיידע האָבּן זיי זיך געגעבּן אַ וואָרף איינס דאָס אַנדערע אַפן האַלז: „סטעלמאַך!״... „שטשופּאַק!״... אין דעם איז אָנגעלאָפן דער „הייזעריקער״, און עס איז געוואָרן צווישן אַלע דריי אַ קושעריי, אַ גדולע, אַ יאָנטעוו! לייבּלעכע בּרידער, וואָס האָבּן זיך ניט געזעען אַ יאָר צוואַנציק, דאַרפן ניט אַזוי דערפרייען זיך, ווי די דריי האָבּן זיך דערפרייט. און ווער שמועסט, אָט דער „מענטש״, וואָס מע רופט אים „סטעלמאַך״ — דער איז שיר ניט צעשמאָלצן געוואָרן, ווי שניי אַף דער זון. אַפּאָנים, פאַר גרויס טאַינעג, וואָס ער האָט זויכע געווען נאָך אַמאָל צו זען זיך מיט שטשופּאַקן און מיט זיין רעכטער האַנט דעם הייזעריקן שאָלעם-מייער מוראַוושיק.

אַ אידל אַ נידעריקס, אַ שוואַרצינקס, אַ האָריקס, שוין אין די יאָרן, נאָר גוט געפּאַקט, גוט אויסגעפּאַשעט, מיט אַ קיילעכיק בּייכל, מיט אַ געלייטערט פּאָנים, מיט טרערנדיקע אייגלעך און מיט זייער-זייער אַ זיס-צוקערדיק שמייכעלע, וואָס ליגט שטענדיק צעגאָסן איבּערן גאַנצן פּאָנים (עס זעט אויס, אַז דער מענטש איז צופרידן מיט זיך, מיט גאָט, מיט אַלע מענטשן און מיט דער גאַנצער וועלט) — אָט דאָס איז דער פּאָרטרעט פון דעם פּאַרשוין, וואָס מע רופט אים סטעלמאַך. א מאילע האָט ער — ער איז ניט גרויס בּאַ זיך. און כאָטש ער אַליין זאָגט אַף זיך, אַז ס׳איז אים קיין איינאָרע גוט ווי די וועלט, און אַז ער איז קיין איינאָרע זייער רייך, פונדעסטוועגן איז ער בּאַ זיך פּראָסט און קליין און פּאָשעט. ער האָט פיינט, ווי אַנדערע, זאָגט ער, בּלאָזן פון זיך. ער האָט פיינט אַרויסבּאַווייזן, זאָגט ער, גרויסקייט. אַדעראַבּע, ער אַליין

האָט ליב צו דערציילן פּאַר איטלעכן באַזונדער, און צו יעדער צייט, ווען איר ווילט, זיין גאַנצע ביאָגראַפּיע. דערציילן זיין ביאָגראַפּיע וועט אים קיינמאָל ניט נימעס ווערן. רעדן רעדט ער שטיל, קאָם וואָס מע הערט, מיט אַ גרינגן זיפץ און מיט אַ שמייכעלע, גלעט דיך בעאייס מאַיסע איבער דער האַנט, אָדער ער האַלט זיך צו באַם קנעפּל, זאָלסט ניט אַוועקגיין — און עס גיסט זיך, גיסט זיך באַ אים אַזוי גלאַט, ווי בוימל פון אַ פאַס, און עס קניפּט זיך און עס קייקלט זיך באַ אים איינס אינם אַנדערן, טאַקע נאָר עפּעס כידושים וועני־פלאָעס, מאַיסעס פון טויזנט־איין־נאַכט. איך ווייס ניט, אויב עס וועט אויסקומען גוט, נאָר איך וועל מיך פּרובירן איבערגעבן דיר זיין ביאָגראַפּיע טאַקע מיט זיין לאָשן.

„געוועזן איז ער, ניט היינט געדאַכט, ניט פאַר אייך געדאַכט, ניט פאַר קיין שום מענטשן געדאַכט, — אַזוי הייבט ער אָן צו דערציילן זיין ביאָגראַפּיע מיט אַ זיפץ און מיט אַ שמייכעלע, און דאָס פּאָנים שיינט, — געוועזן, ניט היינט געדאַכט, ניט פאַר אייך געדאַכט, ניט פאַר קיין שום מענטשן געדאַכט, אַ איד אַן אָרעמאַן, אַ קאַבצן, אַ דאַלפן, אַן אָני־וועעוויען און אַ מעטופּל מיט קינדער דערצו, טאַקע מאַמעש קיין שטיקל ברויט ניט געוועזן. געזעסן ערגעץ ווייס איך וואו, אין אַ קליין שטעטל, אַ מידבער, אַ העק, ניט ווייט פון באַרדיטשעוו, מיטן נאָמען מאַכנעווקע אָדער יאַכנעווקע (איך האָב שוין פאַרגעסן דעם נאָמען), און געלעבט פון דעם, וואָס ער האָט גענייט היטלען, שמויסענע היטלען, פאַר די גויאִים, געגאַנגען דריי מייל צופוס מיט דער סכוירע אף די יאַרידים, טאָמער וועט מען עפּעס פאַרדינען. די שטיוול, ניט היינט געדאַכט, ניט פאַר אייך געדאַכט, ניט פאַר קיין שום מענטשן געדאַכט, אַרומגעבונדן מיט שטריקלעך — די פּאָדעשוועס זאָלן כאָלילע ניט אָפּפאַלן, און אַ פעלצל האָט ער געטראָגן, ווי אַ רעשעטע, פון סאַמע לעכער. דער פראָסט ברענט, דער שניי סקריפּעט, דער ווינט שמייסט אין פּאָנים אַריין און דאָס האַרץ כאַלעשט. און אינדערהיים, ניט היינט געדאַכט, ניט פאַר אייך געדאַכט, ניט פאַר קיין שום מענטשן געדאַכט, ליגט אַ קראַנק ווייב מיט קליינע קינדער. דאָס עלטערע איז נאָך גישט אַלט געווען דעמאָלט קיין זעקס יאָר. הערשעלע האָט מען אים דעמאָלט גערופן, געוועזן פון קליינוויים אוף אַ געראָטן קינד, אַ גאָלד. טאָג ווי נאַכט פלעגט עס אַרומגיין מיט צוויי שטעקעלעך און שפּילן, און שפּילן. „הערשעלע, וואָס טוסטו דאָס?” — „איך שפּיל, זאָגט ער, אפן פידל”. גייט דער פּאָטער אף ציקאַוועסט אייגמאָל און ברייגגט אים צו טראָגן אַ פּראָסטע גויאישע פידל, וואָס האָט די ווערט דריי גילדן. דאָס קינד האָט דערזעען אַ פידל — האָט עס זיך אַוש צעוויינט. וואו האָט ער געזעען אַ פידל? ווער האָט אים באַוויזן, ווי אַזוי מע דאַרף שפּילן? זאָל

אים אַזוי וויסן, זאָגט ער, אַ בייזע וועטשערע מיט אייך אינײנעם. דאָס קינד האָט, זאָגט ער, אַליין פון זיך, געגומען רימפּלען, און געריפּלט אַזוי לאנג, ביז ער האָט אָנגעהויבן שפּילן ניגונים. דאַרף גאָט פירן אַזוי, אַז אין יענעם שטעטל וואוינט אַ פּאָרעץ, אַ גראַף צי אַ קניאַז (איך געדיינק שוין ניט אַקוראַט). דאָס שטעטל איז טאַקע זיין שטעטל. ווערט געוואָר דער פּאָרעץ, אַז בא אים אין שטעטל געפינט זיך דאווקע בא אן אָרעם אידל אַ קירזשנער א אינגעלע אן אנטיקל — שפּילט ער אַפן פידל, אַז עס לאָזט זיך אויס די וועלט, הייסט דאָך דער פּאָרעץ מיסטאַמע, מע זאָל אים ברײנגען דאָס אידל מיטן אינגעלע מיטן פידל. און אַז דער פּאָרעץ הייסט, קאָן מען קיין כאַזער ניט זיין און מע מוז גיין. געקומען צום פּאָרעץ מיטן אינגעלע און מיטן פידל. דאָס אינגעלע האָט מען אַרופגעשטעלט אַפן טיש און עס האָט געגעבן אַ שפּיל איינס און צוויי און דריי — דער פּאָרעץ איז באַלד געוואָרן די קאַפּאָרע, און די פּריצע האָט אַרומגעכאַפּט דאָס קינד קושן און האַלזן. און עס איז באַשאַפן געוואָרן אַפן טיש טיי און קאַווע און פּאַרבייסן: בולקעס, אייער, איינגעמאַכטס — אַלצדינג, וואָס אַ איד מעג עסן. „זיך, מאַכט צו אים דער פּאָרעץ, זיך, וואָס שטייסטו? דו ווייסט דען, זאָגט ער, וואָס דו פּאַרמאָגסט? דו פּאַרמאָגסט, זאָגט ער, אַ טייערן שטיין. דו ביסט, זאָגט ער, אַ מיליאָנער. נאָר וואָס דען, זאָגט ער, דו ביסט אַ פּראָסטער מענטש, אַ בלינדער. דו ווייסט, זאָגט ער, זיין ערגער פון ערגער, אויב דו וועסט דאָס קינד לאָזן וואַקסן אַזוי, נישט אָפּגעבן אים אין שטאָט אַריין לערנען, שטודירן מוזיק!“... רופט זיך אָן צו אים דער פאָטער: „אַדויני פּאָרעץ! דיר איז, אַפּאָנים, גרינג צו זאָגן — „שטודירן מוזיק“? איך בין, ניט דאָ געדאַכט, ניט פאַר קיין מענטשן געדאַכט, אַ איד אַן אָרעמאַן, אַ קאַבצן, אַ דאַלפן, אַן אָני וועוויען און אַ מעטופל מיט קינדער דערצו“... מאַכט צו אים דער פּאָרעץ: „לאָז דיך ניט אַרן. דו גיב אים נאָר איבער אַף מיינע הענט, מאַך איך דיר אים פאַר אַ לייט“... אַזוי זאָגט צו אים דער פּאָרעץ, און די פּריצע שאָקלט צו מיטן קאָפּ. איז אָבער אָט דער סטעלמאַך אויך נישט פון די, וואָס צען אַ גראָשן, טראַכט ער זיך: דערווייל, ביז עפּעס וואָס, ביז דער פּאָרעץ וועט מאַכן זיין קינד פאַר אַ לייט, קאָן אים, דעם פאָטער, בלייבן ווינציקער מיט אַ קינד, און דעם קלאַל איסראָעל — ווינציקער מיט אַ אידן... „ניין, פּאָרעץ־לעבן, דאָס איז ניט קיין פּלאַן, זאָגט ער. דו הייס מיר בעסער שפּאַנען פערד און ליי מיר אויס עטלעכע קערבלעך אַף הויצאָעס, כאַפּ איך מיך אַראָפּ מיטן קינד קיין באַרדיטשעוו. א גרויסע שטאָט. קיין איינאָרע, אַסאַך אידן, רייכע מענטשן“...

„קאַכאַווע. געקומען לעמאַזל מיטן קינד קיין באַרדיטשעוו. ער דרייט זיך אַרום מיטן קינד איבער דער שטאָט. אַ קראַך גאָדל. עס קאָכט ווי אין אַ קעסל. אידן לויפֿן אַרום, דער אהער, דער אהין, פֿאַרטראָגן, פֿאַרטאַרעראַמט. קיינער קוקט זיך ניט אַרום. דאָס קינד וויל נעבעך עסן. און ווי אַף צעלאָכעס, זומערצייט, עפּל און באַרן און פֿלאָמען בעזיל־האַזאַל. דאָס קינד גייט אויס פֿלאָמען — און איר זאָלט זאָגן, אַ פּרוטע באַ דער נעשאָמע. הייבט ער אָן אָפּשטעלן איינעם, דעם אַנדערן, בעטן אַן אייצע, מער ניט אַז אַן אייצע: „וואָס טוט מען, אידישע קינדער, אַזוי און אַזוי: איך פֿאַרמאָג אַ טייערן שטיין, זעט איר, אַ מיליאָן״... קוקן זיי אים אָן, ווי אַ מעשוגענעם: אַ איד גייט אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן, שלעפּט זיך אַרום מיט עפּעס אַ אינגעלע, נאַקעט און באָרוועס, און זאָגט, אַז ער פֿאַרמאָגט אַ מיליאָן. הייבט ער אָן זיי געבן צו פֿאַרשטיין, דערציילט זיי, וואָס דער פֿאָרעץ האָט געזאָגט, און וויל זיי באַווייזן, וואָס דאָס אינגעלע קאָן. צעלאַכט מען זיך און מע באַטלט אויס צו אים אַלע כאַלוימעס! פֿאַרדריסט דאָס אים. גייט ער אַוועק צו די יונגעלייט, צו איינעם, צום אַנדערן, דערציילט זיי, וואָס דער פֿאָרעץ האָט געזאָגט, און בעט זיך, מע זאָל לאָזן דאָס אינגעלע אַ שפּיל טון, באַווייזן זיי, וואָס דאָס אינגעלע קאָן... אויסגעהערט, רופֿן זיי זיך אָן צו אים: „באַשער בעכיין, וואָס־זשע ווילט איר, רעב איד?״ — וואָס זאָל ער וועלן? ער וויל נעבעך עטלעכע קערבלעך, כאָטש קאָנען אַוועקפֿאָרן צוריק אהיים... רופֿט זיך אָפּ צו אים איינער: „שאַט, ווייסט איר וואָס? מיר וועלן אייך מאַכן אַ קאָנצערט?״ קלערט זיך דער פֿאָטער: ער זאָל אַזוי וויסן אַ בייזע וועטשערע! פֿרעגט אים בעכיירעם, וואָס הייסט דאָס אַ קאָנצערט? נאָר זיי זאָגן אַ קאָנצערט, לאָז זיין אַ קאָנצערט...

„האַקלאַל, ער האָט באַ זיי נויסע כיין געוועון. כעוורע האָבן געדונגען אַ זאַל. מע האָט אָפּגעדרוקט אַפֿישן און מע האָט אָנגעהויבן אַרומגיין פֿאַרקויפֿן בילעטן — קיינער קויפֿט ניט. שלעכט, וואָס וועט זיין? „לאָז אייך ניט אַרן, זאָגן זיי, ביזן קאָנצערט איז נאָך ווייט״. געקומען דער אָפּדערנאַכט פֿונם קאָנצערט. שוין זייגער אכט. זייגער ניין. זייגער האַלב־צען — נישטאָ קיינער. ערשט אַרום עלף האָבן זיך צונויפֿגעזאַמלט עטלעכע יונגעלייט, קאָם אַ מיניען. מע טוט זיך אַ כאַפּ: וואו איז דאָס אינגעלע? דאָס אינגעלע שלאָפֿט. קאָם אויפֿגעוועקט. אַוועקגעשטעלט אַף אַ ביינקל. דאָס אינגעלע האָט זיך צעשפּילט — נו־נו! דאָס איז שוין געוועןאַ קאָנצערט! מע האָט דאָס קינד אַרומגעריִנגלט, געקוועטשט, געקושט, שיר ניט דערשטיקט. נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז ס'איז נישטאָ אַפֿילע מיט וואָס פֿאַרן זאַל צו באַצאָלן? געקומען אַהיים, אַף דער אַכסאַניע, הייסט עס, מיד, צעבראָכן, הונגעריק. עסן, זאָגט די באַלעבאָסטע,

איז שוין שפּעט... א בעטל אַף צו לייגן זיך שלאָפֿן — הייסט זיך דער באַלעבאָס באַצאָלן פֿריער געלט. ביטער! בעט מען אויס דאָס פּעלצל אַף דער ערד און מע לייגט אוועק אַ קולאק צוקאָפּנס. דאָס קינד ווערט אַנשלאָפֿן — אַ קינד בלייבט אַ קינד — און ער, דער פֿאָטער, הייסט עס, ליגט און טראַכט, דער מויעך ווערט אים שיר ניט צעפּאַלן: ווי אַזוי רייסט מען זיך אַרויס פֿון דעמדאָזיקן מאָקעם? ער פֿילט, דאָס האַרץ זאָגט אים, אַז נעבן אים, אָט דאָ אַפֿן צעריסענעם פּעלצל, וואַלגערט זיך נעבעך אַ פֿאַרמעגן. אַ מיליאָן. נאָר גיי שריי — אַני שלוימע! מיט די געדאַנקען ווערט ער אַנשלאָפֿן, דער פֿאָטער, הייסט עס, און עס כאָלעמט זיך אים אַ כאָלעם, אַ מאָדנער כאָלעם: אין מיטן שטאָט אַ בוים מיט פֿלאָמען. גאַנץ אויבן, אַפֿן שפּיץ בוים, שטייט זיין זון און טרייסלט, טרייסלט דעם בוים, און פֿונם בוים גלייך אַראָפּ צו אים, צום פֿאָטער, פֿאַלן... ניט קיין פֿלאָמען, נאָר — מיליאָנען! איין מיליאָן נאָכן אַנדערן. איין מיליאָן נאָכן אַנדערן. ער, דער פֿאָטער, הייסט עס, בייגט זיך אָן צו דער ערד, קוקט זיך אַרום אַף אַלע זייטן, הייבט אוף די מיליאָנען און שטופּט אין די קעשענעס אריין. דער זון פֿון אויבן פֿרעגט אים: „טאַטע, נאָך? — „נאָך־נאָך!״ — ענטפֿערט אים דער פֿאָטער און ווערט גאָר ניט מיד, קלייבנדיק די מיליאָנען. פּלוצים דערהערט ער פֿונדערווייטן אַ טומל, אַ געפּילדער. „געגוג שוין טרייסלען!״ — זאָגט ער צום זון און כאַפּט זיך אוף — דערזעט ער, אַז ער ליגט מיטן קינד אַף דער ערד, דאָס פּעלצל צוקאָפּנס. די שטוב איז פֿול מיט מענטשן. דער באלעבאָס איז טויט ווי די וואנט. די באַלעבאָסטע ברעכט די הענט און וויינט: „אירע פּערל! אירע פּערל!״... ער שטייט אוף פֿון דער ערד, וויל גיין צו דער טיר, זאָגט מען אים: „זייט־זשע מויכל, רעב איד, מיר וועלן אייך פֿריער באַזוכן״... — „וואָס הייסט — איר וועט מיך באַזוכן?״ — „מיר וועלן אייך אויסטון, זאָגן זיי, נאַקעט, אייך און אייער קינד, און באַזוכן, עפּשער, זאָגן זיי, זיינען אַל־פּי־טאָעס צו אייך פֿאַרקראָכן באַנאַכט דער באַלעבאָסטעס פּערל?״ . . . . . . . . . . . . . . . ..

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

(עס ווייזט אויס, אַז דאָ פֿעלן עטלעכע בלעטלעך, וואָרום אין דער ווייטערדיקער געשיכטע איז צו זען, אַז דער סטעלמאַך מיט זיין וואונדערקינד זיינען שוין אין פּעטערבורג, און אַז דאָס קינד הייסט שוין ניט הערשעלע, נאָר גרישאַ, און אז ער באַקומט שוין גאָר פּענסיע).

„געקומען קיין פּעטערבורג — עס קאָכט די שטאָט. פֿון איינעם צום אַנדערן. פֿון איינעם צום אַנדערן. דאָ אַן אָנבייסן, דאָ אַ וואַרמעס, דאָרט אַ וועטשערע. און דאָס קינד — אַף די הענט טראָגט מען אים אַרום. ארמעטום, וואו ערגעץ אַ באַל, אַ קאָנצערט, אַן אָוונט, — הערט מען נאָר

„גרישאַ סטעלמאַך” און „גרישאַ סטעלמאַך”. סטודענטן, פּראָפעסאָרן, קריסטן, דאַמען — אַלע אין איין קאָל: „גרישאַ סטעלמאַך!” עס קאָכט! עס זידט! פון געלט שמועסט מען ניט. וויבאַלד פּענסיע — איז דאָך אַנדערע ווערטער. עמעס, די פּענסיע איז אים פאַרלאָפן מיט בלוט און מיט ביזיוינעס און מיט לויפענישן פון איינעם צום אַנדערן. קאָם מיט צאָרעס זיך דערשלאָגן, אי דאָס — צוליב אַ קריסט, אַ ראָשע, אַ צוירער האַיהורדים — אַסאַך צו דערציילן. און אַזוי גייט אַוועק אַ יאָר און אַ יאָר. דאָס קינד וואַקסט און דער נאָמען וואַקסט נאָך גרעסער. נישטאָ שוין, דאַנקען גאָט, פאַר אים קיין לערער. אַן עק. אויסגעגאַנגען פּראָפעסאָרן אין פּעטערבורג. ער האָט זיי אַלעמען איבערגעיאָגט. וואָס וועט זיין ווייטער? צייט אַ קלער טון מיקויעך טאַכלעס. אייביק קיין פּענסיע וועט מען ניט געבן. צייט אַליין אָנהייבן פאַרדינען. מע דאַרף געבן אַ פּאָר אַרויס מיטן קינד אף דער וועלט. און טאַקע וואָס גיכער. וואָרום קאָלזמאַן דאָס „וואונדערקינד” איז אַ קינד, איז דאָס אַ וואונדער, וואָס אַלע ווילן דאָס זען. קוים אָבער טוט עס אַ וואַקס אַרויס פון די קורצע הייזלעך, אַזוי ווערט דאָס קינד אויס קינד, און דער וואונדער — אויס וואונדער. גאָט ווייסט, וואָס פון אַ קינד קאָן נאָך אויסוואַקסן און אין וועמענס הענט ער קאָן נאָך אַריינפאַלן... אַלקיין דאַרף מען זען אַריינכאַפּן באַצייטנס... אַזוי האָט זיך דער פאָטער באַרעכנט, און אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. דאָס הייסט, ניט אַזוי גיך טוט זיך עס, ווי סע רעדט זיך. אַרויספאָרן אַף דער וועלט — קאָסט געלט, און קיין געלט איז ניטאָ. וואָס־זשע טוט מען? דאַרף מען געפינען עפּעס אַן אייצע, זוכן אַ שוטעף: דיין געלט, מיין סכוירע... און גאָט האָט אים געהאָלפן, ער האָט געפונען אַ באַלן, אַ דייטש, מיטן נאָמען שולץ, וואָס נעמט זיי אַף זיינע הוי־צאָעס, און וויפל עס וועט מאַכן — איז באַצי שלי כאַצי שעלאָך. נאָר וואָס דען? אַ קלייניקייט: ער וויל אַ קאָנטראַקט אַף צען יאָר. „דייטש! ביסט משוגע, צי כאַסער דייע? וואָס פאַר אַ צענדליקער יאָרן? גענוג אַ יאָר, גענוג צוויי יאָר, דריי יאָר — אַן עק!” — כאָטש האַק אים, כאָטש בראָק אים. אַן איינגעשפּאַרטער דייטש! דערווייל די צייט שטייט ניט, קאָסטן קאָסט. פון דער היים שרייבט מען, מע זאָל שיקן געלט. אַהין־אַהער, מע האָט זיך מיטן דייטש קאָם אויסגעגלייכט אַף פינף יאָר. זיך צעשריבן מיט אַ קאָנטראַקט, ווי עס געהער צו זיין, און מע האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ גוטער שאָ איבער דער וועלט. מע האָט אָנגעהויבן קלאַפּן קאָנצערטן, איינס נאָך דאָס אַנדערע, איינס נאָך דאָס אַנדערע, און דאַנקען גאָט, ס'איז אַוועק מיט האַצלאָכע. וואוהין מע קומט — איז כוישעך! הערן גרישא סטעלמאַך — לויפט מען ווי אף אַ סרייפע. מענטשן — אַזוי ווי זאַמד, אַזוי ווי שטערן אין הימל. גווירים, אדירים, קריסטן,

שראָרעס — אַזוי ווי פליגן, ווי פליגן פאַלן זיי, און געלט—געלט שיט זיך פון אַלע זייטן. ס'איז נאָר אַ פאַרדראָס, וואָס מע דארף זיך טיילן מיט אָט דעם דייטש! פאַרוואָס קומט אים אַזוי פיל געלט? וואָס האָט ער אַרייַנגעלייגט? דעם טאַטנס ירושע? צי די גרויסע טוירע, וואָס דאָ איז? ער קאָן שוין, באָרכעהאַשעם, אַליין די מעלאָכע פון קאָנצערטן.

טייערע מעציע: מע קומט צו פאָרן אין אַ שטאָט, גיט מען צו וויסן קוידעם אין אַלע צייטונגען, מע באַצאָלט, הייסט עס, פאַר אַנאָנסן, און זיי הייבן אָן קלאַפּן און טרומייטערן: „גרישא סטעלמאַך קומט צו פאָרן!" „גרישא סטעלמאַך פאָרט!" „גרישאַ סטעלמאַך איז געקומען!"... מע דינגט אָפּ אַ זאַל אָדער אַ טעאַטער, מע קלעפּט אויס אפישן, מע דרוקט אָפּ בילעטן — און אַ גוטן טאָג. ס'איז נאָר אַ ווייטיק: דער דייטש! אַן אווייִרע פאַר גאָט. נאָר אַז מע ליגט אין פּאַס — איז עפּעס אַ טערעץ? פאַרפאַלן! איין שטיקל טרייסט, וואָס אָט-אָט ענדיקן זיך די פינף יאָר, גייט אויס דער קאָנטראַקט, וועט ער שלאָגן קאַפּאָרעס מיטן דייטש — דעמאָלט וועמ איז צו אים גלייך? „ז ײ ן ס כ ו י ר ע, ז ײ ן ג ע ל ט"...

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

אָט אַזוי לאָזט אויס אָט דער סטעלמאַך זיין ביאָגראַפיע מיט אַ שייַנענדיק פּאָנים, גלעט זיך דאָס בייכל און צעפרעגט זיך באַ שטשופּאַקן, וואָס הערט זיך עפּעס באַ אים און וואָס הערט זיך גלאט אין אידישן טעאַטער? וואָרום דאָס אידישע טעאַטער איז באַ אים, זאָגט ער, דאָס איינציקע שטיקל פאַרגעניגן. דעם זונס קאָנצערטן — דאָס איז באַ אים געשעפט. און אז ער וויל זיך אונטערהאַלטן, גייט ער אין טעאַטער. אין אידיש טעאַטער. ער האַלט זייער פון אידיש טעאַטער און קען זיך דעריבער מיט אַלע אידישע אַרטיסטן. און דערפון נעמט זיך זיין גוט־פריינטשאַפט מיט שטשופּאַקן. ער, אַז ער קומט צו פאָרן, זאָגט ער, אין אַ שטאָט, איז דאָס ערשטע — צעפרעגט ער זיך קוידעם, וואו קאָן מען עסן קאָשער און צי ס'איז דאָ אידיש טעאַטער? אידישע פיש און אידיש טעאַטער — וואָס קאָן זיין בעסער דערפון? נאָך איידער ער איז אַהער געקומען צו פאָרן, האָט ער שוין געהערט, זאָגט ער, אַז באַ זיין פריינט שטשופּאַקן איז דאָ אַ נייעס, עפּעס איינע אַ ראָזע ספּיוואַק, מע לויבט זי זייער...

„אָט דאָס איז זי", — מאַכט צו אים שטשופּאַק און ווייזט אָן אַף מיר מיט זיינע רויטע אָנברעמענדיקע אויגן, און דער סטעלמאַך ציט מיר אויס אַ האַנט, אַ וואַרעמע, אַ ווייכע האַנט, ווי אַ קישן, און אַ האָריקע, מיט קורצע גראָבע האָריקע פינגער, און דאָס גאַנצע פּאָנים באַ אים ווערט אָקאָרשט ניט צעשמאָלצן פאַר טאַינעג.

„טאַקע בעעמעס? — זאָגט ער. — ווער איז זי און פונוואַנען?"

„זי איז טאַקע מיינע אַ פּלעמעניטשקע פון וואַרשאַ, אַ יעטוימעלע, אָן אַ טאַטן, אָן אַ מאַמען", — טאָקט אים אָפּ שטשופּאַק אַ קיילעכיקן ליגן און שנורעוועט צונויף די געקנייטשטע ליפּן, ער זאָל זיך עס אַפּילע פאַרקרימען.

„נעבעך!" — זאָגט סטעלמאַך מיט אַ שמייכעלע און מיט אַ ראַכמאָנעס־פּאָנים, קוועטשט מיר די האַנט, געזעגנט זיך אָפּ און זאָגט צו, אַז ער וועט קומען אַפּדערנאַכט, ער וועט קומען, זאָגט ער, גאָר אָן אַ שום טערעץ, מיך הערן זינגען.

„מיטן יאַט?" -- פרעגט אים שאָלעם־מייער מוראַווטשיק.

„זאָל גאָט היטן! — ענטפערט אים סטעלמאַך און טוט זיך אַזש אַ וואָרף, גלייך ווי מע האָט אים אָפּגעבריט. — וואָס הייסט, מיין גרישאַ וועט גיין אין אידיש טעאַטער, כאַ־כאַ־כאַ? לאָמיך נאָר באַווייזן מיט אים איין מאָל צווישן אידן — איז אן עק, פאַרפאַלן די קו מיטן שטריקל... ניט מאַכמעס ער איז בּאַ מיר כאָלילע קיין איד ניט. אַדעראַבּע. נאָר וואָס דען? מע דאַרף עס פאַרשטיין. ס'איז אַן איידעלע מאַטעריע"... (דאָ באַווייזט סטעלמאַך מיט די קורצע גראָבּע פינגער, וואָס פאַר אַן איידעלע מאַטעריע דאָס איז). „איר שפּילט זיך, זאָגט ער, מיט מיין גרישאַ? מיין גרישאַ, אַז ער פאָרט, איז נאָר ערשטע קלאַס, דאָרט וואו קיין אידן פאָרן נישט. און שטיין שטייען מיר, זאָגט ער, נאָר אין בעסטן און שענסטן האָטעל. און אַז מע דאַרף גיין צום קאָנצערט — עס מעג זיין דריי טריט — איז נאָר געפאָרן, און דאַווקע אין אַ געדעקטער קאַרעטע. אים קאָן מען, זאָגט ער, ניט זען גלאַט אַזוי, אָן געלט, כאַ־כאַ, אים, אַז מע וויל זען, דאַרף מען פריער אָנקומען צום דייטש. און פאַר אַ דייטש, זאָגט ער, האָט מען דערעכערעץ, כאָטש אַפּילע דער דייטש — צווישן אונז זאָל עס בלייבן — איז סאַכאַקל אַליין אויך אַ איד, כאָטש ער הייסט שולץ, נאָר ער וויל ניט, זאָגט ער, מע זאָל וויסן... עס פּאַסט נישט... צו מיר, זאָגט ער, אַז עמעצער קומט און וויל זיך זען מיט מיין גרישען, עפּעס אַ טויווע, אָדער גלאַט זיך באַקענען, — שיק איך אים אָפּ צום דייטש, כאַ־כאַ־כאַ, צום דייטש"...

אָט דאָס איז דער סטעלמאַך. און אָט דעם מענטשן האָב איך צו פאַרדאַנקען מיט מיין גאַנצער קאַריערע און מיט מיין גאַנצן לעבּן עפּשער. נאָר ווייל דער בּריוו איז שוין אַזוי אַבּיסל צו לאַנג, איבּערגעכאַפּט די מאָס, לייג איך אָפּ דאָס ווייטערע אַף אַ צווייטן מאָל. זיי געזונט, מיין טייערער!

פינפטער בריוו.

מיין טייערסטער פריינט.

דער „ליבהאָבער פון אידיש טעאַטער", מייער סטעלמאַך, איז קימאַט ניט אַרויסגעקראָכן פון אונזער טעאַטער. נאַכט און נאַכט האָט ער גע־ווייקט בא אונז, געהערט דריי מאָל איין שטיק, ס׳איז אים גאָרניט נימעס געוואָרן. געזעסן איז ער בא אונז טאָמיד אויבנאָן, צעלייגט אין דער ערשטער רייע, געווייינטלעך אומזיסט, וואָרום אַ „ליבהאָבער פון טעאַטער" צאָלט קיין געלט ניט. דערפאַר האָט ער אָבער אַפּלאָדירט אַלעמאָל פריער פון אלעמען און שטאַרקער פון אַלעמען און מער פון אַלעמען. ער איז געווען אנטציקט קימאַט פון יעדן איינציקן אַקטיאָר. און וועגער שמועסט פון מיר און פון מיינע לידער — איז ער געווען, ווי זאָגט שאָלעם־מייער מוראַוושיק, די קאַפּאָרע! דאָס ערשטע מאָל איז ער פון מיין „פּראַטיק אף דער נאַכט" אַזוי ארויס פון די קיילים, אַז ער איז אַרופגעלאָפן הינטער די קוליסן און מיט טרערן אף די אויגן האָט ער אַרומגעכאַפּט מיין דירעקטאָר (שטשופּאַק) און האָט זיך מיט אים אַזש צעקושט.

מיין דירעקטאָר האָט אַ פּאָר מאָל געגעבן אָנצוהערעניש, אַז ער וואָלט אַ באַלן געווען הערן זיין גרישען שפּילן, האָט ער זיך געמאַכט ניט ווייסנדיק און פאַרעדט די ציין. שטשופּאַקס אָנצוהערענישן זענען אָבער געווען אזוי גראָב, אַז ער האָט שוין געמוזט יויצע זיין און האָט איינמאָל אין אַ זונטיק געבראַכט צו טראָגן דריי בילעטן: דעם דירעקטאָר, דעם הייזעריקן און מיר — אף א מאַטינע, אַ פרימאָרגנדיקן קאָנצערט. בעאייס מאיסע האָט ער גענומען אויסמאָלן, וואָס פאר אַ גרויס־אַרטיקער קאָנצערט דאָס וועט זיין. „דאָס וועט שוין זיין, זאָגט ער, איינמאָל אַ קאָנצערט: זיין גרישאַ וועט שפּילן, דער דייטש וועט אַקאָמ־פּאַנירן און מאַרטשעלאַ עמבריך וועט זינגען. ווילט איר עפּשער וויסן, זאָגט ער, ווער אָט די מאַרטשעלאַ עמבריך איז? דאָס איז, זאָגט ער, די צווייטע פּאַטי. וואָס זאָגט ער, — פּאַטי? צען מאָל, הונדערט מאָל, טויזנט מאָל גרעסער פון פּאַטין! דאָס ערשטע מאָל, זאָגט ער, אַז פּאַטי האָט זי דערהערט זינגען, איז זי איר געפאַלן אפן האַלז און געזאָגט צו איר מיט די ווערטער: „מיר זענען צוויי שטערן — איך בין דער שטערן, וואָס גייט אונטער, דו ביסט דער שטערן, וואָס גייט אוף" — און האָט זיך צעוויינט... פאַרשטייט זיך, אַז מיט קיין אנדערן וועט אָט די עמב־ריך אין אַ קאָנצערט נישט אופטרעטן פאַר קיין געלט, נאָר מיט זיין גרישען — איז עפּעס אַנדערש... און ס׳איז אַוועק אַ גאנג: „גרישאַ־

גרישאַ, גרישאַ־גרישאַ...״ איך וואָלט שוין געוואָלט דערלעבן זען אָט דעם גרישען, זען און הערן, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין גרישאַ אַף דער וועלט?

גאָט האָט געהאָלפֿן, איך האָב דערלעבט אים זען און הערן. און איך מוז דיר זאָגן, מײַן טײַערער פֿרײַנט, אַז איך האָב געזען פֿאַר זיך צוויי גרישעס. דאָס הייסט, איך וויל זאָגן, אַז געזען האָב איך איין גרישען און געהערט האָב איך אַן אַנדערן. דער גרישאַ, וואָס איך האָב אים געזען די ערשטע מינוט אויפֿטרעטן אַף דער עסטראַדע, איז געווען אַ באָכער, שוין אַ היפּש באָכער, כאָטש אַפֿילע אין קורצע הויזלעך, אַ פּוכלאַק, מיט פּעכקע בעקלעך, מיט קלייען אָפּן פּאָנים, און אויגן — נאָר אַ סימען פֿון אויגן. קורץ — אַ גאַנץ געוויינלעך באָכערל, וואָס ווען מע באַגעגנט דאָס אין גאַס, לאָזט מען אים דורך פֿאַרבײַ, ווי טויזנט אַנדערע. דאָס איינציקע, וואָס האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן — די לאַקירטע שיך מיט גרויסע בענדער, וואָס האָבן אויסגעוויזן אַביסל צו גרויס פֿאַר אים — צו אַ גרויסער פֿוס פֿאַר אַ „וואונדערקינד״ — און דער ברייטער ווייסער קיילעכיקער קאָלנער, אונטערגעבונדן מיט אַ צו גרויסן פּאַווער, אַראָפּגעהאַנגען מיט צוויי שפּיצן. ווייטער איז ניט געווען גאָרניט אַף אים צו באַמערקן. דערפֿאַר אָבער, אַז ער האָט זיך געגעבן אַ נעם צום פֿידל, דעם ערשטן פֿיר געטון מיטן בויגן איבער די סטרונעס אַראָפּ און אַרויף, — איז דער פֿריערדיקער באָכער מיט די פּעכקע באַקן און מיטן קלייענדיקן פּאָנים באַלד פֿאַרשוואונדן געוואָרן, און אַף זײַן אָרט איז אויסגעוואקסן אַ נייער מענטש. גאָר אַן אַנדער אויסזען. אַן אַנדער געשטאַלט. אַנדערע אויגן — גרויסע, בלויע, הימלשע אויגן. אַ מאָדנע זאַך — וואו זענען זיי געווען פֿריער, דידאָזיקע אויגן?... און עפּשער האָט זיך עס מיר נאָר אויסגעוויזן? וואָרום אַז ער האָט אויפֿגעהערט צו שפּילן, און דאָס פּובליקום האָט אָנגעהויבן צו דונערן משוגענערווייס, איז פֿאַר מײַנע אויגן געשטאַנען ווידער דערזעלבער פּוכלאַק מיטן ברייטן קאָלנער און מיט די לאַנגע שפּיצן פֿונם פּאַווער. רואיק איז ער געשטאַנען פֿאַרן פּובליקום, וואָס האָט איינגעלייגט די וועלט, רואיק און קאַלט, אַזוי ווי אייז. קאַם־קאַם וואָס ער האָט זיך פֿאַרנייגט. עפּשער אַ מאָל צען האָט מען אים אַרויסגערופֿן, און איטלעכס מאָל, וואָס ער איז ארויסגעגאַנגען, איז ער געגאַנגען פֿעסט, האַרט באַ דער ערד, נאָר קאַלט און רואיק, ווי אַ מענטש, וואָס איז זיכער, אַז דאָס קומט אים...

באַלד נאָך דעם, ווי ער האָט אָפּגעשפּילט, איז אויפֿגעטראָטן די באַרימטע זינגערן מאַרטשעלאַ עמבריך. איר זינגען, זאָג איך מיך אָפּ צו באַשרייבן. מאַרטשעלאַ עמבריך, אַז זי שטעלט אַ טאָן, גיסט ער זיך

אַריין גלייך אין האַרצן, ווי אַ בוימל, און צעגייט זיך אין יעדן אייווער. דו הערסט און ווערסט פֿאַרקישעפֿט און וואונדערסט זיך: פֿונוואַנען נעמט זיך אַזאַ גלאַטקייט, אַזאַ זיסקייט און אַזאַ שטאַרקייט? קיין שום קויעך לייגט זי ניט צו צום זינגען. עס זינגט זיך אליין. דו זיצסט און הערסט און מיינסט, אַז דאָס זינגט ניט קיין האַלז, נאָר אַ פֿידל שפּילט. מאַרטשעלאַ עמבריך, אַז זי זינגט, זינגט מיט אַלץ, וואָס אַרום איר, זינגט מיט די גאַנצע וועלט. דו פֿאַרגעסט דעמאָלט, וואו דו ביסט אין דער וועלט, און צי ס'איז גאָר פֿאַראַן ערגעץ אַ וועלט אויסער אָט די שיינע, גלאַטע, זיסע, הימלשע געזאַנגען. אָט אזוי זינגט מאַרטשעלא עמבריך! איך קאָן זאָגן, אַז איך בין יענעם פֿרימאָרגן געווען ווי אין אַ טשאַד, ווי אין אַ כאָלעם, ווי אויף יענער וועלט. וואָרום באַלד נאָך איר איז אויפֿגעטראָטן ווידער דאָס באָכעריל מיט די פּעכקע בעקלעך און מיטן קליינדיקן פּאָנים. אָט האָט ער שוין ווידער געגעבן אַ פֿיר מיטן בויגן אַראָפּ און אַרויף. אָט האָט שוין ווידער זיין פֿידל אָנגעהויבן רעדן ווערטער, זינגען, וויינען, וויינען ווי אַ מענטש — און אָט האָט ער זיך אויפֿגעהויבן און איז שוין ווידער פֿאַרשוואונדן געוואָרן. און אויף זיין אָרט איז שוין געשטאַנען ווידער אַן אנדער גרישאַ סטעלמאַך. אַ מעכאַ־שעף איז געשטאַנען אויף דער עסטראַדע, וואָס האָט פֿאַרקישעפֿט און צוגעצויגן צו זיך דאָס גאַנצע טעאַטער. ניין, איך בין ניט אימשטאַנד דיר איבערצוגעבן קיין צענט־כיילעק פֿון דעם, וואָס איך האָב איבערי־געלעבט יענעם פֿרימאָרגן, און וואָס פֿאַר אַ קאָנצערט דאָס איז געווען! עס איז שווער צו זאָגן, ווער פֿון די צוויי האָט מער אויסגענומען: גרישאַ סטעלמאַך, אָדער מאַרטשעלאַ עמבריך? מאָל דיר, דאָס פּובליקום האָט זיי ביידן ניט געזשאַלעוועט קיין אַפּלאָדיסמענטן. נאָר מיר דאַכט, אַז אים האָט מען וואַרעמער אויפֿגענומען און אים האָט מען מער אוועק־געגעבן ווי איר. ער האָט אָפּגעשפּילט דאָס לעצטע שטיק פֿון פּראָגראַם און דאָס גאַנצע פּובליקום, ווי איין מענטש, איז פֿאַשעט מעשוגע געוואָרן. ווי קאָן מען אזוי שטאַרק פֿאַרגעטערן אַ מענטשן? עמעס, דאָס, וואָס ער האָט אָפּגעשפּילט נאָכדעם אויף ביס, איז געווען אַ געטלעכע זאַך. מער ווי געטלעך.

## זעקסטער בריוו.

ליבסטער, טייערסטער פריינט.

איך האָב דיר אין מיין פֿריערדיקן בריוו אָנגעהויבן דערציילן פֿון מיין באַקאַנטשאַפֿט מיט דער באַרימטער מאַרטשעלאַ עמבריך און האָב מיך אַביסל צופֿיל פֿאַרעדט וועגן דעם קאָנצערט. דאָס איז געווען מיין

ערשטער ערנסטער קאָנצערט, וואָס איך האָב ווען געהערט אין מיין לעבן. איך האָב שוין נאָכדעם געהערט אַסאַך גרויסע ערנסטע קאָנ־צערטן. דעם וועל איך אָבער אייביק־אייביק ניט פאַרגעסן. עפשער דער־פאַר, ווייל ער האָט אינגאנצן מיך איבערגעמאַכט, איבערגעשטעלט מיין לעבן, ווי דו וועסט ווייטער זען...

א נייגעבאָרענע, פול מיט נייע געדאַנקען און נייע האָפענונגען, בין איך ארויסגעגאַנגען מיטן גאַנצן פובליקום פון טעאַטער. אין מיינע אויערן האָבן נאָך אלץ געקלונגען די זיסע טענער, די הייליקע אַקאָרדן, די הימלשע געזאַנגען. איך האָב פאַר מיינע אויגן נישט געזען קיינעם אויסער די צוויי: מאַרטשעלאַ עמבריך און גרישאַ סטעלמאַך. איך האָב קיין זאַך ניט געהערט, אויסער איר זינגען און זיין שפּילן. אַסאַך פונם פובליקום איז געבליבן שטיין אין דרויסן, באַם טעאַטער, וואַרטן, אַפּאַ־נים, אף די צוויי, ביז זיי וועלן ארויסקומען. איך בין אויך געבליבן וואַרטן. איז צוגעפאָרן אן אווטאָמאָביל און עס האָבן זיך ארייגעזעצט דריי מענטשן: מאַרטשעלאַ עמבריך, גרישאַ סטעלמאַך און דער דייטש. גרישאַס פאָטער, מייער סטעלמאך, איז געשטאַנען נעבן זיי, געבויגן זיך אין דרייען און געשמייכלט מיטן גאַנצן פּאָנים. דאָס פובליקום האָט זיי ארויסבאַגלייט פון טעאַטער מיט הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן און נישט אופגעהערט, אין דרויסן שוין, נאָך שטאַרקער צו אַפּלאָדירן. די דריי זענען אַוועק מיטן ווטאָמאָביל, ווי אַ כאַלעם, און איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרקישעפטע און געקוקט אהין, וואו די צוויי גליקלעכע זע־נען פאַרשוואונדן געוואָרן... איך בין זיך מודיע, אז אין דער מינוט האָט זיך פאַרגאַנווועט צו מיר אַ נאַרישער געדאַנק: „וועל איך אויך אַמאָל זיין אַ מאַרטשעלאַ עמבריך? וועט מען מיך אויך אַמאָל אַרויס־באַגלייטן מיט אַפּלאָדיסמענטן?.. איך מוז מיך דערשלאָגן צו אָט דער עמבריך, ס'זאָל זיך קערן די וועלט! איך וויל, זי זאָל מיך הערן זינ־גען — עפשער וועט זי מיר זאָגן, וואָס דאַרף איך טון, איך זאָל ווערן אַ מאַרטשעלאַ עמבריך?"...

אין דעם גייט אָן מיין היטער און מיין באשיצער — שאָלעם־מייער מוראַוויטשיק. „מיר גייען, זאָגט ער, אַלע איינעם עסן אָנבייסן". „ווער זענען די אַלע?" — איך און ער און דער דירעקטאָר (שטשופּאַק), און דער אַלטער סטעלמאַך גייט אויך מיט אונז. שטשופּאַק האָט אים איינ־געלאַדן אין א אידישן רעסטאָראַן אף געפּילטע פיש מיט כריין. דער „ליבהאָבער פון אידישן טעאַטער" האָט אַזוי ליב אידישע פיש, אובי־פראַט נאָך — אַז יענער צאָלט!.. „אַ קאָשערער טאָפּ מיט א קאָשערן לעפל, — טראַכט איך מיר. — מע דאַרף בעטן דעם ליבהאָבער פון אי־דישן טעאַטער, ער זאָל מיך באַקאַנט מאַכן מיט דער עמבריך. נאָר ווי

אַזוי מאַכט מען דאָס, אז מיין דירעקטאָר זאָל דערפון ניט וויסן ?״...

פאַרשטייט זיך, אַז כאָטש דער „ליבהאָבער פון אידישן טעאַטער און פון אידישע מאַכאָלים״ איז געווען אזוי שטאַרק באַשעפטיקט מיט די אידישע פיש און מיטן אידישן כריין, אז ער האָט אזש אָנגעהויבן צו שוויצן, פונדעסטוועגן האָט ער ניט אופגעהערט צו דערציילן ניסים וועניפלאָעס פון זיין גרישען און פון מאַרטשעלאַ עמבריך. א קליינ־קייט — מאַרטשעלאַ עמבריך! זי איז די איינציקע זינגערן, וואָס זינגט פאַרן קייזער פראַנץ־יאָזעף. מיט קיין אנדערן וועט זי אָבער נישט געבן קאָנצערט פאַר קיין מיליאָן אַפילע, נאָר צוליב זיין גרישען האָט זי זיך אליין אָנגעשלאָגן. און ס'איז אַוועק ווידער אַ לידל: „גרישאַ־גרישאַ! גרישאַ־גרישאַ!״... מע קאָן זאָגן — דער מענטש איז פאַרשיקערט אָדער געווירדט, און זיין מעשוגאַס איז — גרישאַ!

אויסגעהיט די מינוט, ווען דער דירעקטאָר מיטן הייזעריקן זענען געווען פאַרנומען מיטן צעצאָלן זיך פאַרן עסן, האָב איך מיך מיט סטעלמאַכן אופגעהויבן פון טיש אף ארויסצוגיין. גייענדיק, הערט ער נישט אוף צו זינגען: „גרישאַ — עמבריך, עמבריך — גרישאַ״. פלוצים שלאָג איך אים איבער אין מיטן און טו אים אַ זאָג: „פאַני סטעלמאַך, איך האָב צו אייך אַ באַקאָשע״. דערהערט דאָס וואָרט „באַקאָשע״, איז דער סטעלמאַך געוואָרן אויס מענטש. ער איז מיטאמאָל געוואָרן געל און גרין, אַראָפּ דאָס שמייכעלע פונם פּאָנים און די אויגן האָבן אויס־געטריקנט, געוואָרן קאַלט און גלעזעריק. אַ ראַכמאָנעס געווען אף אים צו קוקן. „אַ קליינע באַקאָשע, — פאַרכאַפּ איך מיך, — גאָר אַ קליינע באַקאָשע: איך וויל, איר זאָלט מיך באקאנט מאַכן מיט אָט דער עמבריך, זי זאָל מיך הערן זינגען״. דערהערט פון מיר אָט די ווערטער, איז אים געוואָרן גרינגער אף דער נעשאָמע. דאָס פּאָנים האָט זיך אים ווידער איבערגעאַנדערשט. עס האָט זיך באַוויזן צוריק דאָס שמייכעלע. די געלקייט מיט דער גרינקייט זענען אוועק, און די בעקלעך זענען געוואָרן צוריק רויט. „אָך, — מאַכט ער צו מיר, אָפּזיפצנדיק, — פאַרוואָס דען ניט? מיטן גרעסטן קאָוועד!״... „נאָר איין זאַך — זאָג איך צו אים שטיל. — עס דאַרף זיין בעסאָד. פון מיינע לייט טאָר קיינער ניט וויסן. איר פאַרשטייט?״... — „איך פאַרשטיי, ליובעניו, וואָס דען, איך פאַר־שטיי ניט? איך פאַרשטיי זייער גוט... נאָר, זאָגט ער, ווי קומט די קאָץ איבערן וואַסער?״ און ער טראַכט א ווײַלע און טוט זיך אַ פּאַטש אין שטערן: „שאַ! ער האָט שוין צוגעטראַכט: מאָרגן, אימירצעשעם, אינדערפרי, אַרום זייגער עלף, זאָל איך קומען צו גיין צו אים אף דער סטאַנציע, וועט, זאָגט ער, זיין רעכט. קיין פויגל וועט ניט וויסן״...

זיין בײַ סטעלמאַכן אַף דער סטאַנציע און מיין דירעקטאָר זאָל דערפון ניט געוואָרע ווערן — דאָס איז אַביסל אַ שווערע זאַך. שטשור־פּאַק לאָזט דען אָפּ אַן אויג פון מיר? און זיין רעכטע האַנט, דער הייזעריקער — דער היט דאָך מיך, ווי א געטרייער הונט... בין איך געפאַלן אַף אַן אייצע: אז מע דאַרף דעם גאַנעוו, נעמט מען אים פון דער טליע. ער אליין, שאָלעם־מייער מוראַווטשיק, האָט דאָך מיך אמאָל געבעטן, אז וואָס איך וועל דאַרפן און ווען איך וועל עפּעס דאַרפן, זאָל איך מיך ווענדן צו אים, און נאָר צו אים, וועט ער מיר שטיין אין מיינע נויטן... האָב איך מיך מעיאַשעוו געווען און האָב מיך פאַר אים פאַרטרויט, געזאָגט, איך וויל מער ניט איין זאַך — הערן, וואָס וועט זאָגן א באַרימטע זינגערן וועגן מיין שטימע? און עס איז מיר אָפּגעראָטן: „קעצעלע! — זאָגט ער צו מיר אַף זיין לאָשן. — ס'איז דען פאַראַן, זאָגט ער, אַ זאַך אַף דער וועלט, וואָס זאָל אים זיין שווער פון מיינעטוועגן צו טון? אין פייער און אין וואַסער! גאָט זאָל אים, זאָגט ער, אזוי געבן גליק און האַצלאָכע".

א מאָדנער מענטש, אָט דער הייזעריקער! דעם באַלעבאָס איז ער געטריי, ווי א געטרייער הונט. ער וועט זיך לאָזן פאַר אים שניידן די פינגער. און פון מיינעטוועגן, זע איך, איז ער גרייט אים קויפן און פאַרקויפן דריי מאָל א טאָג. א מאָדנער מענטש!

אַף מאָרגן אינדערפרי נאָכן קאָנצערט, ארום זייגער עלף, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט מיטן ליבהאָבער פון אידישן טעאַטער, רופט זיך אָן מיין באשיצער (מוראַווטשיק) צום דירעקטאָר (שטשופּאַק), אז ער דאַרף גיין מיט מיר איינקויפן קלייניקייטן. „וואָס פאַר קלייניקייטן אין מיטן דרינען?" — פרעגט אים שטשופּאַק און קוקט אַף מיר מיט זיינע קליינע רויטע אָנגעברעמענדיקע אויגן. „ווייס איך וואָס! — ענטפערט אים דער הייזעריקער: — שמאָכטעליאַקעס, נאַרישקייטן, נעכטיקע טעג". פוילט זיך ניט שטשופּאַק און פרעגט אים איבער נאָך אַ מאָל: „וואָס פאַר שמאָכטעליאקעס, נארישקייטן, נעכטיקע טעג אין מיטן דרינען?" — „קלעק! — רופט זיך אָן צו אים מוראַווטשיק שוין מיט א טאָן העכער. — מע זאָגט דיר, אז מע דאַרף, וואָס גייט עס דיר אָן?"...

א מאָדנע זאַך מיט די צוויי! דאַכט זיך, אזוי שעלט אים דער דירעקטאָר און טרייבט אים און שאַפט זיך מיט אים, ווי מיט אַ משאָרעס. נאָר לאָז אָט דער הייזעריקער אַביסעלע העכערן דאָס קאָל, אזוי פאַרשנורעוועט ער די מעגושעמדיקע ליפּן און מאַכט אַ שווייג. וואָרום אַז ניט, קאָן אים אָט דער מוראַווטשיק אָפּשפּילן אַ פרימאָרגן, אים געבן אגעשריי „אי־דיאָט!" — אז די פענצטער זאָלן קלינגען. האַקלאַל,

מיר האָבן זיך אופגעהויבן, איך און דער הייזעריקער, און זענען אַוועק צו אונזער „ליבהאָבער פון אידישן טעאַטער".

א באָרוכאַבע האָט אונז דער ליבער סטעלמאַך געמאַכט זייער א ברייטן, געבעטן זיצן און גענומען דערציילן אונז, געוויינטלעך, פריער פון זיין גרישען און דערנאָך פון זיך אַליין, זיין גאנצע ביאָגראַפיע, נאָך אמאָל פון אָנהייב, אַ מאַיסע פון טויזט־איין־נאַכט, און ווידער אף דריי זייגער־שאָ. דאָ איז מיר שוין דער הייזעריקער געקומען צו הילף, איבערגעשלאָגן אים אין מיטן, געזאָגט, אַז מיר האָבן זייער ווייניק צייט. מיר ווילן זיך זען מיט דער עמבריך... האָט זיך אָט דער סטעלמאַך געגעבן א כאַפּ אוף און גענומען עפּעס מאָדנע דרייען זיך אף איין אָרט און באַלעבעטשען מיט דער צונג: „ווי אַזוי טוט מען דאָס? ווי אזוי מאַכט מען דאָס? איצט זיצט דאָרט באַ איר סאַמע דער דייטש, און זיין גרישאַ איז אויך דאָרטן... ער קאָן איצט נישט ארייגגיין אַהין... ער וויל, נאָר ער קאָן נישט"... בעאייס מאַיסע האָט דער „ליבהאָבער פון אידישן טעאַטער" אויסגעוויזן אַזוי קליין, אַז דער הייזעריקער האָט זיך שוין נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָט אַ זאָג געגעבן: „ווייסט איר ניט, וואָס מע טוט?" — „אַדעראַבע, וואָס טוט מען?" — „מע נעמט איין אַ מיסע מעשונע אָט דאָ אפן אָרט"... דידאָזיקע ווערטער האָט, אַפּאָנים, סטעלמאך אָנגענומען פאַר אַ וויץ. וואָרום ער האָט זיך געכאַפּט באַ די זייטן און האָט אָנגעהויבן לאַכן, לאַכט ער נאָך. האָט אים אָבער מיין באַשיצער ניט געלאָזט לאַנג לאַכן. „פּאַני סטעלמאַך! — מאַכט ער צו אים — הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן: אָט די פוילע שטיק וואַרפט אַוועק. איר זאָגט אונז בעסער — יאָ אָדער ניין. פאַר אייער גרישען האָט קיין מוירע ניט. מיר וועלן אים כאַס וועכאָלילע ניט אָפּבייסן. און אייער קלוימערשטיקער דייטש פון באַרדיטשעוו לאָז גיין קאַפּעקאַל. מיר האָבן אים אין דער ערד. ווילט איר אריינגיין מיט אונז איז גוט. עלע ניט — גייען מיר אַליין אַריין צו אָט דער יעפייפיע, און טאַקע שוין אָט די רעגע. גאָט זאָל מיר אזוי געבן גליק און האַצלאָכע"...

דערהערט אַזעלכע קלאָרע דיבורים, האָט זיך אונזער „ליבהאָבער פון אידישן טעאַטער" איבערגעביטן אין געשטאַלט. ס'איז אים אַזש פאַרטריקנט געוואָרן די ליפּן. ער האָט זיך צוגעזעצט, אופגעשטאַנען, פאַרשפּילעט אף אַלע קנעפּלעך, געוואָלט געבן אַ שמייכל — איז דאָס נישט געגאַנגען, און מיר זענען אלע דריי אַריין אין א שיין מעבלירטן סאַלאָן, אויסגעבעט מיט אַסאַך ווייכע דיוואַנעס אף דער ערד. דאָרט האָט אונז דער זיסער סטעלמאַך געבעטן זיצן, און אליין איז ער צוגעגאַנגען אף די שפּיץ פינגער צו דער טיר פון צווייטן צימער, צוגעלייגט

פריער איין אויער און נאָכדעם מיט די קורצע גראָבע פיגגערלעך אָנ־געקלאַפּט: „ס'איז איך, איך, סטעלמאַך"...

דאָ ווערט ווידער איבערגעריסן אין מיטן, און מיט דעם נישט־געענ־דיקטן בריוו לאָזט זיך אויס, ליידער, דאָס גאַנצע פעקל קסאָווים, וואָס איז אריינגעפאַלן אין די הענט אַריין צו דעם מיסטער קלאַמער פון לאָנדאָן, און מיר ווייסן טאַקע ניט, ווי אַזוי די באַרימטע זינגערין מאַר־טשעלאַ עמבריך האָט אופגענומען אונזערע העלדן.

מיר ווייסן איבערהויפּט זייער ווינציק פון דעם, וואָס מיט איר איז פאָרגעקומען אין דער גאַנצער צייט. דעם נאָמען „ראָזאַ ספּיוואַק" באגעגענען מיר ערשט אין א צייט אַרום אין דעם גרויסן טומלדיקן לאָנדאָן אף אַלע גאַסן אָפּגעדרוקט מיט גרויסע אויסיעס אף אומגעלומ־פּערט־גרויסע אַפישן איינעם מיטן נאָמען „גרישאַ סטעלמאַך"...

דאָס איז געווען אינם אייבערשטן אַריסטאָקראַטישן טייל פון לאָנ־דאָן, וואָס ווערט אָנגערופן מיטן נאָמען: „וועסט־ענד". אינם אונ־טערשטן טייל פון דער שטאָט, אף דער „איסט־ענד", אינם „ווייטשע־פּעל" — דאָרט זענען אויך געווען אין דעו־זעלבער צייט אויסגעהאנגען אומגעלומפּערטע גרויסע פּאַוסטערס, מיט מוירעדיק גרויסע אויסיעס אָפּגעדרוקט, אז „אינם אידישן פּאַוויליאָן־טעאַטער וועלן צום ערשטן מאָל אין לאָנדאָן אופטרעטן די איינגעלאַדענע גרויסע געסט פונם קאָנ־טינענט — דער באַרימטער לעאָ ראַפּאַלעסקאָ פון בוקאַרעשט און די באַליבטע פרימאַדאָנאַ הענריעטאַ שוואַלב פון בוענאָס־איירעס".

דאָס איז געווען, קאָן מען זאָגן, דאָס ערשטע מאָל, וואָס אונזערע יונגע נאַוועגאַדניקעס, דעם נאָגידס אינגל מיטן כאַזנס מיידל, האָבן זיך אופגעטראָפןביידע אין איין שטאָט. דאָס ערשטע מאָל זינט זיי האָבן פאַרלאָזן זייער געבורטשטאָט האָלענעשטי און בלאָנקען זיך ארום, ווי די בלאָנזנדע שטערן, איבער דער גרויסער וועלט און ריכטען אָפּ גאָלעס־טעאַטער.

קאַפּיטל 3.

## גישט אין א גוטער שאָ.

גישט אין אַ גוטער שאָ איז אונזער נאַוועגאַדנע טרופּע „האָלצמאַן, שוואלב עט קאָמפּ". אריינגעפאָרן קיין לאָנדאָן. דער דירעקטאָר פון דעמ־דאָזיקן טעאַטר, בערנאַרד האָלצמאַן, האָט זיך געפילט, גלייך ווי ער וואָלט

אַריינגעפאַלן עפּעס אין אַ פינצטערער גרוב, אָדער אין אַ זודיקן קעסל, פונוואנען ס׳איז נישט אַזוי גרינג אַרויסצוקריכן. אַלץ האָט זיך אים אויסגעוויזן טונקל, וויסט און פינצטער. אַלץ האָט אים אויסגעזען ווילד, מעשונע אומגעלומפּערט. די מענטשן מיט זייער לאָשן האָבן בא אים אַ פּאָנים געהאַט פון ריין מעשוגע. דער ראַש מיטן טומל מיטן הו־האַ האָבן אים איינגאנצן פּריטשמעליט דעם קאָפּ, און ער האָט געוואָרפן אַן אומכיין אַף דער טומלדיקער שטאָט מיטן כמורנעם פאַרוויינטן הימל מיט דער גאַנצער איינגלישער מעדינע, וואָס איז אים נימעס געוואָרן, מע קאָן זאָגן, פון דער ערשטער מינוט, וואָס ער האָט אַוועקגעשטעלט אַ פוס אַף דער איינגלישער טעריטאָריע, ביז ער האָט אָנגעשמעקט מיט זיין נאָז דעם רייעך ניכויעך פונם ברודנעם ווייטשעפּעל.

אַריינגעפאָרן אין לאָנדאָן אינמיטן באַטאָג, האָבן זיי געטראָפן אַ מור־י רעדיקע פינצטערניש, ווי אין מיצראַים, מאַמעש מיט די הענט איז גע־ וועזן אָנצוטאַפּן דאָס כאַשכעס. דידאָזיקע שטאָט, לוי־דאי, וואָס גאָט האָט זי פאַרשאָלטן, צוגענומען בא איר די זון, האָט זי האָלצמאַן, פון זיין זייט, אָנגעשאָלטן — ס׳זאָל נאָר פאַלן אין וואַסער אַריין. ער האָט איר געווינטשעוועט, ווי אַמאָל היינריך היינע: דער יאַם זאָל זי איינשלינגען און צוריק אַרויסשפייען — און האָט נאָך צוגעלייגט אַ קנייטל: ס׳זאָל ווערן פון איר אַ שטיק זאלץ, ווי פון לאָטס וויב איז אַמאָל געוואָרן.

ניין. אונזער האָלצמאַן האָט זיך געפילט אין לאָנדאָן זייער פּאַס־ קודנע. אַסאַך ערגער ווי אַמאָל, ניט היינט גערעכט, אין האָלענעשטי. ניט אומזיסט איז ער געווען אַזוי צעטראָגן און נישט אופגעלייגט, בע־ איים ער האָט נאָך געקליבן זיך מיט דער קאַמפּאַניע אַריבערצופאָרן אַהער פון טשערנאָוויץ.

דאָס ערשטע באַגעגעניש איז שוין געווען אַף צאָרעס. אַרויסגעפאָרן אַקעגן דער טרופּע איז שוואַלבס ברודער מיט נאָך עפּעס אַ פאַרשוין, וואָס ניסל שוואלב האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר די געסט, אָנגערופן באַם נאָמען „מיסטער העטשקינס״ און אַ זאָג געגעבן צו זיי אַף אידיש, אַז דאָס איז אַ קריסט. און כאָטש ער איז אַ קריסט, דאָך איז ער דער באַלעבאָס און דער מענעדזשער פון דעם גרויסן אידישן לאָנדאָנער פאַ־ ווילאָן־טעאַטער. דערדאָזיקער באַלעבאָס און טעאַטער־מענעדזשער האָט אויסגעזען אין האָלצמאַנס אויגן גיכער, ווי אַ מענטש, וואָס מעג אים אָנשטיין אַרומטראָגן מאראַנצן אָדער אייז־וואַסער צו פאַרקויפן אין טע־ אַטער צווישן די אַנטראַקטן. „עפּעס אַ בולאנער שייגעץ — האָט זיך האָלצמאַן געטראכט — מיט אַן אונטערגעשוירענע היטשקע מיט אַן אָפּ־ געשיילט סטרופּעוואַטע פּאָנים״...

אָנגעטון איז ער געווען, דערדאָזיקער מענעדזשער, אין אַ מאָדנע רעקל אין דער טאַליע, ניט אַף זיין מאָס גענייט, קעסטלדיקע אונטערגעבויגענע הויזן, אויבן ברייט, אונטן שמאָל, אַף גלאַנצענדיקע שיך מיט הויכע אָפּצאַסן. פונם רויטן שמאָלן האַלז האָט אים ארויסגעשטעקט אַ שאַרפער קנאָפּ, וואָס ניט דער גרויסאַרטיקער שניפּס, ניט די ברילֹיאַנטענע נאָדל האָבן דאָס געקאָנט פאַרמאסקירן. אַפן פאָרשטעלן אים די אָנגעקומענע געסט, האָט דערדאָזיקער מיסטער העטשקינס אויסגעצויגן צוויי פינגער, באַוויזן דריי גאָלדענע ציין און שלעפעריק אַ זאָג געגעבן מער ניט אַז איין וואָרט: „אָל־רייט". נאָכדעם האָט ער זיך אויסגעדרייט צו די געסט מעכילע מיטן קיילעך, וואָס איז איינגעפּירט, מע זאָל אים האַלטן פונהינטן, עמעצן אַ וואונק געגעבן מיט איין פינגער, און — צום גרויסן באַוואונדערן פון אונזער גאַנצער טרופּע — איז גרויסאַרטיק צוגעפאָרן אַן אַווטאָמאָביל. דער פאַרשוין, וואָס רופט זיך „מענעדזשער" און הייסט מיסטער העטשקינס, איז אַריינגעשפּרונגען אין אַווטאָמאָביל און איז פאַרשוואונדן געוואָרן אינם געדיכטן גרויען שווערן לאָנדאָנער נעפּל.

גאַנץ אַנדערש האָט אויסגעזען דער ברודער פון האָלצמאַנס שוטעף — ניסל שוואַלב. ער האָט זיך געהאַלטן אַסאַך ברייטער פונם פאַרשוואונדענעם באַלעבאָס, מיסטער העטשקינס. ער האָט יאָ אויסגעזען, ווי אַ שטאָט־באַלעבאָס, וואָס ניט נאָר דער לאָנדאָנער טעאַטער, נאָר גאַנץ לאָנדאָן מיט זיין סוויווע אַרום און אַרום געהערט צו אים.

ברייט און דיק, אַזוי ווי אַ פאַס, איז ער צוויי מאָל אזוי הויך, ווי זיין ברודער. אַ געגאָלטער, שטענדיק מיט אַ ציגאַר אין די ציין, מיט אַ קליין קאַפּעלושל אַף דער זייט, אַ צופרידענער מיט זיך און מיט אייך און מיט דער גאַנצער וועלט, האָט ער, לאַכנדיק הויך אַף אַ קאָל, געקאָמאַנדעוועט מיט די געסט, גלייך ווי זיי וואָלטן געקומען צו אים, ניט אין טעאַטער אַריין.

קוידעם האָט ער זיך ארומגעכאַפּט מיט יעדן איינציקן קושן, ניט דורכגעלאָזט קיינעם, פונקט ווי ער וואָלט מיט זיי אַלעמען געווען באַקאַנט און באַפריינדעט מיעדייע פון ווען אָן. נאָכדעם האָט ער מיט די אייגענע יאָדאַים אַראָפּגעכאַפּט מעכילע אַלע פעקלעך פון וואָגן און אליין געדונגען אַ „קעריִדזש" און גענומען קאָמאַנדעווען מיט די געסט:

— דו, איזאַק, זעץ דיך אַוועק מיט ראַפּאַלעסקאָן אָט דאָ, אויבנאָן. העניִעטען קוועטש אַריין אין דער מיט, אָט אזוי־אָ. און איך מיט דיין שוטעף וועלן מיר זיך אַריינהאַקן אַקעגן.

בעאייס מאַיסע האָט ער פריינטלעך אַרופגעלייגט אַף האָלצמאַנס דאַרע שפּיציקע פּלייצע אַ גראָבע, אַ קיילעכיקע, אַ פעטקע האַנט. אונזער דירעקטאָר האָט געכאַפּט אַ קוק מיט איין אויג אַף זיין שוטעפס ברודער

און מיטן אַנדערן אויג — אַף זיין שוטעפס ברודערס האַנט: „אַביסל אַ יאַד! זי וואָלט אים געמעגט אָפּדאַרן היינטיקן דאָנערשטיק פאַרנאַכט... וואָס איז ער מיר דאָ פאַר אַ קאָמאַנדיר? דעם הייסט ער זיך זעצן אַהער, דעם — אַהין, און הענריעטען אַריינקוועטשן אינמיטן? און וואו בין איך?... איך וועל זאָגן דעם שוטעף מיינעם, אַז איך האָב פיינט אַזעלכע זאַכן... מע דאַרף אים, אָט דעם ווילדטיר, לעכאַטכילע, נאָך איידער עפּעס וואָס, אָפּהאַקן די פליגל, ער זאָל וויסן דערעכערעץ... אַ דאָווראַכער באַדאַרף מען געבן גלייך איבערן פּיסק!"...

אָט אַזוי האָט זיך געטראַכט אונזער האָלצמאַן אים צו זאָגן. נאָר אָנשטאָט דעם רופט ער זיך אָן צו אונזער שוטעף:

— הערסטו, איציקל? דער „אָכי" דיינער, קיין איינאָרע, איז אויס־געוואַקסן אין דער ליינג און אין דער ברייט.

דערויף ענטפערט אים דער שוטעף, קוקט אַפן ברודער מיט ליבּ־שאַפט און מיט גאַדלעס, און דאָס פּאָנים גלאַנצט אים, ווי אַ פעטער קוגל, און שוויצט:

— אויסגעוואַקסן — זאָגסטו? פכע, באַ אונז אַלעמען אַזאַ „גאָד־לע"...

— דאָס זעט מען שוין! — מאַכט האָלצמאַן און טראַכט זיך: „וואו זיינט איר געווען אַלע בעשאַס דער גרויסער כאָלערע?"...

ווי דער רועך דעם מעלאַמעד, האָט אונטערגעכאַפּט דער „קערידזש" אונזערע אָנגעקומענע געסט און געטראָגן פייל אויסן בויגן איבער די ווישנדיקע גאַסן פון דער ווישנדיקער שטאָט. אונזער דירעקטאָר האָלצ־מאַן האָט זיך געפילט די גאַנצע צייט, אַז ס'איז אים איינג. ניטאָ מיט וואָס צו כאַפּן דעם אָטעם נעבן דעמדאָזיקן „וואַסער־אָקס" — אַזוי האָט באַ אים געהייסן זיין שוטעפס ברודער, וואָס האָט ניט אופגעהערט צו קאָמאַנדעווען אויך שפּעטער, ווען זיי זיינען שוין געקומען אַפן רעכטן פלאַץ, אין ווייטשעפּעל. דאָרט האָט זיי ניסל שוואלב אַרונטערגענומען אַלעמען, איינציקווייס, קימאַט אַף די הענט אַראָפּגעטראָגן, און יעדן איינציקן מיט אַ „האָפּליאַ" און מיט אַ געלעכטערל, וואָס האָט האָלצמאַ־נען געפיליעט באַם האַרצן.

ניין. ניט אין אַ גוטער שאָ איז געווען האָלצמאַנס ערשטער אריינ־פאָר אין לאָנדאָן. עפּעס האָט אים געזאָגט דאָס האַרץ, אַז דאָ, אַפן איינגן האָריזאָנט פונם לאָנדאָנער גרויען הימל, דאַרף אונטערגיין זיין שטערן, וואָס האָט אים ביז אַהער אַזוי העל געלייכט און געשיינט... זיין גאַנץ ביטער האַרץ האָט ער אויסגעלאָזט, ווי אַלעמאָל, אַפן קאָפּ פון דער אַלטער מאַמע, סאָרע־בראָכע, נעבעך, און אַף דער אומשולדיקער שוועס־טער זלאַטקע, אָדער גאָר אַף די אַקטיאָרן און אַקטריסעס, געשמיצט און

געוואָרפן זיך, געקריגט, געבייזערט זיך און געשאָלטן מיט אזעלכע קלאָ־לעס, וואָס האַלצמאַן וואָלט געקאָנט צונויפשטעלן פון זיי, ווען ער זאָל האָבן צייט און קאָנען שרייבן, אַ גאַנצן בוך נאָכן אַלעפבייס.

קאַפּיטל 4

## א גוטער ברודער—ניסל שוואלב.

אַ מאַיכל און, לעהאַוודל, אַ מענטש האָבן קימאַט איין גליק: איינעם געפעלט, דעם אַנדערן — ניט. אַף וויפל ניסל שוואַלב האָט ניט געהאַט קיין כיין באם דירעקטאָר האַלצמאַן אין די אויגן, אַף אַזוי פיל, אויב ניט מער נאָך, האָט ער בא ראפאַלעסקאָן דאַווקע אויסגענומען. און אויסגענומען האָט ער באַ אים שוין דערמיט אַליין, וואָס ער איז אַ פריילעכע, אַ לעבע־דיקע נעשאָמע, און האַלט אין איין רעדן און אין איין לאַכן, און דאווקע הויך אַף אַ קאָל, מיט אַ פּאַטש אין פּלייצע, און איז מיט אַלעמען אַף דו. מיט איינעם וואָרט — אַ גוטער ברודער, און א סאָף.

אונזער יונגער העלד האָט פון טאָמיד אָן ליב פריילעכע לעבעדיקע נעשאָמעס. האַלצמאַן אַליין, בעאייס ער איז נאָך געווען אין האַלענעשט״, געדינט באַ שטשופאַקן און געהייסן „האָצמאַך״, איז אויך געווען, ווי מיר געדיינקען אים, אַ פריילעכע, א לעבעדיקע בריע. דאָס איז ער נאָר איצטער, זינט ער איז אַ דירעקטאָר פון אן אייגענער טרופּע, מיטאמאָל געוואָרן אַ באַל־יעסורים און אַ באַל־מאָרעשכוירע און איז ראק כוישעד יעדן איינציקן, אַז מע שאַרפט די ציין אַף זיין „יאַט״ (אף ראַפאַלעסקאָן), מע וויל אים אומגליקלעך מאַכן.

דאָ, אין דעם טומלדיקן לאָנדאָן, זענען זיינע יעסורים מיט זיין מאָ־רעשכוירע, מיט זיין כוישעד זיין געוואָרן נאָך גרעסער. און ער האָט גע־האַט דערצו געוויסע סיבעס, ווי מיר וועלן דאָס אין גיכן אַרויסזען. באַ ראַפאַלעסקאָן אין די אויגן האָט האָלצמאַן דערמיט אַסאַך מער אָנגעוואָרן, ווי געוואונען. וואָס מער האָלצמאַן האָט אָפגעלאַכט און געשאָלטן זיין שוטעפס ברודער, אַלץ מער האָט ראפאַלעסקאָ צו אים געצויגן און, אַף צעלאָכעס האָלצמאַנען, געוואָרן מיט ניסל שוואַלב דאַווקע אַ גוטער ברודער.

ראַפאַלעסקאָן איז אָט דער נעפעש געפעלן געוואָרן פון דער ערשטער מינוט מיט אַלע זיינע טנועס און פאָסטעמקעס און אַפילע מיט דער שפּראַך. ניסל שוואַלב, אַז ער דערט, כאַפּט ער איין וואָרט פאַרן אַנ־דערן, קאַם וואָס מע פאַרשטייט אים, און מאַכמעס בעטעווע איז ער נישט

קיין קליינער ליגנער (ער איז אַן אַגענט פון אַ געזעלשאַפט, און דאָס ראָוו אַגענטן זענען, זאָלן זיי מיר הונדערט מאָל מוחל זיין, גרויסע ליגנערס), אַלקיין, האַלט ער אין איין שווערן זיך מיט מאָדנע שווערענישן: „ווי איר זעט מיך אַ שווימענדיקן!" אָדער: „איך זאָל אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס!" אָדער: „אויב איך זאָג אַ ליגן, זאָלט איר זיך דערוואַרגן מיטן טיש!" אוכעדוימע אַזעלכע שוואועס, וואָס ער זאָגט זיי אַרויס אַזוי גיך, אין איין אָטעם, אַז איר האָט קיין צייט ניט כאַפּן מיטן סייכל דאָס, וואָס איר דערהערט ניט מיטן אויער.

די ערשטע צייט האָט זיך ניסל שוואַלב אונטערגענומען באַווייזן אונזער יונגן העלד, וואָס הייסט לאָנדאָן. ער האָט צוגעזאָגט אים אויס־פירן די גאַנצע שטאָט אין איין טאָג.

עמעס, אויסקוקן גאַנץ לאָנדאָן אין איין טאָג איז א ביסל א גוזמע. נו, איז וואָס? מאָרגן איז דען קיין טאָג ניט? און איבערמאָרגן? דער איקער איז, וואָס ניסל שוואַלב קען די שטאָט לאָנדאָן אַף אויסווייניק, און מיט אים אַז מע גייט, אָדער מע פאָרט, איז ניט אומעטיק. דאָס מויל מאַכט זיך אים ניט צו. אומעטום, אַף יעדער גאַס, קימאַט אַף יעדן הויז, האָט ער אייך צו דערציילן א היסטאָריע, א געשיכטע אָדער אַ סקאַנדאַל. און ניט נאָר סטאַם א היסטאָריע, א געשיכטע, אָדער אַ סקאַנדאַל, נאָר טאַקע אַן עמעסע מאַיסע, וואָס האָט זיך געטראָפן דאַווקע פאַר אים אין די אויגן און אָפּטמאָל טאַקע מיט אים אַליין. „ווי איר זעט אים א שווימענדיקן און ער זאָל אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס".

ניסל שוואַלב, אַז ער דערציילט אייך עפּעס, היפּנאָטיזירט ער אייך: ער האַלט אייך בּאַ א האנט, אָדער ער נעמט אייך אָן בּאַ א לאַץ, קוקט אייך אריין טיף אין די אויגן אַריין און זעצט אייך אַריין מיט די פינגער גלייך אין האַרצן אַריין זיינע א געשיכטע מיט אלע ברעקעלעך, מיט אַלע פּישטשעווקעס.

אָט, לעמאָשל, הערט א שיינס: ער האָט זיך אנומלטן בּאַגעגנט אין „הייד־פּאַרק" מיט איינעם זייער א גרויסן מאַן, שיר ניט א לאָרד, עפּעס צעווערטלט. יענער אזוי און אזוי. אַ וואָרט פאַר וואָרט... און כאָטש איר זענט זיכער, אז די גאַנצע מאַיסע איז ניט געשטויגן, נישט גע־פלויגן, נאָר ניסל שוואַלב היצט זיך אזוי שטאַרק און לאכט בעאייס מאַיסע אַזוי געשמאַק, אַז ניט ווילנדיק הייבט איר אָן צו טראכטן בּאַ זיך אין האַרצן: „ווייסט אים דער שוואַרצער יאָר — עפּשער איז דאָס אַן עמעס?"...

מיט דעם פויגל האָט זיך עס אונזער יונגער העלד באַפריינדעט, געוואָרן נעפּעש אַכאַס, אויסגעוועזן מיט אים אַלע מייזנלעכער און, אי־בערהויפּט, אין אַלע טעאַטערן, אָפּערע־הייזער און קאָנצערטן. צייט האָבן

זיי געהאַט איבערגענוג, ווייל די גאַסטראָלירנדע טרופּע „האָלצמאַן, שוואַלב עט קאָמפּאַניע״ איז געווען באַשעפטיקט אינם פּאַוויליאָן־טעאַטער מער ניט אַז צוויי מאָל אין דער וואָך.

ראפּאַלעסקאָ האָט זיך געפילט מיט זיין נייעם גוטן פריינט אין לאָנדאָן, ווי א פיש אין וואַסער. ער וואָלט זיך געפילט נאָך בעסער, ווען ניסל שוואַלב זאָל ניט אַריינפּאַלן קיין אידייע מיטצונעמען אויך די שוועסטער זיינע, די פּרימאַדאָנאַ הענריעטאַ שוואַלב. ניסל האָט געוואָלט, אַז זיין שוועסטערל זאָל אויך אָנקוקן א וועלט, זאָל אויך הערן מוזיק. „נישקאָשע, עס וועט איר צונוץ קומען״ — האָט ער געזאָגט, און געמיינט האָט ער עפּעס אַנדערש. אים האָט דער ברודער איזאַק דעם ערשטן טאָג נאָך איבערגעגעבן, אַז מע באַדאַרף דעם „יאַט״ פאַרשלייערן פאַר זייער שוועסטער, פאַר הענריעטען. אַניט, וועט אים אָט דער יאַדישליוועץ האָן (דאָס מיינט ער — דעם שוטעף האָלצמאַן) פאַרקנאַסן פאַר זיין שוועסטערל...

— פאַר וועמען? פאַר אָט דעם גרינעם אַגרעס? — האָט זיך ניסל שוואַלב אופגעכאַפּט און געגומען שטעלן ברייטע פיס איבערן צימער.

— א גרינער אַגרעס — זאָגסטו? אָן עפּעלע! — מאכט צו אים איזאַק שוואַלב און שטעלט אַוועק אַף אים דאָס רויטע פּאָנים.

— קיי און שפּיי! — ענטפערט אים דער ברודער ניסל און הערט ניט אוף אַרומצושפּאַנען הין און צוריק מיט זיינע ברייטע טריט.

אין ניסלס קאָפּ — האָט מען געקאָנט זען — אַרבעט זיך עפּעס א וויכ־טיקער פּלאַן, א קאָמבינאַציע.

## קאַפּיטל 5

## א מענטש מיט קאָמבינאַציעס.

ניסל שוואַלב איז אַ מענטש מיט קאָמבינאַציעס. אין זיין הויפּט־פּראָפעסיע רעכנט ער זיך אַפילע אַלס אַגענט, נאָר פון דעם אליין קאָן מען אין לאָנדאָן קיין לעבן ניט מאַכן. מוז מען קאָמבינירן. און קאָמבי־נירן קאָמבינירט ניסל שוואַלב אַלצדינג, וואָס עס לאָזט זיך. און דער עמעס פּאָדערט, מע זאָל דעמדאָזיקן קאָמבינאַטאָר געבן א שוואַך אונטער די אויגן, אַז זיינע קאָמבינאַציעס ווייזן אויס טכילעס, דאַכט זיך, מע־שונע־ווילד, קרום־פּאַרדרייט, ריין מעשוגע, נאָר נאָכדעם קומט דאָס אויס גלייך און גלאַט, וואָס גלאַטער קאָן שוין גאָר ניט זיין. און טאָמער מאַכט זיך אמאָל, ס׳איז נישט אזוי גלייך — איז ער דאָך ניט מער ווי א מענטש, און א מענטש האָט אַ מאָל א טאָעס.

ניסל אַליין דערציילט, אַז מיט זיינע קאָמבינאַציעס האָט ער שוין ניט איין פירמע פאַרדרייט דעם מויעך, געבראָכן רוק און לענד. שולדיק איז אָבער נישט ער. א סימען — מע זאָל אים געוועז פאָלגן ביזן סאָף, וואָלט אַלצדינג געווען אַנדערש. דער גאַנצער כיסאָרן איז, זאָגט ער, וואָס מע פאָלגט אים ניט, ווייל מע פאַרשטייט אים ניט. פּאָשעט, מענטשן זענען בעהיימעס, זאָגט ער, אָקסן, פערד, אייזלען. קיינער פאַרשטייט ניט קיין געשעפט, אַזוי ווי ער, און קיינער, זאָגט ער, ווייסט ניט, וואָס הייסט א קאָמבינאַציע....

דאָס אידישע פּאַווילִיאָן־טעאַטער זאָל אַריינפאַלן צו א קריסט אין די הענט אַריין — דאָס איז אויך געווען ניסל שוואַלבס א קאָמבינאַציע, אַזוי ווי ס׳איז געווען זיין קאָמבינאַציע אַמאָל, אז די איינציקע אידישע צייטונג אין לאָנדאָן, „דער אידישער קוריער", זאָל אַרויסגעגעבן ווערן דאַווקע דורך אַ קריסט, ניט דורך א אידן. וואָס איז דער סייכל? אָט אַזוי האָט געוואָלט ניסל שוואַלב און אָט אַזוי איז דאָס טאַקע געווען.

עמעס, „דער אידישער קוריער" האָט געהאַט אַ פּאָנים פון אַ האַנ־טשירקע, וואָס מע ווישט מיט איר די טעלער אין קיך, און דער אַרויס־געבער דער קריסט איז נעבעך ניזעק וועגערג געוואָרן. ער האָט דער־לייגט צום געשעפט פונקט אַזויפיל פונט שטערלינג, וויפל ער האָט פאַר־מאָגט. ער זאָל געווען האָבן מער, וואָלט ער דערלייגט מער. נאָר ווער איז אים שולדיק? אַ גויאישער קאָפּ. ניט געוואָלט פאָלגן שוואַלבס פּלאַן — דרוקן דעם „אידישן קוריער" צוויי מאָל אַ טאָג, ווי די איינגלישע צייטונגען טוען. אינדערפרי און אפדערנאַכט. אַי די קאַשע איז מיט אַ קאַל וואָכוימער: מאַ־דאָך די לאָנדאָנער אידן ווילן ניט קויפן דאָס אידישע בלאַט איין מאָל אין טאָג, וועלן זיי דאָך צוויי מאָל אין טאָג אוואַדע ניט קויפן? איז דער טערעץ: אַדעראַבע, אָט ווייל צוויי מאָל אין טאָג, וועט מען ערשט קויפן, וואָרום מע וועט וועלן זען, וואָס קאָן, אַשטייגער, א אידיש בלאַט דרוקן צוויי מאָל אין טאָג?

די געשיכטע, ווי אַזוי דאָס פּאַווילִיאָן־טעאַטער איז אַריינגעפאַלן צו א קריסט אין די הענט אַריין, איז אַזוי אינטערעסאַנט, אז מיר גיבן זי דאָ איבער פאַר אונזערע לעזער אין קורצן.

ניסל שוואַלב איז, ווי זיין ברודער איזאַק שוואַלב, אַ גרויסער ליבהאָבער פון טעאַטער, דאָס ליגט שוין בא זיי, אפּאָנים, אין דער מישפּאָכע. דערצו האָט ער טאַקע אַליין אויך אמאָל געהאַט אַ שטיקל שאַיכעס צו אידיש טעאַטער, ווי מיר וועלן זען ווייטער. דעריבער איז ער פון טאָמיד אָן געווען אַן אָפּטער גאַסט, מע קאָן זאָגן, אַ שטענדיקער באַזוכער, קימאַט אַ טוישעוו אין אידישן פּאַווילִיאָן־טעאַטער. נאָר אין דער צייט, וואָס דאָס אידישע לאָנדאָנער פּובליקום איז זיך געזעסן אין

טעאַטער, ווי די שאָף, און צוגעהערט אַלע נאַרישקייטן, וואָס שלאָגן צו דער גאַל, און אויסגעהערט אַלע זינגערייען, וואָס מע קאָן פון זיי כאַלעשן, איז ניסלס קאָפּ געווען פאַרנומען מיט אלערליי קאָמבינאַציעס. „פאַרוואָס, לעמאָשל, — האָט ער זיך געטראַכט, — זאָל דאָס לאָנדאָנער אידישע פובליקום ניט האָבן א רעכט אידיש טעאַטער, און נישט איין טעאַטער, נאָר טאַקע גאַנצע דריי טעאַטערס: פאַר דראַמאַ באַזונדער, פאַר אָפּערעטן באַזונדער און פאַר ערנסטער אָפּערע באַזונדער? מיט אַזעלכע דריי טעאַטערס קאָן מען דאָך איינעמען די וועלט! אין אַזאַ טעאַטער וועט שוין אָנשטיין צו קומען דער אידישער אַריסטאָקראַטיע אויך, און רויטשילד אליין אויך. דער איקער — אַ שיין הויז און רעכטע אַרטיסטן. איז א הויז דאַרף מען ניט קיין שענערס, ווי דאָס פּאַוויליאָן־טעאַטער. אַביסל אונטערפרישן — ווערט דאָס אַ גאַניידן. און אַרטיסטן? אַ דאַיגע מיט אַרטיסטן! און וואו איז אַמעריקע? ווינציק „סטאַרס״ פאַראַן אין אַמעריקע? פאַר געלט קאָן מען אַראָפּברייגגען ניט נאָר אַדלערן פון ניו־יאָרק, נאָר אַפילע סאַראַ בערנאַרד פון פאַריז. און פאַר נויט וועט מען זיך דערווייל באַגיין מיט די קלאָפּערס, וואָס זענען דאָ אין לאָנדאָן, צושמעלצן צו זיי זיין שוועסטערל, די פּרימאַדאָנאַ פון זיין ברודערס טרופּע „האָלצמאַן, שוואַלב עט קאָמפּ.״, מיט דעם יונגן אַרטיסט לעאָ ראַפּאַלעסקאָ פון בוקאַרעשט, וואָס עס קלינגט מיט אים איצט די וועלט.

דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען די צוויי ברידער האָבן גע־האַלטן סאַמע אין רעכטן איבערשרייבן זיך וועגן קומען קיין לאָנדאָן אַף גאַסטראָלן. אין יענער צייט האָט ניסל שוואַלב אופגעגעבן קימאַט אַלע זיינע געשעפטן און האָט זיך אָפּגעגעבן אינגאַנצן נאָר מיט זיינע דריי טעאַטערס. עס זענען געפלויגן בריוו קיין עסטרייך צו זיין ברודער, בריוו קיין אַמעריקע, בריוו קיין רוסלאַנד, און אַפילע יאָהאַנעסבורג און בוענאָס־איירעס האָט ער אויך ניט פאַרגעסן. ער האָט נישט דורכגעלאָזט וואו ערגעץ א אידיש טעאַטער אָדער אַ אידישע באַרימטהייט. און פון אומעטום זענען געקומען יעדיעס, וואָס מע קאָן מיט זיי זיין צופרידן. עס האָט זיך געשניטן אַף א דערעך. איין זאַך נאָר איז אים געבליבן דורכצוזעצן, גאָר א קלייניקייט: וואו נעמט מען געלט?...

איז אָבער אונזער קאָמבינאַטאָר ניט אַזעלכער, וואָס שטעלט זיך אָפּ אין האַלבן וועג. ניסל שוואַלב איז אַ מענטש, וואָס גייט גלייך און האָט פיינט איבערקלייבן, און דערצו איז ער נאָך א גרויסער מוצלעך אויך. אָט וועט איר האָרכן א שיינס.

## קאַפּיטל 6

# מע באַדאַרף האָבן גליק.

איינמאָל, אין אַ כמורנעם נעפּל־טאָג, ווי עס גיט זיך אויס אין לאָנדאָן, ווען די גאַנצע שטאָט זעט אויס, ווי מיצראַים אין די דריי פינצטערע טעג, אַזוי אַז אַפילע די אָנגעצונדענע לאַמטערנעס אין מיטן העלן טאָג זענען ניט אימשטאַנד צו פאַרהיטן, אַז פוסגייער זאָלן זיך ניט צעבוצקען מיט די שטערנס, איז אונזער זשעניאַלער קאָמבינאַטאָר ניסל שוואַלב אַוועק אין קאָנטאָר „העטשקינס בראָס, לימיטעד״, וואָס אין סיטי לאָנדאָן. דאָרט האָט ניסל שוואַלב זיין הויפּט־אַגענטור פון נייַ־מאַשינען, וועלאָסיפּעדן, אַווטאָמאָבילן עט צעטעראַ.

דאָס הויז „העטשקינס בראָס, לימיטעד״ געהערט צו צוויי רייכע איינגלענדער, געברידער העטשקינס, פון וועלכע איינער, דער עלטערער, פאַרברייננגט קימאַט זיין גאַנץ לעבן אין דער שווייץ, קלעטערט אַף די סאַמע הויכע אַלפּן־בערג און איז נאָך ניט געהאַרגעט געוואָרן, און דער אינגערער, דער, וואָס מיר האָבן אים באַגעגנט באַם באַנהויף, דער פירט די געשעפטן.

געטראָפן האָט אים ניסל שוואַלב שטיין באַ אַ הויכן דעסק, באַם איבערקוקן די קאָרעספּאָנדענציע פון דער פּאָסט. באַלד נאָכן ערשטן „גוד מאָרנינג״, האָט אים שוואַלב געבעטן, ער זאָל אַוועקלייגן אַלע געשעפטן און זאָל אים אויסהערן: ער האָט אים געבראַכט צו טראָגן אַ „ביזנעס״, וואָס נאָר איין מאָל אין זיבנהונדערט יאָר טרעפט זיך אַזאַ גליק.

דער יונגער העטשקינס האָט אַוועקגעלייגט די פּאָסט, אַוועקגעזעצט זיך מיט זיין אַגענט אַ טשער קעגן א טשער, פאַרקאַטשעט די ברייטע קעסטלדיקע הויזן אַרויף, איבער די דאַרע קנעכלעך, און קאַלט, אָן ווערטער, אַרויסבאַוויזן אים, אַז ער איז אָנגעברייט אויסצוהערן, וואָס פאַר אַ מין „ביזנעס״ דאָס איז, וואָס נאָר איין מאָל אין זיבנהונדערט יאָר טרעפט זיך אַזאַ גליק.

אין אַ לאַנגער רעדע, מיט זייער א שיינער שפּראַך, מיט אַסאַך פאַרבן, האָט אים ניסל שוואַלב אויסגעמאָלט די לאַגע פונם אידישן טעאַטער ביכלאַל און פונם לאָנדאָנער פאַוויליאָן־טעאַטער ביפראַט. נאָכ־דעם האָט ער אים צעלייגט א גאַנצן פּלאַן פון דריי טעאַטערס: פאַר ערנסטע אָפּערעס, פאַר אָפּערעטן און פאַר דראַמאַטן. דערביי האָט ניסל שוואַלב אַרויסבאַוויזן אַ זעלטענע געניטקייט אין די זאַכן, וואָס זענען

שאַיעך צו טעאַטער, קונסט און מוזיק. נאָכדעם האָט ער אים אַרויסגעלייגט א גאַנצן פּאַק מיט בריוו און דעפּעשן פון פאַרשידענע אַרטיסטן פון דער גראָער וועלט און אויסשניטלעך פון גאַזעטן. דאָס אַלצדינג האָט ער איבערגעזעצט אים פון אידיש אַף דער איינגלישער שפּראַך, און צום סאָף האָט ער געבראַכט אַן אויספירלעכע קאַלקולאַציע: *וויפל פונט שטערלינג מע באַדאַרף אַריינלייגן און וויפל פונט שטערלינג מע וועט אַרויסנעמען.*

לויט דעמדאָזיקן קלאָרן כעשבן איז אויסגעקומען, אַז אין עטלעכע יאָר אַרום קאָן מען אַוועקויפן פאַר אַן אייגנטום ניט נאָר דאָס פּאַוויליאָן־טעאַטער, נאָר אָט דאָס הויז, מיט נאָך אַ הויז, מיט נאָך דריי הייזער אין סיטי לאָנדאָן.

אין דער גאַנצער צייט, וואָס ניסל שוואַלב האָט גערעדט, איז מיסטער העטשקינס געזעסן און אַלץ געטראַכט, וואָס פאַר א שאַיכעס, לעמאָשל, קאָן האָבן צו „העטשקינס בראָס, לימיטעד” אָט דער גאַנצער געשפּרעך? קיין ניי־מאַשינען באַדאַרף מען צו אַ טעאַטער, דאַכט זיך, ניט האָבן. בייסיקלעך (וועלאָסיפּעדן) — אויך ניט. סיידן עפּשער אַן אַווטאָמאָביל. איז איבער איין אַווטאָמאָביל אַזויפיל ?!...

מיסטער העטשקינס האָט די גאַנצע צייט געקוקט דורכן פענצטער אַף דער גאַס, כאָטש מע האָט דאָרט ניט געזעען גאָרנישט, און געקלאַפּט זיך מיט איין פינגער איבער די דריי גאָלדענע ציין. ער האָט אַלץ געוואַרט ביז דער אַגענט וועט אַמאָל ענדיקן. און אַז יענער האָט זיך גוט אָנגערעדט, האָט זיך מיסטער העטשקינס אויסגעדרייט מיטן פּאָנים צום אַגענט און א קוק געגעבן אים אין די אויגן אַריין, ווי איינער רעדט: „וואָס זשע איז דער האַיויצע לאָנו מיזע?”...

ניסל שוואַלב האָט דעם קוק, זאַפּאָנים, פאַרשטאַנען, האָט ער אים קורץ און שאַרף ערקלערט, וואָס ער וויל. ער וויל, פאַרשטייט איר מיך, אַז ער, העטשקינס, זאָל איינגיין אַף דער קאָמבינאַציע. בעאייס מאַיסע האָט אים ניסל שוואַלב אַריינגעקוקט אין פּאָנים, — וואָס פאַר אַן איינדרוק האָט געמאַכט אַף אים דידאָזיקע קאָמבינאַציע?

אַף דעמדאָזיקן קאַלטן פּאָנים איז אָבער נישט געווען איבערצולייענען — איר זאָלט זאָגן — איין אָס אַפילע. קאַלט איז דאָרטן געווען, ווי אַפן שפּיץ פונם מאָנבלאַן, און רואיק, ווי אַפן פאַרגליווערטן יאַם. מיסטער העטשקינס האָט מער ניט אַזוי אַ זיפץ געטון, אופגעשטאַנען, זיך א קראַץ געגעבן מיט איין פינגער איבערן קנאָפּ, וואָס אַף זיין רויטן האַלז, שלעפעריק אַ זאָג געגעבן: „אָל־רייט”, אויסגעצויגן דעם אַגענט צוויי פינגער פון דער רעכטער האַנט, געהייסן קומען נאָך אַן ענטפער אַף דער קאָמבינאַציע מאָרגן דריי פערטל אַף צוועלף.

וואָס פאַר אַן ענטפער מיסטער העטשקינס האָט געגעבן — דאַרפן מיר שוין ניט זאָגן. טאַקע נאָר אַזאַ מוצלעך, ווי ניסל שוואַלב, האָט געקאָנט געראָטן דורכצוזעצן אזא ווילדע קאָמבינאַציע.

מע באַדאַרף ניט קיין סייכל, פריינט לעזער, מע באַדאַרף ניט קיין קענטעניש — מע באַדאַרף נאָר האָבן גליק.

קאַפּיטל 7

## די מוזיקאַלישע מישפּאָכע.

— היינט אַפּדערנאַכט גייען מיר צום כאַזן, — האָט זיך אָנגערופן איינמאָל ניסל שוואַלב צו זיין נייעם יונגן פריינט, צו ראַפּאַלעסקאָן.

דערהערט דאָס וואָרט „כאַזן", האָט דאָס ראַפּאַלעסקאָן געגעבן א שטויס אין האַרצן און אַ הייב אויף פונם אָרט. זיין אַמאָליקער רעבע, איסראָלי דער כאַזן פון האָלענעשטי, איז אים פלוצים געקומען פאַר די אויגן, און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָט ער אַ פרעג געגעבן באַ זיין נייעם גוטן ברודער:

— וואָסער כאַזן?

— דער לאָמזשער כאַזן, אָט דער, וואָס איז געוועזן מיט דער כאַ־ליאַסטרע אין טעאטער. האָסט שוין פאַרגעסן? (ניסל שוואַלב איז מיט זיין נייעם יונגן פריינט שוין לאַנג אַף „דו").

— אַאַאַ? — ציט אויס ראַפּאַלעסקאָ, און ער דערמאָנט זיך, אַז אַנומלטן אין פּאַוויליאָן־טעאַטער, צווישן די אַקטן, האָט אים ניסל שוואַלב צוגע־פירט הינטער די קוליסן עפּעס א געלן אידן מיט וואָס אין די אויערן נאָכן אידן איז נאָכגעגאַנגען א גאַנצע כאַליאַסטרע קינדער, אינגלעך און מיידלעך. וויפל קינדער דאָרטן איז געווען — געדיינקט ער ניט. נאָר דאָס געדיינקט ער, אַז געוועזן זענען דאָרט מער רויטע איידער שוואַרצע, און אַלע מיט לאַכנדיקע פּענימלעך און שעלמישע אייגעלעך.

פאָרשטעלנדיק אים דידאָזיקע כאַליאַסטרע, האָט אים ניסל שוואַלב— טאַקע זיי אין די אויגן — אָפּגעלויבט דאָסדאָזיקע געזינדל אין טאָג אַריין, דערציילט גוזמאָעס, מיט געשיכטעס, מיט סקאַנדאַלן, און גיך, איין וואָרט איבערן אַנדערן, מיט פייער און מיט שווערענישן, ווי זיין שטייגער איז. נאָר די אַלע מאַיסעס זענען ראַפּאַלעסקאָן דעמאָלט, אינם טעאַטער־טאַרעראַם, אין איין אויער אַריין, פונם אַנדערן אַרויס. ראַפּאַ־לעסקאָ איז שוין געוואוינט געוואָרן, אַז אַף יעדער מענטשן האָט ניסל שוואַלב א מאַיסע, און אַ מאַיסע מוז זיך ענדיקן באַ אים מיט אַ סקאַנדאַל.

איצט, גייענדיק אַהין מיט אַ וויזיט, האָט אים ניסל שוואַלב נאָך אַמאָל איבערגעכאַזערט, וואָס פאַר אַ זעלטענע מוזיקאַלישע מישפּאָכע דאָס איז: אַ געזינדל פון לויטער זינגער און מוזיקער. פון דעם טאַטן דעם כאַזן ביזן קלענסטן קינד, וואָס איז נאָך ניט אַלט קיין פיר יאָר, זינגען זיי און שפּילן אַף אַלע אינסטרומענטן.

— מיינסט עפּשער, אַז עמעצער האָט זיי געלערנט? כאַ־כאַ! באַ דעמדאָזיקן כאַזן ווערן געבוירן קינדער פאַרטיקע מוזיקער פון דער מאַמעס בויך — איך זאָל אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס!

אַזוי לאָזט אויס ניסל שוואַלב און כאַפּט זיך אַריין מיט ראַפּאַלעסקאָן אין אַ אידיש געוועלבל, און הייסט זיך געבן ברויט און וואַרשעווער וואורשטלעך און געזאַלצנס „און עפּעס נאָך". ניסל שוואַלב קוקט אַריין אין די געזאַלצענע זאַכן און באַלעקט זיך.

— צו וואָס איז דאָס פּלוצים? — פרעגט אים ראַפּאַלעסקאָ פאַרוואונדערט.

— „קיבעד", — מאַכט צו אים גאַנץ ערנסט ניסל שוואַלב. — זיי מוזן דאָך עפּעס האָבן מיט וואָס אונז מעכאַבעד צו זיין. און אַגעוו, וועלן זיי טאַקע אַליין אויך עפּעס איבערבייסן. אָרעמעלייט, קאַבצאָנים, כאַ־כאַ, סטייטש קאַבצאָנים! מע זאָל זיי ניט אונטערהאַלטן, וואָלטן זיי דאָ, אינם דאָזיקן לאָנדאָן, אימירצעשעם, אויסגעגאַנגען פון הונגער. אַ קלייניקייט? קיין איינאָרע, אַזאַ געזינדל! פּיקערס אַסאַך, און פאַרדינערס, באָרכעשעם, נישט איינער. ס'איז אָבער נאָר דערווייל, קאָלזמאַן די קינדער זענען קינדער. לאָזן זיי זיך נאָר געבן אַ כאַפּ אויף די פיס, וועלן זיי אָנשיטן אָט די שטוב מיט גאָלד, ווי דו זעסט מיך אַ שווימענדיקן... פּאַוואָלי, ווי דו גייסט. ס'איז דאָ פּינצטער און גליטשיק און וואַכלאַקלאַקעס. קאָנסט נאָך כאָלילע בלייבן אָן א טאַטן.

אַזוי מאַכט ניסל שוואַלב צו ראַפּאַלעסקאָן, און רייבט א שוועבעלע נאָך אַ שוועבעלע, אוןביידע לאָזן זיך פּאָרזיכטיק אַראָפּ ערגעץ אין אַ קעלער אַריין, אָדער גלאַט אין אַ גרוב, און טרעטן אַריין אין אַ מין אַפּאַרטאַמענט, וואָס ס'איז שווער צו טרעפן, וואו איר געפינט זיך. אַ קיך ניט קיין קיך, אַ קאַמער ניט קיין קאַמער. נאָר ברייט און לאַנג, און בעטלעך — ווי אין אַ ביקער־כוילים. די ווענט באַהאַנגען מיט אַלערליי מוזיקאַלישע אינסטרומענטן. אין מיטן שטוב שטייט אַ גרויסער אויסגעדינטער פּאָרטעפּיאַן אָפן, און אַ קליין מיידעלע פון אַ יאָר זעקס־זיבן און עפּשער אַכט (ניסל שוואַלב זאָגט, אַז זי איז נאָך ניט אַלט קיין פיר — טאַ! לאָמיר אים צוליב טון) מיט ווייטע הערלעך זיצט און ציט פונם אינסטרומענט מוירעדיקע קוילעס. יעדנפאַלס, ניט די קוילעס, וואָס דאָס קינד וויל. מע דאַרף אים אָבער מויכל זיין, דעמדאָזיקן זאָקן.

ער האָט שוין זיינס אָפּגעשפּילט. אַן אַנדערער אין זיינע יאָרן וואָלט שוין לאַנג אָנגעשפּאַרט העט־ווייט, ערגעץ אַף אַ בוידעם...

דערזעען די אַריינגעקומענע געסט, וואַרפט אַוועק דאָס זעקס־זיבן־אָדער־אַכט־יעריקע מיידעלע, וואָס איז נאָך ניט אַלט קיין פיר יאָר, דעם זאָקן דעם פּאַרטעפּיאַן און טוט זיך אַ לאָז צו ניסל שוואַלב אַף די הענט מיט אַ געשריי־אויס:

— דער פּעטער ניסל איז געקומען! דער פּעטער ניסל!!

ווי אין טעאַטער אַף דער סצענע, האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן איינס נאָך דאָס אַנדערע עפּעס פון איין אונטערטיר פאַרשווינען: אינגלעך און מיידלעך. וויפל — ווייסט מען ניט. נאָר מער רויטע ווי שוואַרצע. טאַקע דיזעלבע, וואָס ראַפּאַלעסקאָ האָט זיי געזעען באַ זיך, הינטער די קוליסן, אַלע מיט לאַכנדיקע פּענימלעך און מיט שעלמישע אייגעלעך. נאָך זיי טרעט אַרויס אויך דער פאָטער, דער לאָמזשער כאַזן אַליין, אַ איד אַ רויטער, וואָס האַלט שוין באַ ווערן גרוי. נאָך אַ יאָר צוויי־דריי — און פון זיינע רויטע האָר וועט נישט בלייבן קיין סימען אַפילע, אַז זיי זענען אַמאָל געווען רויט. פונדעסטוועגן האַלט ער זיך נאָך גאַנץ פעסט און גלייך און ציכטיק־זויבער. די אויגן גלאַנצן, און די הענט ציטערן, ווי באַ אַלע הונגעריקע. נאָר אַ מאַקע — דאָס פּאָנים דאַרף נישט זאָגן, וואָס אין בויך טוט זיך...

— קוידעם לאָמיר זיך נעמען עפּעס צובייסן, — זאָגט ניסל שוואַלב, רייבט אַ האַנט און באַלעקט זיך. — איך בין טויט-הונגעריק, ווי איר זעט מיך אַ שווימענדיקן.

און רעדנדיק, בינדט ער אוף די פּעקלעך מיטן איינגעקויפטן עסנוואַרג און נעמט זיך דער ערשטער צו דער אַרבעט מיט אַזאַ מין אַפּעטיט, גלייך ווי עס וואָלט בעעמעס געווען באַ אים נאָך טאָנעס.

— וואָס זיצט איר, ווי די מעכוטאָנים אף א פרעמדער כאַסענע? — צעשרייט ער זיך אפן מוזיקאַלישן געזינדל. הייבט זיך אוף פריער דער לאָמזשער כאַזן מיט די הונגעריקע אויגן און מיט די ציטעריקע הענט, גייט צו קלוימערשט אזוי זיך, פון יויצע וועגן. יענער בעט, קאָן מען ניט זיין אזוי גראָב... און נאָך אים — די גאַנצע כאַליאַסטרע קינדער, וועלכע ס'איז גלייך צו דערקענען, אז דער אַפּעטיט איז בא זיי, דאַנקען גאָט, נישט צו פאַרזינדיקן. ביסלעכווייס ווערט לעבעדיקער־לעבעדיקער, און די אַרבעט גייט אוועק אזוי געשמאַק, אז אונזער ראַפּאַלעסקאָן נעמט אויך אָן א יעיצער־האָרע צום עסן.

— זיץ, נעם, ברעך, שנייד, קיי, שעם דיך ניט! ביסט דאָ צווישן היימישע, צווישן אייגענע, — גיט אים א ונטער ניסל שוואַלב כיישעק, און די כאַליאַסטרע קוקט אַפן יונגן אַרטיסט מיט אַזעלכע פריינטלעך־נייגע־

ריקע אויגן, אז ער הייבט אָן פילן זיך דאָ גאַנץ היימיש, טאַקע ווי צווישן אייגענע. פונוואַנען האָט זיך גענומען צו אים פלוצים אַזאַ אפּעטיט צום עסן? פאַרוואָס פילט ער זיך דאָ אַזוי וואַרעם, אזוי פריי, אַזוי לעבעדיק? — א מאָדנע־מאָדנע געזינדל!

די גאַנצע צייט פונם עסן הערט ניסל שוואַלב ניט אויף צו שיטן מיט רייד און מיט ווערטלעך. פאַר יעדן האָט ער א באַזונדער ווערטל מיט אן אַנדער צונעמעניש. ניסל שוואַלב רעדט, און די כאַליאַסטרע, עסנדיק, קאַטשעט זיך פאר געלעכטער. נאָר דער פּאָטער, דער לאָמזשער כאַזן, טוט זיין זאַך ערנסט, ווישט זיך אלע מינוט די ליפּן און עסט ווייטער. ניין, אונזער יונגער העלד, זינט ער איז נאַוועגאַד, האָט ער זיך אזוי גוט ניט געפילט, ווי אינם דאָזיקן געזינדל. אזוי גוט, און באַקוועם, און היימלעך, און פריי, און לעבעדיק.

אָפּגעגעסן, טוט ניסל שוואַלב א וואונק צום לאָמזשער כאַזן, און דער לאָמזשער כאַזן, גוט אויסגעווישט די ליפּן שוין אף דער רעכטער עמעס און איבערגעלייגט די וואַטע אין די אויערן, טוט ער א קאָמאַנדעווע צו דער כאַליאַסטרע, מע זאָל זיך נעמען צו די קיילים, געבן לעקאָוועד די געסט א שטיקל קאָנצערט.

קאַפּיטל 8

## שפּילט דעם כאָסן וויינענדיקס.

דאָס „שטיקל קאָנצערט", וואָס דאָס מוזיקאַלישע געזינדל האָט געגעבן, איז געווען נישט קיין שטיקל, נאָר א גאַנצער קאָנצערט. איינער פון די קאָנצערטן, וואָס מע קאָן זיי ניט פארגעסן קיינמאָל. אַכוץ דעם, וואָס דאָ זענען געווען אַלע מינים מוזיקאַלישע אינסטרומענטן: פידל, פלייט, טשעלאָ, פּיאַנאָ, באַס, צימבל, אַרפּאַ און קעסלפּויק, און אויסער דעם, וואָס דאָס שפּילן גופא איז געווען מאַיסטעריש־גרויסאַרטיק, מיטן בעסטן אַנסאַמבל, האָט דער דאָזיקער פאַמיליען־אָרקעסטער, וואָס איז באַשטאַנען פון האַלב־נאַקעטע און גאַנץ־באָרוועסע קינדער, אונזער יונגן העלד גלאַט גערירט ביז טרערן. קוקנדיק אף דער דאָזיקער, פון גאָט געבענטשטער, נאָר אָרעמער קאַפּעלע, קומען אים אפן קאָפּ אַלערליי מאַכשאָוועס. אין דער גאַנצער צייט פון זיין נאַוועגאַד זיין אף דער וועלט האָט ער זיך שוין אָנגעזעען גענוג טאַלאַנטן, וואָס וואַלגערן זיך בא אונז אפן מיסט. קיינער אינטערעסירט זיך ניט דערמיט. קיינער קוקט זיך ניט אַרום. „נישטאָ, נישטאָ באַ אונז קיין מעצענאַטן", — טראַכט ער זיך, און

ער דערמאַנט זיך אָנם לעמבערגער מעצענאַט, אָנם דאָקטאָר לעוויוס־לעוויאָסן, וואָס פאַרמאָגט עפּשער א האַלבן מיליאָן. דערדאָזיקער דאָק־טאָר האָט זיך טכילעס אַרויסגעשטעלט פאר א ליבהאָבער פון קונסט, פאר א מעצענאַט, און אז ס'איז געקומען צו עפּעס, האָלצמאַן האָט אים נאָר געגעבן אָנצוהערעניש וועגן שטיצע, אַזוי האָט זיך באַם דאָקטאָר איבערגעביטן דאָס פּאָנים, צוגעזאָגט, אז ער וועט קומען צו זיי אין טעאַטער אַריין — און אַ גוטן טאָג, מער האָט מען אים ניט געזעען...

„איך — טראַכט זיך ראַפאַלעסקאָ — לאָמיך נאָר ווערן זעלבשטענדיק און אַליין אָנהייבן פאַרדינען געלט, נעם איך אָט אַזאַ מין געזינדל אַרויס פון דערדאָזיקער בלאָטע און גיב זיי די וועלט צו זען"...

ראַפאַלעסקאָ פאַנטאַזירט, ווי אלעמאָל, גאָלדענע כאַלוימעס, און דער באָרוועסער אָרקעסטער הערט ניט אוף צו באַווייזן זיינע וואונדער. אין דער צייט, וואָס די קאַפעליע שפּילט און ראַפאַלעסקאָ באַוואונדערט און פאַנטאַזירט, זיצט ניסל שוואַלב אין א ווינקעלע מיט דער מוטער פון דידאָזיקע געבענטשטע קינדער, א אידענע מיט א רויטן פאַלשן פאַריק אַפן קאָפּ, וואָס וועט דערפאַר קיינמאָל ניט ווערן גרוי, און רעדט און דערציילט און שווערט, „ווי איר זעט אים א שווימענדיקן" און „ער זאָל אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס"...

עס איז שוין געווען שפּעט באַנאַכט, אז ניסל שוואַלב איז געגאַנ־גען מיט זיין יונגן פריינט אהיים צוריק פון דער מוזיקאַלישער מיש־פּאָכע. דאָס לאָנדאָנער ווייטשעפּעל איז נאָך געווען באלייכט מיט אַלע לאָמטערנעס. נאָר אויסער דעם הויכן פּאָליסמען מיט די לאַנגע פיס, האָט מען שוין נישט באַגעגנט קיינעם. אונזער יונגער העלד, וואָס איז בעטעווע א שווייגער, אַן אָפּגעוואויגענער, אָפּגעמאָסטענער כאַראַקטער, איז שוין לאַנג ניט געווען אַזוי אופגערעגט, ווי אין דעמדאָזיקן אָוונט. ער איז מיטאַמאָל געוואָרן רעדנדיק. ער האָט געטאַינעט צו זיין נייעם גוטן ברודער ניסל שוואַלב און געמאַכט מיט די הענט:

— סטייטש, סטייטש! אַזעלכע געבענטשטע קינדער, אַזעלכע גע־בענטשטע הענט! וואַלגערן זיך אין אַזאַ בלאָטע, ליגן אין אזא גרוב! ווי איז דאָס מעגלעך, אז אין אַזאַ שטאָט, ווי לאָנדאָן, זאָל זיך נישט געפינען צווישן אידן כאָטש איין מעצענאַט, וואָס זאָל שטיצן דידאָזיקע מוזיקאַלישע פאַמיליע?

— וואָס רעדסטו, קינדעניו, מעצענאַט? — רופט זיך אָן צו אים ניסל שוואַלב, און זיין שטימע הילכט איבערן ווייטשעפּעל אין דערדאָזיקער נאַכט. — אָט וועל איך דיר דערציילן א שענערע זאַך, וועסטו אַראָפּ פון זינען! פאראן באַ אונז איינער — דו רופסט עס א מעצענאַט. ער איז א רוסישער איד. געווען אַמאָל, קיין איינאָרע, אַן עוויען, היינט איז ער א

איד א מיליאָנער, אױף אונז בײדן געזאָגט געװאָרן. סטעלמאַך הײסט ער, דערדאָזיקער מעצענאַט.

— סטעלמאַך ?

ראַפּאַלעסקאָ איז שטײן געבליבן. עס דאַכט זיך אים, אַז ער האָט ערגעץ געהערט שױן דעמדאָזיקן נאָמען, װאָס האָט א שאַיכעס צו רײז־לען. נאָר ער קאָן זיך ניט דערמאַנען, װאו... דערזעען, אז ראַפּאַלעסקאָ איז שטײן געבליבן, רופט זיך אָן צו אים ניסל שװאַלב:

— זע נאָר, איך האָב נאָך גאָר נישט אָנגעהױבן צו דערצײלן, איז ער שױן אַרױס פון די קײלים. הער בעסער װײטער. באַקאָנט האָב איך מיך מיט דעם סטעלמאַך אָט דאָ ניט לאַנג טאַקע, אין פּאַװיליאָן־טעאַטער. ער איז אַן אָפּטער גײער אין טעאַטער. א שטאַרקער ליבהאָבער פון אידיש טעאַטער און א מײװן אױף מוזיק. מאַכמעס זײן זונדל, גרישאַ סטעלמאַך, איז א באַרימטער פידלער, א װאונדער־קינד. ער האָט שױן געשפּילט װיפל מאָל באַם קעניג אין הױף. און דורך אים, דורכן זונדל, הײסט עס, איז ער דאָס אַזױ רײך געװאָרן.

ראַפּאַלעסקאָ האָט זיך שױן דערמאַנט, װער דער סטעלמאַך איז און װאָס פאר א שאַיכעס זײן זונדל האָט צו רײזלען. און די מאַיסע מיטן מעצענאַט, װאָס ניסל שװאַלב דערצײלט אים דאָ, באַקומט בא אים אַ גאַנץ באַזונדערן אינטערעס, און ער טוט א פרעג בא זײן נײעם גוטן פרײנט:

— אַלזאָ, װאו געפינט ער זיך, אָט דער... איך מײן, אָט דער באַ־רימטער פידלשפּילער ?

— כאַפּ־זשע ניט! — מאַכט צו אים ניסל שװאַלב. — איך האַלט נאָך ניט באַם זון, איך האַלט ערשט באַם פאָטער, באַם מעצענאַט, הײסט עס, װי אַזױ מיר האָבן זיך מיט אים באַקאַנט. באַקאַנט האָבן מיר זיך מיטן דאָזיקן שמינדער בעגעץ אין בופעט, צװישן די אַקטן. איך זע עפּעס אַ אידל דרײט זיך מיר אַרום און קײט און קוקט אױף מיר מיט אױגן. ער אַף מיר, איך אַף אים. א װאָרט פאר א װאָרט: — „פונװאַנעט איז א איד ? איר זענט מיר, זאָג איך, עפּעס קענטלעך". „איך בין, זאָגט ער, סטעלמאַך". — „אַזױ, זאָג איך, זענט איר, הײסט עס, טאַקע סטעלמאַך אַלײן ? זאָגט־זשע מיר, זאָג איך, מיסטער סטעלמאַך, פון װאָ־סערע סטעלמאַכס זענט איר דאָס, אײגנטלעך גערעדט ?"... קוקט ער מיך אָן מיסטאָמע, װי אַ כושימדיקן, און מאַכט צו מיר מיט א ברױגעזלעכן געלעכטערל: „װאָס הײסט — פון װאָסערע סטעלמאַכס ? איר האָט ניט געהערט, זאָגט ער, קײנמאָל דעם נאָמען גרישאַ סטעלמאַך ? כאַ־כאַ, א איד, זאָגט ער, זיצט אין לאָנדאָן און װײסט ניט, אַז ס'איז דאָ א גרישאַ סטעלמאַך אַף דער װעלט, װאָס האָט שױן געשפּילט װיפל מאָל באַם

קעניג אין הויף"...—„אַז ס'איז דאָ אין לאָנדאָן, זאָג איך, א גרישאַ סטעלמאַך, וואָס שפּילט באַם קעניג אין הויף, דאָס, זאָג איך, ווייס איך, כאָטש איך בין אין הויף, זאָג איך, ניט אזאַ אָפטער אַריינגייער. נאָר וואָס געהער ער זיך, זאָג איך, אָן מיט אייך?" צעלאַכט ער זיך נאָך שטאַרקער און רופט זיך אָן צו מיר מיט גאַדלעס: „וואָס ער געהער זיך אָן מיט מיר? כאַ־כאַ! איך בין זיינער אַ טאַטע".—„מאַזלטאָוו, זאָג איך, אַז וואויל איז דעם זון, וואָס האָט אַזאַ טאַטן". און אָט אזוי האָבן מיר זיך צערעדט. דאָס הייסט, רעדן האָט, אייגנטלעך, גערעדט אָט דער לעץ, ער האָט פיינט, אַז יענער רעדט. ער האָט בעסער ליב אַליין רעדן. אוביפראַט, אַז ער צערעדט זיך פון זיין גרישען, ווערסטו אים ניט אָפּשטעלן מיט קיין צען פערד. טראַטאַטאַ! טראַטאַטאַ! גרישאַ־קעניג־קאָנצערט־מוזיק... אַ מאַיסע אָן אַן עק! שלאָג איך אים איבער אין מיטן: „איך זע, זאָג איך, אז איר זענט אַ מייוון און א ליבהאָבער פון מוזיק. אויב איר ווילט, זאָג איך, האָרכן אַביסל רעכטע מוזיק, וועל איך אייך פירן אין אַן ערטל, און דאַווקע אָן געלט, וועט איר הערן, וואָס הייסט מוזיק אף דער וועלט!"... מאַכט ער צו מיר: „אָך, מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. באַ מיר, זאָגט ער, איז אידיש טעאַטער, מוזיק און נאָך אַזעלכע זאַכן אַזוי טייער, אַז איך וועל אייך גיין, זאָגט ער, דריי מייל צופוס".— „אויסגעצייכנט!— טראַכט איך מיר.— גאָט אַליין האָט דיך צוגעשיקט, דו גראָבער פעמפיק! עפשער איז באַשערט, אַז דורך דיין זכוס זאָל די אָרעמע מישפּאָכע געהאָלפן ווערן?"... האַקיצער, מיר האָבן אָפּגעשטעלט אַ טאָג, גענומען דעם כעווערמאַן און געבראַכט צו פירן צום לאָמזשער כאַזן איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל — מיין סטעלמאַך איז אויס מענטש. אָט־אָט נעמט ער איין אַ מיסע־מעשונע! אַלעמאָל, ווען ער קומט אַהין, גלוסט זיך אים גאָר ניט אַוועק. זיצט מיט אַלעמען און עסט מיט אַלעמען און דערציילט גליקן פון זיין זונדל, ניסים וועניפלאָעס, יעציעס־מיצראַים — הימל עפן זיך! בין איך מיך מעיאַשעוו איינמאָל, אז דו ביסט יאָ אַזאַ גוטער ברודער, טאָמער וואָלט געווען א סוואָרע, מיסטער סטעלמאַך, איר זאָלט עפּעס אַ קלער טון מיקויעך דערדאָזיקער מישפּאָכע? „מע בעדאַרף, זאָג איך צו אים פאַרשטעלט, אָט די געבענטשטע קינדער צעשטעקן אין די קאָנסערוואַטאָריעס, מאַכן פאַר שטיקלעך מענטשן". קוקט ער מיך אָן, ווי א נעכטיקער, פינטלט מיט די אויגן, פאַרשטייט נעבעך ניט, וואָס מע מיינט... רוף איך מיך אָן צו אים שוין מיט פאָשעטע דיבורים: „מיסטער סטעלמאַך, זאָג איך, מע באַדאַרף, זאָג איך, האָבן ג ע ל ט!"... דערהערט דאָס וואָרט „געלט", איז מיין סטעלמאַך געוואָרן, וואָס זאָל איך דיר דערציילן, כאַ־כאַ־כאַ? אַ שענערן לייגט מען אין דער ערד, ווי דו זעסט מיך א שווימענדיקן! וואָס טויג דיר,

ער האָט זיך אַפּדערגיך אָפּגעזעגנט — און פון דעמאָלט אָן אויס סטעלמאַך! איך וואַרט אים אָפּ אײן טעאַטער איין נאַכט, די אַנדערע נאַכט, די דריטע נאַכט — ניטאָ מיין פויגל. טראַכט איך מיר: „בלאָטע! פון ניסל שוואַלבס הענט אַנטלויפט מען ניט!" און איך האָב מיך מיסטאָמע דערפרעגט, וואו ער זיצט, דערדאָזיקער פּיפּערנאָטער, און מאַרש צו אים אַהיים. איך קלאָפּ אָן אין דער טיר, דערהער איך אַ קאָל פון אינווייניק — טאַקע זיין קאָל, איך האָב אים דערקענט: „טו נאָר אַ קוק, ווער קלאַפּט דאָס, אויב אַ הויכער, אַ גראָבער — זאָג אים, אַז איך בין ניטאָ אינדערהיים". מיט די ווערטער, כאַ־כאַ, ווי דו זעסט מיך א שווימענדיקן! דערהערט אַזאַ מאַיסע, טראַכט איך מיר: „עי! ווילסטו זיך פון מיינע הענט אַרויסדרייען, וועט דיך קאָסטן טייער!"

אַזוי דערציילט ווייטער ניסל שוואַלב און טראַכט שוין אויס פונם קאָפּ אַ גאַנצע אינטריגע מיט א סקאַנדאַל, צוויי סקאַנדאַלן, דריי סקאַנדאַלן, און האַלט צו זיין יונגן פריינט פאַר אַ האַנט, און היצט זיך, און שפריצט מיט פייער, און לאָזט אויס, ווי זיין שטייגער איז, מיט א ברייטן געלעכטער און מיט א שוואוע: „כאַ־כאַ, איך זאָל אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס!"...

פון יוּיצע וועגן מאַכט ראַפאַלעסקאָ אַ פּאָנים, גלייך ווי ער וואונדערט זיך. אין דער עמעסן אָבער האָט ער פון דער גאַנצער מאַיסע געהערט מער ניט ווי דעם סאָף: „כאַ־כאַ, איך זאָל אזוי האָבן אַלעמענס גוטס". ראַפאַלעסקאָ האָט גאָר אין זינען בעאייס מאַיסע עפּעס אַנדערש. דער נאָמען „גרישאַ סטעלמאַך" האָט אים געפּיקט אין מויען. סטייטש, דאָס איז דאָך דער גרישאַ סטעלמאַך, רייזלס כאָסן!... וויבאַלד אַזוי, איז ער דאָך שוין אַפן רעכטן וועג... איצט בלייבט איבער נאָר איין זאַך: זיך באַקאָנען מיט אָט דעם גרישאַ סטעלמאַך.

קאַפּיטל 9

## זיי פאָרן קיין אמעריקע.

די גלענצנדע קאָמבינאַציע פון דריי אידישע טעאַטערס אין לאָנדאָן, וואָס דער זשעניאַלער קאָמבינאַטאָר ניסל שוואַלב האָט אויסגעקאָמבינירט, האָט זיך ניט אינגאַנצן איינגעגעבן.

נישט נאָר דריי אידישע טעאַטערס, ווי ניסל שוואַלב האָט געפלאַנעוועט, נאָר אפילע דאָס איינציקע שטיקל פּאַוויליאָן־טעאַטער איז אויך געגאַנגען ניט אין בעסטן. דער לאָנדאָנער אוילעם איז טאַקע געלאָפן

אױף כּידושים זען דעם בּאַרימטן לעאָ ראַפּאַלעסקאָ פֿון בוקאַרעשט און די בּארימטע פּרימאַדאָנע שװאַלב פֿון בוענאָס־אײרעס. דאָס טעאַטער איז טאַקע געװען געפּאַקט פֿון אױבן בּיז אַראָפּ, אַז ס׳איז ניט געװען אַן עפּל דורכצואװאַרפֿן. דער גאַנצער כּיסאָרן איז אָבער, װאָס דאָס פּובּליקום איז געװען דאָסזעלבּע פּובּליקום, װאָס טאָמיד. דאָסזעלבּע װײטשעפּעל מיט זײנע אײנװאױנער. דיזעלבּע מובּערעסע װײבּער מיט דיזעלבּע זױגעדיקע קינדער, װאָס פֿאַרהילכן דאָס טעאַטער מיט זײער געװײן, דיזעלבּע בּאָכורים און דיזעלבּע מױדן, װאָס װאַרפֿן זיך מיט מאַראַנצן־שאָלעכץ און רעדן אזױ הױך און לאַכן אַזױ געשמאַק און האַלטן זיך אזױ הײמיש־פֿאַמיליאַר, אַז דאָס פֿאַװיליאָן־טעאַטער זעט אױס גיכער װי, לעהאַװדל, אַ שול־הױף אין אַ קלײן שטעטל אין אַ װאַרעמען יאָנטעװ־דיקן טאָג צו אױסנעמעניש, װי אײדער אַ טעאַטער. די אידן פֿון דער װעסט, די לאָנדאָנער אידישע אַריסטאָקראַטיע מיטן לאָרד רױטשילד בּעראָש, אױף װעלכן ניסל שװאַלב האָט, אײגנטלעך, געשלאָגן, װי אױף פּיר טײז, האָבן אפּילע ניט ארײנגעשמעקט אין װײטשעפּעל־טעאַטער, װי זײ האָבן ניט ארײנגעשמעקט בּיז אַהער און װעלן ניט ארײנשמעקן אַהין בּיז מאָשיעך װעט קומען. גיכער װעט זיך אַן אײנגלישער אָרטאָ־דאָקסישער ראָװ אַװעקשמאַדן און אַ מאָדערנער רעװערענד װעט זיך אױסלערנען דאַװנען, אײדער אַ לאָנדאָנער איד פֿון דער װעסט װעט זיך אַראָפּלאָזן אפֿן װײטשעפּעל צו די שנאָרערס אין אַ אידיש טעאַטער, װאו אידן רעדן אױף אידיש, שפּילן אױף אידיש, זינגען אױף אידיש און טאַנצן אױף אידיש.

מיט אײנעם װאָרט, דאָס געשעפֿט איז געגאַנגען נישט אין בּעסטן. דאָס גאַנצע דאָבּרע־מאַזל האָט אופֿגעגעסן די נאװענאדנע טרופּע „האָלצמאַן, שװאַלבּ עט קאָמפּ.". און ס׳איז ניט געװען, מיט װאָס צו אױסהאַלטן די אײגענע אַקטיאָרן. דער קאַפּיטאַליסט, דער קריסט מיס־טער העטשקינס, האָט שױן געהאַלטן קימאַט־קימאַט בּא דער לעצ־טער שורע פֿון דער סומע פֿונטן־שטערלינג, װאָס ער האָט דערױף מאַפּקיר געװען, און איז גרײט געװען זיך אַװעקשטעלן אין מיטן סעזאָן.

פֿאַרשטײט זיך, אז דאָס האָט אונזער קאָמבּינאַטאָר ניסל שװאַלבּ שטאַרק געערגערט. אַ גױ בּלײבּט אַ גױ. ער װיל ניט פֿאַרשטײן שװאַלבּס טעאָריע, אַז װאָס גרעסער דער קאָפּ — גרעסער דאָס היטל, און װאָס גרעסער דער טאָפּ — גרעסער דאָס פּײער.

שװאַלבּ האָט געטאַינעט, אַז מע בּאַדאַרף ניט אַראָפּפֿאַלן בּא זיך און מע טאָר זיך ניט אָפּשטעלן. אַדעראַבּע, מע בּאַדאַרף פֿאַרגרעסערן דאָס

טעאַטער. פאַרגרעסערן, פאַרברייטערן און פאַרשענערן. מע באַדאַרף אויסשרייבן אַדלערן פון אַמעריקע. מע באַדאַרף מאַכן אַ טורנע איבער גאַנץ איינגלאַנד. מע באַדאַרף ניט שפּאָרן קיין געלט. ער האָט באוויזן מיט אַ רעכענונג, ווי צוויי מאָל צוויי, אַז יעדן פונט־שטערלינג, וואָס מיסטער העטשקינס לייגט אריין אין טעאַטער אַצינד, וועט אים אריינברענגען מיט דער צייט דריי פּינט, צען פונט, צוואַנציק פונט, אַן אַ שיר פונטן!

מיסטער העטשקינס אָבער האָט נישט געוואָלט הערן די אַלע גליקן. מיסטער העטשקינס איז געגאנגען, פאַרקערט, מיט זיין גויאישן גאַנג: „לעס קראַי — מאָר וואול", אָדער אף אידיש גערעדט: ווינציקער אוילעם, גרעסער די סודע.

קיין סאַך ווערטער האָט ער ניט אויסגענוצט. און איבערשפּאַרן דעמדאָזיקן היציקן אַגענט האָט ער ניט געפונען פאַר נייטיק. מיסטער העטשקינס האָט אים דאַווקע אויסגעהערט ביזן סאָף, זיך געקלאָפּט מיטן נאָגל איבער די דריי גאָלדענע ציין און געקוקט דורכן פענצטער אין דרויסן ארויס. און אַז יענער האָט געענדיקט, איז ער אופגעשטאַנען מיט אַ זיפץ, אויסגעצויגן אים צוויי קאַלטע פינגער און אַ זאָג געגעבן קאַלט און שלעפעריק: „אָל־רייט. מער ניט אַ שילינג".

וואָס האָט ניסל שוואַלב געקאָנט טון? זיין אידישן קאָפּ וועט ער אף דעם טרוקענעם איינגלענדער ניט אַרופשטעלן און נעמען זיך דאָס לעבן איבער אַזעלכע זאַכן איז אויך ניט קעדאַי. „עט! דער הימל איז צו דער ערד ניט געפאַלן. גאָט איז גאָט און לאָנדאָן איז לאָנדאָן. אַז ניט דאָס, וועט זיין אַן אנדער שוואַרציאַר"... אַזוי האָט זיך געזאָגט ניסל שוואַלב, און זיין זשעניאַלער קאָפּ האָט ניט גערוט, ביז ער האָט ניט צוגעקלערט אַ נייע קאָמבינאַציע.

דידאָזיקע קאָמבינאַציע איז באַשטאַנען מער ניט אַז פון איין וואָרט, איין און איינציק וואָרט. נאָר דאָס וואָרט האָט אין זיך אַזאַ מין צוציאונג־קראַפט, אַזאַ מין מאַגנעט, אַזאַ מין קישעף, וואָס מע באדאַרף מער ניט נאָר ארויסלאָזן דאָס פונם מויל, ווערט באַ אונז אַ שלעפעריקער וואַכנדיק, אַ פוילער — אַרבעטסייאיק און דער גרעסטער אַפּיקוירעס און דער פאַרצווייפלטסטער סקעפּטיקער ווערט פול מיט גלויבן און מיט האָפענונגען.

„אַמעריקע" איז דאָס וואָרט.

איך זאָל האַלטן באַ פאַרגלייכן, מאַכן פאַראַלעלן, וואָלט איך געזאָגט, אַז אַמעריקע — דאָס איז אַ גרויסער יאַם, וואָס ציט אין זיך אַלע טייכן. אַ גוטער כאָלעם, וואָס ניט אַלעמאָל ווערט ער מעקויעם. אַ ווייטסטער פונקט, וואָס ווייטער קאָן מען שוין ניט פאָרן. אַ לעצטע רעפוע, וואָס

אויב דאָס וועט אייך ניט העלפן, וועט אייך שוין קיין דאָקטאָר און קיין טאַטער אויך ניט העלפן....

אונזער היציקן קאָמבינאַטאָר ניסל שוואַלב האָט דאָס שוין לאַנג געצויגן אַהין, אינם „גאָלדענעם לאַנד". ער האָט געכאָלעמט פון קינד־ווייס אָן, אַז ער מוז ווערן רייך, און רייך קאָן מען ווערן נאָר דאָרטן, אינם לאַנד פון דאָלאַר. עס זענען געווען צייטן, וואָס ער האָט שוין אַפילו „געסייווט" געלט אַף אַ שיפסקאַרטע. נאָר אַלערליי קאָמבינאַציעס האָבן אים אַלעמאָל אָפּגעהאַלטן, און יעדן מאָל, ווען די אָדער יענע קאָמבינאַציע האָט בא אים געפּלאַצט, אַזוי איז ער געלאָפן גלייך אין קאָנטאָר אריין זיך באשטעלן אַ טיקעט מיטן ערשטן שיף קיין ניו־יאָרק. נאָר לויפנדיק אין קאָנטאָר אריין, פליט אים אריין פּלוצים אין קאָפּ אַ נייע קאָמבינאַציע, קערט ער זיך אום צוריק און נעמט זיך צו דער אַרבעט, ביז ער פאַלט דורך, לויפט ער אַוועק ווידער נאָך אַ טיקעט, קערט זיך ווידער אום צוריק. און אזוי שוין עטלעכע מאָל.

איצטיקס מאָל אָבער איז דאָס געווען בא אים פעסט באַשלאָסן, אף אן אייזערנעם באָדן, עס מעגן פאַלן שטיינער פונם הימל. גאָט אליין האָט שוין אַזוי געהייסן. אַלע אומשטענדן האָבן זיך די לעצטע צייט צונויפגעלייגט און אויסגעבעט אים אַ וועג קיין ניו־יאָרק.

דער גאָלדענער פּלאַן צו פאָרן אין דער גאָלדענער מעדינע איז געבוירן געוואָרן אונטן, אין קעלער, באַ דער באַקאַנטער מוזיקאַלישער מישפּאָכע. דער לאָמזשער כאַזן האָט די טעג באַקומען אַ בריוו פון אַמעריקע, ער זאָל לעמאַנעשעם קומען צו פאָרן מיט אַלע זיינע קינדער, וועט מען זיי אָפּגילטן. אים און די קינדער. „געזאַנג און מוזיק — אַזוי שרייבט אים יענער אין בריוו — איז דאָרט אַזאַ מין אַרטיקל, וואָס אַמעריקע אליין פאַרמאָגט דאָס נישט און מוז עס באַציִען פון „יוראָפּ". אַ ליאַדע קלעזמערל, שרייבט מען אים ווייטער, וואָס איז קאָל יאָ־מאָוו אַרומגעגאַנגען אינדערהיים, מעכילע, מיט צעריסענע טאַכטוינים און שטיוול, ווערט אין אַמעריקע אַף דער צווייטער וואָך פּראָ־פעסאָר"...

אַז דער לאָמזשער כאַזן האָט אים דורכגעלייענט דעמדאָזיקן בריוו, האָט זיך ניסל שוואַלב אופגעכאַפּט, ווי אַן אָפּגעבריטער, זיך דערלאַנגט אַ פּאַטש אין שטערן און דעם אַנדערן פּאַטש האָט ער געשיינקט דעם לאָמזשער כאַזן אין פּלייצע.

— מיר פאָרן קיין אַמעריקע! איך זאָל אזוי האָבן אַלעמענס גוטס, ווי מיר פאָרן קיין אַמעריקע! איך האָב, הערט איר, אַ קאָמבינאַציע, אַ טייערע, אַ זעלטענע קאָמבינאַציע! מאָרגן אָדער איבערמאָרגן זעען מיר זיך. עס וועט זיין רעכט. גוד ביי!

אין אַ מינוט אַרום איז שוין ניסל שוואַלב געווען אף דער גאַס. אַ לעבעדיקער, אַ פרייליכער, אַ גליקלעכער האָט ער געשפּאַנט מיט ברייטע טריט איבערן ווייטשעפּעל. דאָס קאַפּעלושל אף אַ זייט און אונטערגעפּייפט אַ לידל, האָט ער זיך דורכגעלייגט אַ וועג מיט זיינע ברייטע פּלייצעס צווישן געדיכטן לאָנדאָנער פּובליקום, וואָס טראָגט זיך ווי אַ כמאַרע אף ביידע טראָטואַרן, ווי אַן אויסגוס, וואָס האָט ניט קיין אָנהייב און האָט ניט קיין סאָף.

— סאַראַ שטאָט דאָס איז! — האָט זיך ניסל שוואַלב געטראַכט, פּייפנדיק. — אַ כאיעס, אַ טאיִנעג צו לעבן אף דער וועלט. איך זאָל אזוי האָבן אַלעמענס גוטס!...

## קאַפּיטל 10

# א קאץ קאָן אויך קאלי מאכן.

דער לעזער דאַרף געדיינקען, ווי ניט פיין און אומאַרטיק אונזער דירעקטאָר בערנאַרד האָלצמאַן האָט זיך אַמאָל באַגאַנגען מיט דער אָרעמער ברײנדעלע קאָזאק. זי האָט זיך דאָס וואָרט געגעבן און געשוואָרן בײַ גאָט, אַז זי מוז נאָך אַמאָל דערלעבן אַ נעקאָמע אינם דאָזיקן „דרעקטאָר“, וואָס האָט צו שטאַרק פאַריסן די נאָז. ער האָט שוין גאָר פאַרגעסן, אָט דער הונט מיט אויערן, אַז ער האָט אַמאָל געהייסן „האָצמאך“ און געפּוצט בײַ שטשופּאַקן אָלאָוו האַשאָלעם די שטיוול. נאָר וואָס האָט זי אים געקאָנט טון, משטיינס־געזאָגט, אַן אָרעמע, אַן עלנטע נאַוועגאַדניצע, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן מער ניט פון יענעמס וועגן, מע זאָל זי פריער אויסנוצן און דערנאָך באַליידיקן?... זי האָט זיך נעבעך אַזוי לאַנג אַרומגעשלעפּט איבער דער וועלט, געכאַפּט נאָך עטלעכע קלעפּ פון די „פאַלשע שאלקהאַפּטיקע מאַנטבילן“ — ביז זי האָט זיך דערשלעפּט קיין אַמעריקע. און דאַנקען גאָט, זי האָט קיין כאַראָטע ניט. זי הייסט שוין דאָרט ניט מער „ברײנדעלע קאָזאַק“. זי הייסט שוין צוריק מיט איר אַלטן נאָמען „מאַדאַם טשערניאַק“. „זי האָט זייער אַ פיינעם „זשאַב“, — שרייבט זי צו העגריעטען אין אַ בריוו מיט גרויסע האַלב־קיילעכיקע אויסיעס, וואָס זעען אויס, ווי געפלאָכטענע בייגל. — עמעס, זי איז שוין ניט מער קיין אַקטריסע, ווייל דאָ, אין דער געבענטשטער מעדינע פון קאָלומבוסן, שרייבט זי, איז איינגעפירט אַף יעדער מעלאָכע אַ „יוניע“. אידישע אַקטיאָרן האָבן זיך זייער „יוניע“ און לאָזן נישט צו קיין פרעמדן אַקטיאָר אף דער בינע. דערפאַר האָט זי

היינט אַן אַנדער „דזשאַב", אַן אַנדער שטעלע, אויך אַ בעקאַוועדע און אויך אין אידישן טעאַטער"...

וואָס פאַר אַ „דזשאַב" דאָס איז — שטייט ניט אין בריוו. זי שרייבט נאָר, אַז זי האָט, דאַנקען גאָט, שיין פּאַרנאָסע און איז גאַנץ צופרידן און האָט שוין אופגעגעבן אַלע האָפענונגען, ווען ס'ניט איז איבערבייטן איר אַרט לעבן, און לאָזט אויס מיט אַ בראָכע: „לאָז אַף זיי קומען אַ טויט, אַף אַלע מאַנסבילן, און פריער פון אַלע — אַף דעם יאַדעשליוועד דרעקטאָר — נאָך לעבט ער?"...

„איר קאָנט אייך גאָרניט פאָרשטעלן מיין פרייד, — שרייבט ווייטער די מאַדאַם טשערניאַק, — אַז איך איך בין געוואָרע געוואָרן, אַז איר זיינט אין לאָנדאָן, די לעצטע סטאַנציע פון יוראָפּ נאָך אַמעריקע. אָך, ווי גוט דאָס וואָלט געווען, האָב איך מיר געטראַכט, ווען איר קומט אַהער קיין אַמעריקע! דאָ וואָלט איר געווען פונקט אַף אייער פּלאַץ. איך האָב מיר שוין דערלויבט אַפילע אַ רעד טון וועגן אייך מיט אַ פאָר מענעדזשערס פון די היגע אידישע טעאַטערס, האָבן זיי זיך שטאַרק צוגעהערט און נאָכגעפרעגט אַף אייער „פּיקטשע". האָב איך זיי באַוויזן אייער „פּיקטשע", האָבן זיי שיר איינגענומען אַ מיסע־מעשונע. זיי האָבן באַ מיר געבעטן, געכאַלעשט אייער אַדרעס. געוויס וועלן זיי אייך שרייבן, אָדער זיי האָבן שוין אייך געשריבן, מיסטאָמע אַנגאַזשירט אלס פּרימאַדאָנאַ. מיין אייצע: איר זאָלט זיי קיין באַדינגונגען ניט שטעלן און גאָר ניט ענטפערן אַפילע, נאָר נעמען און קומען צו פאָרן גאָר אָן אַ שום אָפּלייגעניש. ביז וואַנעט איז דער שיר צו זיין נאַווענאַד? פאַר אַנדערע אַקטיאָרן וועל איך אייך ניט זאָגן. שווערלעך איבער דער „יו־ניע". נאָר אַזעלכע „סטאַרס", ווי איר, אָדער, לעמאָשל, ווי ראַפאַלעסקאָן, ווען איר קומט צו פאָרן, איז מער ווי זיכער, אַז מע וועט אייך טראָגן אַף די הענט. נאָר וואָס דען? עס דאַרף זיין בעסאָד. אויסער אייער ברודער און אויסער ראַפאַלעסקאָ, טאָר קיין בען אָדאָם דערפון נישט וויסן... און איבערהויפּט — אָט דער יאַדעשליוועד דרעקטאָר, וואָס וועט אייך אַזוי פאַרדרייען דעם קאָפּ, אַז איר וועט זיך אייביק פון אים ניט אויספּלאָנטען... געדיינקט־זשע, לעמאַנעשעם, ניט שרייבן קיינעם און ניט רעדן מיט קיינעם און קומען צו פאָרן. איך האָב שוין דאָ געזאָגט אַ פאָר מענטשן, אַז איר קומט צו פאָרן, האָבן זיי זיך ניט געפוילט און אָפּגעדרוקט דידאָזיקע נאַכריכט אַף די גאַזעטן איניינעם מיט אייער „פּיקטשע". איך שיק אייך די גאַזעטן, און ווייסט, אַז איר האָט דאָ, אַף דער זייט יאַם, אַ געטרייע איבערגעגעבנסטע פריינדן, וואָס איר נאָמען איז

בריינע טשערניאַק".

אָט אַזוי האָט זיך ברײַנדעלע קאָזאַק שטילערהייט אונטערגעגראָבן אונטער איר בלוטיקן סוינע האָלצמאַן. מיט דעם איינעם קלאַפּ האָט זי זיך אָבער נישט באַנוגנט. צונעמען בײַ אים די פּרימאַדאָנע אַליין, האָט זי זיך געטראַכט, איז ווינציק. מע באַדאַרף אַרויסרייסן פון זיינע הענט דאָס סאַמע בעסטע, וואָס ער פאַרמאָגט. דאָס איינציקע, וואָס גיט אים די וועלט צו זען. דאָס טײַערע הינדעלע, וואָס טראָגט אים גאָלדענע אייעלעך. מיט איינעם וואָרט — מע באַדאַרף אַוועקנעמען בײַ אים דעם „יאַט", ראַפאַלעסקאָן. פון אונטער דער נאָז אַוועקנעמען. אַזוי ווי ער האָט אַמאָל צוגענומען באַם דרעקטאָר געצל בען געצל פון לעמבערג די פּרימאַדאָנאַ. אַזוי ווי מע האָט אַמאָל צוגענומען בא איר צווייטן סוינע, בײַ שטשופּאַקן, דאָס צווייטע גאָלדענע הינדעלע, ראָזאַ ספּיוואַק.

אַזוי האָט זיך געזאָגט ברײַנדעלע קאָזאַק, און גאָט אליין איז איר געקומען צו הילף.

## קאַפּיטל 11

# מיט איין שאָס צוויי מיטאמאל.

ברײַנדעלע קאָזאַק האָט אַף איר גאַנץ לעבן „אינדערהיים" זיכער ניט איבערגעלייענט קיין צענט־כײַלעק פון דעם, וואָס זי האָט זיך אָנגעלייענט אין דער קורצער צײַט, זינט זי האָט זיך באַזעצט דאָ, אין דער „געבענטשטער מעדינע פון קאָלומבוסן". דאָרט, אין דער אלטער היים, פלעגט זי אויך ליב האָבן אַ געדרוקט וואָרט. נאָר ווען? איין מאָל אין אַ יויוול קריגן אַ ביכל, אַ „העכסט־אינטערעסאַנטן ראָמאַן", אויסזיצן איבער דעם גאַנצע נעכט און וויינען שטילערהייט, אַז קיינער זאָל ניט זען. דאָ, אין „דער געבענטשטער מעדינע פון קאָלומבוסן", פאַרשפּאָרט מען זוכן אַ ביכל. גייסט ארויס אף דער „סטריט", טראָגט מען דיר אַקעגן אַ „פּייפּער", און נאָך אַ „פּייפּער", און נאָך אַ „פּייפּער". יעדער „פּייפּער" איז גרויס, ווי אַ ליילעך, קאָסט אַ סענט און איז פול פון פויגלמילך. ווײַ־ווײַ, וואָס איז דאָרט ניט פאַראַן? די סאַמע לעצטע נײַס פון דער היים און פון דער גאַנצער וועלט, און אלץ מיט אַזעלכע שיינע קעפּלעך, וואָס מע קאָן זיי דערזעען פאַר אַ מייל. הײַנט וואָס פאַר אַ ראָמאַנען דרוקן זיך דאָרט! אין יעדן „פּייפּער" גייען שטענדיק, פון יאָר צו יאָר, צוויי ראָמאַנען מיט אַ מאָל, איין ראָמאַן איז שענער פאַרן אַנדערן — עמעסער גאַניידן!

פון דידאָזיקע „פּייפּערס" האָט אונזער ברײַנדעלע קאָזאַק איינמאָל אין אַ שיינעם אָוונט אויסגעלייענט אונטער דער רובריק פון „דראַמאַ

קונסט און מוזיק" אַ נ י י ס, אַז אין דער וועסט פון ניו־יאָרק, „אַפּטאַון", אינם אַריסטאָקראַטישן פּערטל, ווערן ערוואַרטעט פון פּאַריז צוויי געסט — צוויי גרויסע „סטאַרס": דער באַרימטער וויאָלין־שפּילער פונם איינגלישן קעניגלעכן הויף ג ר י ש אַ ס ט ע ל מ אַ ך און די זינגערן פון דער וועלט, וואָס האָט איבערגעטראָפן פּאַטין, די וועלטבאַרימטע ר אָ ז אַ ל י ע ס פּ י ו ו אַ ק.

— ראָזאַליע ספּיוואַק? — האָט ברײַנדעלע קאָזאַק אויסגערופן צו זיך אַליין און דערלאַנגט זיך אַ פּאַטש מיט ביידע הענט איבער די קלייד־לעך. — גוואַלד, דאָס איז דאָך ראָזע, ראָזע ספּיוואַק.

די מאַדאַם טשערניאַק איז געווען אפן זיבעטן הימל. סטייטש, ראָזע, ראָזע ספּיוואַק קומט צו פּאָרן! און עס האָבן זיך געגעבן אַ טראָג אין איר קאָפּ, ווי אַ וויכער, אַלערליי מאַכשאָוועס און פאַנטאַזיעס. אָך, וואָס פאַר אַ גדולע דאָס וועט זיין, אַז ראָזע וועט זי דערזעען! זיי וועלן פאַלן איינס דאָס אַנדערע אַפן האַלז און וועלן זיך צעקושן — דאָס איז גומער איינס. נאָכדעם וועט זי זיך אָנהייבן דערפרעגן בא איר, וואָס מאַכט זי? שוין לאַנג אין דערדאָזיקער מעדינע? אין וואָס פאַר אַ טעאַ־טער דינט זי? וועלכע ראָלן שפּילט זי? אָך, וועלכע ראָלן!... אין טעאַטער דינט זי, נאָר קיין ראָלן שפּילט זי שוין מער ניט. דאָ, אין דער „געבענטשטער מעדינע פון קאָלומבוסן", איז פאַראַן אף יעדער מעלאָכע „אַ י ו נ י ע", און די „י ו נ י ע" דערלאָזט ניט קיין פרעמדע אַקטיאָרן... זי דינט טאָקע אין אידישן טעאַטער, נאָר נישט אף דער בינע. זי האָט אַן אנדער דזשאָב. זי פאַרקעמט די „מיסעס", טוט איר איבער די „דרעסעס" — נו, וואָס מאַכט דאָס אויס? אַבי פאַרדינען און מאַכן אַ לעבן. וואָס? ניט אַזוי?... געוויס, געוויס! — וועט איר ענטפערן ראָזע און קוקן אף איר מיט אירע גליענדע ציגײַנערישע אויגן... די מאַדאַם טשערניאַק פאַרשטייט דעם קוק. זי קען דאָס מיידל אויסגעבוונדן. זי טראַכט זיך אוואַדע בעאייס מאַיסע: „פאַרוואָס זאָל די מאַדאַם טשער־ניאַק ניט זיין בעסער מיט מיר?"... געוויס אַזוי: דאַרף זי דינען בא פרעמדע, אַז זי קאָן בעסער האָבן אַ דזשאָב בא אן אייגענע, בא אַ פריינדן, וואָס האָט געלעבט מיט איר אַמאָל, ווי אַן אייגענע שוועסטער?...

אַזוי האָט זיך די אָרעמע ברײַנדעלע קאָזאַק פאַרבראַכט אַ גאַנצע נאַכט אין די גליקלעכסטע כאַלוימעס און האָט אַזש געפיבערט. זי האָט נישט געקאָנט דערוואַרטן זיך, ביז ס'וועט ווערן טאָג, געכאַפּט אף זיך דעם שלאָפראָק, אַוועקגעזעצט זיך און אָנגעשריבן אַ בריוו צו „לעאָ ראַפּאַלעסקאָ אין פּאַוויליאָן־טעאַטער, ווייטשעפּעל, לאָנדאָן" מיט גרויסע האַלב־קיילעכיקע אויסיעס, וואָס זעען אויס, ווי געפלאָכטענע בייגל, בעזו האַלאָשן:

„מיין ליבער לעאָ ראַפּאַלעסקאָ!

געוויס האָט איר נאָך ניט פאַרגעסן אייער אלטע באַקאַנטע און איבערגעגעבענע פריינדן טשערניאַק, וואָס איז געווען אַמאָל אייניינעם מיט אייך גאַווענאַד, געדינט מיט אייך אין איין טרופּע, אייניינעם מיט אייך געטיילט פריידן און ליידן... אַך, וואָס פאַר אַ גליקלעכע צייט דאָס איז געווען! כאָטש מיר אלע זענען ניט זשעדנע געווען קיין צאָרעס. איטלעכער מיט זיין פּעקל... נאָר לאָמיר נישט רעדן פון דעם, וואָס געווען. לאָמיר בעסער שמועסן פון אַצינד. אף די היגע „פּייפּערס" האָב איך אויסגעלייענט, אַז אייער טרופּע געפינט זיך איצט אין לאָנדאָן און אַז איר האָט דעם גרעסטן „סוקסעס". איר קאָנט זיך שוין פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ פרייד דאָס האָט מיר געמאַכט, אַז איך האָב מיך באַלד אַוועקגעזעצט אייך שרייבן אַ „לעטער" און שיקן אייך אַ וואַרעמען וואַרעמען גרוס פון דעם וויטן לאַנד, וואו איך געפין מיך אַצינד און מאַך אַ לעבן. איך האָבן קיין כאַראָטע ניט, וואָס איך האָב פאַרלאָזט האָלצמאַנען מיט דער קאָמפּאַניע, און צו גאָט אַ האָפענונג, אַז איך וועל ווייטער אויך קיין כאַראָטע ניט האָבן. אַמעריקע איז דאָס עמעסע לאַנד פון אידיש טעאַטער. איך מיין, אַז ווען איר קומט צו פאָרן אַהער, ווייסט מען ניט, וואו מע זאָל אייך אוועקזעצן. עמעס, ניט יעדן אַקטיאָר נעמט מען דאָ געערן אוף. דאָ, אין דער געבענטשטער מעדינע פון קאָלאָמבוסן, איז אף יעדער מעלאָכע פאַראַן אַ „יוניע". אויך אַקטיאָרן האָבן זיך זייער „יוניע", וואָס לאָזט ניט צו קיין פרעמדע אף דער בינע, סיידן עס קומט אַ באַרימטער „סטאַר". צום ביישפּיל, ווען איר קומט אַהער, איז גאָר קיין רעדע פון קיין „יוניע". איך האָב אַ באַווייזי איך האָב געפּרואווט אַ רעד טון מיט די היגע טעאַטער־מענעדזשערס, ווי וואָלט זיין, ווען, לעמאָשל, אַזאַ „סטאַר", ווי ראַפּאַלעסקאָ, זאָל קומען אַהער אַף גאַסטראָלן? האָבן זיי מיך אויסגעלאַכט. „האַלעוואי, זאָגן זיי, וואָלט ער נאָר אזוי געקומען, ווי מע וואָלט אים דאָ פאַרצוקערט!" איך גיב אייך איבער זייערע אייגענע ווערטער און געפין, אַז ניט לאָנדאָן איז פאר אייך דער געוואונשטער פּלאַץ. אייער אָרט איז דאָ, אין דעם גאָלדענעם לאַנד, וואו איר וועט זיין ניט נאָר אַ גאַסט אַף אַ ווײַלע, נאָר איינער פון די גרעסטע „סטאַרס" אף טאָמיד און אף אייביק, מיט טויזנטער־טויזנטער פאַרערער, צווישן וועלכע די ערשטע בין איך —

אייער איבערגעגעבנסטע פריינדן

ברײנע טשערניאַק".

„יאָ. גוט, איך האָב מיך דערמאַנט: אַ סוואָרע, אַז די טעג קומט אַהער צו פאָרן פון פאַריז מיין אַמאָליקע פריינדן ספּיוואַק — איר האָט זי נאָך ניט פאַרגעסן?... אף די היגע „פּייפּערס", וואו עס ווערט

געבראַכט איר „פיקטשע", הייסט זי שוין מער ניט ראָזע ספּיוואַק, נאָר „מיס ראָזאַליע ספּייוואַק", און איז נאָך שענער, ווי געווען. איך שיק אייך דאָ אַן אויסשניט פונם „פּייפּער" מיט דער „פּיקטשע" פון ראָזע ספּיוואַק, אָדער, ווי מע רופט זי שוין היינט: „מיס ראָזאַליע ספּייוואַק". זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מיין בריוו צו אייך דאַרף זיין אַ הייליקער סאָד: קיין פויגל טאָר ניט וויסן. נאָר איך און איר און גאָט. אויב איר וועט מיר ענטפערן אַף מיין בריוו, שיק איך אייך מיין אַדרעס.

בריינע טשערניאַק".

קאַפּיטל 12

## וואָס איז מיטן „יאַט".

בריינדעלע קאָזאַק האָט גוט געצילט און ניט שלעכט געטראָפן. דער־צו האָט איר נאָך צוגעשפּילט אַביסל די האצלאָכע. מיט אירע בריוולעך צו העגריעטא שוואַלב און צו ראַפּאַלעסקאָן האָט זי באַדאַרפט צוטרעפן אַקוראַט אין אזא צייט, ווען דאָס לאָנדאָנער פּאַוויליאָן־טעאַטער האָט געהאַלטן בא צושליסן זיך, און די קאָמפּאַניע „האָלצמאַן, שוואַלב עט קאָמפּ" — בא צעפאַלן ווערן. אויסערדעם, האָט זי מיט איר בריוו צו ראַ־פּאַלעסקאָן אים מאַמעש די אויגן געעפנט.

ערשט מיט אַ פּאָר טאָג פריער, איידער ראַפּאַלעסקאָ האָט דערהאַלטן דעמדאָזיקן בריוו, האָט ער, שפּאַצירנדיק מיטן סופלער בעני גאָרגל אי־בער לאָנדאָן, דערזען אַף איינער פון די פעשענעבל־גאַסן פונם אַריסטאָ־קראַטישן פּערטל אַ גאַנץ גרויסן פּאָסטער מיט גאַנץ גרויסע אויסיעס דעם נאָמען „ראָזאַליע ספּיוואַק", אָדער „ספּייוואַק", און צוזאַמען מיט דעם נאָמען — נאָך אַ נאָמען: „גרישאַ סטעלמאַך". און ווי ער האָט דאָס דערזען, אזוי איז ער שטיין געבליבן און אַ כאַפּ געגעבן זיך באַם האַרצן.

— וואָס איז, גאָט איז מיט דיר? — האָט אים דער סופלער אַ פרעג געגעבן. — וואָס האָסטו דאָ אַזעלכס דערזען? אַן אַלטע אַפּישע פון פאַר כמעלניצקיס צייטן!

— שטיי נאָר אַ ווײַלע, לאָמיר איבערלייענען, וואָס דאָ שטייט, — מאַכט צו אים ראַפּאַלעסקאָ, און ביידע שטעלן זיך אָפּ און ווערן געוואָר פון דער אַפּישע, אַז מיט אַ כאַדאָשים צוויי־דריי צוריק איז געווען אין איינעם פון די גרעסטע האָלן אין לאָנדאָן אַ קאָנצערט פון צוויי באַ־רימטהייטן: מיס ראָזאַליע ספּייוואַק און מיסטער גרישאַ סטעלמאַך...

אַ שטורעם האָט זיך אופגעהויבן באַ אונזער יונגן העלד אין דער נעשאָמע: ס'טייטש, אין דערזעלבער צייט איז ער, ראַפּאַלעסקאָ, שוין געווען אין לאָנדאָן, — ווי האָט ער דאָס געקאָנט דורכלאָזן אזא גע־לעגנהייט? זיין מיט רייזלען אין איין שטאָט און זי ניט זען?! און ווער ווייסט — עפּשער איז זי נאָך איצט אויך אין לאָנדאָן?...

און ער האָט גענומען נאָכפרעגן זיך, נאָכפאָרשן, טאָמער וועט ער עפּעס דערגיין?

דער ערשטער, באַ וועמען ער האָט געפונען צו פרעגן, איז געווען זיין נייער גוטער פריינט און פירער איבער לאָנדאָן, ניסל שוואַלב. פאַר־שטייט זיך, אַז ניט גלאַט אָט אזוי איז ער צוגעקומען צו אים מיט אַזאַ זאַך. ראַפּאַלעסקאָ האָט אים אַ כאַפּ געגעבן גאָר פון אַן אַנדער זייט: ער זאָל אים אויסרעכענען באַ די נעמען, וועלכע באַרימטע שפּילערס, זינגערס און זינגערנס ער האָט געהערט אַף זיין לעבן?

ניסל שוואַלב, ווי אַן עמעסער טעאַטראַל, האָט זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן און באַלד גענומען אויסרעכענען אַף די פינגער אַ צעטל פון נעמען, אָבער אזא מאַסע נעמען, אַז ס'איז נאָר געווען צו שטוינען.

עמעס, צווישן דידאָזיקע נעמען זיינען געווען אַסאַך „פון דער האַ־גאָדע", דאָס הייסט, אַזעלכע, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן באַ ניסל שוואַלב אָט דאָ ערשט, טאַקע אין דערדאָזיקער מינוט. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מיט אַסאַך באַרימטהייטן איז ניסל שוואַלב געווען באַקאַנט, נאָענט באַקאַנט, טאַקע אויסגעבונדן, לעמאָשל, פּאַטי...

— פּאַטין לאָז צורו! — שלאָגט אים איבער ראַפּאַלעסקאָ. — דו זאָג מיר בעסער, צי האָסטו געהערט אַמאָל אַ נאָמען ספּיוואַק?

— וואָסער ספּיוואַק? ס'איז דאָ צוויי ספּיוואַקס.

— צוויי ספּיוואַקס? אַף אַזאַ שלאַק האָט זיך ראַפּאַלעסקאָ ניט גע־ריכט. און ער רופט זיך אָן צו זיין פריינט:

— איר נאָמען איז ראָזע, אָדער ראָזאַליע ספּיוואַק.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיך ניסל שוואַלב צעלאַכט מיט זיין ברייטן געלעכטער, וואָס האָט געקאָנט באַדייטן, אַז אָדער ער קאָן זיך מיט דער ראָזע ספּיוואַק, ווי אַנדערע צוויי, אָדער ס'איז נישטאָ וועמען צו קענען.

נאָך דעמדאָזיקן געלעכטער איז אַוועק באַ אים אַ לאַנגע געשיכטע ווידעראַמאָל וועגן פּאַטין: ווי אזוי ער האָט זיך מיט איר באַקאַנט, און ווי אַזוי ס'איז שיר ניט אַרויסגעשפּרונגען באַ אים אַ סקאַנדאַל מיט פּאַ־טיס אַן אייניקל...

— מיט פּאַטיס אַן אייניקל?

— אָהאָ! יענע האָט שוין אור־אייניקלעך און אור־אור־אייניקלעך!...

יענעם טאָג האָט ראַפּאַלעסקאָ גישט גערוט. אַ מינוט האָט ער נישט געקאָנט איינזיצן אין שטוב. עס האָט אים נאָר געריסן אין דרויסן ארויס. ער האָט קימאַט נישט געהערט, וואָס מע רעדט צו אים.

— וואָס איז מיטן „יאַט״? — האָט האָלצמאַן זיך אָנגעפרעגט באַ זיין שוטעף איזאַק שוואַלב.

— ס׳איז דאָך דיין „יאַט״, וואָס פרעגסטו מיך?

האָלצמאַן האָט אים אָפּגעלאָזט און איז אַוועקגעגאַנגען צו דער מאַמע.

— וואָס איז מיטן „יאַט״?

סאָרע־בראָכע האָט זיך געקליבן אין קיך אַריין צושטעלן אָנבייסן, האָט זי אים אָפּגעהאַקט:

— לאָז מיך צורו מיטן „יאַט״. איך באַדאַרף גיין אין „קיטשען״ אָפּפּליקן צוויי „טשיקענס״ און צושטעלן „דינער״, און ער „באָדערט״ מיך מיטן „יאַט״! (נאָטאַ בענע: די אַלטע סאָרע־בראָכע, ווי זי האָט ניט פיינט געהאַט דאָס וויסטע פינצטערע לאָנדאָן, האָט זי דאָך גענאַשט אַ ביסל איינגליש).

האָלצמאַן האָט אַ שפּיי געגעבן. „דו רעדסט שוין אויך אַפן לאָשן פון דער איינגלישער מאַלקע?״ — און האָט אָנגעכאַפּט די שוועסטער:

— וואָס איז מיטן „יאַט״? — האָט ער אַ פרעג געגעבן באַ דער שוועסטער.

זלאַטקע איז געוואָרן אַזוי טויט, אַז האָלצמאַן האָט שוין פאַרגעסן אינם „יאַט״ און זיך דערשראָקן פאַר דער שוועסטער. „וואָס איז זי עפּעס אַזוי בלייך געוואָרן?״... ער האָט צוגעשלאָסן די טיר, אָנגענו־מען די שוועסטער פאַר אַ האַנט, אַריינגעקוקט איר טיף אין די אויגן אַריין:

— זלאַטקע, וואָס איז מיט דיר?

— גאָרנישט. — האָט אים די אָרעמע זלאַטקע געענטפערט, צוגע־פאַלן מיטן פּאָנים צום טיש און צעוויינט זיך, ווי אַ קליין קינד, מיט שטילע, נאָר וואַרעמע־וואַרעמע טרערן.

קאַפּיטל 13

## די נייע קאָמפּאניע.

דער פאָרשטייער פון דער פירמע „העטשקינס בראָס, לימיטעד״ אין לאָנדאָן, וואָס איז איינגעגאַנגען אַפן אַגענט ניסל שוואַלבס קאָמבינאַציע מיטן אידישן פּאַוויליאָן־טעאַטער, האָט געהאַלטן וואָרט, ווי אַן עכטער

איינגלענדער. ער האָט אונטערגעפירט די לעצטע שורע, אויסגערעכנט, וויפל פונט־שטערלינג ער האָט דערלייגט צו די „ביזנעס" און מעכאַבעד געווען דעם אַגענט מיט א קאַלטן און אַ שלעפעריקן „אָל־רייט". ער האָט אַפילע נישט באַערט אים, ווי אַלעמאָל, מיט צוויי קאַלטע פינ־גער, נאָר אויסגעדרייט זיך צו אים, מעכילע, מיטן הינטן, אַריינגעכאַפּט זיך אין אַוטאָמאָביל — און אַוועק.

עס קאָן זיין, אַז אין אַן אַנדער צייט וואָלט עפּשער ניסל שוואַלב געהאַט דערפון יעסורים און גענומען זיך צום האַרצן. איצטיקס מאָל אָבער האָט ער דעם אַפילע קיין איבעריקע מינוט ניט אַוועקגעשיינקט. ער איז צופיל געווען באַשעפטיקט מיט זיין נייער קאָמבינאַציע, ער זאָל זיך נעמען צום האַרצן, וואָס א קאַלטער איינגלענדער האָט זיך פאַראַקשנט, פאַרזוייט אף אידיש טעאַטער עטלעכע הונדערט פונט־שטער־לינג, און ווייטער נישט אַ טריט! ניין, אַ גוי איז ניט קיין איד. אַ איד, אַז ער וואָלט אַריינקריכן, וואָלט ער שוין געקראָכן ווייטער: „מימאָנעפ־שעך — אָדער טויט, אָדער רויט"... ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט, אַז אַן איינגלענדער פאַרשטייט אַ געשעפט? ער הייבט נישט אָן צו פאַר־שטיין. איר מיינט עפּשער, אַז ניסל שוואַלב האָט דאָס אים ניט געזאָגט אין די אויגן? געזאָגט, ווי איר זעט אים אַ שווימענדיקן! „מיסטער העטשקינס! — האָט ער אים געזאָגט. — איך זאָל האָבן די בראָכעס, וואָס באַ מיר אין מיין לינקן שטיוול געפינט זיך מער סייכל, ווי באַ אייך אונטערן קאַפּעלוש"... מיט די ווערטער, כאַ־כאַ, ער זאָל אַזוי האָבן אַלע־מענס גוטס...

אַזוי האָט זיך ניסל שוואַלב באַרימט פאַר זיינע פריינט און גענומען פלאַנעווען זיין נייע קאָמבינאַציע, וואָס ער האָט צוגעטראַכט, און פאַנ־טאַזירן אין דער הויך, ווי אַזוי ער קומט צו פאָרן קיין אַמעריקע מיט אַ קאָמפּאַניע, וואָס באַשטייט פון קאָל מאַמינגים שעהו: די בעסטע אַר־טיסטן (דאָס מיינט ער ראַפאַלעסקאָן), די בעסטע זינגערנס (דאָס מיינט ער זיין שוועסטער, די פרימאַדאָנאַ), די בעסטע מוזיקער (דאָס מיינט ער דעם לאָמזשער כאַזן מיטן געזינדל). און וואו איז ער טאַקע ניסל שוואַלב אַליין? איר מיינט עפּשער, אַז ער האָט שוין גאָר קיין שאַיכעס צו אידיש טעאַטער? אָהאָ! נאָך א מין שאַיכעס! אַ סוואָרע, אַז ניסל שוואַלב איז אַמאָל, ניט היינט געדאַכט, געווען טאַקע אין לאָנדאָנער פאַוויליאָן־טעאַטער אַן „אָשער". און ניסל שוואַלב גיט צו פאַרשטיין, וואָס הייסט אַן „אָשער":

— באַ אייך הייסט דאָס אַ „בילעטער", באַ אונז הייסט עס אַן „אָשער". זיין אַרבעט, פאַרשטייט איר מיך, איז מער אויסווייניק, ווי אינווייניק. מע קאָן זיך אָבער אָן אים נישט באַגיין. דער „בילעטער", אָדער

דער „אָשער״, געפינט זיך באַם סאַמע אַריינגאַנג פון טעאַטער, נעמט אָפּ די בילעטן, ווייזט אָן אַף די זיצפּלעצער, גיט אַכטונג אַף די אָרדענונג — מיט איינעם וואָרט, אַפן „אָשער״ שטייט, אייגנטלעך, דאָס גאַנצע טעאַטער, אַזוי ווי לעמאָשל, אַפן פּאָליסמען שטייט גאַנץ לאָנדאָן. פּרואווט, נעמט צו פון לאָנדאָן דעם פּאָליסמען — איז אַ גוטן טאָג מיט דער קאַפּאָטע...

אַזוי זאָגט ניסל שוואַלב אַליין מיט אַ מאָשל און האַקט ווייטער:

— און איך בין, דאַרפט איר וויסן, געווען אַן „אָשער״ — צווישן „אָשערס״ איין „אָשער״, איין מענטש אַליין אַפן גאַנצן פּאַוויליאָן־טעאַטער, ווי איר זעט מיך אַ שווימענדיקן! אָהאָ! באַ מיר האָט מען זיך מיט מאַראַנצן־שאָלעכץ פון די לאָזשעס ניט געוואָרפן, און זויגעדיקע אויפּעלעך אין פּאַרטער האָבן באַ מיר ניט געוויינט. אַבי נאָר עפּעס וואָס — איז אָנגענומען פאַרן קאָלנער, איינס, צוויי, דריי, און מאַרש אין דרויסן אַרויס! איינמאָל האָט זיך געטראָפן אַזאַ מין סקאַנדאַל...

און ניסל שוואַלב פאַרקאַטשעט די אַרבל און דערציילט מיט היץ, מיט פייער, ווי זיין שטייגער איז, וואָס פאַר אַ סקאַנדאַל מיט אים האָט זיך געטראָפן. די מאַיסע וואָלט געווען זייער אַ שיינע מאַיסע. איז אָבער דער כיסאָרן, וואָס דאָרט איז געווען זייער ווינציק עמעס. דאָס האָט ניסל שוואַלב נאָר־וואָס אויסגעטראַכט פון אָנהייב ביזן סאָף, פּ אַ ר פאַ ס ט, הייסט עס, און בעאייס מאַיסע צוגעשוואָרן, „ער זאָל אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס, אַניט — זאָלט איר זיך דערווערגן מיטן דאָזיקן טיש!״...

באַלד נאָכן „סקאַנדאַל״ גייט ניסל שוואַלב אַריבער ווייטער צו זיינע גאָלדענע פּלאַנען אינם גאָלדענעם לאַנד און מאָלט די גליקן אין אַמעריקע מיט די סאַמע ליכטיקסטע פאַרבן. זייער לעבן דאָרטן שטעלט זיך אים פאָר ווי אַ מין גאַניידן. אַ קליינינקייט, אַ קאָמפּאַניע פון קאָל מאַמינים שעהו! (ער רעכנט אויס אַף די פינגער נאָך אַ מאָל דאָס גאַנצע צעטל).

— וואָס איז וועדט אַ טעאַטער, זאָגט שוין איר אַליין, וואָס פאַרמאָגט אַן אייגענעם אָרקעסטער, אייגענע אַרטיסטן, אייגענע מוזיקער, אייגענע „אָשערס״, — אַלצדינג, אַלצדינג אייגנס! וויפל מע פאַרדינט, טיילט מען זיך גלייך אַף גלייך. נישטאָ איינעם מער, דעם אַנדערן ווינציקער — אַ מין קאָמונע. וואָס? ניט אַזוי?

מאַכמעס דערדאָזיקער שמועס איז פאָרגעקומען אונטן, אין קעלער, באַ דער מוזיקאַלישער מישפּאָכע, האָט זיך דער ערשטער אַרויסגעשטעלט דער לאָמזשער כאַזן, אַז ער איז גרייט אונטערכאַסמענען די רעגע מיטביידע הענט אַ קאָנטראַקט אַף וויפל יאָר מע וויל, אַפילע אַף אייביק.

„אין קאָנטראַקט — האָט ער געזאָגט — מעג שטיין בעפֿיירעש געשריבן, אַז זיינע קינדער זענען מעכויעוו צו שפּילן וו ע ן מע וויל און וו אַ ו מע וויל און וו י פ ל מע וויל, און מיט די פֿאַרדינסטן, וויפל ס'וועט זיין, זאָל מען זיך טיילן כיילעק קעכיילעק"...

דאָ איז אָבער אַרויסגעטראָטן איזאַק שוואַלב מיט אַ פּראָטעסט. ער האָט געטאַינעט, — און דאָס רויטע פּאָנים האָט אים בעאייס מאַיסע שטאַרק געשוויצט — אַז דער פּלאַן איז נישט אינגאַנצן ריכטיק. ווי קאָן מען פֿאַרגלייכן, לעמאָשל, ראַפּאַלעסקאָן, אָדער די שוועסטער די פּרי־מאַדאָנאַ צו אַבי וועמען ?... עס דאַרף דאָך זיין אַף אַלצדינג אַ מאָס און אַ גרענעץ...

איז אַרויסגעשפּרונגען דער ברודער ניסל און האָט אַוועקגעגעבן דעם ברודער איזאַק אַ רעכטע פּאָרציע:

— דו ביסט אַן אומגליקלעכער שקלאַף ! אַ קנעכט ביסטו ! דו ביסט, ווי איך זע, אינגאַנצן פֿאַרקשלאַפּט געוואָרן פון די שיינע אַנטרעפּעני־אָרן. דו ביסט געוואוינט געוואָרן, פֿאַרשטייסטו מיך, צו עקספּלואַטאַ־רעס, ווי געצל בען געצל, בערנאַרד האָלצמאַן און נאָך אַזעלכע. איך בין אָבער ניט געצל בען געצל און ניט בערנאַרד האָלצמאַן, וואָס זאָל פֿאָרן רייטנדיק אַף יענעמס פּלייצעס. איך האָב אין זיך קוידעמקאָל יוישער, גערעכטיקייט און מענטשלעכקייט. בנאַ מיר איז רעכט, ווי איר זעט מיך אַ שווימענדיקן, איך זאָל אַוועקאַרבעטן אין אַמעריקע אַ יאָר און צוויי יאָר און דריי און פיר און פינף זעקס גאָר אינגאַנצן פון יע־נעמס וועגן, איך זאָל אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס !...

זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז אויסגעפירט האָט ניסל שוואַלב. די אי־דייע פון קאָמונע איז אָנגענומען געוואָרן מיט א גרויסער מערהייט, און אָט אַזוי האָט זיך געגרינדעט אַ נייע קאָמפּאַניע פון קונסט, מוזיק און טעאַטער.

## קאַפּיטל 14

# דער קאפּיטאליסט.

איצט איז געבליבן נאָר איין זאַך: וואו נעמט מען געלט אף אַרי־בערצופּעקלען די נייע קאָמפּאַניע קיין אַמעריקע ? די דאָזיקע פראַגע איז אָבער אופגעלייזט געוואָרן אַסאַך לייכטער און אסאַך גיכער, ווי מע קאָן זיך פֿאָרשטעלן.

דער לעזער, וואָס איז שוין אַביסל באַקאַנט מיט אונזער זשעני־אַלן קאָמבינאַטאָר ניסל שוואַלב, ווייסט, אז אין געלט איז בא אים קיינמאָל

קיין מעניע. דעריקער אַבּי אַ רעכטע קאָמבּינאַציע — „געלט, זאָגט ער, איז די לעצטע דאַיגע. ער איז קיינמאָל, זאָגט ער, ניט געגאַנגען זוכן געלט. געלט, זאָגט ער, זוכט אים". אויך איצטיקס מאָל איז אים געלט אַקעגן געקומען אַף אַ גאַנץ וואונדערלעכן אויפן.

דאָס איז געווען אין „קאַפּע־נאַציאָנאַל", בּאַ אונזער גוטן בּאַקאַנטן מיסטער קלאַמער.

מיסטער קלאַמער איז, ווי בּאַוואוסט, איטלעכן בּאַזונדער אַ גוטער פריינט און גלאַט אַ מענטשנפריינט, ווי ער אַליין זאָגט אַף זיך. נאָר מיט ניסל שוואַלבּ איז בּאַ זיי אַ לאַנגגאָנענדיקע גוטפריינטשאַפט. מע קאָן זאָגן, אַן אַלטע ליבּע. בּאַ ניסל שוואַלבּ איז פאַר מיסטער קלאַמער נישטאָ קיין סאָד. אַלע זיינע קאָמבּינאַציעס פאַרטרויט שוואַלבּ פריער פון אַלע־מען זיין פריינט קלאַמער, און נאָכדעם שוין דער גאַנצער וועלט.

בּאַ אַ גלאָז בּיר האָט אים ניסל שוואַלבּ איבּערגעגעבּן זיין גלענצנדן פּלאַן וועגן דער נייער קאָמפּאַניע פון קאָל מאַמינים שעהו, וואָס איז גרייט אָפּצופאָרן קיין אַמעריקע אַפילע מאָרגנדיקן טאָג, בּילטי איין זאַך האַלט אים נאָך אָפּ — ער האָט נאָך נישט אף שיפסקאַרטן, אַף רייזע־קאָסטן און אַף אַנדערע הויצאָעס. אַ קלייניקייט — קיין איינאָרע א היפּשע כאַליאַסטרע!

די גאַנצע צייט, וואָס שוואַלבּ האָט גערעדט, איז מיסטער קלאַמער געזעסן מיט צוגעמאַכטע אויגן און געגלעט זיך זיין בּאָרד, וואָס מאַכט אים אַזוי ענלעך מיטן דאָקטאָר טעאָדאָר הערצל. דערנאָך, אַז יענער האָט געענדיקט, האָט זיך מיסטער קלאַמער אָנגערופן צו אים גאַנץ געלאַסן:

— אָל־רייט. זאָגט־זשע מיר, מיסטער שוואַלבּ, האָט איר עפּעס נאָך וואָס צו זאָגן, צי ס'איז שוין אַלעס? אויבּ דאָס איז אַלעס, וויל איך אייך שטעלן נאָר איין פראַגע: ווען איך גיבּ אייך, לעמאָשל, אַ קאַפּי־טאַליסט, וועט איר איינגיין דערוף, איר זאָלט זיך טיילן מיט אים אף דער העלפט מיט אַלע פאַרדינסטן?

בּעטעווע איז ניסל שוואַלבּ אַזאַ מענטש, וואָס האָט פיינט אַסאַך צו טראַכטן. ער גייט מיט דעם גאַנג, אַז מע כאַפּט אַ האָז אין וואַלד, זאָל מען זיך ניט אָפּשטעלן קלערן, פון וואָסער אַ זייט אים צו שיסן. פּיף־פּאַף — און א סאָף. פונדעסטוועגן האָט ער, פון יויצע־וועגן, זיך דיפּלאָ־מאַטיש א רייבּ געגעבּן דעם שטערן, ווי א מענטש, וואָס פינאַנסירט אַ געשעפט. נאָך א צוויי־דריי סעקונדן בּאַקלערן זיך האָט ער פעסט אַרויס־געזאָגט:

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, מיט אַלע קאָוועדן און מיטן בּעסטן דאַנק.

— אָל־רייט. גיט־זשע מיר אייער יאַד, און לאָז זיין מיט מאַזל און מיט בראָכע. אייער קאַפּיטאַליסט — דאָס בין עך.

דערבײַ האָט מיסטער קלאַמער אַ ווייז געגעבן מיט דער האַנט אַף זיך און באַערט זיין פריינט מיט אַזאַ זיס־ליבלעך־גרויסאַרטיק שמייכעלע און צו גלייכער צייט מיט אַזויפיל זעלבסטרעספעקט, אַז ווען, לעמאָשל, דער לאָרד רויטשילד אַליין זאָל זיין אף זיין אָרט, וואָלט ער זיסער, ליבלעכער און גרויסאַרטיקער נישט געקאָנט זיין.

ניסל שוואַלב איז געבליבן זיצן אַזוי ווייט איבעראַשט, אַז ער האָט פאַרגעסן אויסציִען די האַנט און צושלאָגן דאָס טקיעס־קאַף. ער קען מיסטער קלאַמערן ניט דאָס ערשטע יאָר און ווייסט, אַז ער איז אַ ציעניסט, און אַ טעריטאָריאַליסט, און א קאָהאָלסמאַן, און אַ קאָכלעפל, און א גוטער ברודער, און אַ באַל־אַכסאַניע, און א באַל־אייצע, און וואָס איר ווילט. נאָר אַז מיסטער קלאַמער איז אַ קאַפּיטאַליסט — דאָס איז פאַר אים אַן אומערוואַרטעטע, קימאַט אומגלויבלעכע נייס. מיסטער קלאַמער, פון זיין זייט, האָט, ווייזט אויס, פאַרשטאַנען שוואַלבס געדאַנקען, האָט ער מיטן זעלבן גרויסאַרטיקן שמייכעלע אים אַ זאָג געגעבן:

— עס זאָל אייך נישט איבעראַשן, וואָס עך גיי איין אַף אַזאַ געשעפט, ווי זאָגט מען: אַ בלינדער עסרעג. עך בין אָבער אויך ניט אַזוי גרין, ווי איר מיינט. עך גיי נישט מיט מיין גאַנצן קאַפּיטאַל. עך לאָז איבער מיין געשעפט פאַר מיין מיסעס. עס האָט זיך מיר שוין לאַנג צוגעגעסן פאַרקויפן לאָקשן. איטלעכער באַדאַרף וויסן זיין פּלאַץ, צו וואָס ער איז פּייאיק, ווי זאָגט דער איינגעלשמען: „עוורי וואָן אין איטס פּלייס”... מיסטער שוואַלב, גיט נאָר אַהער אייער יאַד, קאָלזמאַן עך האָב נישט קיין כאַראָטע. באַ מיר איז אַ פּרינציפּ: מאַך איך עפעס, זאָל זיין געמאַכט, אָדער ווי זאָגט דער איינגעלשמען: „איף יו וואָנט טו דו אַ טהינג”...

יענעם אָפּדערנאָכט איז באַם לאָמזשער כאַזן אין קעלער געווען אַזאַ סימכע, אַז די שכיינים, וואָס זענען שוין געוואוינט געוואָרן צו דער שטענדיקער מוזיק און צום שטענדיקן ליאַרעם מיטן געפילדער פון דער דאָזיקער מוזיקאַלישער מישפּאָכע, האָבן זיך צונויפגעלאָפן אינדרויסן און אַראָפּגעקוקט אַראָפּ אין קעלער אַריין דורך די ניט־פאַרהאַנגענע פענצטער און געזען באַם לאָמזשער כאַזן אַ מאַסע געסט זיצן און טרינקען, און עפעס איינער א הויכער, אַ גראָבער שטייט מיט אַ גלאָז אין דער האַנט און „ספּיטשט”. נאָכדעם האָט זיך דאָס געזינדל געגעבן אַ נעם צו די קיילים, און דער הויכער דער גראָבער האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם „דזשעקעט” און האָט זיך געלאָזט אַ טענצל מיט אַזאַ היץ און מיט אַזאַ פייער, ווי עס קאָן טאַנצן נאָר אַ גליקלעכער פאָטער באַ זיין אינגסטער טאָכטער די מיזינקע אַף דער כאַסענע.

קאַפּיטל 15

# דער הונט איז ווערט דעם שטעקן.

די יעדיע, אַז דאָס פּאַוויליאָן־טעאַטער ווערט געשלאָסן, האָט גע־טראָפן אונזער האַלצמאַנען ווי מיט א פּיסטויל אין האַרצן, און ער איז אָנגעפאַלן אַף זיין שוטעף, איזאַק שוואַלב, לעמאַי ער האָט אים אַריינ־געפירט אין אַ בלאָטע, געלאָזט שטיין, ניט אַהין, ניט אַהער. ער האָט אַריינגעזעצט אין אים אַזויפיל קלאָלעס, וויפל עס האָט נאָר געקאָנט אין אים אַריין.

איזאַק שוואַלב האָט אָבער אַ גוטע טעווע, אַ גאָלדענעם כאַראַקטער: אַז מע זידלט אים, שווייגט ער. איר מעגט אים זאָגן, וואָס אין דער קאָרט, וועט ער אייך ניט איבערקערן די צונג. ער קוקט אייך, ווי א זינדיקער מענטש, אין די אויגן אַריין און שוויצט. איצטיקס מאָל אָבער האָט ער שוין ניט געקאָנט אָפּשווייגן. מע האָט אים אָנגערירט דעם האָנאָר פון זיין ברודער ניסל: האַלצמאַן האָט אים אָנגערופן מיט אַ מיעסן נאָמען — און פּאַרן ברודער ניסל וועט ער אייך גיין ביזן בלוט.

אַ צעקאָכטער פון די ניט־געראָטענע געשעפטן אין לאָנדאָן, א צע־רייצטער פון דער טומלדיקער כמאַרנער שטאָט מיט אירע טומאַנען און „פאָגעס", מיט אירע גרויע פינצטערע קאַלטע מויערן, מיט אירע גרויע קאַלטע מענטשן און, איבערהויפּט, אַ צעבייזערטער פונם אַלטן הוסט, וואָס האָט אים דאָ, אין לאָנדאָן, דערגאַנגען מער ווי אומעטום, האָט אונזער אָרעמער דירעקטאָר ניט אופגעהערט צו זעגן און צו פיילן זיין שוטעף. ער האָט זיך געקילט דאָס האַרץ כאָטש מיט קלאָלעס:

— איינגעזונקען וואָלט געמעגט ווערן אָט דאָס לאָנדאָן מיט אייך איניינעם, איידער איך בין אַהער געקומען! בעסער וואָלט איך צעבראָכן אַ פוס, אָדער דיביידע פיס מיטן האַלז און נאַקן! קאַרג געווען איין שוטעף, באַדאַרף איך נאָך האָבן אַף זיך צוויי.

— וואָס וואַרפסטו מיר אויס אַלעמאָל צוויי שוטפים? — פרעגט אים שוואַלב.

— וואָס דען? וויבאַלד אַז דאָס טעאַטער איז אויס טעאַטער, איז אונזער שוטפעס אויס שוטפעס. וואָס דאַרף איך אַף זיך אַזעלכע צוויי עסערס, ווי דו מיט דיין אָכי?

— טאַקע בעעמעס? איז איינגי מיט די קנישעס! — זאָגט שוואַלב און שטייט אוף. — מיר פאָרן בעמיילע אַוועק קיין אַמעריקע.

— קיין אַמעריקע פאָרסטו? — האַלצמאַן טוט אים אַ קוק אַריין אין די אויגן אַריין. — געזונטערהייט! אַפילע אין דער ערד אַריין.

שוואַלב לאָזט זיך גיין און בלייבט שטיין. ער דרייט אויס דאָס רויטע פּאָנים צו זיין שוטעף:

— די שוועסטער פּאָרט אָבער אויך מיט אונז...

האָלצמאַן טוט אַ פּלעסקע מיט די הענט, כאַפּט זיך קלוימערשט באַ דער באַק און מאַכט אַ קרום פּאָנים.

— אוי־וואַ! אָט צערייס איך מיר דעם סטאַן און זעץ מיך אַוועק אין מיטן ווייטשעפּעל וויינען אף דיינע יאָר און טעג.

שוין פון דער טיר ענטפערט אים שוואַלב:

— זאָלסטו טאַקע וויסן, אַז דו וועסט, אימירצעשעם, וויינען אףביידע אויגן. וואָרום מיט אונז פּאָרט נאָך עמעצער...

דאָ ווערט האָלצמאַן שוין אַלערליי פאַרבן. די שפּיציקע אויגן שפּריצן מיט פייער:

— ניט דערלעבן וועט דאָס דיין ברודער, דער „שאָראַבאָר"!..

דאַכט זיך, וואָס פאַר אַ באַליידיקונג שטעקט אינם וואָרט „שאָראַבאָר? רופט אים דען ניט האָלצמאַן אַלע טאָג מיטן נאָמען „ווילזלטיר", אָדער „וואַסער־אָקס"? מיט וואָס איז „ווילזלטיר" אָדער „וואַסער־אָקס" שענער פון „שאָראַבאָר"?—גייט־זשע רעדט מיט אַזאַ נעפעש, ווי איזאַק שוואַלב. דערהערט דאָס וואָרט „שאָראַבאָר", האָט זיך אין אים אָנגעצונדן אַ פייער. דאָס שטענדיק־רויטע פּאָנים איז אים אַזש געוואָרן גרין. מאָלע רעציכע, איז ער צוגעגאַנגען צו זיין שוטעף גאַנץ נאָענט און אַ זאָג געגעבן אים שטיל, נאָר שאַרף:

— הער נאָר, דו, כאָלערע, וואָס דו ביסט! לאָזט אַרויס נאָך אַמאָל אַף מיין ברודער דאָסדאָזיקע וואָרט, זאָג איך דיר צו, אַז דו גייסט אַרויס פון מיינע הענט אַ מעס!

— אַ מעס?

— אַ טויטער! אַ באַרמענען!

האָלצמאַן האָט זיך, אַפּאָנים, ווינציק־וואָס איבערגעשראָקן פאַר זיין שוטעף שוואַלב. ער האָט זיך צעלאַכט און פאַרהוסט בעאייס מאַיסע:

— איך? איך פון דיינע הענט אַ באַרמענען? כאַ־כאַ! פּכע־כע־כע! בעהיימע!... איידער דו וועסט דיך געבן איין ריר מיט דיין בערישן גוף, בין איך דיר מאַוטיעך, אַז איך צעפּאַטש דיר דיינע רויטע פּיסקעס און מאַך פון זיי אַ פּרעזשעניצע!

עס איז קיין ספק ניט, אַז אַ גרויסער כיילעק פון דעם, וואָס די צוויי האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע מאַוטיעך געווען, וואָלט געוויס אויסגעפילט געוואָרן, מאַכמעס זיי זענען, אייגנטלעך, ביידע דערוף געווען באַגלויבט. איז אָבער אויסגעוואַקסן די אַלטע סאָרע־בראָכע מיט אירע דאָרע, נאָר ברייטביינעריקע פּלייצעס צווישן זיי ביידע און האָט געמאַכט

אַ פּשאָרע: דעם זון האָט זי צוגענומען, דעם שוטעף האָט זי אַרויסגע־וואָרפן און די טיר צוגעשלאָסן.

פאַר אונזער האָלצמאַנען האָט זיך דעמאָלט געעפנט דער עמעסער גענעם. טיף אין האַרצן זענען אים אַריינגעקראָכן דעם שוטעפס ווער־טער: „זאָלסטו טאָקע וויסן, אַז דו וועסט, אימירצעשעם, וויינען אַף בײדע אויגן, וואָרום מיט אונז פאָרט נאָך עמעצער"... ריינע ווערטער. קלאָרע דיבורים. באַדאַרף מען נאָך האָבן אַ פּיירעש צו זיי?

איצט איז אים שוין קלאָר, וואָס דער „יאָט" גייט אַרום ווי אַף אַ פרעמדער וועלט... די ברידער שוואַלב האָבן אים אַראָפּגעפירט פונם רעכטן וועג. די שוועסטער האָט אים דעם קאָפּ פאַרדרייט. ס'איז קלאָר ווי דער טאָג. עס קאָן זיין, אַז דער „יאָט" איז עפּשער אַליין ניט גערן. ער קאָן זיך דעריבער קיין אָרט ניט געפינען. מע זעט דאָס דען ניט? אָ! מע זעט דאָס זייער גוט.

— האָצמאַך, פאַרברענט זאָלסטו ווערן! וואו זענען געווען דיינע אויגן?

אַזוי זאָגט האָלצמאַן צו זיך אַליין און זשאַלעוועט זיך ניט קיין קלאָ־לעס. קלאָלעס אַליין אָבער איז נאָך ווינציק. ער זאָל קאָנען זיך אויס־פּאַטשן, אָדער עמעצער אַנדערש זאָל אים וועלן דורכברעכן דיביינער.

— האָצמאַך, ביסט דאָס ווערט!— זאָגט ווייטער צו זיך האָלצמאַן, אַרומשפּאַנענדיק איבערן צימער הין און צוריק, ווי אַ צערייצטע כאַיע, און פייערנדיק מיט די שפּיציקע אויגן.— אַ מיצווע אַף דיר, האָצמאַך! דער הונט איז ווערט דעם שטעקן!

פאַר האַרצווייטיק און פאַר קאַס אַף זיך אַליין טוט ער אַ שליידער מיטן פוס אַ ביינקל, וואָס שטייט זיך אומשולדיק באַ דער וואַנט. אַפן קלאַפּ קומט צו לויפן פון קיך די מאַמע סאָרע-בראָכע ניט טויט, ניט לעבעדיק:

— וואָס איז שוין ווייטער? וואָס האָט דאָס געגעבן אַזאַ קלאַפּ, אַז איך האָב דערהערט אַזש אין „קיטשען"?

סאָרע־בראָכע איז ניט אַריינגעקומען אַליין. אין די הענט האָט זי געהאַלטן אַ „טשיקען". שוין קימאַט אַן אָפּגעפליקט אָף. דאָס אָף האָט פאַרוואָרפן דאָס בלייכע טויטע קעפּל מיטן איבערגעקוילעטן האַלז אַהינ־טער און געקוקט מיט די בלייכע פאַרצויגענע פאַרגליווערטע אייגלעך, ווי עס האָט זיך אויסגעוויזן האָלצמאַנען, גלייך אַף אים. אַלע אַף אים! אַלע אַף אים!

עס נעמט אים אָן אַזאַ קאַס, אַז ער פילט — אָט ווערט אים דאָס האַרץ צעריסן אַף צווייען. און ער פאַלט אָן אַף דער אַלטער מיט אָפענע קולאַקעס און צעשרייט זיך ניט מיט זיין קאָל:

— אין „קיטשען" אַריין! אין „קיטשען"! אין „קיטשען"!

די אַלטע סאָרע־בראָכע שטייט אַ ווײַלע, טוט אַ שפּיי אויס און לאָזט זיך מיטן קימאַט אָפּגעפּליקטן אָף צוריק אין קיך אַרײַן.

— אַ מיצווע אף דיר! — זאָגט נאָכאַמאָל צו זיך האָלצמאַן. — דער הונט איז ווערט דעם שטעקן!

קאַפּיטל 16

## אַ נאָענטע קאַטאַסטראָפע.

אַז עס רוקט זיך אָן אַף אים אַ כמאַרע אין דערדאָזיקער פאַרשאָלטענער שטאָט פון אייביקע טומאַנען און „פאָגעס" — דאָס האָט האָלצמאַן שוין לאַנג פאָרויסגעפילט, נאָך באַלד ווי ער איז אַהער אָנגעקומען. ער האָט נאָר נישט געוואוסט, פון וואָסער אַ זייט די קאַטאַסטראָפע וועט קומען. אים איז באַלד ניט געפעלן די צו נאָענטע מעכוטאָנעשאַפט פון אָט דעם „שאָראַבאָר" (ניסל שוואלב) צום „יאַט" (ראַפאַלעסקאָ). וואָס האָט ער אָבער געקאָנט מאַכן? צו אויסגעוואַקסן און צו ערנסט איז געוואָרן דער „יאַט" — ס'איז אים גאָרניט צו דערקענען. ווער וואָלט דאָס זיך ריכטן, אַשטייגער, אַז אָט דאָס נאַאיווע שעפעלע, וואָס, דאַכט זיך, ערשט ניט לאַנג האָט עס קיין צוויי נישט געקאָנט ציילן, נישט געוואוסט קיין צוויעס־מאַטבייע, ווי מע זאָגט, וועט ווערן מיטאַמאָל אַ גאַנצער יעש. מיט אַן אַמביציע, מיט אַן ערנסטער שטעלונג, מיט אַן אייגענעם גאַנג און מיט נייע האַסאָגעס און שטרעבונגען צו בילדונג, צו קענטעניש, צו לערנען שפּראַך און נאָך אַזעלכע זאַכן?...

און ווער איז שולדיק, אַז ניט ער אַליין, טאַקע האָלצמאַן? דער רועך האָט אים געטראָגן, ער זאָל אַריבערשלעפּן צו זיך דעמאָלט, אין לעמבערג, באַם דירעקטאָר געצל בען געצל, אינײַנעם מיט דער פּרימאַדאָנע, אויך די צוויי שלימאַזלען: ברײַנדעלע קאָזאַק און דעם סופלער, בעני גאָרגל, אָדער ווי מע רופט אים אונטער די אַקטיאָרן: „אַ מענטש מיט בילדונג". מײַלע, ברײַנדעלע קאָזאַק, ווײַבאַלד האָלצמאַן האָט נאָר אָנגעשומעקט, אַז זי איז עפּעס קוצעניר־מוצעניו מיטן „יאַט", האָט מיט אים געשעפטן מיט סוידעס, אַזוי האָט ער איר געגעבן דעם וועג און פאָטער געוואָרן פון אַ שלימאַזל.

ניט אַזוי איז דאָס אָבער געווען מיטן צווייטן שלימאַזל, מיטן סופלער. „דער מענטש מיט בילדונג", וואָס איז געווען האָלצמאַנס אײנציקער באַל־סאָד, האָט אים אָנגעמאַכט נאָך אַ גרעסערן כורבן, ווי ער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן. „דער מענטש מיט בילדונג" האָט איבערגעגעבן דעם „יאַט" אינגאַנצן זײַן בילדונג, אינגאַנצן, וואָס ער האָט

פאַרמאָגט, — און דאָס האָט אים געקוילעט, געקוילעט אָן אַ מעסער. וואָס פאַר אַ פּאָנים האָט ער, האָלצמאַן, דער דירעקטאָר, אַצינד באַ זיין „יאַט" אין די אויגן, אַז יענער קאָן שוין גאָר שפּראַך, לייענט שוין בי־כער, דעקלאַמירט שעקספּירן אַף אויסווייניק גאַנצע שטיקער און כאָלעמט שוין גאָר פון אַ פרייער וועלט, זאָגט ער, מיט נייע הימלען? גיי טרעף, וואָס פאַר אַ וועלט? וואָס פאַר אַ הימלען? עפּעס רעדט ער מיט אים טערקיש לאָשן!... פון „זעלבשטענדיקייט" שמועסט ער מיט אים, און פון אַ נייעם רעפאָרמירטן טעאַטער מיט אַ נייעם „רעפּערטואַר", נייע פּיעסן, אַלצדינג ניי און ניי און ניי! נו, און מיטן אַלטן, וואָס זאָל מען טון? אַרויסוואַרפן פאַר די הינט? און ווער וועט דאָס שאַפן, אָט דאָס נייע?... מאָדנע דיבורים! און דאָס האָט ער אלץ געגנאַשט באַ אָט דעם „מענטשן מיט בילדונג" — אַ כאָלערע זאָל אַף אים קומען היינטיקן טאָג, ריבוינע שעל אוילעם, מיטן שאָראַבאָר איניינעם!

אַזוי לאָזט אויס האָלצמאַן מיט אַ בראָכע און פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע, און זיינע טרויעריקע גרוי־טונקעלע מאַכשאָוועס כאַפּן אים אויף און טראָגן אים אַריבער פונעם „יאַט" אַף דער שוועסטער, אַף זלאַטקען...

די שוועסטער! די שוועסטער! פון איר האָט האָלצמאַן צאָרעס אָפּן פּוד. זלאַטקע נעבעך, זעט ער, צאַנקט שטילערהייט, גייט אויס, ווי אַ ליכט, — און ווער איז שולדיק, אַז ניט ער, טאַקע ווידער ער אַליין? ווער האָט זי אויסגעשריבּן אַהער מיט דער אַלטער מאַמען, אַז ניט ער? ווער האָט זי אָפּגעריסן פון איר היים, פון איר אַרבעט, געמאַכט זי פאַר אַן אַקטריסע, זי זאָל זיין נאַוווּנאַד, און געגעבן איר האָפענונגען, פאַל־שע, פאַלשע האָפענונגען?... אומזיסט געוועז זיין מי, אַרויסגעוואָרפן די גאַנצע אַרבעט — געזעען, אַז זיי זאָלן זיין נאָענט... זי און דער „יאַט"... געמיינט, אַז ס'איז אַ שידעך, צום סאָף... וואָס וועט זיין מיט מיין שוועסטערל, טאָמער טאַקע הייבּט זיך אויף דער „יאַט" אין אַ שיי־נעם פרימאָרגן און פאָרט אַוועק, ווי שוואַלב זאָגט, קיין אַמעריקע?...

האָלצמאַן פייניקט זיך, טראַכט איבער דאָס ערגסטע, וואָס עס קאָן נאָר זיין... באַלד אָבער פאַרכאַפּט ער זיך: „עט! נאַרישקייטן! ווי איז דאָס מעגלעך?... ווי קאָן עס זיין, אַז ראַפּאַלעסקאָ זאָל זיי אַוועקוואַרפן און פאָרן אַליין אָן אים אַזש קיין אַמעריקע? נאַרישקייטן! נאַרישקייטן! צו אַ גוט האַרץ, צו אַ ווייכער כאַראַקטער און צו אַן ערלעכע נעשאָ־מע, ער זאָל אַזעלכס טון... אַז פאָרן, וועלן זיי שוין פאָרן אַלע אי־ניינעם. ווי דען?"...

אַזוי טרייסט זיך האָלצמאַן, און באַלד ווערן זיינע מאַכשאָוועס צוריק פאַרוואָלקנט: „דער הוסט, אַ כאָלערע זאָל אַף אים קומען מיטן שאָראַ־באָר איניינעם!"...

יאָ. האָלצמאַנס קראַנקייט האָט זיך דאָ, אין דעם וויסטן לאָנ־דאָן, די לעצטע צייט אַזוי פאַרשטאַרקט, אַז גאָט ווייס, ווען ער וועט קאָנען פאָרן אַזאַ ווייטע נעסיע. די דאָקטוירים הייסן אים גאָר פאָרן צוריק, אויב ס'איז מעגלעך, אין דער שווייץ, זאָגן זיי, אין איטאַליע... ריינע לופט, זאָגן זיי, אַ וואַרעמע זון — כאַ־כאַ־כאַ, אָט נאַראָנים! שוי־טים: אידיאָטן! עמעסע אידיאָטן!... צו וואָס נוצט האָלצמאַנען ריינע לופט און אַ וואַרעמע זון, איך בעט אייך זייער, אָן אַ טעאַטער און אָן אַ בינע, כאַ־כאַ־כאַ?...

פאַר גרויסע צאָרעס, אַפּאָנים, צעלאַכט זיך עס האָלצמאַן אַזוי געשמאַק און פאַרהוסט זיך דערביי אַזוי שטאַרק, אַז די אַלטע סאָרע־בראָכע קומט ווידעראַמאָל צו לויפן מיט פארקאַטשעטע אַרבל פון קיך. איצטיקס מאָל — שוין אָן אַ „טשיקען", נאָר מיט אַ גרויסן פּאָלאָמניק אין די הענט: „שוין ווידעראַמאָל דער גוטער הוסט?"...

פון סאָרע־בראָכען שמעקט ציבעלע מיט פעפער, און דאָס שטיקט האָלצמאַנען נאָך מער אַף צו הוסטן. נאָר ער שטאַרקט זיך מיט אַלע קויכעס. ער האַלט איין אין זיך דעם הוסט און צעבייזערט זיך אַף דער מאַמע, הייסט איר גיין אין „קיטשען" אריין, צוריק צו די ציבעלעס, מאַכט זיך, ווי ער לאַכט, פאַרקרימט מאָדנע דאָס מויל, שפּייט אין טיכל אַריין און פאַרשטופּט עס ווייט אין קעשענע — די אַלטע זאָל ניט זען, אַז ער שפּייט מיט רויטן... בלאָטע! ניט טאָרע־בראָכען נאַרט מען. אַ מאַמע האָט אַן אויג. זי זעט גוט איר אומגליק. און זי פאַרברעכט מיט די הענט: „אַ וויי׳טיק איז איר, אַ שלאַק האָט זי געטראָפן! אַ מאַקע זאָל זיין דער מאַמען!" — און מיט גוואַלד לייגט זי אַריין דעם קראַנקן זון אין בעט אַריין און שיקט אַוועק זלאַטקען אַפגיך, זי זאָל ברייגגען דעם דאָקטאָר.

אַ דערשראָקענע, נאָך מער פאַרזאָרגט און געל און בלאַס ווי טאָמיד, און, דאַכט זיך, מיט פאַרוויינטע אונטערגעשוואָלע אויגן, כאַפּט זלאַטקע אַף זיך דאָס בורנוסל און לאָזט זיך לויפן צום דאָקטאָר.

גייענדיק איבער די טומלדיקע רוישנדיקע גאַסן פון לאָנדאָן, טראַכט זיך זלאַטקע באַ זיך אין האַרצן: „דאַכט זיך, אַזאַ געגעם. אַזויפיל פערד, טראַמוואַיען, אַווטאָמאָבילן לויפן אוף און אָפּ — עמעצער זאָל זיך אַף איר דערבאַרעמען, זי וועלן איבערפאָרן! איבערפאָרן אַף טויט!"...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַף די האָלצמאַנס האָט זיך אָנגערוקט אַ כמאַרע. אַ שוואַרצער, אַ געדיכטער וואָלקן הייגגט אַף זייערע קעפּ. אַ נאָענטע, אַן אומפאַרמייד־לעכע קאַטאַסטראָפע.

## קאַפּיטל 17

# גליקלעכע שיפפּאַסאַזשירן.

ווי אַ ריזיקע כאַיע האָט אויסגעזען פונדערווייטן דאָס גרויסע ווייסע שיף „אַטלאַנטיק״ אַפן יאַם. מיט אַ מאָדנער אַקשאַנעס האָט זיך דאָסדאָזיקע באַשעפעניש געטראָגן אַפן וואַסער, זיך געשלאָגן מיט אַלע קויכעס, זיך געראַנגלט מיטן ווינט, דורכגעשניטן די בייזע וועלן פונם אַטלאַנטישן מעער און געשוואומען אַלץ ווייטער און ווייטער אַפן וועג פון סויטהעמפּטאָן קיין ניו־יאָרק.

די פּאַרטומלטע פּאַסאַזשירן, וואָס זענען די ערשטע צייט געווען העכסט אַנטציקט פון דערדאָזיקער גרויסאַרטיקער נעסיע און וואָס האָבן פריהער זיך גאָרניט געקאָנט אָפּרייסן פון דער שיינקייט, פון דער געטלעכער נאַטור און גאָרניט געקאָנט אָפּליבן זיך פון גאָטס וואונדער, וואָס מע זעט זיך אָן אַפן יאַם, האָבן ביסלעכווייס אָנגעהויבן פילן ווי אַ טשאַד אין קאָפּ און האָבן אויפגעהערט צו קוקן אין דער טיפער, ברייטער, הויכער אומענדלעכקייט אַריין, וואָס באַשטייט פון הימל און וואַסער, וואַסער און הימל — אָן אַן אָנהייב און אָן אַ סאָף.

איינציקווייס האָט זיך דער אוילעם אָנגעהויבן אָפּטראָגן יעדער צו זיך, אין זיין רו אַריין, יעדער צו זיך, אין זיין קעבין, און אַוועקגעלייגט זיך מיט אַ שווערן, ווי מיט בליי אָנגעגאָסענעם מויעך יעדער באַ זיך, אַף זיין בעטל, איבערגעבליבן אַליין יעדער מיט זיינע אייגענע אוימעטיקע מאַכשאָוועס און געדאַנקען.

ווינציק, זייער ווינציק זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך נאָך געשטאַרקט, אַרומגעשפּאַצירט נאָך אַלץ הין־און־צוריק איבערן אויבערדעק, אָדער צונויפגעקליבן זיך אין אַ געזעלשאַפט, געטרונקען ביר פון גרויסן קאָפל און גערויכערט גראָבע ציגאַרן, גערעדט און געלאַכט הויך אַף אַ קאָל און דערציילט מאַיסעס, אַנעקדאָטן, נעכטיקע טעג, אַפן הימל אַ יאַריד — גלייך ווי גאָרניט זיי מיינט מען.

צווישן די געציילטע גליקלעכע פּאַסאַזשירן איז געווען אַ פּאָר פון אונזערע באַקאַנטע פריינט: מיסטער קלאַמער פון לאָנדאָן מיט זיין טעאָדאָר הערצל־באָרד און זיין שוטעף ניסל שוואַלב, דער געוועזענער אַגענט, היינט באַלעבאָס, מענעדזשער, אַנטרעפּרענער, רעזשיסער און קאַסירער פון דער נייער טעאַטער־טרופּע: קלאַמער, שוואַלב עט קאָמפּ״.

יאָ, פריינט לעזער, אויס „האָלצמאַן, שוואַלב עט קאָמפּ.״ מע האָט אַרויסגעוואָרפן דעם נאָמען האָלצמאַן און אַף זיין אָרט אַוועקגעשטעלט דעם נאָמען קלאַמער, אַ זאַך, וואָס האָט ניט אָנגערירט קיינעם, אויסער

האָלצמאַנען. און עס דאַרף אונז נישט אָנהייבן צו וואונדערן: די וועלט באַשטייט פון אַן אַרמיע, וואָס גייט אַף מילכאָמע. אַ גאַנצע אַרמיע וועט זיך ניט אָפּשטעלן צוליב דעם, וואָס טאָמער פאַלט א סאָלדאַט אין מיטן וועג.

דער געפאַלענער האָט אַ ברייִרע: וועט אים גאָט געבן קויעך, וועט ער אופשטיין, אַניט — וועט מען אַף אים קיין קאָוועד ניט לייגן. מע וועט שפּאַנען איבער אים מיט די שטיוול און מיט די קאַלאָשן און מע וועט אים טרעטן און צעטרעטן, אַזוי אַז קיין האָן וועט אַפילע ניט קרייען. עמעס, ס'איז געגוג טרויעריק. נאָר ווער איז אים שולדיק, האָלצמאַנען, וואָס האָט פאַרלאָזט דעם הוסט אַזוי ווייט, אַז די דאָקטוי־רים לאָזן אים איצט פון בעט ניט אַראָפּ, מעסטן אים די טעמפּעראַטור, ציילן אים דעם פּולס און הייסן ניט רעדן? — אַ שיינע מאַיסע, נאָר אַ קורצע! אַז ניט רעדן — הייַנט וואָס איז דער כילעק פון אַ מענטשן ביז אַ בעהיימע? ניין, עס וועט ניט העלפן קיין כאָכמעס. מיר וועלן מוזן זיך געזעגענען מיט אונזער האָלצמאַנען אַף אַ צייט, אים ווינשן א רע־פוע שליימע און גיין מיט אונזער נייער קאָמפּאַניע, וואָס פאָרט מיטן שיף פון לאָנדאָן אַהין, אין יענעם לאַנד, וואָס ציט צו זיך די אויגן פון דער גאַנצער וועלט, זינט קאָלומבוס האָט עס אַנטדעקט ביז צו הייַנ־טיקן טאָג, שוין העכער פירהונדערט יאָר.

דאָס אויבנדערמאנטע פּאָרל, מיסטער קלאַמער און ניסל שוואַלב, זענען זיך געזעסן, ווי די טייבעלעך, אינצווייען באַ איין טישל, גע־טרונקען ביר, גערויכערט ציגאַרן און גערעדט און גערעדט און גערעדט. דאָס מויל האָט זיי זיך ניט צוגעמאַכט. פון וואָס האָט מען דאָס גע־שמועסט? פון גאָרניט. אַפּאָנים, די ביידע האָבן זיך אונטערגענומען, ווער וועמען עס וועט אַריבעררעדן און ווער וועמען עס וועט איבער־שטייגן אין „בלאָף“.

מיסטער קלאַמער האָט דערציילט אַלטע מאַיסעס פון זיין „קאַפּע־נאַציאָנאַל“, פון די רוסישע שנאָרערס און פון די לאָנדאָנער „טשואַרע־טיעס“, וואו ער, קלאַמער, איז פון טאָמיד און אייביק אַן ערן־מיטגליד, און גלאַט מאַיסעלעך פון דער וועלט, אַנעקדאָטן, צוגעפּעפּערט מיט אַ מאָשל און מיט אַ וויץ, „ווי זאָגט דער איינגעלשמען“.

באַ ניסל שוואַלב זענען אָבער די אַלע מאַיסעס מיט די אַנעקדאָטן גאָר קיין נייעס ניט. אַדערבאַבע. אַף יעדן אַנעקדאָט, וואָס מיסטער קלאַ־מער דערציילט אים, זאָגט שוואַלב, אַז ער ווייסט דאָס שוין פון לאַנג. און ניט נאָר ער ווייסט עס — ער איז אַליין אַפילע דערביי געווען. אַ סימען — ס'איז דעמאָלט שיר ניט אַרויס דערפון אַ סקאַנדאַל. אָט וועט איר הערן...

און ניסל שוואַלב דערציילט, וואָס פאַר אַ סקאַנדאַל, מיט היץ, גע־
וויינלעך, און מיט פייער, און לאָזן לאָזט ער אויס מיט אַ שוואוע: „ווי
איר זעט אים אַ שווימענדיקן און ער זאָל אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס"...
און די כוואַליעס פונם יאַם, וואָס האָבן זיך געיאָגט ווי ווילדע כאַיעס
פון ביידע זייטן שיף, קלאַפּן צו צום טאַקט, רייסן זיך אַלעמאָל העכער
און העכער, ווילן אַריבערשמייסן אַריבערן דעק, פאַרפלייצן, איבערקערן,
איינשלינגען דאָס שיף מיט אַלץ, וואָס אַפן שיף. נאָר אונזער פאָרל
מאַכט זיך דערפון. זיי טוען זיך זייערס: זיי טרינקען ביר, רויכערן ציי־
גאַרן און רעדן, רעדן, רעדן, אָן אַ שיר.
גליקלעכע שיפפּאַסאַזשירן!

## קאַפּיטל 18

# צווישן הימל און וואסער.

נאָך איין פאַרשוין איז געבליבן זיצן אַפן אויבערדעק פונם שיף „אַנטלאַנטיק". ער האָט אָבער ניט געטרונקען קיין ביר, ניט גערויכערט קיין ציגאַר, נאָר גלאַט אַזוי געזעסן, אָדער — ריכטיקער — געלעגן באַ־זונדער, איינער אַליין, אַף אַ טשער (שיפשטול), איינגעהילט אין אַ וואַרעמען פּלעד און איבערגעדעקט מיט אַ רויטער בייענער קאָלדרע. דאָס איז געווען נאָך גאָר אַ יונגער פּאַסאַזשיר מיט זייער אַ סימפּאַטיש אויסגעבלייכט פּנים. די מוירעדיקע וועלן, וואָס האָבן זיך, ווי ווילדע צערייצטע כאַיעס, געיאָגט פון ביידע זייטן שיף, זענען געוואָרן וואָס ווייטער ווילדער, בייזער און צערייצטער.

עס האָט זיך אויסגעוויזן אַלעמאָל, אַז ניט די כוואַליע — וועט די צווייטע, וואָס טראָגט זיך אָט־אָט פונדערווייטן, געוויס בייקומען, אַרי־בערשמייסן, פאַרפלייצן, איבערקערן, איינשלינגען דאָס שיף מיט אַלץ, וואָס אַפן שיף געפינט זיך.

נאָכן בלייכקייט פונם פּאָנים איז צו דערקענען, אַז אָט דער יונגער פּאַסאַזשיר איז שוין לאַנג אַ פאַרטשאַדעטער. מיט האַלב־אָפענע אויגן ליגט ער אויסגעצויגן, דעם פאַרטשאַדעטן קאָפּ האַלט ער אונטער מיט ביידע הענט און קוקט זיך איין אינם נאָענטן הימל, וואָס איז ווי צו־נויפגעגאָסן אינאיינעם מיטן יאַם אַזוי, אַז ס'איז שווער צו דערקענען, וואו איז הימל און וואו איז וואַסער. דאַכט זיך, לויטער איז דער הימל. דאַכט זיך, עס לייכט אַזוי די זון. קיין וואָלקן און קיין ווינט. וואָס־זשע שטורעמט אַזוי דער יאַם? וואָס בייזערט זיך אַזוי דער אַלטער? וואָס וואַרפט דאָס אַזוי מיטן שיף אַהער און אַהין, אַרויף און אַראָפּ? צי עפּ־

שער ווייזט זיך עס אים נאָר אויס אַזוי? פאַרוואָס־זשע קאָן ער דעם קאָפּ ניט אופהייבן? נישט רירן מיט קיין פינגער? פאַרוואָס פילט ער אַלעמאָל ערגער און ערגער אַף צו כאַלעשן? אַף צו כאַלעשן? — ניין אַף צו שטאַרבן, שטאַרבן, שטאַרבן!

און ער שטריינגט אָן זיין פאַרטשאַדעטן קאָפּ, ער וויל זיך דער־מאנען — דעם וויפלטן טאָג איז מען שוין אָט אַזוי צווישן הימל און וואַסער — און ער קאָן נישט. ער קאָן זיך ניט דערמאנען אַפילע, פונ־וואַנען און וואוהין ער פאָרט. נאָכמער. ער האָט שוין פארגעסן אפילע, ווי אַזוי מע רופט אים. אז מע רופט אים ראַפּאַלעסקאָ — דאָס ווייסט ער. נאָר דעם עמעסן נאָמען זיינעם — כאָטש נעמט אים אַראָפּ דעם קאָפּ. אוי, דער קאָפּ! דער קאָפּ!

— פילסט ניט גוט? עפשער וועסטו גיין זיך צולייגן בא זיך אין קעבין אַריין? קום.

אַזוי זאָגט צו אים ניסל שוואַלב און בייגט זיך אָן איבער אים און קוקט אים מיט געטריישאַפט אין די אויגן אַריין. נאָר ראַפּאַלעסקאָ קוקט אַף אים מיט אַזעלכע אויגן, גלייך ווי ער האָט אים נישט דערקענט: ווער רעדט דאָס? ווער שטייט דאָס איבער אים? ער וויל זיך אופזעצן — קאָן ער נישט.

ער שטריינגט אָן אלע קויכעס פון זיין זיקאָרן: ריבוינע שעל אוילעם! וואָס טוט זיך עס מיט אים? וואו איז ער דאָס ערגעץ אַף דער וועלט? פאַרוואָס קאָן ער זיך ניט דערמאַנען דעם אייגענעם נאָמען זיינעם? מיט דעם נאָמען האָבן דאָך אים גערופן אַמאָל די כאַ־ווירים אין כיידער, ברידער און שוועסטער אינדערהיים, און די טאַטע־מאַמע... טאַטע־מאַמע? וואו זענען זיי אַצינד?...

— אַ גלעזעלע קאָניאַק. פאָלג מיך, נעם אַף די ליפּן, וועט דיר ווערן גרינגער.

ראַפּאַלעסקאָ הייבט ניט אָן צו פארשטיין, ווער שטייט דאָס איבער אים? ווער קוקט דאָס אים אין די אויגן אַריין? דאַכט זיך אַ קענטלע־כער פאַרשוין. קענטלעכע אויגן... ווער־זשע איז דער פאַרשוין?... פאַר־וואָס איז אים אַזוי שווער דער קאָפּ? ווער קרעכצט עס אַזוי? — דאָס שיף. ווער פייפט עס אזוי? — דאָס פייפט דער ווינט. און עס יאָגן זיך די וועלן איינס איבער דאָס אַנדערע. אָט הייבן זיי זיך אוף העכער הייזער, אָט ווערן זיי צעשאָטן אַזוי ווי זאַמד אַף קליינע שפּריצלעך. פּלוצים קנאַלט אויס א דונער און א בליץ פליט אים דורך פארביי די אויגן. כאַלוימעס! דער דונער איז קיין דונער. דאָס רעדט אַזוי דער יאַם. דאָס רוישן אַזוי די כוואַליעס, וואָס הייבן זיך אוף און ווערן צע־פאַלן. דער בליץ איז קיין בליץ. דאָס איז אַן אָפּשיין פון דער זון, וואָס

האָט געלאָזט אָפּטויוולען זיך א ליכטיקן שטראַל אין די צעפּליעסקעטע וואַסערן פונם צעלאָזטן, צעבייזערטן יאַם.

— פּאַלג־זשע מיך, זויג אויס א שטיקל לימענע, וועסטו דערפילן דאָס האַרץ...

אַהאַ! ער ווייסט שוין, ווער דאָס איז. דאָס איז האָלצמאַן? בער־נאַרד האָלצמאַן? פּאַרוואָס־זשע איז אים דאָס פּאָנים אַזוי רויט און פעט און פריש? אין איין האַנט האַלט ער א פלעשעלע קאָניאַק, אין דער אַנדערער א לימענע, און בעט זיך באַ ראַפּאַלעסקאָן, ער זאָל עפּעס נעמען:

— פּאָלג־זשע מיך, אַ שטיקל לימענע אין מויל אַריין. אָדער גיב אַהער א האַנט, שפּאַר דיך אָן אָן מיר, וועל איך דיך אָפּפירן אַראָפּ, צו דיר אין קעבין... ע! מיסטער קלאַמער!

אַזוי רופט אויס ניסל שוואלב און דרייט אויס דעם קאָפּ צו זיין קאָמפּאַניאָן — ווער? וואָס? א נעכטיקער טאָג! מיסטער קלאַמער איז שוין דאָרט, וואו ניסלס ברודער איזאַק, וואו די שוועסטער הענריטאַ, און וואו דער לאָמזשער כאַזן מיט זיין מוזיקאַליש געזינדל. אַלע ליגן זיי, יעדער בא זיך, אַף זיין בעטל, און קרעכצן, און פּאָכן מיט דער נעשאָמע, און זעען דעם מאַלכעמאָוועס פאַר די אויגן. און נאָר ער איינער, ניסל שוואַלב, האַלט זיך אַף די פיס. ניסל שוואַלב איז דער איינציקער פון דער גאַנצער קאָמפּאַניע, פון דער נייער נאַווענאַדנער טרופּע, וואָס פאָרט קיין אמעריקע,—דער איינציקער לעבעדיקער מענטש, וואָס איז פריש און מונטער.

און עס ברומט דער יאַם. און עס רוישן זיינע וועלן. און עס שניידט זיך אַף א בורע מיט א רעגן מיט א שניי. און דער ווינט שמייסט אין פּאָנים אריין און צעטרייבט דעם איבערגעבליבענעם אוילעם פונם אויבערדעק, אויסער די סטיואַרטן מיט די מאַטראָסן, וואָס זענען שוין געוואוינט געוואָרן צו אַזעלכע זאַכן, און אויסער דעם קאַפּיטאַן, וואָס האָט אַריינגעשטעקט א לולקעלע אין מויל אַריין און קוקט מיט אַ טרוקן שמייכל אַפן צעבייזערטן יאַם, ווי אף א פאַרשייטן קונדעס.

און עס טראָגט זיך דאָס ווייסע ריזיקע באשעפעניש, וואָס מע רופט דאָס אָן שיף און וואָס הייסט מיטן נאָמען „אַטלאַנטיק״, מיט א מאָד־נער אַקשאָנעס אַלץ ווייטער און ווייטער, אין דער טיפער, ברייטער, היוכער אומענדלעכקייט אַריין, וואָס באַשטייט פון הימל און וואַסער, וואַסער און הימל — אָן אַן אָנהייב און אָן אַ סאָף.

## קאַפּיטל 19

# א פרויענהאַנט.

ער האָט אָנגעהויבן עטוואָס אופוואַכן פון דער הינערפלעט, און דער טשאַד האָט אים אָנגעהויבן ביסלעכווייס אַרויס פון קאָפּ, האָט ער מער דערפילט ווי דערזעען, אַז ער געפינט זיך אַן אויסגעטאָנענער אַף אַ בעטל, באַ זיך אין שיפסקעבין, און עמעצנס האַנט האָט ער דערפילט באַ זיך אַפן שטערן, אַן איידעלע, אַ וואַרעמע פרויענהאַנט. נאָר וועמענס האַנט דאָס איז, ווער איז די פרוי — דאָס האָט ער ניט געוואוסט.

אַז ער איז אַפן וואַסער — דאָס האָט ער געפילט נאָכן שאַרפן רייעך פונם בייזן יאַם און נאָכן רוישן פון די כוואַליעס, וואָס, שפּילנדיק זיך ווי די ווילדע כאַיעס אַף דער שיין פון דער ליכטיקער זון, האָבן נאָך אַלץ געבושעוועט, געוואָרפן דאָס שיף העכער הייזער, אָנגעקלאַפט ראַפּאַלעס־קאָן אין פענצטערל אַריין — ער זאָל אופשטיין, אַרויסגיין אַפן אויבערדעק, אָנקוקן גאָטס וואונדער: „גענוג שוין, גענוג שוין צו ליגן". אַזוי, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, רעדן צו אים די וועלן פונם יאַם, און ער נעמט צונויף זיין איבעריק ביסל קויעך פון זיין זיקאָרן, זיין גאַנץ ביסל געדאַנקען און ער טראַכט: „ווי קומט ער אַהער? דאַכט זיך, גאָר ניט לאַנג איז ער געווען אַפן אויבערדעק, געזעסן אין אַ טשער אַזוי באַקוועם, באַוואונדערט די געטלעכע נאַטור, זיך געוואַרעמט אַף דער לאַשטשענדיקער זון, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דעם שוים פון די שפּילנדיקע כוואַליעס, וואָס יאָגן זיך פוןביידע זייטן שיף, און געקוקט אין דער טיפער ברייטער הויכער אומענדלעכקייט אַריין, וואָס באַשטייט פון הימל און וואַסער, וואַסער און הימל — אָן אן אָנהייב און אָן אַ סאָף... און ער וויל זיך אופזעצן — האָט ער מוירע, ער זאָל ווידער ניט פאַלן צוריק. אינגאַנצן עפענען די אויגן — האָט ער מוירע, עס זאָל זיך אים ווידער ניט פאַרדרייען אין קאָפּ דאָס שיף, מיטן יאַם, מיטן הימל, מיט דער גאַנצער וועלט, ווי ביז אַהער. און ער לאָזט אַרויס אַ שווערן זיפץ: „אוי, דער קאָפּ! דער קאָפּ!"

— נאָך אַלץ דער קאָפּ?.. — הערט ער אַ קאָל פון אַ פרוי, אַ קענטלעך קאָל, נאָר ער ווייסט ניט, ווער דאָס איז. און ער פילט אַף זיך אַ האַנט, אַן איידעלע, אַ וואַרעמע פרויענהאַנט גלעט אים דעם שטערן, פאַרשאַרט אים די צעוואָרפענע האָר אַרוף — ווער זאָל דאָס זיין?.. וועמענס האַנט?.. און ער דערמאַנט זיך, אַז מיט אַ צייט פריער — ער געדיינקט ניט ווען — האָט ער פונקט אַזוי ווי איצט אויך געפילט אַ פרויענהאַנט, וואָס האָט פונקט אַזוי ווי איצט געגלעט דעם שטערן און געשאַרט אים די האָר אַרוף.

האָלצמאַנס שוועסטערל איז דאָס דעמאָלט געווען. זלאַטקע...

דאָס איז געשען איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט. ראַפּאַלעסקאַ איז גע־לעגן באַ זיך אין צימער אַף אַ קאַנאַפּע און געכאָלעמט אין דער וואָר זיינע זיסע גאָלדענע כאַלוימעס. יענע זיסע גאָלדענע כאַלוימעס, אין וועלכע דעם סאַמע אויבנאָן פאַרנעמט באַ אים שטענדיק דעם כאַזנס טאָכטער — רייזל.

קיינער איז דעמאָלט ניט געווען אין שטוב, — געדיינקט ער — נאָר ער און זלאַטקע. עס איז אים קיינמאָל ניט געווען אַזוי ביטער אַפן האַרצן, ווי יענעם פאַרנאַכט. אַ מאָדנע בייִנקשאַפט — געדיינקט ער — האָט זיך אַריינ־געגאַנוועט צו אים דעמאָלט אין דער נעשאָמע און געדריקט אים און געפּרעסט און געצויגן, ווי מיט צוואַנגען. עס האָט זיך אים געגלוסט וויינען.

אויב ער האָט געוויינט — דאָס געדיינקט ער ניט. ער געדיינקט נאָר, אַז זלאַטקע איז אויסגעוואַקסן נעבן אים — דאַכט זיך, ער אַליין האָט זי צוגערופן — און געזעסן נעבן אים און געגלעט אים דעם שטערן, אָט אַזוי ווי מע גלעט אים איצט, אין דער מינוט, און געשאַרט אים די צוואָר־פענע האָר אַרוף, אָט אַזוי ווי מע שאַרט אים איצט, אין דער מינוט. און אַ מאָדנע וואַרעמקייט האָט זיך אים דעמאָלט צעגאָסן אין אַלע גלידער. ער האָט געפילט — אַזוי געדיינקט ער — אַ וואַרעמע האַנט פון אַ גע־טרייער שוועסטער, און ער איז איר געווען דאַנקבאַר אָן אַן עק און אָן אַ שיר. ער האָט זי אַרומגעאַרעמט — געדיינקט ער — מיט זיין האַנט, צוגעצויגן זי צו זיך, באַהאַלטן זיין קאָפּ באַ איר אַפן שויס, געוויינט, לאַנג געוויינט, אויסגעוויינט פאַר איר זיין ביטער האַרץ, אַריינגעפירט זי צו זיך אין זיין קאָדשיי־קאָדאָשים אַריין, אַנטפּלעקט פאַר איר זיין היי־ליקן־הייליקן סאָד. ער האָט איר דערציילט, אַז ס'איז פאַראַן איינע אַזעלכע אַף דער וועלט, וואָס ער האָט זי ליב מיט זיין גאַנצן לעבן, וואָס ער איז גרייט פאַר איר אין פייער און אין וואַסער, וואָס ער קאָן ניט פאַרגעסן ניט אין כאָלעם, ניט אַף דער וואָר... „ווי אַזוי הייסט זי? און וואו איז זי?" — אַזוי האָט אים זלאַטקע דעמאָלט שטיל אַ פרעג גע־געבן, און דאָס קאָל — געדיינקט ער — האָט באַ איר געציטערט, און אַליין האָט זי בעאייס מאַיסע געציטערט. ווי אַזוי זי הייסט — האָט ער איר נישט געוואָלט זאָגן. נאָר וואו זי איז? — עהע־הע! ער זאָל וויסן, וואו זי איז! ער זאָל דאָס וויסן, וואָלט ער שוין לאַנג ניט געווען אָט־אָ דאָ מיט דער וואַנדער־טרופּע. ער וואָלט שוין עפּשער לאַנג ניט געווען מער נאַ־ווענאַד, ווי ער איז, ער וואָלט שוין אַוועקגעפלויגן אַהין, צו איר, אַלצ־דינג אַוועקגעוואָרפן און אַוועקגעפאָרן צו איר, וואָרום זיי האָבן זיך דאָס וואָרט געגעבן שוין לאַנג, נאָך קינדווייס, „אַז וואו זיי זאָלן ניט

זיין און וואָס מיט זיי זאָל זיך ניט טרעפן, זאָלן זיי טאָמיד זיין אינײנעם, טאָמיד און אײביק!"...

ניין. ער ווייסט ניט, וואו זי איז. ער ווייסט נאָר, אַז זי איז באַרימט, אַז זי איז גרויס, אַז זי איז רייך, איר זינגען שעמט אַף דער וועלט. „דעם נאָמען פּאַטי האָסטו געהערט? איז זי גרעסער פון פּאַטין". — „נאָך גרעסער פון פּאַטין?" — „גאָר נישט דער ערעך!"

אַזוי — געדיינקט ער — האָט ער דעמאָלט געליבט זיין רייזלען פאַר זלאַטקען, אָפּגעליבט אין טאָג אַריין, ניט געזשאַלעוועט קיין העלע פאַרבן. אַ מין מאַלעך, אַ מאַלעך פון גאָט!... און ער האָט זיך מעכאַיע געווען, — געדיינקט ער — וואָס ער האָט געפונען פאַר וועמען אָפּצוליבן, זיך באַרימען מיט זיין געליבטער. וואָרום ווער נאָך וועט אים וועלן אַזוי אויסהערן, ווי דידאָזיקע זלאַטקע? ער זעט דען ניט, אַז איטלעכס וואָרט זיינס איז באַ איר הייליק, טויראַס מוישע? ער פילט דען ניט, ווי עס קלאָפּט איר דאָס הערצל? ער פילט דען ניט, ווי זי פלאַטערט אין זיינע הענט, ווי אַ פייגעלע?...

וואָס די אָרעמע זלאַטקע האָט בעאייס מאַיסע איבערגעלעבט — ווייסט ניט ראַפּאַלעסקאָ. וואָס גייט עס אים אָן? אַבי ער האָט אויסגעגאָסן פאַר איר זיין האַרץ. אַבי ער האָט אַנטפּלעקט פאַר איר זיין סאָד. געוואָרן גרינגער אַף דער נעשאָמע.

אופגעדעקט דעמאָלט פאַר זלאַטקען זיין הייליקן סאָד, האָט ער איר שוין אין איינוועגס פאַרטרויט אויך דאָס, וואָס ער רעכנט צו טון אַף ווייטער. ער האָט איר איבערגעגעבן אַלע זיינע פאַרבאָרגענע פּלענער, ווי אַזוי ער וועט זיך מיט זיין באַרימטער אַמאָל באַגעגענען און סאָפּקאָלסאָף צונויפקומען און שוין קיינמאָל זיך ניט צעשיידן. קיינמאָל ניט. קיינמאָל ניט! און בעאייס מאַיסע האָט ער אַרומגענומען זלאַטקען — געדיינקט ער — מיט ביידע הענט, שטאַרק־שטאַרק צוגעדריקט צום האַרצן און גענומען באַ איר דאָס וואָרט, אַז ער וועט זיך צונויפגיין מיט זיין רייזלען (ער האָט זיך שוין אַרויסגעכאַפּט מיטן נאָמען אויך — פאַרפאַלן!), וועט ער נעמען צו זיך אויך זי, זלאַטקען, הייסט עס, וואָרום ער פילט, אַז זלאַטקע איז אים געטריי און איבערגעגעבן, ווי אַ שוועסטער, ווי אַן אייגענע שוועסטער.

— אַיאָ, ביסט מיר געטריי ווי אַ שוועסטער? — זאָגט ער צו איר און נעמט זי אַרום וואַרעם, אַסאַך וואַרעמער, ווי אַ ברודער נעמט אַרום אַ שוועסטער... נאָר זלאַטקע שווייגט. ראַפּאַלעסקאָ פאַרשטייט ניט, פאַרוואָס שווייגט זלאַטקע? נעמט ער זי אַרום נאָך שטאַרקער און פרעגט זי, פאַרוואָס זי ענטפערט אים ניט? שוין־זשע האָט ער אַ טאָעס? שוין־זשע האָט זי אים ניט ליב?

— ניט ליבּ?!..— און זלאַטקע טוט זיך אַ וואָרף צו אים, כאַפּט אים אַרום און קושט אים און האַלדז אים, און טרערן גיסן זיך, גיסן זיך פון אירע אויגן.

וואָס־זשע וויינסטו, נאַרעלע? וואָס־זשע וויינסטו? וואָס־זשע וויינסטו?...

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

פון דעמאָלט אָן — געדיינקט ראַפאַלעסקאָ — פלעגט ער וועלן אָפּט בלייבּן אַליין מיט זלאַטקען, אַביסל רעדן מיט איר וועגן רייזלען. און דאָס איז אים געווען גאָרניט אַזוי שווער. ווארום האָלצמאַן — אַזוי האָט אים אויסגעוויזן — האָט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, אַז זיי זאָלן בלייבּן וואָס אָפּטער אינצווייען מיט זלאַטקען. אַזוי האָט זיך אים אויסגעדאַכט. און עפּשער האָט ער אַ טאָעס? ניין. ער האָט ניט קיין טאָעס. וואָרום וואָס דען פלעג עפּעס האָלצמאַן פּלוצים אַוועקגיין, איבּערלאָזן אים אַליין מיט דער שוועסטער, זיך אומקערן צוריק, געבּן אַ קוק, אויבּ זיי זיצן אינאיינעם, און באַלד ווידער אַוועקגיין?... אַך, האָלצמאַן! האָלצמאַן! ווי שווער ס׳איז אים געווען דאָס געזעגענען זיך מיט האָלצמאַנען, ווי שווער!...

— שוין צייט אופצושטיין, טייערער! מע זעט שוין אַרויס לאַנד... מיר זענען שוין באַלד אין אַמעריקע, טייערער, שיינער, טייערער!...

אַ קענטלעכע שטימע. אַ פּרויענשטימע... ווער רעדט דאָס איבּער אים?... ווער רופט דאָס אים „שיינער", „טייערער"?... ער האָט נאָך אָבּער אַלץ מוירע אופצוזעצן זיך — ער זאָל צוריק ניט פאַלן. ער האָט נאָך אַלץ מוירע עפענען די אויגן — עס זאָל זיך אים ווידער ניט פאַר־דרייען אין קאָפּ דאָס שיף, מיטן יאַם, מיטן הימל, מיט דער גאַנצער וועלט, ווי ביז אַהער. און ער זינקט אין זיינע שווערע בלייענע געדאַנ־קען. און ער לעבּט איבּער נאָך אַ מאָל די שווערע מינוטן פון זיין געזע־גענען זיך מיט האָלצמאַנען. און ער שלאָגט זיך אַל־כעט.

קאַפּיטל 20

## זיי געזונט, בּערנארד.

דאָס איז געווען אַ פרימאָרגן, אַ קאַלטער וואָלקנדיקער פרימאָרגן פון רעגן און פון קעלט און פון „פּאָגע", ווי עס גיט זיך אויס אַ פרי־מאָרגן אין דעם קאַלטן פאַרויכערטן פאַרוויינטן לאָנדאָן.

די זאַכן זיינען שוין געווען באַ ראַפּאַלעסקאָן איינגעפּאַקט, און אליין איז ער שוין אויך געווען פאַרטיק צו דער נעסיע, פאַרטיק אַרום און אַרום: אָפּגעגעסן, אָנגעטון, פאַרויכערט א האַוואַנע־ציגאַר, באַשטעלט אַ קעב און אַריינגעלאָפן נאָך אַף אַ ווײַלע — זיך געזעגענען מיט האָלצמאַנען.

— זיי געזונט, בערנאַרד!

— פאָר געזונט, — האָט אים האָלצמאַן געענטפערט מיט די אויגן, דען דאָס רעדן איז אים פאַרבאָטן, שטרייגנ פאַרבאָטן. אך! וואָלט האָלצ־מאַן געמעגט רעדן, וואָלט האָלצמאַן אים כאָטש עפּעס קאָנען זאָגן, עפּעס אַזעלכס אַ שאַרפס — אויסבייזערן זיך, אויסזידלען גוט, ווי אים קומט, אויסשעלטן זיך, ווי ער קאָן — וואָלט ראַפּאַלעסקאָן, דאַכט זיך, געווען אַסאַך גרינגער אַפן האַרצן. ניין, האָלצמאַן האָט נאָר אַוועקגעשטעלט אַף אים זיינע שאַרפע שפּיציקע אויגן און — אַך, וויפל טרויער, וויפל אומ־ענדלעכער טרויער איז געווען אינם דאָזיקן קוק! האָלצמאַן האָט אים נאָר אויסגעצויגן אַ דאַרע שפּיציקע האַנט, און ווי ס׳האָט זיך אויסגעוויזן ראַפּאַלעסקאָן, צו אַ וואַרעמע האַנט.

קיינמאָל האָט זיך ראַפּאַלעסקאָן ניט געוואָלט אַזוי גיך אַוועקגיין פון האָלצמאַנען, ווי אין דער מינוט. און ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט אַוועקצוגיין, זיך אופזעצן אַפן קעב — און זיי געזונט... אָנשטאָט דעם, ער זאָל זיך נעמען צו דער טיר, האָט ער זיך, נאָכן געזעגענען שוין, אַוועקגעזעצט צוריק אַף אַ שטול, נעבן בעטל, וואו האָלצמאַן איז געלעגן איבערגעדעקט מיט דער באַרימטער טענדעווערענדע און געפּיבערט, און אַ שאַרפער רייעך פון רעפּועס האָט זיך געלאָזט הערן, אַ רייעך פון רעפּועס, פון אַפּטייק, פון באַרמענען...

פון זינט ראַפּאַלעסקאָ קען זיך מיט האָלצמאַנען, האָט ער אים נאָך, אַזוי שלעכט ניט געפונען, ווי איצטיקס מאָל. דער טויט איז אים געלעגן אַף די ליפּן, דורכגעלייכט זיך אין די שפּיציקע אויסגעלאָשענע אויגן, זיך אויסגעצויגן אַף זיינע שפּיציקע אָפּגעשטאָרבענע אויערן און גע־שוועבט איבערן גאַנצן כיידער. אין דער מינוט האָט זיך ראַפּאַלעסקאָן פאָרגעשטעלט: ווי אַזוי זיין פריינט האָלצמאַן וועט ליגן אַף דער ערד מיט די פיס צו דער טיר, איינגאַנצן איבערגעדעקט מיט דער טענדע־ווערענדע. דאָס טויטע פּאָנים וועט מען ניט זען, נאָר די שפּיצן פיס וועלן אַרויסשטעקן. און אַ ליכטל וועט ברענגען באַ אים צוקאָפּנס. און פון ביידע זייטן אַף דער ערד וועלן זיצן איבער אים די מאַמע סאָרע־בראָכע מיט דער שוועסטער זלאטקע, וועלן אים באַוויינען, ברעכן די הענט און לייענען מיט אַ ניגן אַ גאַנץ צעטל, ווי פון אַ מאַינע־לאָשן „האַרציקער זון! טייערער ברודער, געטרייער! אף וועמען לאָזטו אונז אי־אי־אי־בער? !...״

ער געדיינקט אים, דעמדאָזיקן טרויעריקן ניגן, פון האָלענעשטי —
לייע די כאַזנטע האָט אַמאָל באַוויינט איר אַלטע מאַמע, וואָס איז גע־
שטאָרבן צו עטלעכע און זיבעציק יאָר. און עס דאַכט זיך אים אויס,
אַז ער פילט דאָ דעם טויט, עס שמעקט מיט רעפּועס, מיט אַפּטייק,
מיט בארמענען — און עס ווילט זיך אים אין דער מינוט נאָר לויפן, לויפן
אין דער וועלט אַריין.

נאָר אנשטאט דעם, ער זאָל לויפן, בלייבט ער זיצן, בייגט זיך אָן
איבער האָלצמאַנען און רעדט צו אים אַזוי וואַרעם, אַזוי פריינטלעך, און
טרייסט אים און זאָגט אים צו, אַז ווי נאָר ער קומט קיין אַמעריקע,
אַזוי שרייבט ער אים באַלד אַ בריוו, אַלע טאָג וועט ער אים שרייבן
בריוו. און וויבאַלד ער, האָלצמאַן, וועט נאָר אופשטיין פון בעט — און
אופשטיין וועט ער דאָך גאָר אין גיכן — אַזוי זאָל ער זיך אופזעצן מיט
דער שוועסטער און מיט דער מאַמע און פאָרן גלייך צו אים קיין ניו־
יאָרק, גלייך צו אים...

ראַפּאַלעסקאָ קוקט אַראָפּ צו זיך אַף די שפּיץ שטיוול. ער פילט, אַז
עס ברענט אַף אים דאָס פּאָנים, וואָרום ער זאָגט אַ ליגן, אַ גרויסן ליגן:
האָלצמאַן וועט ניט געזונט ווערן קיינמאָל. ער וועט קיין אַמעריקע ניט
פאָרן קיינמאָל. און ווען ער וואָלט אַפילו זיין געזונט און קאָנען פאָרן,
וואָלט אים די נייע קאָמפּאַניע סיווי ניט וועלן מיטנעמען, ניט אים, ניט
זיין שוועסטער — סאיז דורכויס ליגן, שעקער וועקאָזאָוו! נאָר ראַפּאַ־
לעסקאָ האָט אָנגעהויבן לייגן, לייגט ער ווייטער, אין איין אָטעם. „אַוואַ־
דע — זאָגט ער — וואָלט גלייכער געווען, ווען די שוועסטער זאָל פאָרן
באַלד מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע, קאָן זי אָבער ניט. ווי קאָן זי אי־
בערלאָזן דעם ברודער אַליין אין לאָנדאָן?"...

דאָ כאַפּט אים אָן האָלצמאַן באַ אַ האַנט און עס צינדן זיך אים אָן
די שפּיציקע אויגן און אין האַרצן כריפּעט אים: „אַ יעסוימע... נעבעך
אַ יעסוימע..." מער קאָן האָלצמאַן ניט אַרויסרעדן. עס שטיקן אים די
טרערן...

— זיי געזונט, בערנאַרד! — זאָגט אים ראַפּאַלעסקאָ נאָך אַ מאָל,
צום לעצטן מאָל, און איז צופרידן, וואָס ער איז שוין אַף יענער זייט
טיר און זעט שוין ניט מער פאַר זיך דעם האַלב־טויטן האָלצמאַנען און
הערט שוין ניט מער דעם שאַרפן רייעך פון רעפּועס, פון אַפּטייק, פון
באַרמענען... ער קוקט זיך אַרום און דאַנקט גאָט, וואָס ער האָט אין
דער מינוט כאָטש ניט באַגעגנט נישט זלאַטקען, נישט די אַלטע סאָרע־
בראָכע. וואו זיינען זיי?... זאָל ער זיי אָפּוואַרטן? ניין. ער וועט בעסער
גיין פאָרן. עס גלוסט זיך אים לויפן, שפּרינגען, נאָר ער האַלט זיך איין,
מאַכט לאַנגזאַמע טריט, זעצט זיך אַרויף פּאַוואָלינקע אַפן הויכן קעב,

וועלכער כאַפּט אים אוף און פירט אים געשווינד אָפּ צו דער באַן. דאָרט טרעפט ער די גאַנצע קאָמפּאַניע: ביידע ברידער שוואלב מיט דער שוועסטער די פרימאַדאָנאַ און דעם לאָמזשער כאַזן מיטן מוזיקאַלישן גע־זינדל... „וואָס אַזוי שפּעט? מיר קאָנען נאָך אָנווערן דאָס שיף"...

ערשט דעמאָלט אָטעמט ער אָפּ אַביסל פרייער, אַז ער שטייט שוין אַפן אויבערדעק פונם „אַטלאַנטיק", און דאָס שיף גייט אָפּ פון סויט־העמפּטאָן רואיק, מיט גאַדלעס, מיט זעלבסטרעספּעקט, גרויסאַרטיק־שיין. אויך דאָס וועטער איז דאָ שיין. נישטאָ די קאַלטע וואָלקנס מיט דער געדיכטער „פאָגע" פונם קאַלטן לאָנדאָן. פריינטלעך קוקט אַראָפּ די ליבע זון פון ריינעם הימל. שטיל און גלאַט, ווי שפּיגל־גלאָז, איז דער יאַם. און עס גליטשט זיך דאָס שיף איבערן וואַסער, קאַם־קאַם וואָס רירט אָן די וועלן, וועלכע הייבן ערשט אָן אַרויסצוטרעטן, בייגן זיך אָן און בוקן זיך, לאָזן זיך זען, גיבן אָפּ אַ גרוס פונם גרויסן ברייטן יאַם, וואָס באַוועגט זיך און שטייט אַף איין אָרט פון אייביק ביז אייביק. און אַ ליבע וואַרעמקייט צעגיסט זיך באַ ראַפאַלעסקאָן אין אַלע גלידער. ער פילט זיך פריי. ער פאָרט אַהין, אַהין, צו זיין געליבטער, צו זיין איינציקער געליבטער...

נאָר פלוצים וואַקסט אויס האַרט נעבן אים הענריעטא שוואַלב אויסגעפּוצט ווי טאָמיד און אויסגעצירט אין אַלע עכטע און פאַלשע בריליאַנטן, ווי טאָמיד. זי גיט אים איר האַנט, און זיי לאָזן זיך ביידע שפּאַצירן איבערן אויבערדעק. הענריעטא האָט זיך אופגעהאַנגען אַף זיין האַנט; זי פאַרקוקט אינט אין די אויגן און לאַכט מיט איר הילכיקן קאָקעטישן געלעכטער און באַווייזט פאַר דער גאַנצער וועלט אירע שיינע פערלדיקע ציינדלעך.

און די גאַנצע וועלט קוקט נאָך מיט אויגן דעמדאָזיקן פּאָרל און ווילן טרעפן, ווער איז דאָס: שוועסטער און ברודער? כאָסן־קאַלע? אָדער עפּשער גאָר מאַן און ווייב?...

אָט אַזוי האָט אונזער העלד געזעגנט זיך מיט זיינע פריינט, מיט זיינע סאַמע נאָענטע פריינט, מיט האָלצמאַנען, וואָס איז אים געווען געטריי, ווי אַ ברודער, און מיט האָלצמאַנס שוועסטערל, וואָס איז אים געווען איבערגעגעבן, ווי אַ שוועסטער, מער ווי אַ שוועסטער... „זייַ געזונט, בערנאַרד" — אָט דאָס איז געווען אינגאַנצן, וואָס ראַפאַלעסקאָ האָט געהאַט צו זאָגן צו זיין פריינט בערנאַרד האָלצמאַן.

קאַפּיטל 21

## א שלימאזלדיקער קוש.

אויב ראפאַלעסקאָ האָט זיך געהאַלטן מיט האָלצמאַנס שוועסטערל ווי אַ ברודער, האָט ער זיך מיט דער פּרימאַדאָנאַ שוואַלב אַליין ניט געוואוסט, ווי אַזוי צו האַלטן. פון טאָמיד אָן האָט הענריעטאַ גע־טאַנצט ארום אים, געקאָקעטירט, געשפּילט מיט אים אָפּט אין באַרוי־געזלעך. אַליין באַ זיך אין האַרצן האָט זי גאַנץ גוט געוואוסט, אַז ער איז צו איר קאַלט, ווי אייז, נאָר פאַר דער וועלט האָט זי אַרויסבאַוויזן, אַז ער איז אין איר פארליבט סאַקאָנעס און אז זי איז זיינע נאָך נישט אַן אָפּיציעלע קאַלע.

פון דעם האָבן געוואוסט אַלע. מע האָט שוין אַפילו געהאַט גע־שמועסט וועגן בּרעכן טעלער און וועגן שטעלן אַ כופּע. נאָר ווי אַזוי מאַכט מען דאָס? פאַראַן א צאָרע, וואָס הייסט האָלצמאַן. די בּרידער שוואַלב האָבן אַרויסגעזעען, אַז קאָלזמאַן ראפאַלעסקאָ וועט זיין נאָענט מיט זיין פריינט און אימפּרעסאַריאָ, וועט האָלצמאַן נישט דערלאָזן, אַז דער „יאַט" זאָל אַריינפאַלן צו זייער שוועסטער אין די הענט אַריין. האָבן זיי גענומען זוכן מיטלען, ווי אַזוי פּאָטער צו ווערן פון אָט דעם „יאַדעשליוון שלימאַזל" (האָלצמאַן). און גאָט האָט געהאָלפן, עס איז זיי געראָטן אַרום און אַרום, נאָך מער ווי זיי האָבן געוואָלט. נישט נאָר האָבן זיי באַדאַרפט פּויעלן באַ ראפאלעסקאָן, ער זאָל מיט זיי מיטפאָרן אינם גאָלדענעם לאַנד; ראַפאַלעסקאָ אַליין, דערהערט, אַז זיי קלייבן זיך קיין אמעריקע, האָט ער קימאַט אָנגעשלאָגן זיך צו זיי, אַז ער וויל מיט זיי מיטפאָרן. די בּרידער שוואַלב זענען געווען אפן זיבעטן הימל: „דער יאַט איז טאַקע, אַפּאָנים, רעכט פאַרקנאַקט אין אונזער דור־באַטש!" — אַזוי האָבן דידאָזיקע בּרידער אָפּגעפּאַסקנט צווישן זיך. שויטים! זיי האָבן ניט געוואוסט, ווּעמען זיי האָבן דערמיט צו פאַרדאַנקען. זיי האָבן ניט געוואוסט, אַז די אייגענע בריינדעלע קאָזאַק, וואָס האָט גע־רופן קיין ניו־יאָרק זייער שוועסטער די פּרימאַדאָנאַ, האָט געצויגן אַהין אויך ראפאלעסקאָן דערמיט, וואָס דאָרט געפינט זיך אַציגד זיין געליבטע, דעם כאַזנס טאָכטער פון האָלענעשטי. און די בּרידער שוואַלב האָבן אָפּגעשמועסט, אַז וויבאַלד מע קומט צו פאָרן קיין אמעריקע, אַזוי שטעלט מען אַוועק „פיר שטעקנס" — און געפּאַטערט אַן אייסעק. דערווייל דאַרף עס נאָך זיין בעסאָד־סוידעס, קיין פויגל טאָר דערפון ניט וויסן.

פאַרשטייט זיך, אַז דער סאָד איז ניט פאַר אַלעמען. פאַר וועמען עס דאַרף זיין אַ סאָד, און פאַר וועמען ניט. לעמאָשל, פאַר מיסטער

קלאַמער איז בא ניסל שוואַלב, ווי מיר ווייסן, בּיכלאַל נישטאָ קיין סאָד. מיסטער קלאַמער איז געווען דער ערשטער, וואָס אים האָט ניסל שוואַלב פֿאַרטרויט דעמדאָזיקן גלענצנדיקן פּלאַן. מיסטער קלאַמער האָט אים אויסגעהערט, ווי זיין שטייגער איז, מיט צוגעמאַכטע אויגן און גלעטנדיק מיט פיר פינגער זיין הערצל־באָרד. און אַז יענער האָט געענדיקט, האָט אים מיסטער קלאמער געזאָגט, אַז פֿאַר אים איז דאָס קלאַל ניט קיין נייס, ער ווייסט עס פֿון לאַנג, און אַז ער האָט קעגן דעם שידעך גאָרנישט וואָס אויסצוזעצן, בּילטי נאָר איין זאַך, אַז מע טאָר נישט פֿאַרלאָזן אין דער לאַנגער באַנק, איינס־צוויי־דריי, ווי זאָגט דער אייגעלשמען: „סלאָוו אַט סטאַרט פֿאַסט אַט ענד". מע דאַרף זען וואָס גיכער קוידעם בּרעכן טעלער, און טאַקע באַלד, און טאַקע שוין שטעלן א כופּע, וועט זיין אָל־רייט. וואָרום אָט די כעוורע פּייפּערס (דאָס מיינט ער אַקטיאָרן) זענען אַ פֿאָלק, וואָס פּי־פּו־פּאַ!

מיסטער קלאַמער האָט אַרויסגענומען די פיר פינגער פֿון זיין הערצל־באָרד און האָט א מאַך געטון מיט זיי אין זיער לופטן דריי מאָל הין און צוריק — צו באַווייזן, וואָס די כעוורע פּייפּערס זענען.

דיזעלבע מיינונג פֿון שטעלן א כופּע איז געווען אויך זייער דריטער קאָמפּאַניאָן, דער לאָמזשער כאַזן, מיט וועלכן ניסל שוואַלב האָט זיך פֿאַרשלאָסן אונטן אין קעלער באַזונדער אין א כיידער און בעסאָד־סוידעס איבּערגעגעבּן אים דעם גאָלדענעם פּלאַן. און מאַכמעס דאָסדאָזיקע כיידער איז געווען די „קיטשען", וואו די לאָמזשער כאַזנטע האָט סאַמע געקאָכט „דינער", איז דאָס שוין פֿאַר דער כאַזנטע אויך געווען אויס געהיימניס, אויס סאָד, און דעם כאַזנס קינדער, דאָס גאַנצע מוזיקאַלישע געזינדל, אַלע האָבּן אַרויסגעקוקט, ווען וועט מען בּרעכן טעלער און ווען וועט מען שטעלן כופּע?

נאָר איין מענטש האָט פֿון דעם אַלעם נישט אָנגעהויבּן צו וויסן. דאָס איז געווען .לעאָ ראַפּאַלעסקאָ. אים איז אַפילע אַף די געדאַנקען נישט געקומען, וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך. זיין קאָפּ און זיין האַרץ זענען געווען דאָרטן, וואו דעם כאַזנס טאָכטער, די איצט בּארימטע ראָזע אָדער ראָזאַליע ספּיוואַק, צו וועלכער ער שטרעבּט מיט אַלע קויכעס, וועלכע ער זעט אין כאָלעם בּאַנאַכט און בּאַטאָג אַף דער וואָר, צוליבּ וועלכער ער האָט זיך בּאַשלאָסן אַוועקוואַרפֿן אַפֿן טויטן־בּעט זיין אַלטן גוטן פריינט האָלצמאַן, וואָס האָט זיך מאַפקיר געווען צוליבּ אים, און זיין שוועסטערל, וואָס איז איינגעגאַנגען ווי א ליכט, נישט געקאָנט זיך אַפילע געזעגענען מיט אים... אַך! וואָס פֿאַר אַ מיעסע מאַיסים ער האָט אָפּגעטון אין דער לעצטער צייט — ער קאָן זיך עס גאָרניט מויכל זיין.

און ליגנדיק איצט באַ זיך אָט דאָ איינער אַליין אַף זיין וויגבעטל אין שיפּסקעבין, וואו ער הייבט אָן ביסלעכווייס קומען צו זיך, טראַכט ער זיך: „ווי אַזוי האָט ער געקאָנט אַזוי נידעריק פאַלן, אַזוי מיעס באַגיין זיך מיט די סאַמע נאָענטע גוטע פריינט, פּראָסטע אומ־שולדיקע מענטשן?"...

ווי אַ טרויעריקער קאַליידעסקאָפּ, ווי א פּאַנאָראַמע פון אלערליי בילדער, איינס שוואַרצער פונם אַנדערן, גייט אים דורך פאַרביי דאָס גאַנצע לעבן זיינס ביז אַהער, און ער זעט ניט פאַר זיך קימאַט קיין איין ליכטיקן פּונקט, ניט איין פּינטעלע א ליכטיקס. דורכויס פינצטער, דורכויס נידערטרעכטיק, דורכויס פאַרברעכן: דעם טאַטן באַגאַנוועט... פון דער היים אַנטלאָפן... די מאַמע געהאַרגעט... האָלצמאַנען אָפּגעליִגנערט... זלאַטקען אָפּגענאַרט, מיעס אָפּגענאַרט, זיך פאַרשטעלט פאַר אַ ברודער, איר צוגעזאָגט ליבע, צעבראָכן א יונג אומשולדיק האַרץ... און איצט פאָרט ער אין אַ ווייט אומבאַקאַנט לאַנד אַף שטענדיק, אַף אייביק! ניין, ער איז נידעריקער פון נידעריק. ער איז ווערט, מע זאָל אים פיינט האָבן, און ער האָט זיך פיינט אין דער מינוט, און ער שלאָגט זיך אַל־כעט, און ער איז זיך אליין נימעס, נימעס אומאָעס! „אוי, דער קאָפּ! דער קאָפּ!"

— אַלץ דער קאָפּ?...

אַזוי פרעגט אים אַ קענטלעכע שטימע, א שטימע פון אַ פרוי, וואָס זיצט איבער זיין בעטל, האַלט די האַנט אַף זיין שטערן, גלעט אים און שאַרט אים די צעוואָרפענע האָר פונם קאָפּ אַרוף און קוקט אים אין די אויגן אַריין אַזוי וואַרעם, אַזוי ליב און אַזוי פריינטלעך. ווער זאָל דאָס זיין? ער דערפילט אַ רייעך פון פודער און פאַרפומען, באַקאַנטע פאַרפומען. ער וואָלט געמעגט שווערן, אַז דאָס איז הענריעטאַ שוואַלב. ער עפנט אוף איין אויג, דאָס אַנדערע אויג און דערזעט פאַר זיך נאָ־ענט אַ באַקאַנט ווייס אָנגעפּודערט פּאָנים מיט רויטע אָנגעפאַרבטע ליפּן. יאָ. דאָס איז הענריעטאַ שוואַלב. דאָס ווייסע אָנגעפּודערטע שמעקנדיקע פּאָנים איז נאָענט, גאַנץ נאָענט צו זיין פּאָנים. אירע אויגן קוקן אים טיף אין די אויגן אַריין. און די רויטע שטאַרק אָנגעפאַרבטע ליפּן שעפּטשען אים שטיל פון דער נאָענט: „טייערער! שיינער! טייערער!"...

אין דער מינוט ווערט אַלץ פאַרגעסן. פאַרגעסן, אַז ער האָט זיך נאָר־וואָס געשלאָגן אַל־כעט. פאַרגעסן אַפילע, וואוהין און צוליב וועמען ער פאָרט און וואו ער איז. און ווער ער איז. און ער הערט זיך צו, ווי די האַנט גלעט אים, און ווי די אויגן קוקן אַף אים, און ווי די ליפּן שעפּטשען אים: „שיינער! טייערער!" — נאָך אַ מינוט — און ער נעמט זי אַרום מיט זיינע הענט. נאָך אַ מינוט — און אירע רויטע ליפּן

בייגן זיך צו אים נאָך נעענטער און גיסן זיך צונויף מיט זיינע ליפּן און ווערן פאַרשטאָרבן אין אַ לאַנגן־לאַנגן קוש.

עס איז צו מוירע האָבן, אַז דערדאָזיקער קוש וועט אונזער העלד ניט אָפּלויפן גלאַט. דאָס איז געווען אויב ניט קיין אויסבארעכנטער קוש, אַ קוש פאַר איידעס, וואָרום וואָס דען זענען פון יענער זייט טיר גראָד אין דער צייט אויסגעוואַקסן דריי פּאַרשוינען: ניסל שוואַלב, מיטטער קלאַמער און דער לאָמזשער כאַזן?...

קאַפּיטל 22

# אמעריקע! אמעריקע!

פון אַלע פּאַסאַזשירן, וואָס זענען אָנגעקומען דעמדאָזיקן טאָג קיין ניו־יאָרק מיטן שיף „אַטלאַנטיק", האָט זיך קיינער אַזוי ניט געשטופּט באַצייטנס צום אַרויסגאַנג, קיינער האָט זיך אַזוי ניט געערגערט, קיינער איז ניט געווען אַזוי אויפגערעגט־נערוועז, אַזוי אומגליקלעך־מעשוגע ווי אונזערע אַכיינו בניי איסראָעל. און דאָס איז גאַנץ גרינג צו פאַרשטיין: דער גרעסטער טייל פון די אידישע פּאַסאַזשירן זענען דאָך פון דעם מין, וואָס מע רופט עס „עמיגראַנטן". דאָס זענען דאָך מענטשן, וואָס קומען קיין אַמעריקע צו געפינען דאָ אַ נייע היים, אָנשטאָט יענע אַלטע היים, וואָס האָט זיי אַזוי מיעס באַהאַנדלט און אַזוי אומדערבאַרעמלעך אַרויס־געוואָרפן... און זיי קוקן אַרויס אַפן לאַנד, ווי אַף מאָשיעכן. און זיי שלאָגן זיך צונויף אַלע ווי די שאָף. דאָס האַרץ קלאַפּט. דער פּולס שלאָגט הונדערט צוואַנציק. „ריבוינע שעל אוילעם, ליבער גאָט! וואָס ערוואַר־טעט זיי דאָ, אינם דאָזיקן געבענטשטן לאַנד???"...

זעלטן־זעלטן ווער פון זיי עס האָט ניט אין ניו־יאָרק אַ זון אָדער אַ טאָכטער, אַ מאַן אָדער אַ ווייב, אַ קאָרעוו, אַ גויעל, א פריינט, א באַ־קאַנטן, וואָס וואַרט אַף זיי באַם ברעג און איז גרייט „אַראָפּצונעמען" זיי פון שיף, אום צו פאַרגרינגערן זיי דעם פּיין, וואָס מע האָט אויסצו־שטיין אַף דער ערשטער סטאַנציע, וואָס מע רופט עס דאָרט מיט אַ שיי־נעם נאָמען: „טרערן־אינזל".

פאַר אידישע עמיגראַנטן איז דאָס אַ מין אָפּקומעניש, אַ כיבעט־האַקיידוער, א שטיקל פּאַר־געגנעם, וואו זינדיקע מענטשן מוזן דורכליי־טערן זייערע נעשאָמעס, ביכדיי זיי זאָלן קאָנען נאָכדעם אַריינקומען אין גאַניידן. אַמאָל האָט דאָסדאָזיקע פּאַר־געגנעם געהייסן „קעסעל־גאַרדען". היינט הייסט עס „עליס איילאַנד". דער נאָמען האָט זיך געביטן, אָבער

די צאָרעס מיט די ליידן, די זיפצן מיט די טרערן, די ביזיוינעס מיט די שפּיכעס־דאָמים זענען געבליבן דיזעלבע און וועלן מיסטאָמע בלייבן מיטן אייבערשטנס הילף אַף ווייטער אויך דיזעלבע, קאָלזמאַן מענטשן וועלן געוועלטיקן אַף מענטשן, קאָלזמאַן מענטשן וועלן אַרויסבאַווייזן פון צייט צו צייט, אַז אין זיי געפינען זיך נאָך סימאָנים פון כאַיעס...

* * *

צווישן אַלע איבעריקע פּאַסאַזשירן, וואָס זענען אַרויס אַפן אויבער־דעק אָנקוקן דאָס גאָלדענע לאַנד דערווייל פונדערווייטן, זענען געווען אויך די בלאָנזנדע אַרטיסטן פון אונזער נאַוועגאַדנער טרופּע „קלאַמער, שוואַלב עט קאָמפּ״. אַ פּאַרגעניגן געווען אָנצוקוקן דידאָזיקע טרופּע פריילעכע עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך אויסגעפּוצט, יעדער נאָך זיין גוטס און נאָך זיין שטאַנד, צוגעגרייט זיך מעקאַבל פּאָנים זיין „די גאָלדענע מעדינע פון קאָלומבוסן״, ווי עס געהער צו זיין, פייערלעך, יאָנטעוודיק.

די ברידער שוואַלב האָבן זיך אָנגעטון אין זייערע שענסטע יאָנ־טעוודיקע קליידער, פריער זיך גוט „אַרומגעשייווט״, נישט איבערגעלאָזט קיין סימען פון געוואוקס אַפן פּאָנים — ווער מיר באָרד? וואָס מיר וואָנ־טעס? גלאַט און ריין, ווי אַ טעלער. און דאָך האָבןביידע ברידער גע־האַט פאַרשידענע פּענימער. איינער (ניסל) האָט אויסגעזען, ווי אַ דייטש אַ קאָלבאַסניק אינם הייליקן זונטיק, און דער אַנדערער (איזאַק) איז מער געווען ענלעך צו אַ רוסישן קאַפּראַל, וואָס איז נאָר־וואָס אַרויס פון דער דינסט און געגעבן זיך דאָס וואָרט ניט טרינקען מער קיין בראָנפן, נאָר ביר.

דערפאַר האָט אָבער מיסטער קלאַמער אַריבערגעשטייגט זיי ביידע. ער האָט דאָס אַביסל צעקעמט זיין הערצל־באָרד רעכטס און לינקס, עפּעס גאָר מאַיסע־סקאָבאָלעוו. דאָס שניי־ווייסע העמד מיטן ווייסן שניפּס אונטערן שטאַרק אויסגעשניטענעם סמאָקינג האָבן אים באַדאַרפט צוגעבן כיין פון אַן עמעסן דזשענטעלמען, ווען ער זאָל נאָר ניט געווען כאַפּן דעם אָפּבליק פון אַן אָבערקעלנער אין אַ גרויסאַרטיקן האָטעל. דורכ־גייענדיק אין שפּיגלדיקן „רייניגגרום״, האָט ער געכאַפּט אַ קוק אַף זיך אין שפּיגל, געבליבן שטיין אַ ווײַלע, ווייזט אויס, גאַנץ צופרידן. ער איז געווען איבערצייגט, אַז אַפן גאַנצן שיף איז ער אויב ניט דער שענסטער מאַנספּאַרשוין. און פאַרקערט, לאָמיר זען, וואָס וועט זאָגן ניו־יאָרק? עפּ־שער איז אין אַמעריקע דאָ שענערע פון אים, און עפּשער ניין?... מיסטער קלאַמער האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן, ער זאָל ניט אַ זאָג טון צו זיך אַליין מיט זייער אַ באַשיידן שמייכעלע:

— מיסטער קלאַמער! איר זענט אָל־רייט...

גאַנץ אַנדערש איז דאָס געוועזן מיטן פערטן שותּף פון דערדאָזיקער קאָמפּאַניע. מיר רעדן פונם לאָמזשער כאַזן. דער לאָמזשער כאַזן, כאָטש ער איז שוין לאַנג פון פוילן און כאָטש ס׳איז נישטאָ באַ אים קיין זייער פון קיין פּייעס, און אויב איר וועט מיר צוזאָגן, אַז צווישן אונז וועט דאָס בלייבן, וועל איך אייך דערציילן אַ סאָד, אַז ס׳איז אַ סוואָרע, אַז אַפילע דאָרט, וואו עס הייבט זיך אָן באַ אים באָרד... נאָר לעמאַי זאָלן מיר רעדן לאָשן־האָרע? קורץ, ער האָט אַרויסבאַקומען זיין אַלטע כאַזאָנישע שאַבעסדיקע קאַפּאָטע מיטן זיידענעם בייגאַרטל. די וועסטע האָט ער פאַרשפּילעט ביז אַרוף און אַ פּאָנים האָט ער אָנגעצויגן אַף זיך אַזאַ פרומס, אַזביידע שוואַלבס מיטן מיסטער קלאַמער האָבן זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָבן אַלע דריי אויסגעשאָסן:

— וואָס איז דאָס?

— אַמעריקע! — האָט זיי אָפּגעענטפערט דער לאָמזשער כאַזן מער ניט אַז מיט איין וואָרט און געגעבן זיי צו פאַרשטיין דעם סייכל: — אַמעריקע, פאַרשטייט איר מיך, איז ניט יוראָפּ, און ניו־יאָרק איז ניט לאָנדאָן. אַ מ ע ר י ק ע איז אַ לאַנד מיט אַ מימאָנעפּשעך: ביסטו אַן אַרטיסט — ביסטו אַן אַרטיסט. ביסטו אַ כאַזן — ביסטו אַ כאַזן. האָט איר עס צעקייט?

אויב זיי האָבן עס צעקייט אָדער ניט — דאָס ווייסט מען ניט. נאָר דער לאָמזשער כאַזן איז געגאַנגען מיט אַ פּראַקטישן דערעך: ביז וואַנען זיינע קינדער וועלן אַמאָל אָנהייבן פאַרדינען געלט אין אַמעריקע, ביז וואַנען די כעוורע אַרטיסטן וועלן אַמאָל אָנהייבן שאַרן גאָלד אין דער גאָלדענער מעדינע, וועט ער דערווייל כאַפּן אַ דאַוון באַם אָמעד (עס גייט צו יאָמים נוראָים) טאַקע פאַר זיינע לאַנדסלייט, די לאָמזשער אידן, וואָס האָבן אים אַרויסגערופן אַהער מיט זיין מוזיקאַלישן געזינדל. דאַנקען גאָט, ער פילט זיך נאָך אין קויעך. ער האָט אַפן יאָם ניט פאַרלוירן גאָרניט פון זיינע קיילים. פאַרקערט. די נעסיע אַפן שיף, פילט ער, האָט אים, אַדעראַבע, נאָך דורכגעלייטערט אַביסל די שטימע, און עס קיצלט אים שוין אין האַלז, און עס גאָרגלט זיך אים, און עס זינגט זיך אים דעם גאַנצן פרימאָרגן, פון זינט מע האָט אָנגעהויבן אַרויסצוזען פונדערווייטן דאָס לאַנד. מיט איינעם וואָרט, דער לאָמזשער כאַזן האָט דערפילט דעם כאַזן, האָט ער זיך אָנגעטון, ווי אַ כאַזן, און אַרופגעצויגן אַף זיך דעם כאַזאָנישן פּאָנים, ווי עס פּאַסט פאַר אַ כאַזן צו די יאָמים נוראָים.

אויך די כאַזנטע האָט זיך אָנגעטון יאָנטעוודיק. אויבן, אַפן געלן פּאַריק, אַ זיידענע פאַטשיילע, פאַרבונדן מיט צוויי שפּיצן, נאָר ביידע אויערן אַרויסגעשטעלט, מע זאָל זען, ערשטנס, די זילבערנע־פאַרגאָל־

דעטע אוירינגלעך, וואָס באַמבלעטן זיך באַ איר פון נאָך דער כאַסענע אָן; און, צווייטנס, פאַרוואָס זאָלן ניט אַרויסשטעקן כאָטש אַביסל אירע אייגענע בלאָנדע האָר? זי ווייסט דען, וואָס פאַר אַ לאַנד אַמעריקע איז? ווער ווייסט, וואָס גייט דאָרטן מער אָן: צי צניעס, צי כציפעס? עפשער דאַרף מען דאָרט ביידע זאַכן? אַ קאַשע אַף אַמעריקע?...

דערפאַר זענען אָבער זייערע קינדער, דאָס מוזיקאַלישע געזינדל, געווען אויסגעקליידט גאַנץ אייראָפּייאיש. אַלע, פונם גרעסטן ביזן קלענ־סטן, זענען זיי געגאַנגען אָנגעטון קינדערש: האַלבע הויזלעך, גראָבע פּאָלקעס, קורצע וויטיקלעך און קליינע קאַפּעלושלעך אַף די לאַנגע האָר. קורצע הויזלעך און לאַנגע האָר האָבן געטראָגן אַלע באַרימטע „וואונ־דער־קינדער": הובערמאַן, און פידעלמאַן, און גרישאַ סטעלמאַך, אַזוי לאַנג ביז ס'איז נאָר געווען מעגלעך צו באַהאַלטן די באָרד און וואָנ־סעס, וואָס צו אַ געוויסער צייט הייבן זיי אָן, ווי ס'איז באַוואוסט, צו שפּראָצן און צו וואַקסן מיט רוכעס, כאָטש גאָלט זיי, כאָטש שניידט זיי, כאָטש טוט זיי וואָס איר ווילט!

ווער־ווער—נאָר דאָס מוזיקאַלישע געזינדל איז געווען צופרידן מיט דערדאָזיקער נעסיע מער פון אַלעמען. זיי האָט ערוואַרטעט אין דער גאָלדענער מעדינע דאָס, וואָס קיינעם ניט. אַז מע האָט זיי אָנגעזאָגט די גוטע בסורע, אַז מע זעט שוין אַרויס דאָס לאַנד, זענען זיי אַרויס אַלע אַפן אויבערדעק, זיך אַרומגענומען אלע, פאַרלייגט אַ האַנט אַף אַ האַנט, און אַלע איינינעם האָבן זיי, גלייך ווי ס'איז באַ זיי געווען אָפּגעשמו־עסט פון פריער, אויסגעצויגן אַן אַמעריקאַניש לידל צום טאַקט פון די וועלן, וואָס האָבן שוין איצט געקלאַפּט מיט ווינציקער צאָרן, נאָר מיט מער ריטם:

אַמע־רי־קע! אַמע־רי־קע!...

ק אַ פּ י ט ל 23

## רואיק איז דער יאַם.

רואיק איז געווען דער יאַם באַ די ברעגעס פון אַמעריקע, בעאייס דאָס שיף איז שוין געווען ניט ווייט פון ניו־יאָרק. ניט שטיל, נאָר ר ו א י ק.

דער צעבייזערטער יאַם, אַז ער באַרואיקט זיך, אָטעמט ער אָפּ, ווי אַן אויסגעמאַטערטע ריזיקע כאַיע. גרויס איז דער יאַם, ווען ער צע־שפּילט זיך און צעפּלעסקעט זיך מיט אַלע זיינע וועלן. שיין איז דער יאַם, ווען ער באַרואיקט זיך. מאַיעסטעטיש שיין, נאַטירלעך שיין.

אַ שלאַל פון פאַרבן, אַלערליי פאַרבן, וועלכע עס פאַרמאָגט נאָר די מילדע נאַטור, האָבן זיך אין אים איצט אָפּגעשפּיגלט צו דערפרייען דאָס אויג פון די אופגעלעבטע פּאַסאַזשירן, צו באַלוינען זיי פאַר זייערע אַנגסטן, וואָס ער האָט זיי פאַרשאַפן אין די עטלעכע שווערע טעג פון דער שווערער נעסיע. און פול זיינען געוואָרן אַלעמענס הערצער מיט דאַנקבאַרקייט צו דער געטלעכער נאַטור און מיט באַגייסטערונג צו דער אייביקער מעכטיקייט, וואָס האָט באַשאַפן אַזאַ גרויסע, אַזאַ שיינע, אַזאַ ליבע, זיסע וועלט. זיי האָבן מויכל געווען דעם יאַם, מויכל געווען מיטן גאַנצן האַרצן, און האָבן אויסגעשאָטן אַלע ווידעראַמאָל אַפן אויבערדעק פון שיף, ווידעראַמאָל גענומען באַטראַכטן און באַוואונדערן גאָטס ווערק, ווידעראַמאָל געווען קאָנטעט, אופגעלייגט און צופרידן, גלייך ווי גאָר ניט געווען.

נאָר אויב די אַלע פאַרשוינען, וואָס אַפן שיף, זיינען מיט זייער צו־קומען נאָענט צו די ברעגעס פון ניו־יאָרק געווען צופרידן, דאַרפן מיר זאָגן אַף דעם יונגן פּאָרל, וואָס איז געשטאַנען אַפן אויבערדעק געאַ־רעמט, האַרט איינס נעבן דאָס אנדערע, אַז דאָס איז געווען אַ גליקלעך פּאָרפּאָלק, אויב ניט דאָס גליקלעכסטע פּאָרפּאָלק אַפן שיף. יעדנפאַלס, אַזוי האָט דאָס אויסגעזען. און שיין איז געווען דאָס פּאָרל, שיין און יונג און פריש און געזונט און גליקלעך. אַסאַך אויגן האָבן געקוקט אַף זיי און מעקאַנע געווען. אַ גליקלעך, גליקלעך פּאָרל!

ווער איז געווען דאָס יונגע פּאָרל? פאַרשטייט זיך, אַז ניט קיין אַנדערע, נאָר די פּרימאַדאָנאַ שוואַלב מיט איר געליבטן לעאָ ראַפּאַלע־סקאָ. צי איז ראַפּאַלעסקאָ געווען גליקלעך — ווייסן מיר ניט, נאָר אַז הענריעטאַ איז געווען אַפן זיבעטן הימל — דאָס איז געווים.

גליקלעכע, גליקלעכע הענריעטאַ — זי האָט זיך עס דערלעבט! אַזאַ צייט געווען אַפן געיעג, זיך נאָכגעיאָגט נאָך דעמדאָזיקן שיינעם באָכער פון דעם ערשטן טאָג אָן, וואָס זי האָט אים דערקענט אין לעמבערג, ביז דער סאַמע לעצטער צייט אין לאָנדאָן. און ערשט דאָ, אַפן שיף, איז איר געראָטן, זי האָט אים געפּאַקט — ער איז אירער, ער איז אירער!...

וואָס פאַר אַ ניצאָכן דאָס איז — דאָס ווייסט נאָר זי אַליין, און ווייטער קיינער ניט. אין אירע אויגן האָט אָפּגעשטראַלט דערדאָזיקער ני־צאָכן. איר פּאָנים האָט געשיינט פון גליק, פון העכסטן גרעסטן גליק. אַלע אירע גלידער האָבן געשריען אין איין קאָל: „זעט איר אָט דעם שיינעם באָכער מיט די גוטע מילדע אויגן, מיט די בלאָנדע שיינע לאָקן — גיט אים נאָר ניט קיין איינאָרע — ער איז מיינער! מיינער! מיינער!"...

און זי לענט זיך אָן אַף זיין האַנט נאָך שטאַרקער, און טוליעט זיך צו אים נאָך נעענטער, און פאַרקוקט אים פון אונטן אַרוף טיף־טיף אין די אויגן אַריין, וויל אויסטייטשן דאָס פּייערל, וואָס ברענט אין זיי, וויל וויסן, פון וועמען ער טראַכט אַצינד. פון וועמען? כאַ־כאַ — פון איר מיסטאָמע, פון וועמען דען? אַנו, זייט זיך אָקאָרשט מאַטריעך, שפּאַצירט זיך דורך פון איין עק שיף ביזן אַנדערן, גייט דורך אַלע קלאַסן און געפינט נאָך אַזאַ שיין מיידל, ווי הענריעטאַ שוואַלב, מיט אַזאַ ווייס פּאָנים, מיט אַזעלכע קאַרשן־ליפּן, מיט אַזוינע שיסנדיקע אויגן, וואָס קוקן קלוימערשט קורצזיכטיק, מיט אַזוינע פּערלדיקע ציינדלעך, וואָס אַז זי לאַכט, זיינען דאָך אַלע מאַנסבלען נאָך איר די קאַפּאָרע! אַנו, געפינט נאָך איינע דאָ, אַפן שיף, וואָס ס'זאָל ליגן אַזוי עלעגאַנט אַף איר דאָס קלייד, וואָס אירע האָר זאָלן זיין אַזוי גרויסאַרטיק פאַרקעמט, וואָס דאָס היטעלע זאָל זיין אַזוי צוגעפּאַסט צו די האָר, וואָס דאָס קעלנערל זאָל אַזוי אַרומנעמען דאָס העלזל, וואָס דאָס הענטשקעלע זאָל אַזוי אַרומנעמען דאָס הענטל? הייַנט ווער פאַרמאָגט איר שמוק? אירע שטיינער?

אַך, עס קאָן זיין, אַז דאָ פאָרן אַף שיף דאַמען, וואָס פאַרמאָגן עפּשער בעסערע שטיינער. לעמאָשל, אָט אַיענע הויכע דאַרע טרוקענע איינגלענדערן מיט די גאָלדענע ציין טראָגט אַף זיך שמוק — הענריעטאַ מעג זיך עס ווינטשן פאַרמאָגן כאָטש האַלב: אַפן האַלז — פּערל, אין די אויערן — שמאַראַגדן, אַ מעדאַליאָן — פון שמאַראַגדן, אַף אַלע פינגער בריליאַנטן, סאַפּירן, רובינען און שמאַראַגדן, שמאַראַגדן! נאָר וואָס פאַר אַ פּאָנים האָט די דאַמע אַליין? משטיינס־געזאָגט! ווי זעט עס אויס אַף איר? וואָס פאַר אַ כיין דאָס האָט? ווען זי, הענריעטאַ, אַשטייגער, טוט אָן אַף זיך אָט די שמאַראַגדן. אָ! זי וועט שוין אָבער האָבן שמאַראַגדן. זי וועט שוין האָבן. לאָזן זיי שוין נאָר קומען אין דער אַמעריקע. לאָזן זיי זיך נאָר אַרומקוקן, וואו זיי זיינען אין דער וועלט. לאָז נאָר ראַפאַלעסקאָ זיך באַווייזן אַף דער סצענע... לאָז ער אָקאָרשט אָפּשפּילן עטלעכע פיינע גאַסטראָלן, לאָז נאָר דאָס פּובליקום דערזען, וואָס פאַר אַן אויצער דאָס איז, וועט שוין דעמאָלט זיין בריליאַנטן מיט סאַפּירן, מיט רובינען, מיט שמאַראַגדן...

— געפעלט דיר אַביסל שמאַראַגדן?

הענריעטאַ טוליעט זיך צו ראַפאַלעסקאָן און לאָזט ניט אַראָפּ פון דער איינגלענדערן אירע קלאָמערשט קורצזיכטיקע אויגן.

— וואָסערע שמאַראַגדן? — פרעגט ראַפאַלעסקאָ.

— בלינדער יאָך! כאַ־כאַ, דו זעסט ניט?

ניין, ער זעט ניט. ניט קיין איינגלענדערן, ניט קיין שמאַראַגדן. ער קוקט גאָרניט אַפּילע אַהין, וואו זי ווייזט אים אָן. אַ פּאַרטראָגענער מאַלעך דאָס איז, כאַ־כאַ!

הענריעטאַ צעלאַכט זיך, ניט ווייל ס'איז דאָ וואָס צו לאַכן, נאָר צוליב דעם, זי זאָל באַווייזן אַן איבעריקן מאָל אירע פּערלדיקע ציינד־לעך. און זי קוקט אַף ראַפּאַלעסקאָן מיט איר נייעם קוק, וואָס זי האָט ניט־לאַנג אײַנגעשטודירט אַקעגן שפּיגל.

דעמדאָזיקן קוק האָט זי געגנאַשט אין לאָנדאָן גאָר אין דער לעצ־טער צייט פון אַ קורצזיכטיקער דאַמע מיט אַ לאָרנעט. יענע דאַמע האָט איר אויסגעזעען רייצנד, בעאייס זי האָט שטאַרק קורצזיכטיק געקוקט דורכן לאָרנעט, האַלב־צוגעמאַכט די אויגן און אינגאַנצן צונויפגעצויגן די ברעמען. הענריעטאַ האָט באַלד איבערגענומען דידאָזיקע פּאָזע, זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַקעגן שפּיגל, האַלב־צונויפגעמאַכט די אויגן און אינגאַנצן צונויפגעצויגן די ברעמען — און פון דעמאָלט אָן איז אַוועק אַ גאַנג.

— יענטל, וואָס איז מיט דיר? — האָט זי דער ברודער איזאַק איינ־מאָל אַ כאַפּ געגעבן אויג אַף אויג.

— וואָס איז דען, איציק?

— וואָס קאָטשעבורעסטו עס עפּעס פּלוצים מיט די אויגן, אַז דו קוקסט?

הענריעטאַ איז רויט געוואָרן, אָפּגעשיקט דעם ברודער אין דער ערד אַריין און האָט שוין אָבער אַנדערש ניט געקאָנט קוקן, נאָר ווי יענע קורצזיכטיקע דאַמע מיטן לאָרנעט.

עס איז געווען אַ צייט — און גאָר ניט לאַנג איז דאָס געווען — וואָס ראַפּאַלעסקאָ איז נאָך ניט געווען אירער. עס איז איר געשטאַנען אַפן וועג זלאַטקע. אָט דאָס קיי־ און־ שפּייענדיקע מיידל מיטן שפּיצעכיקן נעזל. הענריעטאַ אַליין האָט ניט אַרויסגעזעען גאָרניט, נאָר דער ברודער איזאַק און דער ברודער ניסל האָבן איר געעפנט די אויגן... צו שטאַרק ברענען באַ איר די אויגן, אַז זי דערזעט אים, צו רויט ווערן באַ איר די בעקלעך, אַז ראַפּאַלעסקאָ קוקט אַף איר, און צו אָפט בלייבן זיי אײַ־בער אַליין אינצווייען... דערויף האָט זי אויפמערקזאַם געמאַכט איר ברו־דער איזאַק. איינמאָל האָט ער איר געזאָגט: „קום, דורבאַטש, וועל איך דיר עפּעס ווייזן"... און ער האָט אָנגענומען הענריעטען פאַר אַ האַנט און האָט זי צוגעפירט צו דער טיר און געהייסן איר אַריינקוקן דורכן לעכל פונם שליסל. נאָר דאָס, וואָס הענריעטאַ האָט דערזען, איז גע־ווען פונקט דער הייפּעך פון דעם, וואָס איר ברודער האָט געמיינט. זי האָט דערזען ראַפּאַלעסקאָן אַרומגיין מיט אַן אָנגעבויגענעם קאָפּ הין

און צוריק מיט גרויסע שפּאַנען איבערן צימער, די הענט פאַרשטעקט אין די קעשענעס, און דאָס קיי־און־שפּייענדיקע מיידל מיטן שפּיצעכיקן נעזל איז געזעסן אַף אַ שטול און האָט געוויינט... איר ברודער — האָט ער נאָכדעם געזאָגט פאַר זיי — איז מעסוקן קראַנק. דער דאָקטער זאָגט, אַז האָלצמאַן איז געפערלעך"... „אַ טערעץ פאַר די בענטשליכט, — האָט געדרונגען איזאַק שוואַלב, וואָס האָט נאָכגעקוקט נאָך זיי, ווי אַ רעכ־טער שפּיאָן. — אַז דער ברודער איז געפערלעך, דעריבער דאַרף די שוועסטער זיצן באַ אַ פרעמדן באָכער אפן שויס און וויינען מיט טרערן?"... — „דו לייגסט, ווי אַ הונט!" — האָט אים העניריעטאַ אַ וואָרף געטון אין פּאָנים אַריין און אַ קלאַפּ געגעבן מיט דער טיר. און פונדעסטוועגן איז איר דער וואָרעם אַריין טיף אין האַרצן און געטאָ־טשעט־געטאָטשעט שטילערהייט. און אַ פייערל האָט געברענט אין האַרצן, אוי, געברענט־געברענט ... דאַנקען גאָט, אַרויס פון דעם גענעם. איצט איז זי מיט אים אַליין. איצט איז ניטאָ מער קיינער אַפן וועג. קיינער, קיינער !...

דאָס ערשטע, וואָס וועט זיין, אַז זיי וועלן קומען קיין ניו־יאָרק — אַזוי האָט אָפּגעפּאַסקנט באַ זיך העניריעטאַ — איז אָפּפאָטאָגראַפירן זיך מיט אים אינצווייען אין פאַרשיידענע פּאָזעס. פּאָזע נומער איינס: זיי גייען ביידע אַפן שפּאַציר. פעסט געאַרעמט. ער — אין זיין עלעגאַנטן גרויען אויבעראָק. זי — מיט אַ באָאַ אַפן האַלז, דאָס היטעלע אַף אַ זייט... פּאָזע נומער צוויי: זיי זיצן איינס אַקעגן דאָס אַנדערע באַ אַ קיילעכיק טישל. ער האַלט איר הענטל אין זיין האַנט און קוקט אַף איר אַנפּאַס, ווערנד זי האַלט האַלב־צונויפגעמאַכט די אויגן, אינגאַנצן צונויפגעצויגן די ברעמען, פונקט, ווי יענע קורצזיכטיקע דאַמע מיטן לאָרנעט. פּאָזע נומער דריי: אַף אַ ליכטיקן פאָן צוויי קעפּלעך, — זיין קאָפּ און איר קאָפּ — צוגעטוליעט פעסט איינס צום אַנדערן. דאָ דאַרפן שוין אירע אויגן זיין אינגאַנצן אָפן און קוקן אַרויף, ווי די הייליקע מאַדאָנאַ... פּאָזע נו־מער פיר... נאָר ווי דערלעבט מען שוין, ווי דערלעבט מען שוין קומען קיין אַמעריקע!

— נאָך עפּעס ווייט צו אַמעריקע?

ער הערט ניט, ראַפּאַלעסקאָ הערט ניט, וואָס העניריעטאַ שוואַלב רעדט צו אים, און זי קערט זיך אום צוריק צו אירע מאַכשאָוועס וועגן פאָטאָגראַפירן זיך באַלד ווי זיי וועלן קומען קיין ניו־יאָרק. איר ברודער ניסל זאָגט אַפילע, אַז דאָס ערשטע, וואָס וועט זיין אין ניו־יאָרק, איז — שטעלן אַ כופּע. ער זאָל זיך, זאָגט ער, ניט שעמען, וואָלט ער נאָך דאָ, אַפן שיף, געשטעלט אַ כופּע — „ער זאָל אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס"... העניריעטאַ אָבער מיינט ניט אַזוי. העניריעטען ווילט זיך זיין פריער אַ

קאַלע, כאַטש עטלעכע וואָכן אַ קאַלע. וואָס האָט זי קיין צייט ניט? זי האָט אַזוי לאַנג דערויף ארויסגעקוקט. פאַרוואָס זאָל זי זיך ניט צעטיילן אָט דעם פאַרגעניגן?...

— נאָך עפּעס ווייט צו אַמעריקע? — פרעגט זי בײַ אים נאָך אַמאָל, נאָר ער הערט זי ניט. ער איז, אַפּאָנים, גאָר אַף אַן אנדער וועלט? יאָ, אַף אַן אַנדער וועלט. אָט באַלד, אָקאָרשט ווי מע זעט ניט, איז ער דאָרטן, וואוהין ער שטרעבט אַזוי לאַנג, קימאַט דאָס גאַנצע לעבן זײַנס. אָט באַלד, אָקאָרשט ווי מע זעט ניט, וועט ער זען די, וועלכע ער האָט נאָך ניט פאַרגעסן אַף קיין מינוט אַפילע. ווי אַזוי וועט זײַן זייער ערשטע באַגעגעניש אינם דאָזיקן לאַנד נאָך אַזוי פיל יאָרן? וועט זי אים דערקענען? ער זי וועט שוין יאָ דערקענען. ער האָט איר בילד, וואָס די מאַדאַם טשערניאַק האָט אים דאָ ניט לאַנג צוגעשיקט. עס ליגט בײַ אים אָט דאָ אין בוזעמקעשענע... און ער דריקט מיט דער האַנט אַף דער בוזעמקעשענע, און הענריעטאַ איז איבערצייגט, אַז דאָס מיינט מען זי. וועמען דען, אַז ניט זי?... און זי לייגט זיך אָן אַף אים נאָך נעענטער, גאָר נאָענט, און פאַרקוקט אים אין די אויגן, און לאַשטשעט זיך צו אים, ווי אַ קעצעלע:

— באַלד וועלן מיר זײַן אין אַמעריקע, ווי מיינסטו? — פרעגט זי בײַ אים אַ דריטן מאָל און דערלאַנגט אים מיטן פינגער איבער דער נאָז און צעלאַכט זיך: כאַ־כאַ־כאַ!

ראַפּאַלעסקאָ שטעלט אַוועק אַף איר די אויגן. ער ווייסט ניט, וואָס זי לאַכט. מע האָט אים איבערגעשלאָגן סאַמע אין די בעסטע געדאַנקען... אין דער מינוט האָט ער שוין גאָר געהאַט פאַרגעסן אָן דער, וואָס שטייט אָנגעלענט אַף זײַן האַנט. האָט זי אים דערמאַנט. און ער באַטראַכט זי פונויבן אַראָפּ און קלערט בעאַייס מאַיסע: „צי וואָס אָט דער פלירט?... וואָס עפּעס אַזוי שפּעט פאַרליבט זיך אין דערדאָזיקער?... פון איין צאָרע אַרויס, אין דער אַנדערער אַרײַן“...

און גאָר ניט־ווילנדיק קומט אים אַפן זינען ווידעראַמאָל זלאַטקע מיט איר שטענדיק מעלאַנכאָליש אויסזען, מיט אירע פאַרשוואָלענע אויגן פאַר געוויין. און ניט־ווילנדיק דערמאַנט ער זיך אָן האָלצמאַנס לעצטע, קאַם אויסגעכריפּעטע און פאַרשטיקטע ווערטער באַם געזעגענען זיך: „אַ יעסוימע... נעבעך אַ יעסוימע“... ער וואָלט וועלן פאַרגעסן, קאָן ער ניט. ער וואָלט אַ באַלן געווען, אַז זײַן גאַנצע פאַרגאַנגענהייט, אַז דאָס גאַנצע ביסל יאָרן פון זינט ער איז נאַווענאַד אַף דער וועלט זאָל בלײַבן אַף יענער זייט יאַם, אין דער אַלטער וועלט, אַזוי אַז ער זאָל קומען אין דעמדאָזיקן נײַעם לאַנד אַרײַן אַ פריש־געבאָרענער, אַ לויטערער, אַ ריינער, אַן אומשולדיקער, ווי ער איז געווען אַמאָל, אַמאָל, אין זײַנע ער־

שטע לויטערע ריינע קינדער־יאָרן... נאָר ווי אף צעלאכעס פאַרגעסט זיך ניט, און עס קריכן אין קאָפּ אַריין דאווקע די ערגסטע געדאַנקען, דאַווי־קע די טרויעריקסטע.

און ביכדיי אָפּצוטרייבן פון זיך דידאָזיקע געדאנקען און בילדער, קוקט ער אין יאַם אַריין. שוין ווידער קאָן ער פון אים די אויגן ניט אָפּרייסן. אַלע פּאַסאַזשירן זיינען ווידער אפּן אויבערדעק. ווידער שפּיג־לען זיי זיך שוין אין יאַם. זיי קאָנען זיך שוין ווידער זאַט ניט אָנקוקן אין זיין פּראַכט און גלאַנץ. ניטאָ קיין ערעך צו זיין גרויסקייט, ווען ער בייזערט זיך. ניטאָ קיין פאַרגלייכן צו זיין שיינקייט, ווען ער באַ־רואיקט זיך.

רואיק איז געווען דער יאַם באַ די ברעגעס פון ניו־יאָרק. ניט שטיל, נאָר ר ו א י ק.

## קאַפּיטל 24

# דער לאָמזשער כאזן אין טראָבל.

ווי באַוואוסט, איז דער אַריינטריט אין גאַנײדן אריין ניט אַזוי גרינג: מע מוז פריער געלייטערט ווערן, דורכגייען אַלע שיווע מעדוריי גענעם.

ווי, לעהאַוודל, דאָרט, אין גאַנײדן האָעליוין, אַף יענער וועלט, אַזוי איז אויך דאָ, אינם גאַנײדן האַטאַכטוין, וואָס מע רופט עס אַמע־ריקע. נישט פאַר יעדן זענען אָפּן די טויערן און נישט אַלעמען קומט אָן דאָס אַריינגיין גלייך.

די, וואָס ווייסן פון דעם סאָד,— און זעלטן ווער עס ווייסט דאָס נישט — נעמען אָן אַלע מיטלען באַצייטנס, נאָך איידער זיי פאָרן אַרויס פון דער היים, און באַוואָרענען זיך און באַשירמען זיך מיט אַלעס, וואָס נייטיק איז. און דאָך קלאַפּט זיי דאָס האַרץ נאָך מיט וויפל מייל פאַר ניו־יאָרק. און עס וואַרפט זיי אין היץ און אין קעלט. און עס קלאָפּט זיי אַ צאָן אַף אַ צאָן. און מע געזעצט פיבעריש, און מע ציט זיך, און מע פוצט זיך, און מע באַקוקט זיך איינס דאָס אַנדערע, און מע בעט גאָט, מע זאָל כאָלילע ניט געשטרויכלט ווערן און נישט האָבן קיין טראָבל באַם פאַרהער, מע זאָל גיך און געשווינד געלייטערט ווערן, דורכגיין די שיווע מעדוריי גענעם פון „טרערן־אינזל״ און אַריינטרעטן בעשאָלעם אין די טויערן פון גאַנײדן, דאָס מיינט מען — אינם גאָל־דענעם לאַנד.

אונזערע בלאָנזנדע אַרטיסטן פון דער נאָוועגאַדנער טרופּע „קלאַמער, שוואַלב עט קאָפּ.‟ האָבן זיך אויסגעלאכט פון דער גאנצער צערעמאָניע. אַ טייערע מעציע אַמעריקע! זיי וואָלטן אייך געקאָנט — זאָגן זיי — דריי מאָל אַריין און אַרויס און ווידעראַמאָל אַריין. „נאַראָנים — זאָגן זיי — האָבן אויסגעטראַכט שוועריקייטן. קיין שום שוועריקייטן. אַבי מע איז געזונט און יונג און פריש און פריילעך און מע גייט אָנגעטון ווי אַ מענטש, און מע האָט צו באַווייזן א פּאָר טאָלער, און מע קאָן אָנרופן באַם נאָמען א פּאָר באַקאַנטע — בלאָטע שעביגלאָטע!‟

וואָס הערט, לעמאָשל, אַמעריקע אַזאַ דזשענטעלמען, ווי מיסטער קלאַמער, וואָס טראָגט אַזאַ עלעגאַנטן סמאָקינג און וואָס איינגלישו איז זיין מוטער־שפּראַך? אָדער אַזאַ ריז, ווי ניסל שוואַלב, וואָס האָט ער מורע צו האָבן? אָדער איזאַק שוואַלב? אַף אַלע עמיגראַנטן געזאָגט געוואָרן.

פון דעם ארטיסטישן פּאָרפאָלק, ראַפּאַלעסקאָ און הענריעטאַ, שמועסט מען ניט. פּאַר אַזעלכע יונגע, שיינע געזונטע עלעגאַנט־געקליידעטע פּאַרשוינען זענען דאָך אָפן אַלע טירן מיט אַלע טויערן. נישטמער דער לאָמזשער כאַזן מיט זיין מוזיקאַליש געזינדל.

באַשערט אַ מענטשן יעסורים! דאָס הייסט, עס וואָלט דאָ אויך אָפּגעגאַנגען גלאַט. זיי זענען, דאַנקען גאָט, אַלע געזונט און שטאַרק אַף אַלע אייוורים און האָבן, באָרכעשעם, אַן אַפּעטיטל צום עסן — האַלעוואַי וואָלטן זיי נאָר אַזוי געהאַט אַלעמאָל וואָס צו עסן. האָט זיך אָבער געטראָפן מיטן כאַזן אַן אומגליק — און ער איז אַליין שולדיק אינם אומגליק: ער האָט באַדאַרפט צו וויסן פריער, אַז אַזאַ מעטופל מיט קינדער קיין אייראָפּע, ווי ער איז, האָט באַדאַרפט זיך אופצורעדן מיט זיינע קאָמפּאַניאָנען באַצייטנס, זיי זאָלן אים באַוואָרענען מיט די עטלעכע טאָלערס, ער זאָל האָבן, וואָס צו ווייזן, טאָמער טוט מען אים אַ פרעג...

ער פאַרענטפערט זיך, באַשער ער האָט ניט געוואוסט. ער האָט געמיינט, זאָגט ער, אַז אַמעריקע איז אַמעריקע. צום סאָף איז דאָס גאָר, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד, ערגער ווי לאָמזשע. וויפל אָרעמעלייט, לעמאָשל, קומען אָן קיין לאָמזשע — מע זאָל זיי דאָס עמעצער פרעגן, צי זיי האָבן געלט, צי זיי האָבן ניט קיין געלט? אַ שיינע זאַך!

דער לאָמזשער כאַזן האָט געבעך גוט געשוויצט, אסאַך מער ווי, לעהאַוודל, באַם אָמעד. שטעלט אייך פאָר, מע נעמט אַ אידן און מע טוט אים פלוצים אין מיטן דרינען, פון דער העלער הויט, א כאַפּ, ער זאָל ווייזן „מאָני‟. וואָס פאַר אַ „מאָני‟? טאָלערס מיינען זיי. אַמעריקאַנער דאָלאַרס. איינגלישע פונטן מאַכט אויך נישט אויס. און אַפילע

רוסישע רובלס, זאָגן זיי, איז אויך אַ מאַטבייע. אַבי די מאַטבייע זאָל זיין. אַזוי האָט מען אים אופגעקלערט שוין נאָכדעם, שוין שפּעטלעך. ער באַדאַרף באַווייזן — האָט מען אים געגעבן צו פאַרשטיין — מעזומענע גראָשנס, אַז ער האָט, הייסט עס, מיט וואָס אויסצוקומען די ערשטע צייט און נישט פאַלן צו לאַסט אַף פרעמדע... „אַף פרעמדע? כאָלילע!" — האָט זיך נעבעך דער כאַזן גענומען פאַרענטפערן, ווי ווייט ער האָט געקאָנט, האַלב איינגליש, כאָצי דייטש. ער האָט געגעבן צו פאַרשטיין מיטביידע הענט, אַז ער איז כאָלילע ניט איינער, אַז ער איז דאָ קיין איינאָרע מיט אַ גאַנצער כאַליאַסטרע... אויב אַזוי, האָט מען אים געגעבן צו וויסן, זאָל ער מויכל זיין באַווייזן, מיט וואָס וועט ער אויסהאַלטן דידאָזיקע כאַליאַסטרע?

האַקיצער, וואָס ווייטער איז אונזער כאַזן געקראָכן אַלץ טיפער. עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז מע זאָל אים אָפּפירן צו יענע, וואָס האַלטן באַם פּאָסעק „האַשיוויינו נאַזאַד".

אומזיסט איז געווען נעבעך זיין שטאַמלען, האַלב איינגליש, כאָצי דייטש. אומזיסט איז געווען זיין מאַכן מיט די הענט, זיין ווינקען מיט די ברעמען און זיין אַפּעלירן צו זיין שוטעף מיסטער קלאַמער, וועלכער קאָן רעדן איינגליש.

מיסטער קלאַמער האָט זיך געמאַכט, ווי ער זעט ניט. מיסטער קלאַמער איז אַ בעריע אַף געבן אייצעס דאָרט, אין ווייטשעפּעל, באַ זיך אין „קאַפּע־נאַציאָנאַל", אָבער ניט דאָ, באַם אַראָפּגיין פון שיף, אַפּן אַמעריקאַנישן באָדן, וואו ס׳איז אַזאַ טומל מיט אַזאַ געפּילדער פון די „פאַרשאָלטענע רוסישע שנאָרעס", אַז מע קאָן מעשוגע ווערן! אונזער מיסטער קלאַמער האָט זיך פּאַוואָלי אויסגעדרייט, אויסגעגלעט דעם סמאָקינג, צעגומען זיין הערצל־באָרד אַף צווייען, אַהער און אַהין, מאַיסע־סקאָבעליעוו, און האָט זיך אָפּגעטראָגן — ווי זאָגט דער איינגעלשמען: „אַי דיסאַוואַו איט בעג ענד בעגעדזש". אף אונזער גויאיש לאָשן וועט עס הייסן אַזוי גרויס, ווי: „מאָיאַ כאַטאַ ס׳קראַיו"...

אַ גליק, וואָס אַפּן שיף האָט זיך נאָך געפונען אַ צווייטער שוטעף, ניסל שוואַלב, אַ מענטש מיט קאָמבינאַציעס. דערשמעקט פונדערווייטן, אַז דער כאַזן איז אין טראָבל, האָט אונזער געניאַלער קאָמבינאַטאָר באַלד פאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך. האָט ער אָפּגערופן די כאַזנטע אַף אַ זייט, זיך געסודעט מיט איר אַ ווייילע, שאַרף געוואונקען מיט די אויגן און עפּעס געפּאָרעט זיך באַ איר אין בוזעם, דערנאָך האָט ער א וואונק געגעבן צו איר און צו אירע קינדער: „קומט!"

אין אַן אַנדער צייט און באַ אַנדערע אומשטענדן, מאָלט אייך, וואָלט אונזער קאָמבינאַטאָר געכאַפּט פון דער כאַזנטע גאָר א מיעסן פּסאַק. די

האַלב־צנועדיקע און האַלב־כצופּעדיקע לאָמזשער כאַזנטע פּאָרט טאַקע, וועלן מיר זאָגן, מיט אַ קאָמפּאַניע אַרטיסטן אין אַ לאַנד, וואָס הייסט אַמעריקע. ס'איז עמעס. מע דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז דערווייל איז זי אים כאָלילע נישט קיין כאָריסטקע, נישט קיין טענצערן און נישט קיין זינגערן און אַפּילע ניט קיין פּרימאַדאָנאַ (דאָס מיינט זי זיין שוועס־טער הענריעטאַ), וואָס קושט זיך מיט אַ פּרעמדן באָכער (דאָס מיינט זי ראַפּאַלעסקאָן), וואָס מע ווייסט נאָך ניט, צי איז ער אַ כאָסן, צי אַ נעכטיקער טאָג?... דערווייל איז זי נאָך דעם לאָמזשער כאַזנס אַ ווייב מיט כופּע אוקידושן, און אזא כעוורע־מאַן, ווי ניסל שוואַלב, דאַרף וויסן דערעכערעץ... נאָר איצט, בעשאַס בעהאָלע, און דערצו נאָך דערהערט, אַז איר מאַן איז אין טראָבל, האָט זי גאָר קיין צייט ניט געהאַט זיך אַרומצוקוקן אַפּילע. און דאָ האָט זי אָט דער כעוורעמאַן שוואַלב גע־געבן אַ נעם באַ דער האַנט, זי צוגעפירט גלייך צום טישל און, ווי אַ מענטש, וואָס רעדט גוט ענגליש, איז ער אַרויסגעטראָטן אַלץ מייליץ־יושער פאַרן כאַזן מיט דער כאַזנטע מיט זייער גאַנצן מוזיקאַלישן גע־זינדל, אַזוי צו זאָגן (מיר זעצן איבער זיין רעדע אויף אונזער אידיש לאָשן):

מיינע הערן! איך בין באַפּאָלמעכטיקט אייך פאָרצושטעלן די פּרוי פונם דאָזיקן הער, זיי קאָנען קיינס ניט רעדן קיין ענגליש אַ וואָרט אַפּילע. זעט איר אָט די כאַליאַסטרע (ער האָט אַ וווייז געגעבן מיט איין האַנט אַפן גאַנצן געזינדל)? דאָס איז מיט גאָטס הילף אַ מישפּאָכע פון לויטער מוזיקאַנטן, באַגאַבטע טאַלאַנטן. זיי אַלע, ווי איר קוקט זיי אָן, פונם פאָטער ביזן קלענסטן קינד, פאַרדינען זיך זייער שטיקל ברויט, מע קאָן זאָגן, שטיקער גאָלד. נאָר איינע, אָט דידאָזיקע (ער האָט אָנ־געוויזן אויף דער כאַזנטע), זי איז די איינציקע, וואָס פאַרדינט גאָרנישט. זי איז נאָר אַ געטרייע פּרוי צום מאַן, אַ מוטער צו די קינדער, אַ באַ־לעבאָסטע אין שטוב און אַ קאַסירערן פון געלט. די גאַנצע קאַסע גע־פינט זיך שטענדיק באַ איר אין אַ גוטן אָרט... באַ דער פּרוי אַרויסבאַקומען אַ סענט, הערט איר, איז קיקריעס יאַמסוף!...

דאָס זענען געווען די ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט צו די אַדוי־נים אויף ענגליש. און צו דער כאַזנטע האָט ער אַ זאָג געגעבן שוין אויף פּאָשעט אידיש:

— אידענע! שפּילעט אויף, זייט מויכל, דעם בוזעם און אַרויס מיט די פאַרעס!...

* * *

שוין אַז מע האָט געשטעלט אַ פוס אויף דער טריקעניש, אַפן אַמע־ריקאַנישן באָדן, האָט ערשט דעמאָלט דער לאָמזשער כאַזן אַרויסגעזען,

אין וואָס פאַר אַ סאַקאָנע ער איז געשטאַנען און פון וואָסער אַ צאָרע ער איז אויסגעלייזט געוואָרן. האָט ער אַרומגעכאַפּט זיין באַשיצער און זיין אויסלייזער, אַף וויפל ס'איז נאָר מעגלעך געווען אַרומצוכאַפּן אַזאַ פּארשוין, ווי ניסל שוואַלב, גענומען אים קושן און האַלזן און שטיקן און דאַנקען אים מיט טרערן:

— טאַטעניו! האַרצעניו! פּאַטערל! איר זענט דאָך עפּעס אַ איד אַ כאָכעם! אַ שלוימע האַמעלעך! אַ מאַלעך פון גאָט! אַ... אַ... איך ווייס אַליין ניט וואָס! — און ער האָט אים ווידעראַמאָל געוואָלט כאַפּן קושן.

— אָבער גענוג! גענוג! — האָט זיך ניסל שוואַלב געריסן פונם כאַזנס הענט. — וואָס וויל פון מיר דער איד? ער וועט מיך באַלד דערשטיקן, אָט דער איד, אַפּן אַמעריקאַנישן באָדן, איך זאָל אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס!

## קאַפּיטל 25

## געבענטשט זאָל זיין דאָס לאנד.

אין דעם רירנדן מאָמענט, ווען דער לאָמזשער כאַזן האָט אַרומגעכאַפּט זיין באַשיצער און זיין אויסלייזער צו האַלזן און צו קושן, און יענער האָט זיך אָפּגעשלאָגן פון אים מיטביידע הענט, האָט ניסל שוואַלב דערזעען עפּעס אַ באַשעפעניש אין געשטאַלט פון אַ נעקייווע, מיט אַ רויטע ראָטאָנדע, מיט אַ ברייט פּאָנים, ווי די לעוואָנע אין אָנהייב כוידעש, מיט אַ פעט שמייכל און מיט אַסאַך ווייסע ציין.

דאָס באַשעפעניש — האָט ער געזען — האָט זיך פריער אַרופגעוואָרפן אַף זיין שוועסטער הענריעטאַ, דערנאָך האָט זי זיך געשמאַק צעקושט אויך מיט זיין ברודער איזאק. און צום סאָף איז זי אַרופגעפאַלן אַף ראַפאַלעסקאָן, האָט אים אַרומגעכאַפּט מיט אירע גראָבע קורצע הענט און גענומען אים קושן און האַלזן, ווי אַ שוועסטער, ווי אַ מאַמע, ווי אַ געטרייע מאַמע.

— ווער איז די כאַיע? — האָט זיך ניסל שוואַלב געווענדעט פריער צום כאַזן, דערנאָך צו דער כאַזנטע. נאָר דער כאַזן מיט דער כאַזנטע זיינען אַליין אויך געווען אין די הענט פון אַ בינטל פּאַרשוינען, לאָמזשער אידן און ווייבער. זיי האָבן זיך אַרופגעוואָרפן פריער אַפן כאַזן, דערנאָך אַף דער כאַזנטע, דערנאָך אַף דער כאַליאַסטרע, געהאַלזט און געקושט און צוגעקוועטשט שטאַרק־שטאַרק צום האַרצן.

צווישן דידאָזיקע אידן זיינען געווען אַלערליי מינים טיפּן: אַזעלכע, וואָס האָבן זיך שוין לאַנג אויסגעגרינט אין אַמעריקע, און אַזעלכע, וואָס

זיינען נאָך געווען גאַנץ גרין, ניט אָנגעוואוירן קיין טראָפּן פונם צעלעם עלויקים, אַפילו די רויטע פּאַטשיילע פונם האַלז נאָך ניט אַראָפּגענומען.

אויך די ווייבער זיינען געווען פון אַלערליי מינים: גאַנצע און האַלבע יענקיכעס, וואָס רופן זיך שוין „מיסעס" און „ליידי", טראָגן גרויסע „העטס" אַפן קאָפּ און גאָלדענע ציין אין מויל; און אַזוינע, וואָס קאָנען זיך ניט צעשיידן מיטן שייטל, וועלכס גייט מיט אַ ווייסן שרונט אין מיטן קאָפּ, פּונקט אַזוי ווי מע טראָגט באַ זיי אין לאָמזשע — עמעסע „יענטע־מירלס"...

אַלע דידאָזיקע אויסגערעכנטע טיפּן, סיי די גרינע, סיי די אויסגעגרינטע, סיי די מיסעסן, סיי די „יענטע־מירלס", — אַלע האָבן זיך מעכאַיע געווען מיט זייערע לאַנדסלייט — מיט דעם לאָמזשער כאַזן און זיין מישפּאָכע. און אַלע האָבן געשריגן, געליאַרעמט און געפּילדערט, געוואָרפן זיך און געמאַכט מיט די הענט — פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען ניט אין ניו־יאָרק, נאָר טאַקע אין מיטן לאָמזשע אַף דער אידישער גאַס.

די לאָמזשער אידן און ווייבער האָבן פּאָשוטע באַפאַלן זייערע לאַנדסלייט, דעם לאָמזשער כאַזן מיט דער מוזיקאַלישער מישפּאָכע, געמאַכט אַף זיי אַ מין פּאָגראָם, געשלעפּט יעדער צו זיך, דער אַף „ברעקפעסט", דער אַף „דינער", דער אַף „סאַפּער". לעמאַנעשעם, צו מיר! ניין, צו מיר! גאָר אָן אַ שום טערעץ!

דער לאָמזשער כאַזן מיט זיין געזינדל זיינען געווען ווי פאַרקישעפט. ווי אַ כאָלעם איז זיי פאָרגעקומען דאָס אַלעס. וואָרום פון זינט זיי זיינען אַוועק פון לאָמזשע, פון זינט זיי זיינען נאַווענאַד אַף דער וועלט, און וויפל צייט זיי האָבן זיך געוואַלגערט אין לאָנדאָנער ווייטשעפּעל, האָבן זיי נאָך אין ערגעץ אַזאַ מין קאַבאָלעס פּאָנים מיט אַזאַ מין באָרעכאַבע מיט אַזאַ מין אופנאַמע ניט געהאַט, ווי דאָ, אַף דעם אמעריקאַנישן באָדן, און אַפילו נישט געזען אין כאָלעם. נאָכמער: אין לאָמזשע אַליין זיינען זיי קיינמאָל באַ קיינעם נישט געווען אַזעלכע אָנגעלייגטע געסט, ווי אָט דאָ, אין דעם גליקלעכן פרייען לאַנד, אין דער גאָלדענער מעדינע פון קאָלומבוסן. אדעראַבע, דאָרט אינדערהיים, צווישן אייגענע, צווישן אידן זיינען זיי געווען גרויס באַ איטלעכן אין די אויגן. אויך אין וועג האָט מען זיי אָפּט געגעבן אַ קאַפּוליער אָנצוהערעניש, אַז זיי זיינען צו אַ גרויסע מישפּאָכע. אַפילו מיסטער קלאַמער, וואָס איז שוין קלוימערשט אן אייגענער מענטש, אַ שוטעף, קאָן מען זאָגן, האָט זיי אויך אַ פּאָר מאָל אַפן שיף אַ זאָג געגעבן, אַפילו מיט אַ זיס שמייכעלע, לעמאַי זיי האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן „סקאַרב" פון דער היים, נישט

איבערגעלאָזט אַביסל קינדער אין לאָמזשע לעזיקאָרן?... און דאָ — נאָט אייך פּלוצים אַזעלכע געהויבענע געסט, אַזוי טייער, אַז מע צערייסט זיך שיר, מע שלאָגט זיך אַזש פֿאַר זיי! — געבענטשט זאָל זיין דאָס לאַנד! געבענטשט זאָל זיין דאָס לאַנד!

און דער כאַזן מיט דער כאַזנטע קוקן איינס אַפּס אַנדערע און לאָזן אַ טרער. און דאָס מוזיקאַלישע געזינדל ווערט ברייטער ווי לייגער. עס טראָגט זיי אין דער לופטן. זיי ווייסן ניט, ווען זיי זאָלן ענטפערן פריער. זיי ווילן, אימירצעשעם, זיין אומעטום. וואָס דען? אַ שאַילע אַ ביסל! זיי ווילן, אימירצעשעם, זיין באַ אַלעמען. באַ דעם אַף „ברעקפעסט", באַ דעם אַף „דינער", באַ יענעם אַף „סאַפּער". איין מענטש אַליין קאָן זיך טאַקע ניט צערייסן. ס'איז עמעס. אָבער אַזאַ געזינדל, קיין איינאָרע, כאַ־כאַ, נישקאָשע, עס וועט, אימירצעשעם, זיין רעכט! עס וועט זיין רעכט!

ניסל שוואַלב שטייט און באַטראַכט דידאָזיקע סצענע, און עס פרייט זיך אים דאָס האַרץ. ווער נאָך ווייסט, אַזוי ווי ער, ווי אָרעם און עלנט אָט דאָס געזינדל איז געווען אין לאָנדאָן? פּלוצים האָבן זיך באַוויזן באַ זיי אַזויפיל פריינט, און גוטע פריינט! וואָס־זשע? ער האָט דען ניט געוואוסט פריער, אַז עס וועט אַזוי זיין? געוואוסט, ער זאָל אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס, ווי ער האָט געוואוסט. דערויף איז דאָס אַמעריקע. געבענטשט זאָל זיין דאָס לאַנד! שאַדע נאַר, וואָס ער האָט קיין צייט ניט צוגיין צו דידאָזיקע גאַסטפריינטלעכע לייט, זיי אָפּדאַנקען פֿאַרן לאָמזשער כאַזן און אין איינוועגס טאַקע זיך מיט זיי אַביסל נעענטער באַקענען און מאַכן מיט זיי אַ שמועס וועגן אמעריטשקע, יאַנקי־דאָדל, קאָלומבוסעס מעדינע... אַן אַוויירע! ניסל שוואַלבס קאָפּ איז פֿאַרנומען אין דער מינוט דער שוואַרציאָר ווייסט מיט וואָס, מיט עפּעס אַ שלאַק, אַ רויטע ראָטאָנדע, וואָס איז אַרופגעפאַלן פריער אַף זיין שוועסטער, דערנאָך אַף זיין ברודער און איצט אַף ראַפּאַלעסקאָן — און קושט אים, און קושט אים, און קושט אים, פריער אין איין באַק, דערנאָך אין דער אַנדערער באַק, דערנאָך אין די ליפּן. און ווידעראַמאָל אין איין באַק, אין דער אַנדערער באַק, דערנאָך אין די ליפּן. אַ מאַיסע אָן אַן עק!

ניין. ניסל שוואַלב קאָן דאָס שוין מער ניט איבערטראָגן. גייט ער צו צו דער רויטער ראָטאָנדע, נעמט זי אַוועק פון ראַפּאַלעסקאָן:

— ווער איז די כאַיע?

עס ווייזט אויס, אַז ראַפּאַלעסקאָ אַליין האָט זיך מעכאַיע געווען, וואָס מע האָט אים אויסגעלייזט פון אַן אָנשיקעניש. ער האָט זיך צערעכט געמאַכט די צעוואָרפענע האָר מיטן צעקנייטשטן היטעלע און שטעלט זיי פאָר איינס פאַר דאָס אַנדערע:

— מײן פרײנט שוואַלב... מײן אַלטע באַקאַנטע ברײ... מאַדאַם טשערניאַק.

שיר־שיר האָט זיך ראַפּאַלעסקאָ ניט אַרויסגעכאַפּט מיט איר עמעסן נאָמען: „ברײנדעלע קאָזאַק".

דאָס איז געווען זי.

## קאַפּיטל 26

# באַכצויצרויס וועקאָל שויפער.

די צײט, וואָס אונזער נײע גאַוועגאַדנע אַרטיסטיש־מוזיקאַלישע קאָמונע „קלאַמער, שוואַלב עט קאָמפּ." האָט אויסגעקליבן צו קומען קײן אַמעריקע, איז געווען די סאַמע בעסטע, די סאַמע הײסע צײט, איך וואָלט געזאָגט — די עמעסע שניט־צײט אינם אידישן קוואַרטאַל פונם פאַרטומלטן, פאַרטאַרעראַמטן, פאַרהאַװעטן, פאַרביזיטן און פאַרביזנעסטן ניו־יאָרק.

דאָס איז געווען אין דעם כוידעש, ווען דאָס אידישע לעבן אין די יונײטעד סײטס פון אַמעריקע הײבט אָן נאָך די לאַנגע שלעפעריקע וואָכן פון זומער־וואַקײשאָן אופצואוואַכן פונם שלאָף; ווען דער אידישער דויפעק אין די גרויסע שטעט הײבט אָן צו קלאַפּן שטאַרקער, ווי אַלעמאָל; ווען די אידישע גאַס ווערט נאָך מער אידישלעך, ווי אַלעמאָל; ווען די אַרויסגעבער פון די אידישע בלעטער ווערן שיר ניט צעזעצט פון די שרײענדיקע אַנאָנסן און מוירעדיקע רעקלאַמעס. דאָס זענען, מערסטנטײל, אַנאָנסן, וואָס רופן אײך אין שול אַרײן, וואָס רעדן וועגן כאַזאָנים, מיניאָנים, שופרעס, לולאָווים, עסרויגים, לעשאָנע־טויווע־קאַרטן און נאָך אַזעלכע הײליקע זאַכן, וואָס זענען שאַײעך צו גאָט. מיט אײנעם וואָרט — דאָס איז געווען יאָנטעוו־צײט, ערעוו ראָשעשאָנע, אַ צײַט, וואָס מע קאָן זי באַטיטלען מיט דרײ ווערטער: באַכצויצרויס וועקאָל שויפער.

פּונקט ווי באַ אונז אין דער אַלטער וועלט, אַזוי אויך דאָ, פון דער זײט יאַם, אין דער נײער וועלט, זענען דידאָזיקע טעג, די איבערגאַנגצײט פונם אַלטן אידישן יאָר צום נײעם יאָר, פונם זומער צום ווינטער, אַ צײט פון ליקווידירן אַלץ, וואָס אַלט און אָפּגעניצט. פון אופפּוצן אַלץ, וואָס אָפּגעריבן און אָפּגעוועלקט. פון איבערבײטן מענטשן און דינערשאַפט. פון איבערניצעווען מאַלבושים און שויכוואַרג. פון באַשטעלן מעלאַמדים און כאַזאָנים. פון איבערציען זיך און איבערקלײבן זיך, אָדער, ווי מע רופט עס דאָרט, „מופען" פון אײן דירע אין דער אַנדערער. מיט אײנעם וואָרט — די וועלט איז אומעטום אײן וועלט.

„סיזאָן״ ווערן אָנגערופן דאָרטן דידאָזיקע טעג.

„סיזאָן״ איז אַ גוט וואָרט, אַ טייער וואָרט, דאָס סאַמע ליבע זיסע וואָרט אין דעמדאָזיקן לאַנד פון אַרבעט פאַר יעדן איינציקן גלייך: פאַר דעם, וואָס גיט הענט, ווי פאַר דעם, וואָס זוכט הענט. פאַר דעם, וואָס שוויצט, ווי פאַר דעם, וואָס מאַכט שוויצן. פאַר דעם, וואָס א „ניקעל״ איז אַ מאַטבייע, ווי פאַר דעם, וואָס אַ דאָלאַר איז אַ מאַמזער. פאַר דעם, וואָס זוכט אַ שטיקל ברויט, ווי פאַר דעם, וואָס זוכט פאַרגעניגן. פאַר דעם, וואָס שמאַכט מיט ווייב און קינדער ערגעץ אויבן גאַנץ הויך, אַפּן „טאַפּ־פלאָר״, אָדער אונטן, אין „בייסמענט״, אָן לופט און אָן ליכט, ווי פאַר דעם, וואָס האָט פאַרבראַכט דעם גאַנצן זומער אַף דאַטשעס, דאָרט הייסט דאָס — אין די „קעטסקילס״, געשפּילט גאַנצע טעג מיט גאַנצע נעכט אין „פּאָאוקער״, אָדער אין „פּינאָקעל״, וואָס איז קימאַט אַזוי סייכלדיק, ווי אונזער „אָקע״ מיט אונזער „סטוקלקע״, אָדער גאָר אין אַזאַ שפּיל, וואָס מע רופט עס באַ אונז „פלירט״, באַ זיי „פלוירט״, און וואָס באַשטייט פון אָפּרעדן יענעמס ווייב בישטיקע, אָדער געביטן זיך מיט די ווייבער בעפּארהעסיע, מיינס און דיינס און שוטפּעסדיקס, העפקער פּעטרישקע...

„סיזאָן״ איז אויך די איבערגאַנגצייט, די צייט פון באַנייאונג, פון אָפּפרישונג און אופלעבונג פון טעאַטער ביכלאַל און אויך פונם אידישן טעאַטער, וואָס פאַרנעמט נאָך דער פּרעסע אַ בעקאָוועדן פּלאַץ אינם אידישן קוואַרטאַל פון ניו־יאָרק. די אידישע „פּרעס״ ווערט דעמאָלט ביזי. די אידישע צייטונגען האָבן דעמאָלט וואָס צו טון.

קוידעם באַווייזן זיך פאַרביילויפנדיקע אַרטיקלען מיטן נאָמען: „נייס פון דער אידישער טעאַטער־וועלט״. דאָס זענען, מערסטנטייל, פליענדיקע נאַכריכטן, אונטערגעכאַפּטע יעדיעס, אומשולדיקע ליגנס פון דער קוליסע און אויסגעטראַכטע פּליאָטקעס, וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן. לעמאָשל: אַז דער און דער טעאַטער־מענעדזשער קומט נעכסטע וואָך פון „יוראָפּ״ מיט די גרעסטע זינגערנס פון דער פּאַריזער אָפּעראַ. אַז דער און דער מענעדזשער האָט אויסגעדונגען יענעמס און יענעמס טעאַטער. אַז יענער און יענער מענעדזשער האָט געמאַכט אַריבערמופן צו זיך, אָפּגערעדט, הייסט עס, יענעם און יענעם „סטאַר״. אַז די און די באַרימטע פּרימאַדאָנאַ פאַרלאָזט די אידישע בינע און גייט אַריבער צו דער אַמעריקאַנער. אַז יענער און יענער באַרימטער אַווטאָר, וואָס האָט זיך געמאַכט אומשטערבלעך מיט זיינע מוזיקאַליש־רעאַליסטיש־דראַמאַטישע ווערק, האָט אָנגעשריבן צום סיזאָן דריי רעאַליסטיש־מוזיקאַליש־פּאַטריאָטיש־מעלאָדראַמאַטישע פּיעסן, וואָס האָבן איבערטראָפן אַלץ, וואָס מע האָט ווען געזען אין דיזן לאַנד.

דערבײַ װערט געגעבן אַ קיצל אין זײַט אַרײַן דעם און דעם „סטאַר",
אַ קניפּ אין בעקל דער און דער פּרימאַדאָנאַ, אַ שמיר איבער די ליפּן
דעם און דעם טעאַטער־מענעדזשער און אַ שמײכל יענעם און יענעם אַװו־
טאָר. מיט אײנעם װאָרט — דאָס זענען דערװײַל ניט מער אַז פּלאַפּלע־
רײַען. װאָס די „פּרעס" ערלױבט זיך ערעװ סיזאָן, בעת׳ס דער זומער
האַלט ערשט באַם אונטערגײן.

גאַנץ אַנדערש זעט עס אױס מיט דער פּרעסע, בעת׳ס דער טע־
אַטער־סיזאָן איז שױן אַרײַנגעטראָטן און האַלט שױן אין פולן גאַנג.
דעמאָלט, אַז איר עפנט אױף אַ אידיש בלאַט, טוט אײַך אַ בליאַסק אין
די אױגן אַ גאַנצע רײ פון שרײַענדיקע אַרטיקלען מיט מױרעדיקע
קעפּלעך און פאַרשײדענע נעמען. עס שעמערירן פאַר אײַך גאַנצע זײַטן,
דאָרט הײסט עס „פּײַדזשעס", פון אױבן ביז אַראָפּ מיט קידעש־לעװאָנע־
אױסיעס, שײנע גלאַטע װערטער, הױכע קלינגענדיקע פראַזן, װאָס גיסן
זיך װי בוימל און לײענען זיך גרינג, װי אַ װאַסער, און רעדן צו אײַך
װעגן הימלשן פאַרגעניגן, װאָס דער און דער מענעדזשער האָט אָנגע־
גרײט פון אײערטװעגן, און פון אַן עמעסן גאַנײדן־געגנוס, װאָס איר װעט
האָבן אין יענעם טעאַטער. דידאָזיקע שײנע גלאַטע בױמלדיקע אַרטיקלען
זענען אַזױ בעריעש צונױפגעשטעלט, אַזױ מאַמזעריש אױסגעשטאַט,
אַז דער פּאָשעטער נאַאיװער לעזער עפנט אױף מױל און אױגן, ער װײסט
ניט, צי איז דאָס אַ לײטאַרטיקל, אָדער, װי מע רופט עס דאָרט, אַן
„עדיטאָריעל", פונם רעדאַקטאָר אַלײן? צי איז דאָס אַזאַ מין קריטיק,
אַ האַלעלױע, אַ ליבגעזאַנג פונם צופרידענעם אַנטציקטן טעאַטער־רע־
צענזענט? קײנמאָל אין דער װעלט װעט אים ניט אַרײַנפאַלן אין קאָפּ
אַ מאַכשאָװע, אַז דאָס איז כאָלילע אַ גוט־באַצאָלטע אַנאָנסע, דאָרט הײסט
עס „אַדװערטײַזמענט", פאַר געלט, אַן אָפּגעזונגענער „פּײַדזש", װאָס
דער טעאַטער־מענעדזשער קאָן דאָרט אָנשרײַבן, װאָס זײַן האַרץ גלוסט.
און ער קלאַפּט דאָרט װעגן זײַן טעאַטער, קלינגט און פײַפט און טרו־
מײטערט באַכצױצרױס װעקאָל שױפער.

„װילט איר זען עטװאָס עוהאַבענעס, עטװאָס אַזעלכעס, װאָס איר
האָט נאָך קײנמאָל ניט געזען?—צעגיסט זיך אײנער אין אַ צײַטונג
און זינגט װי אַ סאָלאָװײ:—װילט איר פאַרברײַנגען כאָטש אײן שטונדע
אַ גוטע, אַ רואיקע, אין פּאַראַדיעז? װילט איר װיסן, װאָס הײסט אַ
הימל־געגנוס? װילט איר הערן דעם װידערקאָל פון עכט־אידישן געזאַנג?
װילט איר יאָמערלעך װײנען מיט עכט־אידישע טרערן, װי אין די „גע־
בראָכענע הערצער"? װילט איר הערצלעך לאַכן פון נאַטירלעכן הומאָר
און רײנעם אידישן װיץ, װי אין די „אָלרײטניקעס"? װילט איר זעטיקן
אײער אױג מיט מאָדערנע רײַכע סינעריס און פּאַטריאָטישע דעקאָראַ־

ציאָנען און אויסשטאַטונג, ווי אין „פינטעלע איד”? ווילט איר זען וואונדערבאַרע טענצער און טענצערנס, ווי נאָך ניעמאַלס דאָ געווען?— קומט זעען יעדן אָוונט און מאַטינעע דעם גאנצן יאָנטעוו די „פיר שטעקנס” — די שענסטע און רייכסטע אידישע טראַגי־קאָמישע מעלאָדראמאטיש־פּאטריאָטישע אָפּערעטע, וואָס איז אמאָל געזען געוואָרן אף א אידישער בינע”.

* * *

„צווישן אַלע פּיעסן אין אַלע אידישע טעאַטערן אַף דיזן יאָנטעוו שיינט ארויס די „מענוירע” מיט אַזאַ העלן ליכט, אַז אַלע אַנדערע פּיעסן, וואָס זיינען ווען אויסגעפירט געוואָרן, ווערן פאַרטונקלט און גייען געוויס פאַרלוירן.” — אַזוי זינגט גאַנץ באַשיידן אַ צווייטער מענעדזשער פון אַ צווייטן טעאַטער: — „די מענוירע” — זאָגט ער ווייטער מיט זעלטענעם אַפּלאָמב — שטייט צווישן זיי, ווי אַ ריז צווישן קאַרליקעס. מע האָט שוין געזען טרערן אין דיזן לאַנד. טרערן פון פאַרלאָזענע „אַלמאָנעס” און פון אומגליקלעכע „יעסוימעס”. טרערן פון פאַרלוירענע קינדער און פון אומגעבראַכטע אויפּעלעך אַף דער בינע. מע האָט שוין געזען בלוט פון פאַראומגליקטע אידישע טעכטער און געשענדעטע פרויען אין די בעסטיאַלע פּאָגראָמען. מע האָט שוין געהערט געלעכטערן אַפן סטיידזש פון אונזערע טעאַטערס, נאַטירלעכע געלעכטערן פון הערצלעכן הומאָר און אידישן וויץ. מע האָט שוין געהערט געזאַנגען און זיסע מעלאָדיען פון באַרימטע פּרימאַדאָנעס. מע האָט שוין געזען טענץ פון די שענסטע טענצערנס פון דער וועלט — זאָ עטוואָס איבעראַשענד־ ערהאַבענעס און הימעל־הייליגעס האָט מען נאָך אין ניו־יאָרק ניט געהערט און ניט געזען!”

* * *

אַ דריטער מענעדזשער פון אַ דריטן טעאַטער צעלייגט זיך ווי אַ שטאָט־באַלעבאָס אין זיין „פּייפּער” און דערציילט זיך גלאַט אַ מאַיסע: ווי אַזוי ער האָט דיזן זומער גלענצנד פאַרבראַכט זיין וואַקיישאָן אין „יוראָפּ”, אויסגעפאָרן אַלע גרויסע שטעט, באַזוכט אַלע טעאַטערס, זיך צוגעקוקט און צוגעהערט, ווי אַ בין גענאַשט פון אומעטום צו ביסלעך האָניק, און דאָס האָט אים געבראַכט אַף דער אידייע, ער זאָל צונויפשטעלן פאַרן ניו־יאָרקער אידישן פּובליקום אַזאַ יאָנטעוו־פּיעסע, וואָס זאָל צו גלייכער צייט באַצויבערן דעם צוהערער מיט ניט דאָ געוועזענע נאַציאָנאַלע קאָסטיומען און אָנפילן דאָס האַרץ מיט עכט־אידישן שטאָלץ און פּאַטריאָטיזמוס. אַ פּיעסע, וואָס זאָל דאַרשטעלן די פיינסטע הער־

לעכסטע אידישע טיפּן פונם אַלטן פאַרגאַנגענעם אידנטום מיט די מאָ־דערנסטע באַנדיטן פונם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. אַ פּיעסע, וואָס זאָל אַנטהאַלטן עכט־ביבלישע מאָטיוון, העכסט־אידישע נאַציאָנאַל־מעלאָדיען און פּאַטריאָטישע לידער מיט די סאַמע נייסטע טענץ פון פּאַריזער באַ־לעט. דאָס אַלעס צונויפשטעלן — שרייבט דערדאָזיקער מענעדזשער־דראַמאַטורג — האָט אים געקאָסט געגנוג מי און געגנוג געלט. און אז ער איז נאָך פילער מי און אומעומידלעכער אַרבעט מיט אומגעהייערע גרויסע קאָסטן פאַרטיק געוואָרן מיט דער פּיעסע, איז ער ערשט דעמאָלט געווען אין דער גרעסטער פאַרלעגנהייט — איבערן נאָמען. שטעלט אייך פאָר, אַז דאָס סאַמע שווערסטע אין אַ מוזיקאַליש־דראַמאַטישן ווערק איז ניט די מוזיק, ניט די דראַמאַטישע האַנדלונג, ניט די טיפּן, ניט די בילדער און ניט די אויסשטאַטונג, נאָר דער נאָמען. אַ מוזיקאַלישעס דראַמע דאַרף האָבן אַ נאָמען, וואָס זאָל קלינגען ווי אַ גלאָק, וואָס זאָל שפּילן ווי אַ פידל, וואָס זאָל זינגען ווי אַ פּרימאַדאָנע. און — דאַנקען גאָט — ער האָט געפונען, אַז דער ריכטיקסטער נאָמען פון אַזאַ ריזיקער מוזיקאַליש־דראַמאַטישער און נאַציאָנאַל־פּאַטריאָטישער טראַגי־קאָמעדיע דאַרף זיין ניט קיין אַנדערער, נאָר „מוישע“.

## קאַפּיטל 27

## „מוישע“.

דער נאָמען „מוישע“ איז זייער פּאָפּולער אין דער אידישער טעאַ־טער־וועלט אין אַמעריקע.

„מוישע“ אין געגנזנפיסלעך ווערט דאָרט אָנגערופן קימאַט דאָס גאַנצע אידישע טעאַטער־פּובליקום.

„מוישע“ — דאָס איז אַ סימוואָל פון נאַאיוויטעט פּראָסטקייט און גראָבקייט.

„מוישע“ — דאָס איז אַ טיפּ פון אַ פּאָשעטן כאַי־וועקאַיעם, וואָס מע דאַרף זיך מיט אים ניט צערעמאָניען. מע מעג אים געבן קייען היי און שטרוי. נישקאָשע, „מוישע“ האָט אַ גוטן מאָגן, וואָס קאָן אַלצדינג פאַרטראָגן.

מע רעכנט, — און דאָס איז אַזוי גוט ווי זיכער — אַז דער פּאַרפאַ־סער פונם וואָרט „מוישע“ זאָל זיין, זאָל ער מיר מוחל זיין, דער אַזוי־גערופענער פאָטער פון דעם אידישן טעאַטער, דער גאָטזעליקער גאָלד־פאַדען.

איך זאָג: „לאָז ער מיר מוחל זיין" — דערפאַר, ווייל דאָס וואָרט „מוישע" ווערט באַגלייט מיט נאָך אַ וואָרט, וואָס דרוקן לאָזט זיך עס ניט, און וואָס דער גרעסטער אידיש־אַמעריקאַנישער פּאָעט זשעניִרט זיך ניט צו גראַמען עס מיטן וואָרט „קאַדאָכעס".

עמעס, עס האָבן זיך געפונען דאָרט אַזעלכע, וואָס זיינען מיטן וואָרט ניט צופרידן. איינער האָט זיך זאָגאַר אָפּגעריסן און האָט פּלוצים אין אַ שיינעם טאָג אַרויסגעטראָטן מיט אַ פייעריקן פּראָטעסט אין דער „פרעס" קעגן אַזאַ מעגושעמדיקער גאָט־לעסטערונג און פאַרשוועכונג פון דעם סאַמע הייליקסטן היסטאָרישן נאָמען, וועלכן מיר פאַרמאָגן. עס האָט אָבער דאָס אויך נישט געהאָלפן. דעם פּראָטעסט האָט מען דורכגעלייענט, זיך גוט אָנגעלאַכט דערביי, און דער נאָמען „מוישע" איז פאַרבליבן אַד האַיום האַזע ניט נאָר דאָרט, אין קאָלומבוסעס מעדינע, ער האָט זיך אַריבערגעקייקלט אויך אַהער צו אונז, אין דער אַלטער היים, אינאיינעם מיט זיין באַגלייטונג־וואָרט, אַזוי אַז ווען עמעצער פון אונזערע אידישע אַקטיאָרן זאָגט „מוישע", ווייסט מען שוין, וואָס ווייטער גייט...

מיט איינעם וואָרט — דער פאַרפאַסער פון דער נאַציאָנאַל־יאָנטעוודיקער מוזיקאַליש־דראַמאַטישער און פּאַטריאָטישער פּיעסע האָט מיטן נאָמען „מוישע" גוט געצילט און נאָך בעסער געטראָפן. פאַר דער פּרימאַדאָנאַ געפינט זיך דאָרט אַ פּאַטריאָטיש ליד, וואָס עקט זיך מיט דעם די וועלט. די פּרימאַדאָנע זינגט דאָס ליד אַזוי כיינעוודיק־זיס, מיט אַזאַ מעכאַיעדיק־זיסער מעלאָדיע, אַז עס צעגייט זיך פּאָשעט אין יעדן איי־ווער און רופט אַרויס דעם גרעסן אַפּלויז. דאָס ליד ווערט געזונגען ניט נאָר פון דער פּרימאַדאָנע אַליין. דאָס גאַנצע טעאַטער מיט אַלע אַרטיסטן מיטן כאָר מיטן ווערטן פּובליקום העלפן אים מיט.

„מוישע" הייסט דאָס לידל, און געזונגען ווערט דאָס אָט ווי אַזוי:

עס ערשיינט די פּרימאַדאָנאַ, דאַווקע אַ בילד־שיינע נעקייווע און דאווקע אין אָפיצערסקע אוניפאָרם, און צעגיסט זיך אין אַ זייער אַנגענעמער מעצאָ־סאָפּראַנאַ־שטימע:

„צי האָט איר ניט געזעען מיין מוישע"
מוישע? מוישע? מוישע?
ער טוט אוף זאַכן גרויסע!
גרויסע! גרויסע! גרויסע!
גוואַלד, אידישע קינדער, מוישע!
צי האָט איר ניט געזעען מוישען?"

דאָ ווערן געוואָרפן אויגן פון דער פּרימאַדאָנאַ צום ווערטן פּובליקום אַף אַלע זייטן — אין פּאַרטער, אין די באַקסעס, אַף דער גאַלעריע.

רופט זיך אָפּ אַ קאָל פון ווערטן פובליקום, פון פּאַרטער, פון די באַקסעס אָדער פון דער גאַלעריע:

— איך הייס מוישע!

ענטפערט אים די פּרימאַדאָנאַ מיט זעלטענעם כיין:

„ניין! ביסט ניט מיין מוישע!"

רופט זיך אָן נאָך עמעצער פון פּאַרטער, פון די באַקסעס אָדער פון דער גאַלעריע:

— איך הייס מוישע.

דעמאָלט ענדיקט די פּרימאַדאָנאַ, און דער כאָר מיטן ווערטן פובליקום העלפן איר אונטער:

„מוישע דאָ און מוישע דאָרט —
מוישע איז אַף יעדן אָרט".

נאָך די ערשטע צוויי־דריי פאָרשטעלונגען איז דאָס ליד „מוישע" אָנגענומען געוואָרן און צעטראָגן געוואָרן איבער דעם גאַנצן דיסטריקט פון ניו־יאָרק און געזונגען געוואָרן אין שטוב און אין גאַס, אין קיטשען און אין שאַפּ, אין אַלע אידישע רעסטאָראַנס, אין די סטאָרס און אין די פעקטאָריס — אומעטום האָט מען געהערט זינגען נאָר „מוישע", „מוישע" און „מוישע". קיין גרעסערן סוקסעס האָט מען ניט געקאָנט ערוואַרטן: וואָרום פון אַ נאַציאָנאַל־מוזיקאַלישו־דראַמאַטיש־פּאַטריאָטישער פּיעסע אַז עס בלייבט איבער אַ לידל באַם ווערטן פובליקום, איז דאָס דער בעסטער סימען פון ערפאָלג פאַר דער גאַנצער פּיעסע, אַז זי וועט, אימירצעשעם, מאַריך יאָמים זיין. דער מענעדזשער פון יענעם טעאַטער האָט שוין געקאָנט זיין זיכער, אַז זיין „מוישע" וועט ניט אַראָפּגענומען ווערן פון רעפּערטואַר אַזוי לאַנג, ווי „מוישען" וועט ניט נימעס ווערן זינגען „מוישע"... לאָזן זיך די קריטיקער קריטיקירן, וויפל זייער האַרץ גלוסט, לאָזן פּעליטאָניסטן זיך וויצלען איבער די יאָנטעוו־פּיעסן, זיי אָנרופן מיטן שענדלעכן נאָמען „די נאַרישע וואָך". די מענעדזשערס פון די אידישע טעאַטערס זאָגן, אַז זיי ווייסן בעסער, וואָס „מוישע" האָט ליב און וואָס מע דאַרף „מוישען" געבן. און אויב, זאָגן זיי, עס גייט אין דעם, ווער פאַרדאַרבט אַמערסטן דעם געשמאַק פון ווערטן פובליקום, צי די „פרעס" — לאָז מען אָקאָרשט אַ בלעטער טון, זאָגן זיי, די אידישע ציימונגען פון אַמעריקע און זען, וואָס פאַר שונד־ראָמאַנען זיי דרוקן דאָרטן לעקאָוועד „מוישען"... און עס גייט אַוועק הייסע פּאָלעמיק אַף די בלעטער, און עס פאַרפירט זיך אַ בלוטיקער קאַמף צווישן די פאָרשטייער פון די צוויי גרויסע מעכטע אין דער גרעסטער אידישער קהילע פון דער וועלט, צווישן דער אידישער „פרעס" און צווישן אידישן טעאַטער — און אַלץ צוליב „מוישען". און

„מוישע" לייענט דאָס, וואָס מע שרייבט וועגן אים אַף די בלעטער — און מאַכט זיך דערפֿון. וואו האָט ער צייט אינם לאַנד פֿון „האַריאַפּ" און פֿון „העלפּ יור סעלף" זיך אָפּשטעלן און פֿאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע נאַרישקייטן, מיט פֿילאָזאָפֿיע? דאָס פֿאַרהאַוועטע, פֿאַרטאַרעראַמטע און פֿאַרטומלטע, פֿאַרביזיטע און פֿארביזנעסטע פּובליקום, אויסגעהאָרעוועט און אויסגעמאַטערט פֿונם טאָג, קאָם דערלעבט דעם אָפּדערנאַכט, לאָזט מען זיך אַוועק אַף דער אידישער גאַס און מע פֿארזאָרגט זיך מיט טי־קעטס, און מע פֿילט אָן די גאַלעריע מיטן פּאַרטער מיט די באַקסעס, און מע שלינגט דאָס זיסע פּאַטריאָטיש־כיינעוודיקע ליד „מוישע", וואָס די באַרימטע פּרימאַדאָנאַ זינגט מיט אַזוי פֿיל כיין און זוכט מיט די אויגן אין פּובליקום:

„גוואַלד, אידישע קינדער, מוישע!
זאָגט מיר, וואו איז מוישע?"
און דאָס ווערטע פּובליקום העלפֿט איר מיט:
„מוישע דאָ און מוישע דאָרט —
מוישען טרעפֿט איר אַף יעדן אָרט".

קאַפּיטל 28

## די קאָמונע ברעקלט זיך.

דער יאָנטעוו האָט שוין געהאַלטן באָ ענדיקן זיך. „די נאַרישע וואָך" מיט אירע ווילדע אומגעלומפּערטע יאָנטעוו־פּיעסן האָט שוין געהאַלטן בא אונטערגיין. די אידישע טעאַטערס פֿון ניו־יאָרק האָבן שוין געהאלטן בא נעמען זיך צום ערנסטן רעפּערטואַר פֿון לויטער ליטעראַרישע פּיעסן. אַף די גרויסע אַפֿישן אין סטריט און אַף דער צווייטער פּיידזש פֿון די אידישע צייטונגען האָבן זיך באוויזן די גוט־באַקאַנטע נעמען פֿון דער אידיש־אַמעריקאַנישער טעאַטער־וועלט. די „פּרעס" האָט געשמועסט פֿון נייע דראַמען, אָנגערופֿן נייע נעמען פֿון אַלטע זאַכן, וואָס זיינען פֿאַרטראָגן געוואָרן איבערן יאַם פֿון דער אַלטער וועלט, קונציק איבער־געניצעוועט אַף דער לינקער זייט און בעריעש איבערגעאַרבעט אפֿן אַמעריקאַנישן שטייגער, צוגעפּיקסט און אויסגעאידעשט אַזוי, אַז מע זאָל מאקעס דערקענען, פֿונוואַנען דאָס שטאַמט. מיט איינעם וואָרט — ס'איז געווען „אָל־רייט".

גאַנץ ערנסט האָבן די קריטיקער גערעדט פֿון דידאַזיקע נייע פּליִיס, געווידמעט זיי גאנצע פּיידזשעס און באַשיינקט די אַווטאָרן מיט די

שענסטע גלענצנדסטע נעמען. איינעם האָבן זיי אָנגערופן זודערמאַן. דעם אנדערן — הויפּטמאַן. דעם דריטן האָט מען געבענשט מיטן נאָמען איבסען. דעם פערטן געקרוינט מיטן נאָמען שעקספּיר — דער אידישער שעקספּיר, נאָך גרעסער פון שעקספּיר!...

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אז ניט אַלע רעצענזענטן זיינען געווען איינפארשטאנדן און ניט אלע רעצענזיעס זיינען געווען גלייך. ווי עס פירט זיך דאָרט פון קאַדמונים, האָבן זיך די מיינונגען צעטיילט. שארף צעטיילט. דאָס שטיק, וואָס איין קריטיקער האָט אין איין ציימונג אָפּגעלויבט אין טאָג אַריין, אופגעהויבן ביז הימל און דעם אַווטאָר פארגעטערט, האָט דער אנדערער קריטיקער אין אַ צווייטער ציימונג אומבעראַכמאָנעס אַרונטערגעריסן, די פּיעסע געטראָטן מיט די פיס, פונם אווטאָר געמאַכט אַש, באוויזן מיט אויסעס אומויפסים, אז זינט קאָלומבוס האָט אנטדעקט אמעריקע, איז נאָך גאָר אזא שונד שעבעשונד נישט באשאפן געוואָרן. מיט איינעם וואָרט — דער „סיזאָן" איז געווען אין רכעטן גלאַנץ, און „מוישע" האָט נאָך אלץ געוועלטיקט אף דער אידישער גאַס. דער מענעדזשער פון יענעם טעאטער, וואו ס'איז געשפּילט געוואָרן „מוישע", האָט געהאלטן די הענט אין די קעשענעס און זיך באקלאָגט, אז ס'איז ניט גוט, זייער ניט גוט: זיין טעאטער איז צו קליין אף אריינצונעמען דאָס גאַנצע פּובליקום, וואָס וויל קומען אַלע נאכט זען און הערן זיין „מוישען". דערביי האָט ער געמאַכט אַ קרום פּאָנים פון אַן אומגליקלעכן ראָקפעלער, וואָס ווייסט ניט, וואָס צו טון מיט די שווערע מיליארדן, וואָס פאלן אף אים ווי שטיינער פונם הימל.

מע קאָן זיך פאָרשטעלן, ווי די מענעדזשערס פון די איבעריקע טעאַטערס האָבן אים מעקאַנע געווען. אומזיסט געווען זייער ווארפן זיך אַף אלע זייטן. אומזיסט געווען זייער אַרויסציען פון קאסטן די בעסטע סכוירע פון די בעסטע דראַמאַטורגן פון דער וועלט. אומזיסט געווען זייער שרייבן אַף זיך, אַז נאָר באַ זיי איז „די עמעסע היים פון דער אידישער דראַמע". „מוישע" האָט זיי אלעמען פּארטומלט, דעם קאָפּ פּריטשמעליט, באזיגט. די אָרעמע טעאַטער־באַלעבאַטים זיינען נעבעך געווען אין דער גרעסטער פארצווייפלונג, ווען ס'האָט זיך באַוויזן פאר זיי פּלוצים אין אַ שיינעם טאָג אַ קוואַל פון נייע האָפענונגען אף אופלעבונג, אַ קוואל, וואָס האָט זיי געעפנט די אויגן, מאמעש דערקוויקט, קימאט פון טויט לעבעדיק געמאכט.

דידאָזיקע קוואַל איז געווען אונזער געוויסע קאָמונע „קלאמער, שוואלב עט קאָמפּ".

די בלאָנזנדע קאָמפּאַניע האָט די ערשטע צייט נאָך איר פארבלאָנזען קיין ניו־יאָרק דערווייל נאָך נישט געטון גאָרנישט, נאָך געשטאַנען

פונדערווייטן און נאָר צוגעקוקט און נאָר באוואונדערט, וואָס קומט פאָר אין אידישן טעאַטער פון קאָלומבוסעס מעדינע. אַ נייער מענטש, אז ער שטעלט אוועק אַ פוס אין אַ ניי אָרט אין אַ פרעמד לאנד, איז ווי אַ שווימער אין אַן אומבאקאנטן וואסער. מע באדארף קודעם זיך אַרומקוקן, וואו מע איז אין דער וועלט, זיך צוקוקן צו די זיטן, זיך צוהערן צו דער שפראך, אַקלימאטיזירן זיך.

לאנג זיצן אזוי איז אָבער אויך נישט קיין פלאן. אונזערע ארטיסטן פון דער נאַוועגאדנער טרופע „קלאַמער, שוואלב עט קאָמפ.״ האָבן געקאָנט אַזוי אופעסן דאָס גאַנצע ביסל מעזומענס, וואָס מיסטער קלאמער האָט מיטגעבראכט מיט זיך פון לאָנדאָן. בא יעדן פונט־שטערלינג, וואָס מיסטער קלאמער האָט באדארפט אויסבייטן אף אמעריקאנער דאָלארס, האָט ער נעבעך גוט געקרעכצט, אונטערגעטריבן זיינע שוטפים, פארוואָס זיי נעמען זיך ניט צו דער ארבעט אביסל געשמאקער, געגעבן אָנצוהערעניש, געווינטלעך מיט גוטן, אז עס טאָגט שוין בא אים אין פאקעט, און אז אָט־אָט, אָקערשט ווי מע זעט ניט, וועט זיין — ווי זאָגט דער איינגעלשמען: „נאָ פּיי — נאָ שאָו״. אף אונזער לאָשן וועט עס הייסן אזוי גוט ווי: „ניעמא פאפאַ, גיי ליולי״...

זעלבסטפארשטענדלעך, אז די איבעריקע קאָמפאניאָנען זיינען אזעלכע קאפּוליער אָנצוהערענישן געווען נישט אזוי זיס צו הערן, און מער פון אלעמען איז דאָס געווען ניט אָנגענעם פארן קאָפּ און פירער פון דער קאָמפאניע, פאר ניסל שוואלב. אלע אויגן זיינען געווען געווענדט צום געניאלן קאָמבינאטאָר, וואָס וועט ער אופטון, וואָס פאר אַ קאָמבינאַציע וועט בא אים געבוירן ווערן? און ניסל שוואַלב איז פאר זיינע שוטפים ניט פארשעמט געוואָרן און האָט זיין רעפּוטאציע כאָלילע ניט פארשוועכט. ער האָט בא זיי געבעטן מער ניט אז געדולד און באוויזן זיי, ווי צוויי מאָל צוויי, אז זיי וועלן דאָ אָנשאַרן געלט, מאכן אַ פארמעגן, איבערשטייגן דזשייקאָב שיף, פארשטעקן אין גארטל דריי ראָקפעלערס, ער זאָל אזוי האָבן אלעמענס גוטס. נישטמער, ניסל שוואלב האט מיט זיין געניטן אויג ארויסגעזען, אז אינם דאָזיקן לאנד, וואָס הייסט אמעריקע, זיינען די געזעצן פון דער אלטער וועלט ניט געשריבן געוואָרן. אז דאָס, וואָס פאר „יוראָפּ״ איז גוט, איז עס פאר אַמעריקע אַ שכיטע. ער האָט מיט זיין קאָמבינאטאָרישן מויעך אויסגערעכנט, אז מיט דער גאנצער פארייניקטער טרופע ארויסצוטרעטן, ווי ער האָט גערעכנט פריער, קאָן ער דאָ האָבן אַ גוואלדיקן דורכפאל און ברעכן רוק און לענד. אסאך געזינטער וועט זיין פאר דער קאָמפאניע, אז זי וועט זיך דאָ ארויסווייזן ביסלעכווייס, איינציקווייס. דאָס הייסט, די קאָמפאניע מעג זיך טאקע בלייבן אַ קאָמונע, ווי געווען, נאָר זי דארף געטיילט ווערן, די

קרעפטן דארפן געבערעקלט ווערן אף שטיקלעך, אזוי אז יעדער איינצי־
קער פון זיי זאָל זיך לאָזן הערן, ארויסרופן באוואונדערונג און מאכן
אַ „סענסיישאָן". דערביי האָט ניסל שוואַלב ארויסבאוויזן, אז ניט נאָר
ער איז אַ געניאַלער קאָמבינאַטאָר — ער איז אויך אַ פּראַקטישער סוי־
כער, אָדער, ווי הייסט עס אין אמעריקע, אַ גוטער ביזנעס־מאַן. ער איז
געגאַנגען, ווי רש"י מאכט, „כּדרך התגרים" — דאָס הייסט, אפן סאָכ־
רישן וועג. אַ פּראַקטישער סויכער, אַז ער באווייזט זיין סכוירע, באַ־
ווייזט ער פריער דאָס ערגסטע, וואָס ער פאַרמאָגט, און נאָכדעם שוין —
דאָס בעסטע. קוידעם האָט ניסל שוואלב געזועגן צו באשטאטן די שוועס־
טער הענריעטא די פּרימאַדאָנאַ מיטן ברודער איזאַק דעם טראַגיק.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם ברודער איזאַק, דאַרף מען זאָגן, אַז דאָס
איז אים געגאַנגען נישט אזוי גוט. אכוץ דעם, וואָס איזאַק שוואַלב איז
נישט אָנערקענט געוואָרן אין דער ניו־יאָרקער טעאַטער־וועלט אלס
טראַגיקער, אַכוץ דעם, וואָס מעווינים האָבן אף אים געזאָגט, אַז אים
וואָלט בעסער געפּאסט צו זיין אַ בוטשער, איידער אַ שוישפּילער, אז
אים וואָלט בעסער געפּאסט צו זיין בעסער אַ מילכמאַן, אָדער ארומ־
טראָגן אַ „באַרעל אייז־קרים" אפן קאָפּ, איידער צו זיין אַן „עקטער"
און שפּילן טראַגישע ראָלן אין טעאַטער, — אכוץ די אלע מאַילעס איז
גלאַט אַן אומגליק מיט די „יוניאָנס" אין דער „יענקישער" מעדינע.
קיין פרעמדן אַקטיאָר לאָזט מען ניט צו צום פּאַסעק, כאָטש שריי כאַי־
וועקאַיעם. איזאַק שוואַלב האָט קיין אנדער ברייירע ניט געהאַט אָנעמען
דערווייל אַן אנדער שטעלע, אַן אנדער דזשאָב. אין וואָס איז באַשטאַ־
נען דערדאָזיקער „דזשאַב", וועלן מיר זען ווייטער. דערווייל האַלטן
מיר בא זיין שוועסטער הענריעטא, בא דער בארימטער פּרימאַדאָנאַ פון
בוענאָס־איירעס.

קאַפּיטל 29

## דער שטערן פון בוענאָס־איירעס.

ברײינדעלע קאַזאַק האָט ניט מעגאַזעם געווען אין אירע בריוו צו
הענריעטען דערמיט, וואָס זי האָט געשריבן צו איר, אַז מע וועט זי אין
אַמעריקע ניט נאָר פּאַרצוקערן, נאָר אַז די מענעדזשערס פון די אי־
דישע טעאַטערס וועלן זיך אַלע שלאָגן פאַר איר, ווי פאַר אן עוון טויוו.
עס איז געווען געגוג, אַז ניסל שוואַלב זאָל זיך באַווייזן מיט זיין שוועס־
טער הענריעטאַ פריער אין איין טעאַטער, דערנאָך אינם אַנדערן, זיי

זאָלן ציען אף זיך די אויגן פונם גאַנצן פּאַרטער־פּובליקום. הענריעטאַ איז אין יענער צייט געווען, קאָן מען זאָגן, אין רעכטן בליען און אין רעכטן גלאַנץ פון איר שיינקייט. דערצו איז זי געווען אַזוי עלעגאַנט געקליידעט, און איר הוט איז געווען אַזוי שרייענד־מאָדערן און אירע שטיינער, צווישן וועלכע עס זענען געווען מער פּאַלשע אַלס עכטע, האָבן איר צוגעגעבן אַזויפיל כיין, אז ווען דער ברודער האָט זי אריינגעפירט הינטער די קוליסן און פאָרגעשטעלט פאַר די אַקטיאָרן און אַקטריסעס, האָט מען שוין אין פּאַרטער געוואוסט, אַז דאָס איז אַ באַרימטע פּרימאַדאָנאַ, אַ נייער אופגייענדער שטערן אפן הימל פון דער אידישער בינע. ווער זי איז און פונוואַנען זי איז — האָט נאָך דערווייל ניט געוואוסט קיינער. דאָס איז מען געוואוירע געוואָרן ערשט שפּעטער, אַז אין די צייטונגען האָבן זיך באַוויזן פריער אַרטיקלען, דערנאָך — באַכצויצרויס־וועקאָל־שויפּערדיקע אַנאָנסען מיט קידעש־לעוואָנע־אויסיעס, אז אין דעם און דעם טעאַטער טרעט אוף אַ נייער שטערן פון בוענאָס־איירעס מיטן נאָמען הענריעטאַ שוואַלב, וואָס מיט איר סימפּאַטיש אויסזען און שלאַנקער פיגור וועט זי פּאַרשעמען אַלע שיינהייטן, וועלכע האָבן ווען עס איז באַטראָטן ניט נאָר די אידישע בינע, נאָר אלע בינעס פון דיזן לאַנד און פון דער גאַנצער וועלט. און ווייל דער מענעדזשער האָט געהאַלטן באַ רעדן פון שיינהייטן, האָט ער זיך שוין דערלויבט צולייגן נאָך עטלעכע ווערטער, אַז אף דער אויסשטעלונג פון שיינהייטן אין פּאַריזש האָט הענריעטאַ שוואַלב באַקומען דעם ערשטן פּרייז.

גענוג, אַנדערע מאַילעס האָט מען שוין פּאַרשפּאָרט אויסרעכענען. דאָס טעאַטער האָט זיך שוין סיי־ווי געבראָכן פונם פּובליקום, וואָס איז געקומען מעקאַבל פּאָנים זיין דעם שטערן פון בוענאָס־איירעס, די באַרימטע שיינהייט, וועלכע האָט באַקומען דעם ערשטן פּרייז. און ס'איז נייטיק צוצוגעבן, אַז דאָס ווערטע פּובליקום, וואָס איז אביסל געוואוינט געוואָרן, מע זאָל עס אַמאָל אָפּבלאָפן, דאָס הייסט, דערציילן, אַז אפן הימל איז אַ יאַריד, איז איצטיקס מאָל געווען באַפּרידיקט אַפן בעסטן אַרט און האָט אופגענומען דעם שטערן פון בוענאָס־איירעס מיט אַזאַ מין דונערנדיקן אַפּלויז, וואָס נאָר אין אַ אידיש טעאַטער אין ניו־יאָרק קאָן אַזעלכס געמאָלט זיין.

עס איז גרינג זיך פּאָרצושטעלן, מיט וואָס פאַר אַ טאָן ניסל שוואַלב האָט גערעדט מיטן מענעדזשער פון טעאַטער, אַז ער איז געקומען צו דער צווייטער פּאָרשטעלונג שמועסן וועגן באַדינגונגען און דערזעען אַן אַנשלאַג באַ דער קאַסע: „קיינע טיקעטס מער". ניסל שוואַלב האָט גאָר פּאַרגעסן, אַז די מאַיסע מיטן ערשטן פּרייז אין פּאַריז האָט אויס־

געטראַכט דער מענעדזשער פֿון זיין אייגענער פֿאַנטאַזיע, און ער האָט גענומען דערציילן מיט היץ, מיט פֿייער, ווי זיין שטייגער איז, ניסים וועניפֿלאָעס, ווי אַזוי זיין שוועסטער האָט באַקומען דעמדאָזיקן פּרייז. ווי אַזוי די אַלע איבעריקע בילדשיינע פֿרויען האָבן איר מעקאַנע געווען, ניט פֿאַרגונען. ווי אַזוי די דירעקציע אַליין איז געווען אופֿגערעגט, אַז מע איז געוואָרן, אַז זי איז אַ אידישע טאָכטער. ווי אַזוי מע האָט שיר־שיר ניט צוגענומען בײַ איר דעם ערשטן פּרייז. אַ גליק, וואָס ער, ניסל שוואַלב, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, געוואָלט מאַכן זיי אַלעמען אַ סקאַנדאַל. און ניט נאָר געוואָלט, נאָר טאַקע געמאַכט זיי א סקאַנדאַל. ער האָט זיי געזאָגט דאָס און דאָס, אַזוי און אַזוי...

ניסל שוואַלב האָט געמוזט איבערהאַקן אין מיטן, ווייל סאַמע דאָ האָט ער דערפֿילט, ווי עמעצער האָט אים אָנגעטראָטן אַפֿן פֿוס, נאָר אַזוי שטאַרק, ווי דאָס וואָלט געווען אַ פֿוס פֿון אַ סאָלדאַט פֿון דער גוואַרדיע. צום סאָף איז דאָס גאָר געווען ברײַנדעלע קאָזאַקס פֿוס. דאָס האָט זי אים אָנגעטראָטן, ער זאָל זיך אַביסל איינהאַלטן. ווי קומט אַהער ברײַנדעלע קאָזאַק? — טײַטש, דאָס איז זי דאָך געווען די רעכטע מעקלערן פֿון דער פּרימאַדאָנאַ שוואַלב. דאָס האָט זי דאָך אַראָפּגעבראַכט פֿון לאָנדאָן דעם „שטערן פֿון בוענאָס־איירעס". הײַנט ווי איז דאָס מעגלעך, מע זאָל רעדן פֿון באַדינגונגען — און זי זאָל ניט זײַן דערבײַ? ניסל שוואַלב האָט זיך נאָכדעם ניט געוואונדערט דערויף, וואָס ער איז מיט זײַנע מאַיסעס פֿאַרקראָכן אַביסל צו ווײַט. ער האָט זיך נאָר געוואונדערט, ווי קומט צו אַ נעקייווע אַזאַ שווערע פֿוס?

גליקלעכע העגריעטאַ! זינט זי איז אַף דער בינע, זינט זי איז אַ פּרימאַדאָנאַ, האָט זי נאָך אַזאַ אופֿנאַמע ניט געהאַט אין ערגעץ, ווי דאָ אין ניו־יאָרק. אַזעלכע דונערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן האָט זי נאָך נישט געהערט זינט זי לעבט אף דער וועלט. ניין, דאָס זענען ניט געווען אַפּלאָדיסמענטן פֿון מענטשלעכע הענט. אַ מענטשלעכע האַנט איז דען אימשטאַנד אַרויסצולאָזן אַזעלכע הילכיקע קוילעס? אַזוי הילכיק דונערט עס נאָר ווען מע פּאַטשט קישנס, ווען מע שלאָגט אויס בעטגעוואַנט, ווען מע רײַניקט דורך רויכוואַרג זומער אַף דער זון מיט גוטע שטעקנס, אָדער, ווײַניקסטנס, ווען מע גיט איינעם אין די הענט אַרײַן צוויי ברעטלעך און מע זאָגט אים: „קלאַפּ! שנייד! בראָק אַף וואָס די וועלר שטייט!"...

מיר מוזן זיך מודיע זיין צום סאָף און אויסזאָגן פֿונם סאָד, אַז גאַנץ אויבן אַף דער גאַלעריע זענען געווען אַזעלכע מענטשן מיט אַזעלכע „קיילים" אין די הענט, וואָס האָבן אַרויסגערופֿן דעמדאָזיקן שטורעם

אַלע מאָל, ווען דער שטערן פון בוענאָס־איירעס האָט זיך באַוויזן אַף דער בינע, אָדער באַדאַרפט פאַרלאָזן די בינע. דאָס טעאַטער איז שיר ניט צעפּאַלן געוואָרן פון אַזאַ דונערן מיט אַזאַ שטורעמען. דאָס אונטערשטע פּובליקום האָט מיט שרעק געקוקט ארוף, געוואָלט זען, פונוואַנען גייט דער קראַך, און האָט אַליין אויך געהאָלפן דונערן און שטורעמען. דאָס ליגט שוין אין דער טעווע פון אַ פּובליקום, וואָס דאַרף נאָר האָבן דעם ערשטן סיגנאַל. ווער איז דאָס מעכויעוו צו וויסן, פונוואַנען עס גייט דער סיגנאַל? ווער ווייסט דאָס, אשטייגער, איינפאַלן אין קאָפּ, אַז דאָרט ערגעץ זיצן מענטשן מיט קיילים אין די הענט, אָנגעגרייט אַף צו מאַכן אַן ערפאָלג דער פּרימאַדאָנאַ, און אַז צווישן דידאָזיקע „קלאַפּערס“ געפינט זיך טאַקע איר אייגענער ברודער?

יאָ, דער ערשטער צווישן די „קלאַפּערס“ איז געווען ניט קיין אַנדערער, ווי אונזער באַקאַנטער טראַגיקער איזאַק שוואַלב — און דאָס איז טאַקע געווען זיין „דזשאַב“, וואָס זיין ברודער ניסל האָט אים אַוועקגעגעבן דערווייל אַף דער ערשטער צייט אין אַמעריקע.

סיק טראַנזיט גלאָריאַ מונדי — זאָגט אַ לאַטייניש שפּריכוואָרט. אַף אונזער אידיש, אַז מיר זאָלן עס וועלן איבערזעצן אַביסל פריי, וועט דאָס הייסן: אָט אַזוי ווערט אַמאָל פון אַ טראַגיק אַ קלאַפּער.

### קאַפּיטל 30

## דער לאָמזשער סאָלאָוויי.

אונזער קאָמונע „קלאַמער, שוואַלב עט קאָמפּ.“ איז געגאַנגען אין אַמעריקע, קאָן מען זאָגן, דורך טיר און דורך טויער. אין דערזעלבער צייט, וואָס דער „שטערן פון בוענאָס־איירעס“ איז אופגעגאַנגען אַפן הימל פון דער אידישער בינע, האָט זיך געלאָזט הערן אין דער אידישער „פּרעס“ אַ קאָל־נעגינע פון אַ „לאָמזשער סאָלאָוויי“, וואָס די בלעטער האָבן אופגעכאַפּט און צעפּויקט איבער גאַנץ אַמעריקע.

האַקל טאָלע בעמאַזל — ס'איז נאָר אַ גליק־זאַך. אין לאָנדאָן איז דערדאָזיקער כאַזן געלעגן פאַרשטעקט אין אַ ווינקל, זיך געוואַלגערט אין אַ קעלער, געשטאָרבן, ניט היינט געדאַכט, מיט דער גאַנצער מישפּאָכע דריי מאָל אַ טאָג פון הונגער, געמוזט אָנקומען צו די טויוועס פון די לאָנדאָנער „טשאַרעטיעס“ און צו די אייצעס פון אַזעלכע גוטע מענטשן,

ווי מיסטער קלאַמער. און דאָ, אין ניו־יאָרק, איז ער מיטאַמאָל מעפּור־
סעם געוואָרן, אויסגעוואַקסן מיט דריי קעפּ העכער און באַקומען אַ נאָ־
מען, וואָס קלינגט פון איין עק שטאָט ביזן אַנדערן.

אין אַלע בלעטער און אַף אַלע בלאָקס אַף די אַפּישן האָט איר גע־
קאָנט יענעם סיזאָן לייענען יעדן טאָג דידאָזיקע שרייענדיקע באַכצויצ־
רויס־וועקאָל־שויפּערדיקע אַנאָנסן:

„קומט היינט אין אונזער טעאַטער הערן דעם לאָמ־
זשער סאָלאָווײ זינגען קאָלנידרע מיט זיין אייגע־
נער קאַפּעלע, וואָס דער קעניג געאָרג האָט באַוואונ־
דערט!"

ווי אַרום איז דאָס אויסגעוואַקסן דער לאָמזשער כאַזן אין טעאַ־
אַטער? און פונוואַנען האָט זיך עס גענומען אַהער דער גאָט די געשאָמע
שולדיקער קעניג געאָרג? — אונזער פריינט לעזער דאַרף אַזעלכע קאַשעס
ניט פרעגן. ער דאַרף זיך נאָר דערמאַנען, אַז מיר זענען מיט אונ־
זער קאָמונע נישט אין יעהופּעץ, נאָר אין דער גאָלדענער מעדינע פון
קאָלומבוסן, אינם פרייען גוטן גליקלעכן לאַנד, וואָס הייסט אַמעריקע.

* * *

וואָס מע וויל, קאָן מען זאָגן אַף אונזערע ברידער אין דער גאָל־
דענער מעדינע: לעמאַשל, אַז זיי זיינען אַביסל צו לאָהוט נאָך די ביז־
נעס, אַז זיי וואַרפן זיך אַרויף אַפן אַמעריקאַנער לעבן מיט אַן אומגע־
הייערער זשעדנעקייט, ווערן גיך אַמעריקאַניזירט, ווילן אויסזען מער
אַמעריקאַניש, ווי די אַמעריקאַנער אַליין, און נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס
באַ איינעם איז דאָס אַלץ אַ כיסאָרן, באַם אַנדערן — אַ מאַילע, — איין
שוואַך מוז מען אַף זיי נאָכדערציילן, אַז דעם אַלטן פּאָסעק פון אונזער
אַלטן כומעש: „ואהבתם את הגר" — איר זאָלט ליב האָבן דעם
פרעמדן, ווייל איר זיינט אַליין געווען פרעמדע — דעמ־
דאָזיקן פּאָסעק פאַרגעסן זיי קיינמאָל ניט און וועלן ניט פאַרגעסן, אַפילע
ווען זיי זאָלן ווערן אויסגעגרינט אַפן געלסטן אויפן. איך זאָל וויסן, אַז
מע וועט מיך ניט באַשולדיקן, אַז איך בין מעגאזעם, וואָלט איך זאָגן,
אַז אין דער מיצווע פון האַכנאָסעס־אָרכים איז דאָרט יעדער איד קימאַט
אַן אַווראָם־אָווינו. און אוירעך, נישט נאָר אַ קאָרעוו, נאָר גלאַט אַ לאַנדס־
מאַן, איז באַ זיי אַ גאַנצער אַנטיק. יעדער אַמעריקאַנער איד, וואָס איז
אַליין אַמאָל געווען אַ געפּלאָגטער און פאַרזוכט דעם טאַם פון עמיגראַנט,
קוים האָט ער זיך אַרופגעאַרבעט אַף אַ שטיקל מאַימעד, וועט ער זיך
ניט באַרואיקן, ביז ער וועט ניט אַראָפּברייִנגען איינציקווייס די איבע־
ריקע מישפּאָכע פון דער אַלטער היים. ער זאָל נאָר קאָנען, וואָלט ער,

דאַכט זיך, אַ באַלן געווען, אַז דאָס גאַנצע שטעטל זיינס מיטן ראָוו און מיטן שויכעט און מיטן כאַזן זאָל זיך אַריבערפעקלען צו אים אין זיין נייער געבענטשטער היים. לאָזן אַלע זען, וואָס פאַר אַ לעבן ער מאַכט אין דער גאָלדענער מעדינע פון קאָלומבוסן, און לאָזן זיי אויך מאַכן אַ לעבן.

מע דאַרף ניט מיינען, פונדעסטוועגן, אַז מיר זיינען גענויגט צו זינגען אַ דיפיראַמב, אַ לויב־ליד צו אונזערע אַמעריקאַנער ברידער און אַרויסשטעלן זיי אַלע פאַר צאַדיקים גמורים. מענטשן זיינען אלעמאָל און אומעטום נאָר מענטשן. קומט אראָפּ א לאנדסמאַן, נעמט מען אים אוף מיט דער גרעסטער גאסטפריינטלעכקייט. מע ווייסט ניט די ערשטע צייט, וואו מע זאָל אים אוועקזעצן. מע איז זיך מיט אים מעסאמייעך. מע שטאָלצירט מיט אים. מע גיט אים די בעסטע אייצעס. מע ווייזט אים דעם ריכטיקסטן וועג. מע שטיצט אים אָפּטמאָל אונטער מיט א מעזומענעם דאָלער, אזוי ווייט ווי מען קאָן. דאָס אלצדינג איז אָבער נאָר אף דער הייסער שאָ. די צייט שטייט ניט. פאראַן א פאָסעק בא זיי, א האַרטער פאָסעק: „טיים איז מאָני — צייט איז געלט". אוועק די הייסע שאָ, זאָגט מען צו אים: „אצינד, מיסטער, צו דער ארבעט! דאָס לאנד איז פאר דיר אָפן, גיי, ברודערל, מאך א לעבן"...

און דער פרישער אוירעך, אויסגערוט און ארומגעקוקט זיך, גייט ארויס אף דער קאָכעדיקער גאס און בלייבט א פארטומלטער.

וואָס איז די מאיסע?

אינם דאָזיקן פארהאוועטן, פאַרטאַרעראַמטן לאַנד פון „האַריאָפּ", וואו קיינער האָט קיין צייט ניט און אַלע זיינען פאַרביזיט פון גאַנץ פרי אָן ביז שפעט אין דער נאכט, אז עס קומט צו פאָרן אן אוירעך, דאַרף ער ניט וואַרטן, ביז עמעצער וועט אים אָפּשטעלן אין גאַס, אַריינרוקן א שאָלעם־אליי‏כעם, מעכאַבעד זיין מיט אַ שמעק־טאַבעק און פרעגן „מאַ שמייכעם?" — ער וועט דאַרפן דערויף לאַנג ווארטן. ניין. דאָס איז א לאנד פון זעלבשטענדיקייט. א לאנד, וואו יעדער איז א באלעבאָס אף זיך אליין. א לאנד, וואָס האָט אויסגעארבעט אן אייזערנעם פרינציפּ: „העלפּ יור סעלף" — העלף זיך אליין. אף אונזער לאָשן וועט דאָס הייסן אזויפיל ווי: „פעטער, שטייט מיר ניט אפן וועג!" „פעטער, אקערט מיט דער נאָז, אַרבעט מיט די זייטן!" אָדער: „פעטער, איר קאָנט גיין שטאַרבן, אויב איר האָט ניט וואָס צו עסן". ניין. אין אַזאַ לאַנד דאַרפט איר ניט וואַרטן אַף קאָוועד און אַרויסקוקן אַף ניסים. איר באַדאַרפט אַליין זיך מאַטריעך זיין אָפּשטעלן יעדן איינציקן און אַרויס מיטן לאָשן: „סער: איך בין דער און דער און קאָן דאָס און דאָס — עפשער דאַרפט איר העגט?"... העגט — דאָס איז דעריקער. ניטאָ קיין מענטשן, נאָר

הענט. הענט, וואָס לייגן פאָר. הענט, וואָס רעדן. הענט, וואָס שרייען „הענט! הענט!" — און וואָס העכער איר וועט שרייען „הענט" — איז אַלץ בעסער פאַר אייך.

נאָר איר דאַרפט ניט זיין נאאיוו און מיינען, אַז ס'איז נייטיק, אַז איר אַליין דאַרפט אַרומגיין איבער דער סטריט און צו שרייען: „הענט! הענט!" ניין. דערויף איז געגעבן געוואָרן אַ „פרעס". דערויף זיינען באַשאַפן געוואָרן צייטונגען, וואָס באַדינען דאָס ברייטע פובליקום און וואָס זיינען באַזעצט און פאַרזייט, דורכגעשפּיגעוועט און אָנגעגניזשעט מיט לעבעדיקע אַדווערטייזמענטס און שרייענדיקע אַנאָנסן פון אויבן ביז אַראָפּ, וואָס רעדן וועגן זיך, קלינגען, פייפן און טרומייטערן באַכצויצרויס ווע־קאָל שויפער! און ווער נאָר עס וויל אין דעם לאַנד מאַכן אַ לעבן, און ווער נאָר עס וויל זיין באַוואָרנט, אַז ער זאָל אין דעם פרייען גאָלדענעם אַמעריקע ניט אויסגיין שטילערהייט פון הונגער, — דער מוז אָנקומען צו דער הילף פון דער „פרעס", דער מוז — צי ער וויל, צי ער וויל ניט — אַדווערטייזן זיך אין אַלע בלעטער, אָפּלויבן זיך אַליין און זיין סכוירע אין טאָג אַריין, קלינגען אין אַלע גלעקער, פייערן און טרומייטערן באַכצויצרויס ווע‌קאָל שויפער!

דידאָזיקע לאַגע האָט באַלד פאַרשטאַנען אונזער פירער פון דער קאָמונע. ער האָט אָנגעשמעקט מיט זיין נאָז און געכאַפּט מיט זיין אויג, אַז מע טאָר ניט מאַכן לאַנגע שיעס, אַז מע באַדאַרף נעמען די לייצעס אין איין האַנט, די בייטש אין דער אַנדערער האַנט — און מאַרש! דערצו האָט אים מיטן לאָמזשער כאַזן צוגעשפּילט אַביסל די צייט און אַביסל די האַצלאָכע. די צייט איז געווען, ווי מיר ווייסן שוין, יאָנטויוויום־צייט, ווען כאַזאָנים זיינען אין אַמעריקע אַ גאַנגבאַרער אַרטיקל. און די האַצלאָכע איז געווען, וואָס אַקוראַט צו זייער אָנקומען קיין ניו־יאָרק איז אַ געוויסע „סאָסייעטי" געבליבן אָן אַ כאַזן. און כאָטש די סכוירע איז אין אַמעריקע דאָ איבערגענוג, אַזוי אַז אַף דער ערשטער אַנאָנסע: „עס ווערט געזוכט אַ כאַזן אַף יאָמים נויראָים" — האָבן זיך אַ שאָט געגעבן כאַזאָנים פון דער וועלט, און אונזער לאָמזשער כאַזן איז אויסגעקומען אויסצושטיין אַ גוואַלדיקן קאָנקורס, האָבן זיך אָבער אַריינגעמישט זיינע לאָמזשער לאַנדסלייט, און אונזער לאָמזשער כאַזן איז געוואָרן „אָל־רייט".

דאָס איז אָבער געווען נישט מער ווי אַ אינטערמעצאָ, אַ האַקדאָמע צו דער קאַריערע פונם לאָמזשער סאָלאָוויי. אַן אַמעריקאַנער סאָסייעטי דאַרף אַ כאַזן נאָר אַף יאָמים נויראָים, און פון יאָמים נויראָים אַליין קאָן מען קיין לעבן ניט מאַכן. דאָ האָט זיך אַרויסבאַוויזן אונזער קאָמבינאַטאָר ניסל שוואַלב מיט זיין אונטערנעמונג־טאַלאַנט. ער האָט אָפּגעדונגען אַ האָל און געלאָזט אָפּדרוקן אין אַלע בלעטער אַזאַ מין אַנאָנסע:

„אַ מענטש אַ סאָלאָווײ. אַ האַלז אַ קלאַרנעט. אַ קאָל אַ פּידל. דאָס איז דער וועלטבאַרימטער לאָמזשער כאַזן מיט זיין אייגענעם כאָר. ער וועט זינגען קאָלנידרע אין דעם און דעם מוזיק-האָל מיט באַגלייטונג פון דער אייגענער קאַפּעלע אַף אַלערליי אינסטרומענטן, וואָס האָבן געשפּילט פאַרן קעניג געאָרג".

דער ערשטער קאָנצערט איז געווען אויך דער לעצטער קאָנצערט, ווייל אַף מאָרגן אינדערפרי איז אונזער ניסל שוואַלב און זיין געלטשוטעף מיסטער קלאַמער געזעסן באַ אַ גלאָז ביר און אַ האַוואַנאַ-סיגאַר מיט אַ מענעדזשער פון אַ אידיש טעאַטער און אונטערגעשריבן אַן אַגרימענט אַף דרייסיק ספּעקטאַקלען, אין וועלכע דער „לאָמזשער סאָלאָוויי" מיט זיין קאַפּעלע דאַרף זינגען אַלע נאַכט קאָלנידרע אין דער באַרימטער אָפּערעטע, וואָס הייסט טאַקע מיטן נאָמען „קאָל-נידרע".

נאָכדעם ווי דער אַגרימענט איז געווען אונטערגעשריבן, און דער מענעדזשער האָט אים אַריינגעלייגט אין זייטקעשענע, אַזוי האָט מיסטער קלאַמער באַלד כאַראָטע געקראָגן אַפּן געשעפט און גענומען עסן דעם קאָמפּאַניאָן, ניסל שוואַלב, לעמאַי ער האָט זיך אַזוי געאײַלט פאַרהאַנדלען אַזאַ סכוירע בעכאָצי כינעם. אַ סימען — נאָך די ערשטע עטלעכע ספּעקטאַקלען האָט דערזעלבער טעאַטער-מענעדזשער אונטערגעשריבן מיט זיי אַ נייעם אַגרימענט אַף נאָך דרייסיק ספּעקטאַקלען פאַר אַ פּרייז פּונקט דריי מאָל אַזויפיל. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די צוויי שוטפים, מיסטער קלאַמער און ניסל שוואַלב, זאָלן זיך דעם ערשטן מאָל אַפּן אַמעריקאַנישן באָדן צעאַמפּערן, צעווערטלען זיך, אָנרופן איינס דאָס אַנדערע מיט פאַרשידענע נעמען, וואָס מיר קאָנען בעשומויפן זיי ניט ברענגען, ווייל זיי פּאַסן זיך נישט פאַר אַזעלכע דזשענטעלייט, ווי די-דאָזיקע צוויי. אַזאַ ווערטלען זיך האָט געקאָנט געשלאָסן ווערן מיט אַ מיעסן סקאַנדאַל, וואָרום איינער פון זיי (ניסל שוואַלב) האָט שוין גע-האַט אָנגעבאָטן מעזומענע פּעטש פאַר זיין קאָמפּאַניאָן (מיסטער קלאַמער). אַ גליק, וואָס דער כאַזן מיט דער כאַזנטע האָבן זיך אַריינגעמישט און באַצייטנס צענומען די צעאַמפּערטע קאָמפּאַניאָנען, זיי דערמאַנט, אַז זיי שטייט פאָר זייער אַ וויכטיקע אַרבעט, אויב ניט די וויכטיקסטע: באַשטאַטן ראַפּאַלעסקאָן. דערווייל האָט די כאַזנטע געמאַכט זייער אַ שיינעם סאַפּער פאַר דער גאַנצער קאָמונע, איינגעלאַדן די מאַדאַם טשערניאַק (ברײַנדעלע קאָזאַק) און אַ פּאָר לאָמזשער לאַנדסלייט, וואָס האָבן צוגעזאָגט קומען מיט זייערע „מיסעסן" פאַרברייינגען מיט זייער לאַנדסמאַן, דעם לאָמזשער סאָלאָוויי, אָן אָוונט, באַקענען זיך מיט זיינע קאָמפּאַניאָנען און געבן אַ לעב אונטער, ווי גאָט האָט געבאָטן.

## קאַפּיטל 31

# אַ מאָדנע ביאָגראַפיע.

„באַשטאַטן” ראַפּאַלעסקאָן איז געווען ניט אַזוי לייכט, ווי אונזערע שוטפים די קאָמוניסטן האָבן זיך געקאָנט פאָרשטעלן. ערשטנס, האָט מען ראַפּאַלעסקאָן קימאַט נישט אָנגעקוקט אין די אויגן פון זינט מע איז געקומען קיין אַמעריקע. גאַנצע טעג פּירט ער זיך ארום מיט דער מאַדאַם טשערניאַק — „טאָמער ווייסט איר, וואָס פאר אייסאַקים באַ אים מיט אָט דער כּאַיע?” — און קומט אַפּדערנאַכט, זעט מען אים ניט. ער איז אויסן אומעטום, אַף אלע קאָנצערטן, אין אַלע טעאַטערס אינם אַריסטאָקראַטישן גויאישן ניו־יאָרק, וואָס מע רופט עס „אַפּטאַון”, גלייך ווי ער וואָלט געקומען אַהער צו די גויאים, ניט צו די אידן. גלייך ווי נישט דאָס אידישע טעאַטער האָט פאר אים אַ אינטערעס. גלייך ווי ער וואָלט ניט זיין קיין אידישער אַרטיסט, קיין בּלאָנזנדער שטערן פון דעם אידישן נאַוואָנאַדנעם טעאַטער, קיין קינד פונם אידישן געטאָ.

די ערשטע צייט האָבן אונזערע קאָמוניסטן דערוף זיך נישט אזוי שטאַרק אַרומגעקוקט. אַ יונגערמאַן — האָבן זיי זיך געטראַכט — דאָס ערשטע מאָל אין אַ פרעמד לאַנד, לאָז ער זיך אַביסל ארומזען. ווייטער־ווייטער אָבער האָבן זיי אָנגעהויבן קוקן אַף אים קרום, נאָכפרעגן זיך, וואוהין ער גייט און וואָס ער טוט, און גענומען אים זאָגן מוסער, לעמאַי ער קוקט זיך נישט צו צו דעם, וואָס ער באַדאַרף, לעמאַי ער שטודירט בעסער ניט די אידישע בינע אינם אידישן ניו־יאָרק, וואָס הייסט „דאַון־טאַון”, און לעמאַי ער זעט ניט עפּעס נאַשן פון די באַרימטע אַמעריקאַנער אידישע „סטאַרס”?

דערוף האָט זיי ראַפּאַלעסקאָ אָפּגעענטפערט, אַז די אידישע בינע פאַרשפאָרט ער צו שטודירן, ער קען זי שוין דורך און דורך, און אויב עס קאָן זיין אַ רעדע פון „נאַשן”, קאָן עס נאָר מעגלעך זיין באַ די אומעס האָילעם, אין די אַמעריקאַנער גרויסע טעאַטערס.

דאָס איז אָבער געווען מער ניט אַז אַ טערעץ פאר די בענטשליכט. ראַפּאַלעסקאָ איז געווען פאַרנומען אין ניו־יאָרק מיט זיינע אייגענע ביזנעס, ווי מיר וועלן אינגיכן געוואָר ווערן. די קאָמוניסטן האָבן אָבער דערמיט ניט געקאָנט זיין צופרידן. זיי האָבן געוואָלט דורכויס, אַז זייער שפּיגל, ראַפּאַלעסקאָ, זאָל וואָס גיכער אופטרעטן פארן ניו־יאָרקער אידישן פּובליקום, באַווייזן ווער ער איז און וואָס ער איז.

נאַטירלעך, האָט ניסל שוואַלב געטון, וואָס ער האָט געקאָנט. ער האָט קוידעם באַקאַנט געמאַכט אַלע רעפּאָרטערס פון די אידישע צייטונגען מיט דער ביאָגראַפיע פון לעאָ ראַפּאַלעסקאָ אין קורצן. ער האָט

זיי איבערגעגעבן, יעדן באַזונדער בעסאָד, אַז ראַפּאַלעסקאָ שטאַמט פון דער אָנגעזעענסטער אידישער פאמיליע אין בוקארעשט. אַז זיין פאָטער — סעמיואיל ראַפּאַלעסקאָ — איז איינער פון די רייכסטע באַנקירן אין רומעניע, וואָס האָט באַקומען בירגער־רעכט פונם קעניג אליין. נאָך עס האָט אים אָפּגעקאָסט אַ מייגגע! נאָך קינדוייס האָט דער קליינער לעאָ ארויסבאַוויזן גוואַלדיקע אַרטיסטישע פייאיקייטן און געכאָלעמט שטודירן „קונסט", האָבן די פאנאטישע עלטערן נישט געוואָלט ניט הערן, ניט זעען. איז זיך מעיאַשעוו דער יונגער לעאָ און שטעלט זיך פאָר איינמאָל פאַר דער רומענישער קעניגן, די באַוואוסטע דראַמאַטישע שריפטשטעלערן קאַרמען סילוואַ...

— קאַרמען סילוואַ איז אַ שריפטשטעלערן פון נאָוועלן, — רייסט אים איבער דער רעפּאָרטער. נאָר ניסל שוואַלב פאַלט נישט אראָפּ בא זיך. ער דערציילט ווייטער:

— אָבער אַ מייוונטע אַף דראַמאַ איז זי שוין? נו, אַלזאָ, האָט זיך אונזער לעאָ פאָרגעשטעלט פאַר איר און פאָרגעלעזן אַ פּאָר מאָנאָלאָגן, איז די קעניגן אזוי ארויס פון די קיילים, אַז זי האָט אים אַף איר רעכענונג געגעבן שטודירן אין גרעסטן רומענישן טעאַטער. דער יונגער ראַפּאַלעסקאָ אָבער האָט טאָמיד געשטרעבט צו דער אידישער בינע. „איך בין, זאָגט ער, אַ קינד פון אידישן פאָלק, און איך דאַרף, זאָגט ער, דינען מיין פאָלק, מיין שפּראַך, ניט קיין פרעמדע". און איינמאָל אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט ער זיך אוועקגעלאָזט מיט אַ אידישער וואַנדערטרופּע, וואָס האָט אַרומגעבלאָנזעט אין יענער צייט איבער רומעניען פון שטאָט צו שטאָט. דער דירעקטאָר פון יענער טרופּע איז געווען איינער אַ געוויסער אַרטיסט און אַ הויכגעלערנטער דראַמאַטורג האָלצמאַן, דער באַרימטער פּראָפעסער פון דעם באַרימטן ווערק „אוריעל אַקאָסטאַ"...

דאָ האָט אים דער רעפּאָרטער געמוזט אונטערברעכן:

— עקסקיוז מי מיסטער שוואַלב, דער פּראָפעסער פון „אוריעל אַקאָסטאַ" איז ניט האָלצמאַן, נאָר קאַרל גוצקאָוו.

ניסל שוואַלב איז אָבער נישט פון די, וואָס פאַרלירן זיך. ער פאַרענטפערט זיך:

— איך ווייס, אז דער פּראָפעסער איז קאַרל גוצקאָוו. איך מיין דעם איבערזעצער אַף אידיש.

— אַי בעג יור פּאַרדען! — שלאָגט אים איבער נאָכאַמאָל דער פאַרקשנטער רעפּאָרטער. — דער איבערזעצער פון „אוריעל אקאָסטא" איז ניט האָלצמאַן, נאָר יאָסעף לערנער.

ניסל שוואַלב האַקט ווייטער:

— איך ווייס, אז לערנער. לערנער איז געווען דער ערשטער אי־בערזעצער. איז אָבער האָלצמאַן נישט געווען צופרידן מיט דיזער אי־בערזעצונג, האָט ער איינמאָל אין א שיינעם פרימאָרגן זיך אוועקגעזעצט אף א גאנצער נאכט און האָט איבערזעצט דאָס גאנצע ווערק איבער־אנייס, ספעציעל פון ראפאלעסקאָס ווענגן, און ס'איז אים זייער געלונגען. קיינער האָט נאָך אזוי ניט איבערזעצט „אוריעל אקאָסטא", ווי האָלצ־מאן, און קיינער האָט נאָך אזוי ניט געשפּילט דיזע ראָל, ווי ראפאַ־לעסקאָ. איר קאָנט פאַרשטיין פון דעם פאקט אליין, אז אין ווין האָט איינמאָל זאָנענטאל, דער גרויסער זאָנענטאל, געזעען ראפאלעסקאָן אין דער ראָל פון אוריעל אקאָסטא, האָט ער זיך צעוויינט, ווי א קליין קינד, און געזאָגט, איינמאָל פאר אלעמאָל, אן עק — מער שפּילט ער שוין ניט דיזע ראָל! און וואָס מיינט איר? ער האָט געהאלטן וואָרט: ער האָט זי טאקע ניט געשפּילט ביזן טויט אריין — איך זאָל אזוי האָבן אלעמענס גוטס...

די אמעריקאנער רעפּאָרטערס זענען ניט קיין שרעקנדיקע קינדער. זיי ווייסן, וואָס הייסט בלאָף. האָבן זיי מער ניט אז צוגעפּיקסט אביסל דאָס אלץ, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעהערט פון ניסל שוואלב, דאָס הייסט, אביסל האָבן זיי ארויסגעוואָרפן, אביסל צוגעלייגט — און עס איז ארויס אַ וואונדערלעכע ביאָגראפיע.

אַפן אנדערן טאָג, אז ראפאלעסקאָ האָט געעפנט דאָס בלאט, האָט ער איבערגעלייענט זיין אייגענע ביאָגראפיע, באטיטלט מיט אַ קאָפּלשמוי־נעדיק קעפּל פון גרויסע אויסיעס:

„אַ נייער שטערן אף דער אידישער בינע!
קארמען סילווא אויסער זיך!
קעניגן קרוינט יונגן סטאר!
זאָנענטאל גיסט מיט טרערן"

אַף אונזער יונגן העלד איז אָנגעפאלן אזא געלעכטער, אז מע האָט אים קאַם אָפּגעראטעוועט.

קאַפּיטל 32

## אין דער „קיבעצאַרניי".

„קיבעץ"—דאָס איז א אידיש־אַמעריקאניש וואָרט, געבוירן געוואָרן אַפן אַמעריקאַנישן באָדן, אין די ספערן פון דער אידישער פּרעסע און אידישן טעאַטער.

איבערזעצן דאָס וואָרט אַף אונזער לאָשן — מוז איך אָנקומען צו א גאַנצער ריי פון ווערטער און באַגריפן און פּרוּוון זאָגן אַזוי:

זיך קיבעצן הייסט: איבערוואַרפן זיך מיט שטעכווערטער, פירן רע־כילעס אפן אָרט, רעדן לאָשן האָרע אין די אויגן, איינעסן זיך אין די ביינער, אַריינקריכן יענעם אין די גאַרגערעס, דערלאַנגען ביז דער זי־בעטער ריפּ, דרעלעווען אַן אויער, טרעפן אין שוואַרצאַפּל, זאַלצן אַף די וואונדן, טרייבערן די קישקעס, רייסן די הויט, טרענען די אָדערן, דערגיין די יאָרן, מאַכן די עקטיקע, באַגראָבן ניין איילן, מיט גוטן שלאָגן קאַפּאָרעס, קושנדיק אַרויסנעמען די נעשאָמע — אָ! אונזער אידיש לאָשן איז, באָרכעשעם, גענוג רייך. איז אָבער דער כיסאָרן, וואָס די אַלע באַגריפן, צוזאַמען גענומען, קומען ניט צו דעם איינאונאיינציקן וואָרט „קיבעץ", וואָס נאָר אפן שטאַרקן אייגנאַרטיקן אַמעריקאַנישן באָדן האָט געקאָנט אַזעלכס אופבליען און אויסוואַקסן. און ווי באַלד אַזוי, האָב איך מוירע, אז עס וועט מיר זיין שווער איבערצוגעבן אייך, וואָס איז דאָס אַזעלכס „קיבעצאַרני".

די קיבעצאַרני — דאָס איז אַ מין קלוב, אָדער א קאָפּע אַזעלכע אינם ניינטן דיסטריקט פון ניו־יאָרק, וואו עס קומען זיך צונויף אַ געוויסער קלאַס אינטעליגענטן, וואָס האָבן א שאַיכעס צו ליטעראַטור, טעאַטער און פּאָליטיק.

דאָס זענען דאָסראָוו מענטשן פון פאַרשידענע לאַגערס און אַלערליי פּאַרטייען, מערסטנטייל — קעגנערס, אָפּטמאָל — קאָנקורענטן, און קימאַט אָן אויסנאַם — פאַרביטערטע סאָנים. ניט נאָר סאָנים אפן לעבן, וואָס האָבן זיך פיינט, קאָנען זיך ניט אָנקוקן דעם פּאַרצעף, ניט הערן איינס דעם אַנדערנס נאָמען. ניין. דאָס זענען אַזעלכע פאַרברענטע סאָנים, וואָס אז איינער פון זיי, לעמאָשל, זאָל כאָלילע צומאַכן אן אויג, וואָלט דער אַנדערער געגאַנגען טאַנצן א פריילעכס בא אים אפן קייווער.

אין א געוויסער צייט קומען זיך צונויף אין דער קיבעצאַרני דידאָ־זיקע פּאַרשוינען, באַזעצן זיך אַף זייערע געוויסע ערטער, יעדער באַ זיין טישל, אַרומגערינגלט מיט זיינע פּאַרטיי־מענטשן און מיט זיינע פּאַטריאָטן. מע הייסט זיך דערלאַנגען עפּעס נעמען אין מויל אַריין, מע פּאַרויכערט ציגאַרן — און עס הייבט זיך אָן א קיבעצעריי. דאָס הייסט, קלוימערשט גאָר אין גוטן מוט הייבט מען אָן איבערוואַרפן זיך איין טישל איבערן אַנדערן מיט קאָמפּלימענטן, שטעכווערטער און ליצאָנעס, וויצן און פּליאָטקעס, כאָכמעס און פּלוידערייען, איבערוואַשן איינס דאָס אַנדערע דאָס קויטיקע גרעט דורך אביסל צו שאַרפע און צו איבער־טריבענע קריטיק און הומאָריסטישע גוזמאָעס, אָנטרעטן פאַרבייגייענדיק יענעס סאַמע דאָרט, וואו עס טוט וויי, זען מיט פּאַרגעניגן, ווי יענער

מינעט זיך, צאַפּלט, באַקומט שיר די אַפּאָפּלעקציע — און דאָס אַלץ דאַווקע אין בעסטן לוין, אַף קאַטאָוועסלעך, מיט א ליבלעך שמייכעלע, אָדער מיט א הילכיקן געלעכטער.

די קיבעצאַרני — דאָס איז אַ מין פּרייער געגנעם, וואו מענטשן בראָטן און פּרעגלען זיך אפן פייער, א מין שוויץ־באָד, וואו מע בעזעמט זיך איינס דאָס אַנדערע. דאָ אין דער קיבעצאַרני ווערן באַשאַפן עק־סטרעמען, פּאַבריצירט מיינונגען און רעפּוטאַציעס, באַשטימט קאַריערעס פון שרייבערס, ארטיסטן און קינסטלערס. די קיבעצאַרני זאָגט ארויס איר ערשטע מיינונג קורץ און שאַרף צו גוטן אָדער בייזן. די קיבע־צאַרני טראָגט ארויס איר ווערדיקט — טויט אָדער רויט. די קיבעצאַרני, לייגט איר שטעמפּל: „אָל־רייט״ אָדער „לאַזאָזל״.

אַצינד, אַז איר ווייסט שוין, וואָס איז עס אזעלכס „קיבעצאַרני״. ווע̇לן מיר אייך בעטן אף א ווײלע אַהין מיט אונז אריינצוטרעטן.

* *
*

דאָס איז געווען אין אן אָסיענדיקן נעפּל־טאָג, איינער פון די טעג, ווען די אומזיכטיקע הימלען פון ניו־יאָרק, פאַרשטעלטע מיט די הויכע אומגעלומפּערטע מויערן, וואָס מע רופט זיי דאָרטן „וואָלקן־קראַצערס״, און מיט די אייזערנע הימל־באַנען, וואָס הייסט דאָרט „עלעווייטער״, זיינען פאַרוויינט און פאַרויכערט און כאַפּן דעם אָפּבליק קימאַט פון לאָנדאָנער הימל.

און געווען איז עס פארמיטאָגצייט, די שאָ, ווען די צווייטע שטאָט פון דער וועלט האַלט סאַמע אין דעם רעכטן טאַרעראַם: אַלעס איז ביזי — דאָס הייסט, אלעס רוישט, אַלעס אַרבעט, אַלעס לויפט, אלעס קויפט, אלעס האַנדלט, אַלעס וואַנדלט. מיט איינעם וואָרט — ס׳איז א קעסל און עס קאָכט.

ניט קוקנדיק, וואָס דאָס איז געווען די סאַמע ביזי־צייט, איז די „קיבעצאַרני״ געווען פול געפּאַקט. אַלע טישלעך זיינען געווען באַזעצט. א שפּילקע ניט דורכצוואַרפן. א בלויער רויך איז געשטאַנען — כאָטש מיט אַ מעסער דורכצושניידן. אלעס האָט גערעדט, געפּלוידערט און געגראַגערט. האַקלאַל, דער אוילעם האָט געהאַלטן אין רעכטן קיבעצן.

באַ איינעם פון די טישלעך זיינען געזעסן דריי פּאַרשוינען, געטרונ־קען ביר און געווען אזוי פאַרטיפט אין א שמועס, אַז זיי האָבן גאָר ניט געהערט, אז פונקט אין דער מינוט זענען זיי באַ אַלעמען אין די מיילער, ווערן געקיבעצט פונם אוילעם אפן שאַרפסטן אַרט. די דריי פּאַרשוינען האָבן געהאַלטן אין איין רעדן איינס איבערן אַנדערן, אין איין דערציילן גרויסקייט, באַרימען זיך און האַקן שקאָרים אף וואָס די

וועלט שטייט. פון דידאָזיקע דריי פאַרשוינען, וואָס האָבן זיך פאַרהערט אין ליגן, זענען צוויי פון זיי אונז גאַנץ גוט באַקאַנט נאָך פון דער אַלטער וועלט, פון לאָנדאָן.

דאָס זענען געווען זיי, אונזערע בעסטע פריינט, מיסטער קלאַמער און ניסל שוואַלב. איצט בלייבט אונז נאָך צו באקענען זיך מיטן דריטן פאַרשוין, וואָס איז שוין ניט קיין לאָנדאָנער, נאָר אן עכטער אַמערי־קאַנער. אן אַמעריקאַנער וועט איר דערקענען פאַר א מייל. אן אַנדער אויסזען, מיט אן אנדער אויסשפּראַך, מיט אן אַנדער האַלטן זיך, מיט אן אַנדער באַנעמען זיך. ווערנד דער איינגלענדער איז אַ פאַרזאָרגטער, פאַרספּלינטער מעלאַנכאָליקער, איז דער אמעריקאנער א לעבעדיקער, א פריילעכער יענקי מיט קלוגע שאַרפע אויגן, מיט פרייע אָנגענעמע מאַ־נירן, מיט פרעמדע, נאָר גאָלדענע ציין.

דער פאַרשוין, וואָס מיר גייען באַשרייבן, איז א אידיש־אמעריקאַ־נער טעאַטער־מענעדזשער, און זיין נאָמען איז נ י ק ע ל.

ניקעל איז איינער פון די פּאָפּולערסטע פערזענלעכקייטן אינם אי־דישן ניו־יאָרק. איינער פון יענע גוטע ליבע מענטשלעך, וואָס אין אַמע־ריקע רופט מען עס „אַ גוד באָי". אף אונזער לאָשן וועט עס הייסן אזוי גרויס ווי „א גוט ברודערל", אָדער א גוטער ברודער ביז גאָר! א מעזעג טויוו! דאָס העמד פונם לייב! שטענדיק וועט איר טרעפן בא אים א פריינטלעך שמייכעלע אפן טאָמיד־יונגן אָפענעם פריילעכן פּאָנים. אַלעמאָל האָט ער פאר אייך א גוט וואָרט. אָפטמאָל אויך א גמילעס־כעסעד — אבי ער האָט נאָר. ניט אלעמאָל אָבער האָט ער. גאַנץ אָפט טרעפט עס, אז ניקעל אליין זוכט א גמילעס־כעסעד. טאָמיד איז ער א ניצרעך. ווייל זיין „מיסעס" גייט בא אים אין ספּאָדיק. זי איז דער מאנסביל. אלע ווייסן עס. זיינע סאָנים די קאָנקורענטן נוצן עס אויס אין דער קיבעצאַרני ווי ווייט מעגלעך. מאָלט אייך, זיי לייגן צו נאָך דריי מאָל אזויפיל. נאָר ער לאַכט פון זייער באָבע. ניקעל זאָל וועלן פון אלצדינג זיך נעמען צום האַרצן—וואו וואָלט ער שוין איצט אָנגעשפּאַרט!

ניקעל ווייסט, אז מע האַלט אים פאַרן גרעסטן בלאָפער אין גריי־טער ניו־יאָרק.

ניקעל ווייסט, אז איינער דערציילט אין דער קיבעצאַרני א גוזמע, טוט אים דער אנדערער א פרעג; „ווער זאָגט עס — ניקעל?".

ניקעל ווייסט, אַז די קיבעצאַרני טראכט אויס אף אים זאַכן, וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן.

לעמאָשל, מע דערציילט, אז ער, ניקעל יאַקבי, האָט זיך באַרימט, ווי אזוי ער איז אַמאָל איבערגעפאָרן מיט אן אווטאָמאָביל דעם ניאַגאַ־ראַ־פאַל איבערן אייז אין מיטן טאַמוז אין א ברענענדיקן פראָסט.

נאָר מיילע, וואָס די קיבעצאַרני קאָן אויסטראַכטן! פּלאַפּלערס! ליידיקגייערס! סאָנים! קאָנקורענטן! וואָס איז דאָס כידעש? אנו, לאָז פּרואוון נאָך עמעצער פון די טעאַטער־מענעדזשערס זיך באַרימען מיט אַזאַ סוקסעס, ווי ער, ניקעל? אנו, לאָז נאָך עמעצער פּרואוון, אַזוי ווי ער, ניקעל, א פאָר טון מיט דער טרופּע איבער דער קאָונטרי, אין איין וואָך געבן צוועלף פאָרשטעלונגען אין אכט שטעט צוויי מאָל פון פילאדעלפיאַ ביז שיקאַגאָ און צוריק!

אזוי האָט זיך באַרימט אונזער נייער באַקאנטער, מיסטער ניקעל, פאַר אונזערע צוויי אַלטע באַקאַנטע, ניסל שוואַלב און מיסטער קלאַמער, וואָס האָבן אים אָפּגעענטפערט יעדער מיט זיין אייגענער געשיכטע, ניט פארשעמט געוואָרן כאָלילע פאַר ניקעלס פאָר איבער דער קאָונטרי אין איין וואָך איבער אכט שטעט צוויי מאָל פון פילאַדעלפיאַ ביז שיקאַגאָ און צוריק.

מע קאָן זאָגן, אז די דריי האָבן זיך פאַרהערט אין בלאָף און אין הומבוג, ווער וועמען עס וועט אריבערבלאָפן.

### קאַפּיטל 33

## „בלאָף" און „הומבוג".

„בלאָף" און „הומבוג" — דאָס זענען אויך עכט־אַמעריקאַנישע ווערטער און באַגריפן, וואָס לאָזן זיך ניט אַזוי לייכט איבערזעצן אין קיין אַנדער שפּראַך. בלאָפן הייסט — ניט גלאַט אָפּזאָגן א גראָבן ליגן, פּאַקן שקאָרים אין דער וועלט אריין, אויסטראַכטן אפן הימל אַ יאַריד, דערציילן אַ זאַך, וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן, אָן אַ שום צוועק, גלאַט לעשעם ליגן, — פע, דאָס האָט אַמעריקע פיינט. דאָרט ווערט דאָס אָנגערופן אף זייער לאָשן: „האַקן א טשאַיניק" — א מיעסער, אַ נאַרישער פאַרברעכן.

ניין. דער אַמעריקאַנער איז דערוף צו קלוג, צופיל אַ פיינשמעקער און צופיל ביזנעסמאַן. דער אַמעריקאַנער, אַז ער פאַרוקט דאָס קאַפּעלושל אף אַ זייט, פאַרלייגט ביידע גראָבע פינגער אונטער דער וועסטע און טאָקט אייך אָפּ אַ ליגן, איז עס קיילעכיק־גלאַט און קונציק־אומשולדיק, און דעריקער — סע געהער זיך אָן צום אייסעק, צו די „ביזנעס".

אָט די אַלע אויבנדערמאָנטע פאַרשוינען, וואָס זיצן אין „קיבעצאַרני" און קיבעצן זיך, זיינען דאָס כאָלילע ניט קיין ליידיקגייערס

ווי באַ אונז, לעמאָשל, די געוויסע „כאכמיי האַלעזשאַנקע״ אין בעס־מעדרעש, וואָס האָבן ניט וואָס צו טון, דעריבער זיצט מען און מע שמועסט. ניין. קיבעצן — דאָס אליין איז אן אוואודע, אַ באַשעפטיקונג, אָדער, ווי מע רופט עס דאָרטן, א „ביזנעס״.

ניסל שוואַלב, מיסטער קלאַמער און ניקעל, וואָס זענען געזעסן יענעם פרימאָרגן אין דער קיבעצאַרני, האָבן געשמועסט פון נייטיקע ביזנעס, און טאַקע צוליב די ביזנעס האָבן זיי געבלאָפט. אונזערע צוויי אַלט־באַקאַנטע בלאָפערס פון דער אַלטער וועלט האָבן אָבער געמוזט יעדער באַ זיך אין הארצן צוגעבן, אז אין דעם איניען פון בלאָף מעגן זיי הייצן די הרובע באַ זייער נייעם באקאנטן. ניקעל האָט זיי מיט זיינע מאַיסעס און באַרימערייען אזוי פאַרעדט די ציין, אַזוי פאַרקלאָפּט דעם קאָפּ און פאַרטומלט דעם מויעך, אַז זיי זענען געבליבן קימאט אָפּהענטיק און געמוזט סאָפּקאָלסאָף צושוויינגן. עס האָט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן א וויכטיקן איניען: ניקעל האָט נאָר־וואָס אַנגאַזשירט צו זיך אין טעאַטער דעם באַרימטן יונגן סטאַר פון בוקאַרעשט, וואָס די קעניגן פון רומעניע האָט אים געקרוינט אלס גרעסטן טראַגיקער פון דער וועלט.

ניסל שוואַלב און מיסטער קלאַמער האָבן ביידע, איינער איבערן אַנדערן, געהאַלטן אין איין דערציילן גרויסקייט און ניסים וועניפלאָעס פונם יונגן קינסטלער. אין דער צייט, וואָס מיסטער קלאַמער האָט דערציילט, ווי אזוי ראַפּאַלעסקאָ האָט איבערראַשט דאָס לאָנדאָנער פובליקום, באַצויבערט אַפילע אַזאַ מאַן, ווי ער, מיסטער קלאַמער, וואָס איז קיינמאָל ניט געגאַנגען הערן די ציגיינערישע אַקטיאָרשטשיקעס פון לאָנדאָנער פאַוויליאָן־טעאַטער, האָט אים ניסל שוואַלב איבערגעשלאָגן אלעמאָל: „וואָס דאַרפט איר מער? עמעסע איינגלענדער, קריסטן האָבן ניט געקאָנט זיך געמוג אָפּלויבן. אירווינג, האָבן זיי געזאָגט, איז א הונט אַקעגן אים, איך זאָל אזוי האָבן אלעמענס גוטס!״

ניקעל האָט זיי אָבער ביידע ניט געהערט. אין דערזעלבער צייט, ווען יענע צוויי האָבן געבלאָפט, האָט ער געשמייכלט, באַוויזן די גאָלדענע ציין און בעאייס מאַיסע צוגעטראַכט נייע מאַיסעס און נייע גרויסקייטן פון זיך און פון זיין טרופּע, וואָס האָט פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ אין די „יונייטעד סטייטס אָוו אַמעריקאַ״. אַנו, — האָט ער געזאָגט — לאָז אַ אידיש טעאַטער אין אַמעריקע אָקאָרשט פּרואוון באַרימען זיך, אז מע האָט געזעען באַ זיך דעם פּרעזידענט פון די יונייטעד סטייטס זיצן אין באַקס און קלאַטשען בראַוואָ! אַזאַ זאַך קאָן זיך טרעפן נאָר באַ אים. נאָר ער, ניקעל, האָט זויכע געווען זיך פאָרשטעלן פאַר רוזוועלטן, וואָס האָט אים געדריקט די האַנט פאַרן גאנצן טעאַטער אין די

אויגן און געפּאַטשט אין פּלייצע: „ניקעל, דו ביסט אָל־רייט!“ און פּאַר אלעמען אין די אויגן האָט טעדי אָפּגעטשעפּעט פון זיך דעם גאָלדענעם וואַטש ענד טשיין און האָט אים אונטערגעטראָגן אַ פּרעזענט צום אָנדיינקען... באַ די ווערטער כאַפּט ניקעל אַרויס אן אָפּגעבאַרעטן זייגער און פּאַרענטפּערט זיך, — אַז דעם גאָלדענעם זייגער מיט דער קייט, וואָס דער פּרעזידענט האָט אים געשייַנקט, טראָגט ער ניט מיט זיך אינדערוואָכן. נעווער!

אַזוי לאָזט אויס ניקעל און זעט ניט, וואָס הינטן טוט זיך. הינטן זיצן כעוורע לייצים און מע קיבעצט דעם דירעקטאָר ניקעל מיט זיין קאָמפּאַניע, מע מאַכט כויזעק פון זייער בוקאַרעשטער פויגל און מע זאָגט מעווינעס אף אים, נאָך איידער מע האָט אים געזעען שפּילן. דאָ, אין דער קיבעצאַרני, האָט מען אונזער לעאָ ראַפּאַלעסקאָן שוין געקרוינט מיט אַלערליי נעמען, ווי לעמאָשל: „גרינהאָרן“, „פּעכפויגל“, „כאַים־יענקל“, „רומעניש פּאַסטעכל“, „ציקאַווע באָכערל“ און נאָך אזעלכע צונעמענישן, וואָס האָבן ארויסבאַוויזן, אַז ניט אַנדערש ווי די לייט דאַרפן האָבן אן אייגענעם אינטערעס דערביי.

דאָס זענען געווען אָדער פּאַטריאָטן פון אַנדערע טעאַטערס, וואָס זיי איז ניט געראָטן איבערצוכאַפּן צו זיך דעם יונגן „סטאַר“ פון בוקאַרעשט, אָדער פּאָרשטייער פון דער „פּרעס“ פונם צווייטן לאַגער, וואָס האָבן ניט געקאָנט ליידן, לעמאי דער „צאַד שעקענעגדוי“ האָט פּאַרכאַפּט פריער און אָפּגעלויבט דעם אופגייענדיקן שטערן אין טאָג אריין. און עפּשער זיינען דאָס געווען יונגע אקטיאָרן קאָנקורענטן, וואָס זיצן יאָרנלאנג אין ניו־יאָרק און וואַרטן, ביז די „יוניאָן“ וועט זיך אמאָל דערבאַרעמען און זיי ארייננעמען אין דער קאָמפּאַניע — און דאָ קומט א שנעק, א אינגל, עפּעס איינער א ראַפּאַלעסקאָ, און ווערט אופגעכאַפּט, ווי אן עוונטאָוו, באקומט דעם בעסטן אנגאַזשמענט, ווערט אופגעהויבן פון דער „פּרעסע“ ביזן הימל אריין, — נו, קאָן ניט צעפּיקעט ווערן די גאַל? נו, זאָל מען אים ניט קיבעצן אף וואָס די וועלט שטייט?

ניין, קיבעצן אליין איז ווינציק, מע דאַרף זען מאַכן א קאָמפּלאָט קעגן אַזאַ אומרעכט. מע באַדאַרף זען, אַז דער „גרינהאָרן“ זאָל האָבן א בעקאָוועדן דורכפאַל, ער זאָל באַם ערשטן אופטריט ווערן אויסגעפּייפט אפן שענסטן אַרט. מיט איינעם וואָרט — ער זאָל האָבן האָמאָנס מאַפּאָלע און זאָל באַקומען כיישעק אוועקצופאָרן פון קאָלומבוסעס מעדינע צוריק קיין בוקאַרעשט און וואָס פריער.

אָ! אַמעריקע איז א געבענטשט לאַנד, וואָס קאָן אַלצדינג. דאָ קאָן מען א מענטשן אופהייבן אף שטעקנס און ארופזעצן גלייך

אין הימל אַריין, אָדער אַז ניט — איז גלייך אין דער שאָלטאַכטיע אריין. א מיטלפּונקט, א גאָלדענער וועג — דאָס איז נישטאָ.

אָרעמער ראַפּאַלעסקאָ! ער האָט גאָרניט געוואוסט, וואָס פּאַר אַ סורפּריז עס דערוואַרט אים אינם גאָלדענעם לאַנד. נאָר וואָס האָט זיי געהערט ראַפּאַלעסקאָ, אַז זיין קאָפּ איז גאָר געווען ווייס איך וואו, דאָרט אין דעם סאַמע אַריסטאָקראַטישן טייל פון ניו־יאָרק, אין דער פינפטער עווניו?

דאָרט האָט געוואוינט און געקלונגען איבער גאַנץ אמעריקע די באַרימטע זינגערן פון דער פּאַריזער גראַנד־אָפּעראַ מיטן נאָמען מיס ראָזאַליע ספּייוואַק.

## קאַפּיטל 34

# אַביסל וועגן דער העלדן פונם ראָמאַן.

אונזער העלדן, וואָס האָט אין די יונגע יאָרן, נאָך קימאט קינדווייס, אַרומגעבלאָנזעט מיט דער נאָווענאַדנער טרופּע פון אַלבערט שטשופּאַק און מעסאַמייעך געווען דאָס אידישע פּובליקום מיט „שאַבעס־מאַכן", מיט „אוי־אוי־אוי, כאַוועו!", מיט „פּראַטיק אף דער נאַכט" און מיט נאָך אַזוינע שיינע לידלעך, האָט זיך געוויס ניט געריכט, אַז איר נאָמען וועט אַמאָל פאַרנעמען דעם אויבנאָן צווישן די ערשטע באַרימטהייטן אין דער וועלט. עס האָט זיך איר, מיינען מיר, אפילו נישט געכאָלעמט, אַז עס וועט קומען א צייט, ווען זי וועט פאַרנעמען א גאַנצן אַפּאַרטאַמענט אין איינעם פון די רייכסטע האָטעלס אף איינער פון די רייכסטע גאַסן — די פינפטע עווניו — פון דער גרויסער רייכסטער וועלט־שטאָט ניו־יאָרק, אָדער אַז זי וועט אַרויספאָרן אין אַן אייגענעם אווטאָמאָביל מיט א בלעק דרייוווער אין פראָנט, אָדער אַז רעפּאָרטערס פון די גרעסטע וועלט־צייטונגען וועלן זי טוצנווייס באַלאַגערן און שטונדנלאַנג זי אָפּוואַרטן מיט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן, האָבן א זכיע מיט איר צו רעדן כאָטש צוויי־דריי מינוט.

ווי ווערט מען דאָס אַזוי דערהייכט? — אַזאַ מין פאַרענדערונג קומט נישט פאָר צווישן יאָ און ניין. א באַרימטהייט ווערט נישט געבוירן אין איין נאַכט. דאָס לעבן פון יעדן איינציקן, וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט אין דער וועלט, זאָל עס זיין א שפּילער, אַ זינגער, אַ קינסטלער, א מאַלער, אַ שריפטשטעלער אָדער א פילאָסאָף מיליאָנער, שטעלט זיך אונז פאָר, ווי א מין אַרט שטייגן באַרג־אַרויף שטופנווייס. דער וועג איז

א לאַנגער, א ווייטער און א שווערער, און נישט אַלעמאָל איז ער אויסגעלייגט מיט בלומען, — מערסטנטייל מיט דערנער. מע זאָל קאָנען איבערוועגן די צאָרעס מיט די אַגמעס נעפעש, וואָס אונזער יונגע העלדן, לעמאָשל, איז אויסגעשטאַנען, מיט די שטילע טרערן, וואָס זי האָט פאַרגאָסן אפן געלעגע בעסויד־סוידעס, אַז קיינער זאָל ניט וויסן, קאָן זיין, אַז זיי וואָלטן אַסאַך מאָל איבערגעוועגן דעם גלאַנץ פון איר איצטיקן ערפאָלג מיט די הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן, וואָס דאָס גרויסאַרטיקע פובליקום שיינקט איר אצינד אַזוי גערן, מיט די שמעקנדיקע בלומען, וואָס מע באַוואַרפט זי אומעטום פון קאָפּ ביז פיס, מיט די פילע רייכע מאַטאָנעס, וואָס מע טראָגט איר איצט אונטער אין דער גרויסער אַריסטאָקראַטישער וועלט...

דאָס, וואָס מיר גייען געבן דאָ, איז אַרויסגענומען געוואָרן פון עטלעכע אַמעריקאַנער צייטונגען, איינגלישע און אידישע. דער לעזער וועט אַליין דערקענען, וועלכס איז עמעס און וועלכס איז אַביסל צוגעבלאָזט לעקאָוועד רעקלאַמע:

„געבוירן געוואָרן אין אַ קליין שטעטעלע אין בעסאַראַביע באַ אָרעמע פאַנאַטישע עלטערן (דער פאָטער איז א ראָוו און א כאַזן), איז מיס ראָזאַליע ספּייוואַק קינדווייס געוועזן געקידנעפּט דורך א טרופּע וואַנדער־אַקטיאָרן, אידישע ציגיינערס, וואָס בלאָנזען אַרום אין יענעם לאַנד פון שטאָט צו שטאָט און באַשעפטיקן זיך דערמיט, וואָס זיי גאַנוועען יונגע מיידלעך און מאַכן זיי פאַר אַקטריסעס. מע זאָל זיי ניט כאַפּן, זענען זיי מיט איר אַריבערגעגאַנגען דעם גרענעץ און געצוואונגען, זי זאָל זינגען גאַסנלידלעך, פריער אף דער שטראַסע, נאָכדעם אין אַלע קאַבאַרעס, קאַפעשאַנטאַנען און מיוזיק־האָלס. מעגלעך, אַז איר קאַריערע וואָלט מיס ספּיוואַק געענדיקט מיט א טרויעריקן עפּילאָג, ווי אַלע שטראַסנזינגערנס, ווען ניט א גליקלעכער צופאַל וואָלט זי געבראַכט פאַר דער וועלט־באַרימטער זינגערן מאַרטשעלאַ עמבריך, וואָס האָט זיך פאַרינטערעסירט מיט אירע רייצנדע ציגיינער־לידער, ווי אויך מיט אירע ברענענדע ציגיינער־אויגן. דידאָזיקע זעלטענע זינגערן האָט נאָכדעם אַרויסגערופן מיט איר רייצנדער שטימע גרויס ענטוזיאַזם אין עסטוריישן הויף, אַזוי אַז זי איז פון פראַנץ־יאָזעפן אַליין באַערט געוואָרן מיט א סטיפּענדיום אַף צו שטודירן מוזיק. גלענצנד דורכגעמאַכט אין א קורצער צייט דאָס ווינער קאָנסערוואַטאָריום, איז זי אַף דער רעכענונג פון א אונגאַרישן מאַגנאַט אָפּגעשיקט געוואָרן קיין בערלין און פונדאָרטן — קיין פאַריז אַף צוויי יאָר. וואו זי האָט זיך באַקאַנט מיט א געוויסן פראַנצויזישן מעצענאַט, זשאַק רעשקאָ, וועלכער האָט זי אַריינגעפירט אין דער פאַריזער גראַנד־אָפּעראַ, וואו זי איז צום ערשטן מאָל אופגעטראָטן

אין דער נייער אָפּעראַ „עלעקטראַ"; אונטער דער אָנפירונג פון ריכאַרד שטרויס, מיט אַזאַ גרויסן סוקסעס, אַז זי איז באַלד אנגאַזשירט געוואָרן אין דער אָפּעראַ אף דריי מאָנאַט מיט א פּרייז פון א האַלבן מיליאָן פראַנק. שפּעטער מיט א קורצער צייט זעען מיר זי אין ווין און אין בודאַפּעשט, וואו זי קריגט שוין צען טויזנט קרוין אַ נאַכט. אַביסל שפּע־טער ווערט זי אנגאַזשירט אין לאָנדאָן מיט צוויי הונדערט פונט א נאַכט און איצט אין ניו־יאָרק מיט צוויי טויזנט דאָלאַר פאַר יעדן אַרויסטריט — אַ פּרייז, צו וועלכן עס האָט דערגרייכט נאָר די גרעסטע זינגערן פון דער וועלט, די באַרימטע „מעלבאַ".

אַצינד וועלן מיר ברייגנען אַ פּאָר בריוולעך פון פאַרשידענע פּאַר־שוינען, געשריבענע אין פאַרשידענע צייטן. מיר האָפן, אַז די דאָזיקע בריוולעך, וואָס האָבן א נאָענטע שאיכעס צום אינערלעכן לעבן פון אונזער העלדן, וועלן אונז זאָגן אַסאַך מער פון אַלע ביאָגראַפיעס און צייטונג־אַרטיקלען.

קאַפּיטל 35

## פון ראָזא ספּיוואַק צו מאַרטשעלאַ עמבריך.

טייערע מוטערכען מאַרטשעלאַ!

איך בין שוין די דריטע וואָך אין מיין געבורטשטאָט און האָב אייך נאָך קיין איין איינציקן בריוו געשריבן. עס איז פון מיר אַן אומרעכט און פאַרדין באַשטראָפט צו ווערן. מיין שטראָף וועט זיין: א גרויסער בריוו. איך וועל אייך אויסשרייבן, ליבע מוטערכען, אַלצדינג. און דעם ריינעם, דעם הייליקן עמעס. מיין מוטערכען ווייסט, אז פאַר איר איז באַ מיר ניטאָ קיין סאָד, ווי ס'איז ניטאָ קיין סאָד פאַר זיך אליין. איך הייב אָן פון סאַמע אָנהייב — פון מיין היים.

איך האָב מיין היים געטראָפן, ווי איך האָב זי איבערגעלאָזט. דאָס אייגענע קליינינקע אָרעמינקע שטעטעלע, וואָס געווען. די אייגענע קליינינקע אָרעמינקע מענטשעלעך. און דאָך האָט מיר דאָס הארץ גע־קלאפּט, שטאַרק געקלאפּט, בעאייס די אויגן האָבן דערזעען דאָס אַלטע באַקאַנטע ליבע שטעטעלע. דער פּולס האָט געשלאָגן גוטע הונדערט צוואנציק, בעאייס דאָס אויער האָט דערהערט דעם ליבן זיסן נאָמען „האָלענעשטי".

האָ־לע־נעש־טי! ... איר וועט מיר גלויבן, מוטערכען? איך בין גרייט געווען צו פאַלן קושן די שוואַרצע ערד, דעם גרויען שטויב פון די

ניט־געפלאָסטערטע, ניט־געריייניקטע גאַסן. און איך וואָלט דאָס געוויס, געוויס געטון, ווען איך בין אַליין, אָן דער כאַליאַסטרע, אָן מיין מאַע־סטראָ סאַלפּאָניני און אָן מיינע כאַווערטעס. אָך, צו וואָס האָב איך זיי מיטגענומען? צו וואָס האָט מיר געטוצט דער טאַרעראַם? לעמאַי בין איך בעסער ניט געפאָרן אליין? איך בין מיך מוידע פאַר אייך, מוטער־כען, ווי העסלעך דאָס זאָל ניט זיין, אַז עס האָט מיר געפלאַמט דאָס פּאָנים פאַר זיי, בעאַייס מיין פאָטער און מוטער האָבן מיך אַרומגעכאַפּט קושן און האלזן. מיין מאַמע האָט געוויינט און געלאַכט און געשאָטן מיט רייד — זי האָט ליב רעדן — און מיין טאַטע איז געווען בלאַס, ווי דער טויט, און די הענט האָבן אים געציטערט. איך ווייס ניט, וואָס מיט מיר איז געווען, נאָר איך האָב מיר קיין וואָרט נישט געקאָנט געפינען. צי ווייל זיי גייען אָנגעטון אלטפרענקיש, ווי אַלע אין אונזערע קליינע שטעטלעך? צי ווייל זיי פאַרשטייען ניט קיין אַנדער שפּראַך אויסער אידיש? נאָר דאָס איז א פאַקט, ליבע מוטערכען! איך ווייס, ווי ווייט געמיין דאָס איז, נאָר אַזוי איז דאָס געווען: איך האָב מיך געשעמט. געשעמט מיט מיינע ליבע געטרייע עלטערן, וואָס האָבן פון מיר איבערגעלעבט אזויפיל כאַרפּעס־בושע, אַזויפיל צאָרעס, ביזיוינעס, יעסורים און הארצווייטיק. עמעס, איך בין איצט א באַלטשואוועטע. מיט אַלע קויכעס וויל איך יויצע זיין קעגן זיי. נאָר וואָס פאַר א ווערט האָט דאָס? דער נאַכעס מיט דעם ביסעלע פאַרגעניגן, וואָס איך קאָן זיי איצט צוטיילן, איז ניט אימשטאַנד צו דעקן אפילע א צענטכיילעק פון דעם גרויסן שמערץ, וואָס איך האָב זיי פאַרשאַפן מיט מיין אַנטרונען ווערן דעמאָלט מיט דער נאווענאַדגער טרופּע. דעמדאָזיקן פאַרברעכן וועל איך קיינמאָל פאַרגלעטן, ווען איך זאָל אפילע זיין צו זיי צען מאָל אַזוי גוט און ליב און מילד, ווי איך בין צו זיי. יעדער הונדערטער, יעדער טויזנטער, וואָס איך גיב אויס אף זיי, הער איך שרייט צו מיר: „צו שפּעט! צו שפּעט”... און איך קוק אף מיין אָרעמען קראַנקן פאָ־טער, וועלכן איך האָב אמאָל אַזוי ליב געהאַט, און עס דאַכט זיך מיר, אַז זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן פרעגן מיך: „וואו ביסטו געווען, טאָכ־טער, דעמאָלט, אין די לאַנגע פינצטערע נעכט, ווען איך האָב קיין אויג ניט געקאָנט צומאַכן און גאָט געבעטן אפן טויט?... איין ברייוועלע פון דיר, איין שורע דיינע, איין וואָרט א גוטס וואָלט מיר דאָך דעמאָלט געגעבן די וועלט צו זען”... און איך דערמאָן מיך, ליבע מוטערכען, ווי איך האָב אמאָל געוואָלט פאַרלייקענען פאַר אייך, אַז איך האָב על־טערן, און ווי איר האָט מיך נאָכדעם דערפאַר מעכאַבעד געווען, — פלאַמט מיר נאָך איצט דאָס פּאָנים פאַר זיך אַליין, און איך געפין, אַז ס'איז ניטאָ די צווייטע אף דער וועלט, וואָס זאָל זיין אזא שווערע זינדערן, ווי

איך. עס מאָלט זיך מיר אויס, אז ס׳איז ניטאָ דער קאָרבן אף דער וועלט, וואָס איך בין ניט גרייט אף אים צוליב מיינע אָרעמע באַליי־דיקטע עלטערן. איך האָב געוואָלט זיי אַריבערנעמען צו זיך — איז ניט מעגלעך. דער טאַטע איז קראַנק, און די מאַמע וועט אים ניט איבער־לאָזן אַליין אף א טאָג אפילע, ווען מע זאָל איר אָנשיטן, זאָגט זי, „אָט די שטוב מיט גאָלד און געבן איר, זאָגט זי, די קרוין פון דער איינגל־שער מאַלקע א צוגאָב". נו — האָב איך מיר געזאָגט — וועל איך זיי באַ־וואָרענען אף דער עלטער. איך וועל זיי קויפן א הויז, פאַרזאָרגן מיט אַ „נאַכלע". דאָ שטרעבט יעדער באַלעבאָס, ווי אָרעם ער זאָל ניט זיין, צו האָבן אַן אייגנטום, אַ „נאַכלע". און אויך דאָ בין איך מיך באַגאַנ־גען מיט מיינע עלטערן ניט אינגאַנצן, ווי עס געהער צו זיין. איך האָב עס געטון מער צוליב זיך, ווי צוליב זיי — פונקט ווי דער גאַנצער אופ־טו פון מיין קומען צו פאָרן אהיים איז געווען מער צוליב זיך, ווי צוליב זיי, וואָרום מיך האָט געצויגן אהער נאָר איין זאַך, נאָר איין מענטש...

מיין מוטערכען מאַרטשעלאַ ווייסט, ווּ עמען איך מיין... נישט נאָר האָב איך אים דאָ ניט געפונען, איך האָב ניט געקאָנט געוואָרע ווערן אַפילע, וואוהין זיין געביין איז אהינגעקומען. קיין זייכער פון אים איז דאָ נישטאָ און קיין סימען ניט. פון דער גאַנצער מישפּאָכע איז געוואָרן א טעל. די מוטער געשטאָרבן. דער פאָטער פון זינען אַראָפּ. ברידער־שוועסטער זיינען זיך צעקראָכן. געבליבן נאָר דער הויף. דער הויף, וועלכער האָט אויסגעוויזן אַמאָל באַ מיר אין די אויגן אַזוי גרויס און אזוי שיין, און דאָס הויז, וואָס האָט אַמאָל אויסגעזעען באַ מיר אַזוי רייך און אַזוי ליכטיק און אַזוי יאָנטעוודיק. דאָס הויז, וואוהין איך בין אַמאָל אַריינגעטראָטן, ווי אין אַ ניט־דערגרייכלעכן גאַניידן. דאָס הויז, וואָס האָט אמאָל אַזוי געלעבט, געקאָכט, געלאַכט און געפרייט זיך. קליין און נִידעריק און אָרעם און וואָכעדיק און אומעטיק האָט דאָס איצט אויסגעזעען באַ מיר אין די אויגן. פונם גאַנצן טאַרעראַם, וואָס דאָרט איז אַמאָל געווען, איז פאַרבליבן מער נישט אַז אַן אַלטע באָבע, וואָס איז שוין אויוועראָבאָטל, א שוואָגער אַ אידיאָט און אַ הונט אַ זאָקן אף איין אויג, וואָס מע רופט אים „טערקוש".

דעמדאָזיקן הויף, האָב איך געזאָגט, מוז איך אָוועקויפן פאַר מיינע עלטערן, און געמיינט האָב איך זיך אַליין. ניט ווייל מיר איז אַזוי גע־פעלן דער הויף — אף וועלכע גוטע יאָר דאַרף איך אים? ווען וועל איך דאָ זיין? ניין. דאָס איז געווען נאָר א קאַפּריז. אַ קאַפּריז פון אַזאַ ציגיינערן, ווי איך בין...

נאָך דעמאָלט, ווען איך בין דעם ערשטן מאָל מיט צעריסענע שיך אַריבערגעטראָטן די שוועל, האָב איך זיי מעקאַנע געווען מיט סאַקאָ־

נעס נעפּאָשעס און ניט פֿאַרגונען זיי די ליכטיקייט מיט דער פֿריילעכ־קייט מיט דער רייכקייט. פֿאַרוואָס קומט זיי, די נעגידים, אַזויפֿיל, און אונז, אָרעמע לייט, גאָרנישט? — אַזוי האָב איך מיר דעמאָלט געטראַכט טיף אין האַרצן און זיך דאָס וואָרט געגעבן, אַז גאָט וועט מיר אַמאָל העלפֿן, מוז אָט די שטוב מיט דעם הויף זיין מיינע, מיינע, מיינע!.. און עפּשער איז מיר אָט דאָס הויז טייער, ווייל דאָ איז געבוירן געוואָרן, אויפֿגעצויגן און אויסגעוואַקסן דער, וועלכער האָט צום ערשטן מאָל אָנגעצונדן דאָס הייליקע פֿייערל אין מיין האַרצן?... דער, וועלכן איך קאָן ניט, בין ניט אימשטאַנד צו פֿאַרגעסן?...

ווי די מאַיסע איז — איך האָב מיך לאַנג נישט געדונגען און אַוועק־געקויפֿט דעם הויף, נישט געקוקט דערויף, וואָס מיין מאַמע האָט שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן דעם. „צו וואָס טויג איר אַזאַ ספּאָדיק? — האָט זי געטאַינעט. — „צו וואָס דאַרף זי אַזאַ גרויסן האַרמידער”? פֿאַרשטייט זיך, אַז אויסגעפֿירט האָב איך. דער הויף איז מ ײ נ ע ר. מ ײ נ ע ר! אַזוי האָב איך מיר געזאָגט און האָב שוין קימאַט פֿאַרגעסן, אַז איך האָב אים געקויפֿט צוליב די עלטערן, א „נאַכלע”, א באַוואָרעניש אף דער עלטער. און איך האָב אַוועקגעשטעלט באַלמעלאָכעס רעמאָנטירן דאָס הויז, רייניקן דעם הויף, איבערפֿלאַנצן דעם גאָרטן, מאַכן „פּיסעם מיט ראַמסעס”. איצט האָב איך שוין קימאַט ווי כאַראָטע אפֿן גאַנצן איי־סעק. מיין מאַמע איז דען ניט גערעכט געווען: „צו וואָס אַזאַ האַרמי־דער”? איך ווייס אַליין ניט, צו וואָס אַזאַ האַרמידער. ניט אומזיסט רופֿט מיך די מוטערכען מאַרטשעלאַ מיטן נאָמען ציגיינערן. איך האָב דעם נאָמען קאָשער פֿאַרדינט. איך לעב, ווי א ציגיינערן. איך ברייננ אויס געלט, ווי א ציגיינערן. איך האָב ליב שמאַטעס, ווי אַ ציגיינערן. איך זיץ נישט איין אַף איין אָרט, ווי א ציגיינערן. און בין פֿול מיט ציגיינערשע פֿאַנטאַזיעס. אויך די צייט פֿאַרברייננ איך דאָ, ווי א צי־גיינערן. דאָס גאַנצע שטעטל (און מיין פֿאָטער און מוטער בעסוי־כאָם) קוקן אַף מיר, ווי אַף אַ מעשוגענע. גאַנצע טעג פֿליען מיר אַרום, איך און מיינע כאַווערטעס און מיין מאַעסטראָ, אף אַן אַווטאָמאָביל. מיר מאַכן אָפּטע פּיקניקן אין נאָענטן וועלדל. מיר זינגען ציגיינערשע לי־דער. מיר טאַנצן ציגיינערשע טענץ. מיר טוען אויף אַזעלכע זאַכן, אַז די היגע פּאָליציע האָט שוין אַף אונז אן אויג. נאָר ווער האָרכט פּאָ־ליציע? באַטאָג מיטן אַווטאָמאָביל, באַנאַכט מיט א שיפֿל. אַך, אונזערע זומערדיקע נעכט אין בעסאַראַביע — וואָס איז צו זיי גלייך? איינציק־ווייס, ווי ליכטלעך, צינדן זיך אָן די שטערן אין ברייטן הימל־דעק. פֿון יענער זייט וואַלד קוקט אַרויס די לעוואָנע און באַזילבערט דאָס טייכל מיטן אָטשערעט מיטן גאַנצן שטעטל, וואָס שלאָפֿט אַזוי רואיק, אַזוי

אומשולדיק, ווי עס קאָנען שלאָפן נאָר אַזעלכע אָרעמע, עלנטע נעפּאַ־
שעס, וואָס דאַרפן ניט קיין סאַך, וואָס זיינען צופרידן מיט אַ ווילדן
מאַיכל, וואָס מע רופט דאָס „מאַמעליגע“... און נאָר מיר, באַשיבוזוקן
פון דער גרויסער וועלט, ציגיינער פון יענער זייט גרענעץ, אָנגעגעסענע,
אָנגעטרונקענע, איבערגעזעטיקטע מיט אַלערליי פאַרגעניגנס און לוקסוס,
שטערן די הייליקע שטילקייט פון דער קישעפדיקער נאַכט דורך דעם
פּלעסקען פון די וועסלעס, וואָס זייער ווידערקאָל לאָזט זיך הערן פון
נאָענטן וועלדל אַרויס. דעמאָלט איז א צייט פון שטילשווייגן. דע־
מאָלט איז א צייט פון קוקן אין הימל אַריין און זוכן באַקאַנטע און אומ־
באַקאַנטע שטערנדלעך, וואָס בלאָנזען אַרום אָן א סיידער און אָן א
וועג... דעמאָלט איז א צייט פון בּיינקען נאָך דעם, וואָס באַווייזט זיך
נאָר איינמאָל אין לעבן... דעמאָלט איז אַ צייט פאַר מיין מאַעסטראָ
סעניאָר סאלפּאָניני, ער זאָל זיך ערקלערן מיר אין ליבע, וויפל זיין
האַרץ גלוסט. אַך! דאָס איז, איך האָב מוירע, אויב ניט דער איינאונ־
צוואַנציקסטער ליבע־קאָרבן! איך וויל אָבער האָפן, אַז אויך אים, ווי
מיינע ערשטע צוואנציק קאָרבאָנעס, וועט מען כאָלילע א דערטרונקענעם
אין טייך נישט געפינען, און אַז מיין צווייאונצוואנציקסטער וועט ניט
זיין מיט מער מאַזל.

אָט אַזוי לעבט מען זיך אין דער שטילער, צנועדיקער, אָרעמער היים,
וויט פון דער גרויסער, רייכער, פאַרשייטער וועלט.

איך קוש מיין טייערע מוטערכען מאַרטשעלאַ שטאַרק־שטאַרק!

אייער איבערגעגעבנסטע פריינדן

ציגיינערן ראָזא.

קאַפּיטל 36

## פון מייער סטעלמאַך צו זיינעם א גוטן פריינט.

מיין טייערער פריינט!

איר קאָנט אייך דען פאָרשטעלן דעם פארגעניגן און די פרייד, וואָס
איך האָב געהאט, אַז איך האָב באַקומען אייער ליבן בריוו? ערשטנס,
וואָס איך זע, אַז איר לעבט, דאַנקען גאָט, און איך האָב דאָך פון אייך
אַזא צייט ניט געהערט. זינט איך בין אין לאָנדאָן, האָב איך פון אייך
קיין איינגעטונקטע פען. וועהאַשײַניס, איז באַ מיר לייענען אייערן א
בריוו גלאַט אַ טאַינעג. עס מאָלט זיך מיר אויס, אז קיינער שרייבט ניט
אַזוי זיס, אַזוי קיילעכיק, אַזוי קלוג און אזוי האַרצעדיק, ווי איר. עס

גלוסט זיך אויסקושן איטלעכס וואָרט. איר ווייסט דאָך, אַז איך בין פון טאָמיד אָן אַ ליובּיטעל פון זשאַרגאָן, אוביפּראַט נאָך פון אַ גוטן פּריינט, ווי איר, וואָס מיר האָבּן אינײַנעם, זאָגט ער, געבּידעוועט, אינײַנעם פאַרשוואַרצט געוואָרן אין אוישער און אין קאָוועד, אינײַנעם געגעסן א הערינג מיט בּרויט, פון איין גלאָז געטרונקען, אין איין בּעט געשלאָפן. אוי, יאָרן! יאָרן! געדיינקט איר כאָטש? איך געדיינק זייער גוט און דערמאַן עס צו יעדער צייט און בּאַ יעדער געלעגנהייט. איך האָבּ פּיינט, ווי אַנדערע, פאַרלייקענען, ווער איך בּין און וואָס איך בּין — אָט אַזוי בּין איך און אַן עק. אַ פּראָסטער כאַי־וועקאַיעם. קיין כאָכמעס ווייס איך ניט און שקאָרים האָבּ איך פּיינט. איך דערצייל מיין איכעס אַלעמען. אַז מע קומט צו מיר קאָרעספּאָנדענטן פון די גאַזעטן, מיך אויספרעגן, אויסטאַפּן, ווער איז גרישאַ און וואָס איז גרישאַ און ווי אַזוי איז גרישאַ, זאָג איך זיי: בּרידערלעך, גרישאַ איז ניט גרישאַ, גרישאַ — דאָס בּין איך. ווען ניט איך, וואָלט ניט געווען קיין גרישאַ אַף דער וועלט. דאָס הייסט, ס'וואָלט געווען אַ הערשל, אָדער א יאַנקל, אָדער אַ יאָסל, אָדער אַ מאָטל, נאָר ניט קיין גרישאַ סטעלמאַך, וואָס זאָל אַזוי קלינגען, אַזוי מאַרעש אוילעם זיין, אַז די קווין אַליין (אַזוי הייסט דאָ די קעניגן) זאָל אים איינלאַדן צו זיך אַף קאָנצערט, אים דריקן די האַנט און אויספרעגן בּאַ אים איטלעכס בּרעקעלע: צי האָט ער טאַטע־מאַמע, שוועסטער און בּרידער, און נאָך אַזעלכע זאַכן. יאָ, איך מעג מיך בּאַרימען, אַז טאַקע נאָר איך מיט מיין פּראָסטן פאַרשטאַנד און מיט דעם קויעך, וואָס גאָט האָט מיר אַריינגעגעבּן, און מיט דעם שטיקעלע האַצלאָכע, וואָס ער האָט מיר געשיינקט, האָבּ געקאָנט בּריינגען אַזוי וויט, אַז שטעט און לענדער זאָלן זיך שלאָגן פאַר מיין זון, אַלע אין איין קאָל: גרישאַ סטעלמאַך און גרישאַ סטעלמאַך! וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אז אין איין וואָך זאָל מען קריגן אײַנלאַדונגען פון אַכט שטעט פון אַלע אַרבּע קאַנפעס האָאָרעץ: פון פּאַריזש, פון מאַנטשעסטער, פון ווין און פון פּעטערבּורג, פון אַנטווערפּען און פון ניו־יאָרק, פון לייפּציג און פון טשיקאַגאָ — מע ווייסט ניט, וועמען מע זאָל פריער ענטפערן, כאָטש צערייס זיך אַף צען שטיקער. און ווי אַף צעלאָכעס, בּין איך איצט געבּליבּן איין מענטש אַליין. איך האָבּ מיין שוטעף, דעם פריערדיקן מענעדזשער, וואָס כ'האָבּ אייך אַמאָל געשריבּן, דאַנקען גאָט, שוין געגעבּן דעם וועג. עס זיינען אים אויסגעגאַנגען די יאָרן. ער האָט אַפּילע זייער כיישעק געהאַט מאַכן אַ קאָנטראַקט נאָך אַף פינף יאָר. האָבּ איך געזאָגט: אַזאַס! גענוג אָנגעזויגט זיך מיט מיין בּלוט. עס וועט זיך אים, מאָלט אייך, מער שוין אַזאַ כאָלעמען ניט כאָלעמען ווייל ער וועט לעבּן, וואָרום ס'איז דאָ נאָר איין גרישאַ סטעל-

מאַך אַף דער וועלט. איצטער בין איך מיר אַליין באַלעבאָס. מיין
כאַסענע, מיינע קלעזמער. וואָס איך טו איז געטון, און וואָס איך זאָג
איז געזאָגט, אַזוי האָב איך עס אוועקגעשטעלט, פאַרשטייט איר מיך,
פון דער לעכאַטכילע, אַז אַ טאַטע איז א טאַטע און אַ קינד איז אַ
קינד. וואָרום וואָס איך האָב איבערגעטראָגן אף מיינע פּלייצעס און
וואָס איך האָב זיך אָנגעסטראַדאַיעט, ביז גרישאַ איז געוואָרן אָט דער
גרישאַ טטעלמאַך, וואָס ער איז היינט, ווייס איך ניט, צי ס'איז פאַראַן
גאָר דער צווייטער אַף דער וועלט. אַן אַנדערער אַף מיין אָרט וואָלט
שוין לאַנג אָנגעשפּאַרט העט־העט. אַ באַרג וואָלט פון אים געוואָרן.
גראָז וואָלט אף אים געוואָקסן. נאָר דאָס אַלצדינג ווייסט קיינער ניט
און וויל ניט וויסן. די וועלט מיינט, אַז אָט אַזוי גרינג וואַקסט אויס
אַזאַ שטערן, ווי גרישאַ סטעלמאַך, און מע איז דאָס מיר אַביסל מע־
קאַנע. פּאָשעט, מע פאַרגינט מיר ניט. מע טייט אַף מיר מיט די פינ־
גער: „זעט נאָר, ווי דער סטעלמאַך שאַרט גאָלד מיט לאָפּעטעס!" פאַראַן
אַזעלכע, קלוימערשט גוטע פריינט, וואָס קומען צו גיין מיט אייצעס,
מיט גוטע רייד, זאָרגן זיך פאַר מיין זון, לעמאַי איך גיב אים ניט שטו־
דירן, און נאָך אַזעלכע זאַכן. גוטע פריינט, וואו זיינט איר געווען
פריער, אַז מיין סעמייסטווע איז, ניט היינט געדאַכט, געשוואָלן דריי
מאָל אַ טאָג פון הונגער און אַליין בין איך פאַרלאָפן מיט בלוט, וואָס
מיין גרישאַ האָט ניט קיין פּאָר גאַנצע שטיוועלעך? פאַרוואָס האָט איר
דעמאָלט ניט געזאָרגט פאַר מיין קינד, אַז איך האָב מיך אַרומגעטראָגן
א הונגעריקער, אַ דערשלאָגענער אַף דער אידישער גאַס מיט א ברי־
ליאַנט, געשריגן: „אַני שלוימע! אידן, איך פאַרמאָג אַ מיליאָן!" — ווער
האָט מיך דעמאָלט געהערט? אוי, איך קען א אידן! איך מעג מיך באַ־
רימען, אז איך בין שוין אויסגעפאָרן אַ וועלט—ניטאָ, הערט איר, נישטאָ
די צווייטע אומע אַף דער וועלט, ווי אונזערע אידן, זאָלן געזונט זיין!
גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד — אזוי פיל נעגידים באַ אונז,
גווירים אַדירים, וואָס וואַרפן געלט אין דער בלאָטע, בריינגען אויס
טויזנטער, הונדערטער טויזנטער אַף דער רועך ווייסט וואָס, אַף נאָכ־
שטופּן די קאַרעטע, אַף נאָכטאַנצן די גויאים — און קיין איינציקער
נישטאָ באַ אונז, ווער ס'זאָל זיך אָנרופן, אַז סע שלאָגט אָן צו אים א
טאַלאַנט. ער מעג זיין מוישע ראַביינו, נאָר אויב צעריסענע שטיוול —
איז ער אַף צאָרעס. פאַרשטייט זיך, אַז היינט זיינען שוין פאר אונז
אָפן אַלע טירן, שוין אַ גאַנצער קאָוועד באַ זיי און אַ פרייד, אַז מיין
זון באַערט זיי מיט אַ קוק. דער גרעסטער מאַגנאַט וואָלט זיך איצט
געשעצט גליקלעך, ווען מיין זון זאָל זאָגן, אַז ער וויל נעמען זיין טאָכ־
טער. אָפּגעגילט וואָלט מען אים פון קאָפּ ביז פיס, און אויך מיר וואָלט

מען אָנגעשאָטן אַ פולע היטל מיט גאָלד, איך זאָל נאָר געבן אַ וואונק. איז אָבער דאָ אַ גאָט אַף דער וועלט, וועט איר הערן אַ שיינס, איך וועל עס אייך טאַקע דערציילן, אויסגיסן אַביסל דאָס האַרץ פאַר אַ גוטן פריינט, ס'איז אַ גאַנצע געשיכטע.

געדיינקט איר, איך האָב אייך אַמאָל געהאַט דערציילט פון אַ מיידל אַ קראַסאַוויצע, אַן אַקטריסע פון אידישן טעאַטער, מיטן נאָמען ראָזע ספּיוואַק? באַ שטשופּאַקן האָב איך מיך מיט איר באַקאַנט. ער האָט זיך באַרימט, אַז זי איז זייגע אַ פּלימעניטשקע פון וואַרשע. איך ווייס? ער זאָגט א פּלימעניטשקע פון וואַרשע — לאָז זיין אַ פּלימעניטשקע פון וואַרשע. ס'איז מיר אַ גאַפּקעמינע! איז מיר אָבער דאָסדאָזיקע מיידל געפעלן געוואָרן פון דער ערשטער מינוט. וואָס זאָל איך אייך זאָגן — שטאַרק געפעלן געוואָרן! ערשטנס, טאַקע אַ שיין מיידל, אַ קראַסאַוויצע, מיט ברענענדיקע אויגן. אַ שוואַרצע אַפּילע, שוואַרץ, ווי אַ ציגיינערן, נאָר מאָלע כיין! און ניט קיין נאַריש מיידל, מע קאָן זאָגן — אַ באַרדאַס, אַ לעבעדיקע, אַ בּרען — פלאַם־פּייער. היינט איר שטימע, איר זינגען! איר קאָנט דאָך מיך, אַז איך בּין אַ ליובּיטל פון נעגינע און פון אידיש טעאַטער, און זינט איך בּין אין דעם ברויט, האָב איך מיך שוין אָנגעהערט מיסטאָמע אַף מיין לעבן זינגערס מיט זינגערנס גענוג, עס קריכט שוין פונם האַלז. נאָר אַזוי זינגען, ווי די ראָזע ספּיוואַק, האָב איך נישט געהערט און וועל ניט הערן. זי זינגט צו אייך גלייך אין דער נעשאָמע אַריין! וואָס זאָל איך אייך זאָגן, דאָס מיידל האָט מיך גענומען. נאָך איר רעדן האָב איך באַלד אַרויסגעזעען, אַז דאָס דאַרף זיין ניט קיין געבאָרענע אַקטריסע, ניט שטשופּאַקס אַ פּלימעניטשקע, נאָר אַ טאַטנס אַ קינד. קאַכאַווע. עס לאָזט זיך אויס, אַז די גאַנצע מאַיסע איז שעקער ווּעקאָזאָווּ. דאָס מיידל איז ניט שטשופּאַקס אַ פּלימעניטשקע, נאָר אַ ווילד־פרעמדע. און ניט פון וואַרשע, נאָר פון אַ קליין שטעטל ערגעץ פון בעסאַראַביע, אַ כאַזנס אַ טאָכטער. אַזוי בּין איך געוואָרע געוואָרן שפּעטער שוין. אַז שטשופּאַק איז געווען דאָרט מיט זיין טרופּע און זי געהערט זינגען, איז אים געפעלן געוואָרן איר שטימע, האָט ער זי אַרויסגענאַרט פון דער היים, איר צוגעזאָגט גאָלדענע בערג, אַז אין אויסלאַנד וועט ער זי געבן שטודירן מוזיק און נאָך אַזעלכע זאַכן. לעסאָף, אַז ער איז נאָר אַריבער מיט איר די גרענעץ, האָט ער אַליין גענומען מיט איר שטודירן מוזיק, אויסגעלערנט זי זינגען פאַר אַ פּובּליקום „כאַווע", „שאַבּעס־מאַכן", „פּראַטיק אַף דער אַכט" און נאָך אַזעלכע שיינע לידלעך, און דערצו נאָך כאַפּן אַ טענצל אויך... גאָט ווייסט, וואָס פון איר וואָלט געוואָרן, ווען איך צערעד מיך ניט מיט איר און איך באַקאַן זי ניט מיט דער באַרימטער זינגערן

מאַרטשעלאַ עמבריך, וואָס האָט געגעבן קאָנצערט איינעם טאַקע מיט מיין גרישען. באַשערט אַ מיידל אַ גליק, דאַרף זי זיך מיט מיר צע־רעדן און בעטן, איך זאָל זי באַקאַנט מאַכן מיט דער עמבריך. און די עמבריך, אַז זי האָט נאָר דערהערט דאָסדאָזיקע מיידל זינגען, איז זי צוגעזאָגט געוואָרן צו איר און גאָרניט געוואָלט אָפּלאָזן שוין. דאָס ער־שטע האָט זי די עמבריך ארויסגעריסן פון שטשופּאַקס הענט און צוגע־נומען צו זיך, געגעבן שטודירן אין ווינער קאָנסערוואַטאָריע, איר גע־דונגען די בעסטע פּראָפעסאָרן און געמאַכט פון איר איינע פון די ערשטע זינגערנס אַף דער וועלט. א סוואָרע, אַז זי וועט שוין היינט פאַרשטעקן אין גאַרטל די עמבריך מיט נאָך דריי עמבריכס. וואָס דאַרף איך אייך דערציילן אַסאַך מאַיסעס — איר קאָנט פאַרשטיין, אז זי טרעט שוין אַרויס מיט מיין גרישען אַף קאָנצערטן און באַ־קומט שוין קימאַט אזויפיל, וויפל מיין גרישאַ. און מע שלאָגט זיך שוין פאַר איר, ווי מע שלאָגט זיך פאַר מיין גרישען — און דאָס האָט זי אַלץ צו דאַנקען מיר. און עפשער מיינט איר, אַז זי דאַנקט מיר ניט אָפּ? נאָך א מין אָפּדאַנקען! אָט וועט איר האָרכען. ס'איז אַ מאַיסע מיט אַ „ליובאָוו", א שיינע מאַיסע. נאָר איידער איך וועל אייך דער־ציילן די מאַיסע מיט א „ליובאָוו", דאַרף איך אייך זאָגן קוידעם אַ פּאָר ווערטער וועגן מיין זון.

איך האָב פון מיין גרישען, דאַכט מיר, נאָך גאָרניט געשריבן, וואָס פאַר א פויגל דאָס איז? שוין איינמאָל אַ פויגל. ווי גרויס ער איז, אַזוי קליין און פּראָסט איז ער באַ זיך. קליין און פּראָסט און שטיל. עס ווייסט נאָר פידל און קאָנצערט, קאָנצערט און פידל. ווייטער גע־הער זיך מיט אים נישט אָן קיין זאַך. פרעגט אים בעכיירעם — וויפל האָט אַריינגעטראָגן זיין קאָנצערט? וויפל איז געפאַלן הויצאָעס? וויפל איז געבליבן רעווועך? ס'איז ניט זיין אייסעק. ער ווייסט נאָר פידל — און ווייטער גאָרנישט. עפשער מיינט איר, כאָלילע, אַ פלאַטשיק קינד? לאָמיך האָבן אַזאַ יאָר, וואָס פאר אַ כאָכעם ער איז. נאָר גאָרנישט. צו די זאַכן איז ער ניט שאַיעך. און וואָבשטשע איז ער מיט דער וועלט, ווי זאָגט דער ליטוואַק, א „קנאַפּער מעכוטן". וואָס דאַרף ער? פאַר די געשעפטן, אָדער פאַר די „ביזנעס", ווי מע רופט עס דאָ, איז פאַראַן, ווער ס'זאָל זאָרגן. דערוף איז דאָ אַ טאַטע. און אַף די איבע־ריקע זאַכן איז דאָ א מאַמע באַ דער זייט. און דער איקער איז דאָך די פידל, היינט וואָס איז שאַיעך? גיי זיי אַ נאָווי, אַז ס'וועט זיך אַריינמישן אַ כאַזנס אַ מיידל, אַ ראָזע ספּיוואַק, אַ שלאק, א ליובאָוו!...

איך, אַז איך בין געוואָרע געוואָרן פון דער מאַיסע — און געוואָרע געוואָרן בין איך דאָס טאַקע פון אירס אַ בריוול, וואָס איז אריינגעפאַלן

אַלפֿי נעס צו מיר אין די הענט אריין, דאָס הייסט, איך האָב עס איבער־געגומען באַם בריוועטרעגער, — האָט דאָס מיך פֿאַרבערענט אַף איר און פֿאַרבראָטן, טאַקע מאַמעש אָנגעצונדן. סטייטש! איך פֿיר דיך אריין צו דער עמבריך, איך שלאָג דיר דורך, ווי זאָגט מען, אַ טיר אין דער גרויסער וועלט אריין, און אין מיין זכוס ווערסטו אַזוי געהויכט און גע־קרוינט, נעמסטו און טוסט מיר אָפּ אַזאַ שפּיצל און פֿאַרפֿירסט מיט מיין זון אייסאָקים, נעבעכיקע טעג, ליובאָוו?!... און איך פֿויל מיך ניט און איך זעץ מיך אַוועק און שרייב איר אַוועקעט אַ בריוו, און דאַווקע פּראָסט, אַף זשאַרגאָן, קאַך וועקאַך, אַזוי און אַזוי, און סטייטש, און נאָך אַמאָל סטייטש, און צען מאָל סטייטש, וואו איז יוישער און וואו איז גאָט! — אַזוי גוט־גוט! אויסגעלוימערט וואָס אַפֿן האַרצן! איך בין ניט קיין שרייבער, נאָר אַ טאַטע, אַז עס טוט אים וויי, איז אַ קאַפּאָרע אַלצן שרייבערס. טרעפֿט־זשע, וואָס ענטפֿערט מיר אַזאַ באָכערטע? אַז איר וועט זיין מיט אַלצן קעפּ, וועט איר אויך ניט טרעפֿן! קוידעם גיט זי מיר אַוועק אַ פּאָרציע פֿאַר איר בריוו, וואָס איז אריינגעפֿאַלן צו מיר אַלפֿי נעס. דער בריוו, זאָגט זי, איז אַדרעסירט געוועז צו אַן אַנדערן. זי זאָל געוועזן וועלן, זאָגט זי, שרייבן צו מיר, ווייסט זי מיין אַדרעס. וועהאַשייניס, זאָגט זי, ווער האָט מיך געמאַכט צו דיינקען — איר הערט אַ שפּראַך? — „ווער האָט אייך געמאַכט צו דיינקען, זאָגט זי, אַז איך האָב אויסזיכטן אַף אייער זון? אַלע אייערע געדאַנקען, זאָגט זי, דרייען זיך שטענדיק אַרום איין פּינטעלע, וואָס הייסט מיטן נאָמען גרישאַ סטעל־מאַך, און איר האָט אַ גרויסן טאָעס, זאָגט זי, אויב איר מיינט, אַז דאָס פּינטעלע, וואָס הייסט גרישאַ סטעלמאַך, איז דער מיטלפּונקט פֿון דער גאַנצער וועלט, אַרום וועלכן עס דרייט זיך אַרום אַלעס, וואָס לעבט און וואָס דיינקט. פֿאַראַן, זאָגט זי, אַזעלכע מענטשן — און זייער צאָל איז אַ מיינגע — וואָס האָבן אים פֿאַר די אויגן אַזוי לאַנג, ווי ער שטייט אַף דער עסטראַדע און די פֿידל רעדט בא אים אין זיינע הענט אַף אַזאַ לאָשן, וואָס ניט פֿיל קאָנען רעדן אַזוי, ווי ער. פֿון דער מינוט, זאָגט זי, וואָס ער לייגט אַוועק די פֿידל און גייט אַראָפּ פֿון דער בינע, איז ער פֿאַר דער וועלט נישט מער און עפּשער נאָך ווינציקער, ווי אַ גוטער כאָלעם"... געפֿעלט אייך אַביסל אַ לאָשן? און ווייטער שרייבט זי מיר: פֿונוואַנען ווייס איך, אַז איר בריוו צו מיין זון איז ניט קיין ענטפֿער אַף זיין בריוו צו איר? און עפּשער איז דאָס נישט דער ער־שטער און נישט דער איינציקער בריוו? דער אונטערשייד איז נאָר דער, זאָגט זי, וואָס אַלע בריוו פֿון מיין זון צו איר, קומען אָן גלייך צו איר אין די הענט אַריין, ווערנד אירע בריוו צו אים מוזן, אַפּאָנים, דורכגיין דורך אַ געוויסע צענזור... אויב אַזוי, זאָגט זי, קאָן זי מיך פֿאַרזיכערן,

אַז זי וועט אָנווענדן אַלע אירע קרעפטן און וועט טון אַלעס מעגלעכס, אַז פון היינט אָן און ווייטער זאָלן אירע בריוו דערגרייכן זייער צוועק און קיין ניסים זאָלן זיך מער ניט טרעפן... „איך וועל עס טון, זאָגט זי, נישט אַזוי צוליב דעם, וואָס עס גייט מיר אין לעבן, איך זאָל מיך איבערשרייבן מיט אייער זון, ווי צוליב דעם, איך זאָל אייך באַווייזן, אַז כאָטש איך בין, ווי איר זאָגט, אַ בעסאַראַביער מיידל, דאָך וועל איך אייך ציִיגן, אַז אייער פּאַטערלעכער דעספּאָטיזם, וואָס שטאַמט פון אייער צו־פיל געטריישאַפט, איז ניט אַזוי געפערלעך, ווי איר מיינט, און אַז אַלצדינג אף דער וועלט האָט אַ גרענעץ". נו, וואָס זאָגט איר אַף אַזאַ מין אַזעספּאָנימניצע? ניין, הערט, וואָס זי שרייבט מיר ווייטער! „איך פאַרזיכער אייך, זאָגט זי, אַז ווען איך זאָל פילן צו אייער זון דאָס, וואָס ער פילט צו מיר, אין דערזועלבער מאָס, וואָלטן מיר אייך שוין באַוויזן, אַז מיר ביידע וואָלטן ניט געהאַט מער קיין דאַיגעס און וואָלטן ביידע געווען אָל־רייט". וואָס זאָגט איר דערוף? רעדט זי שוין מיט מיר גאָר אַף איינגליש!

איך וויל אייך ניט מאַריך זיין, ליבער פריינט. איך האָב איר אָפּגעענטפערט אַף איר בריוו, און זי האָט מיר אָפּגעענטפערט אַף מיין בריוו, און אַזוי איז אַוועק צווישן אונז אַן איבערשרייבעניש. איך איר און זי מיר. און דער שפּיץ איז געווען, אַז מיר זיינען מיט איר געוואָרן כאַווער. אָבער וואָס כאַווער הייסט. דעהאַינע, ווי אַזוי מיינט איר? אַז זי איז געקומען קיין לאָנדאָן אַף אַ קאָנצערט — און דער קאָנצערט איז געווען טאַקע אינייִנעם מיט מיין זון — האָבן מיר אויסגעשלאָגן פאַר איר אַ קניִע ערד, איך און מיין ווייב זאָל לעבן, איידער מיר האָבן בא איר געפּויעלט, אַז זי זאָל אונז באַערן מיט אַ וויזיט. וואָס טוען ניט טאַטע־מאַמע צוליב אַ קינד? און אַז מיר וועלן זיך שטעלן אַקעגן צען מאָל — וועט זיין בעסער? אַז מע שמועסט ליובאָוו — איז דאָך ניט שאיעך... פון דעמאָלט אָן, וואָס זאָל איך אייך זאָגן, איז דאָס מיידל געוואָרן באַ אונז אַזוי היימיש, אַזוי ליב און איינגעבאַקן אַלעמען אין האַרצן, אַז מיר וואָלטן שוין געווען גליקלעך, דער שידעך זאָל זיין אַ שידעך — אָן עק לאָז דאָס האָבן. איז אָבער ניין. ניט זי, ניט ער. היינטיקע קינדער! אַז רעדן מיט זיי פּראָסטע דיבורים קאָן מען ניט, עס איז דאָך עפּעס ניט גלאַט אַ באָכער מיט אַ בסולע. דאָס זיינען דאָך טאַקע צוויי שטערן אַף דער וועלט. קיין סאַך אַזעלכע זיינען נישט פאַראַן. אַ שמועס טון מיט זיי וועגן כאַסענע — זאָל גאָט היטן! וואָס דאַרפט איר מער — אַז דער נאָמען „כאָסן־קאַלע" טאָר גאָר ניט דערמאַנט ווערן — האָט איר עפּעס צו זיי? דאַרף מען אַביסל צואוואַרטן — וואָס זאָל מען טון? טאַ־נעט אָבער מיין ווייב זאָל געזונט זיין: זי וואָלט שוין געוואָלט, זאָגט

זי, דערלעבן אַ שטיקל נחת... זאָג איך איר: „האָב צייט. וועסט ניט פאַרשפּעטיקן"... און אַליין פיל איך, אַז דאָס כּאַיעס גייט מיר אויס. איך וואָלט שוין אליין אויך געוואָלט, ניט אַזוי דעם נחת, איך בין דאָך נישט קיין אידענע, דאָס הייסט, אַ נחת — מאַכטייסע, פאַרוואָס ניט? מיך פּיקט אַן אַנדער זאַך. איך ווייס ניט, צי איך וועל עס אייך קאָנען אַרויסגעבן: מיין זון, פאַרשטייט איר מיך, איז אַן אַרטיסט, און אַ גרויסער אַרטיסט, און דערצו איז ער נאָך אַ קינד, אַ קאָשער לעמעלע, און זיין ליובאָוו איז מיט סאַקאָנעס נעפּאָשעס! און זי איז אַ מיידל שוין צו אַ שיינע און צו אַ קלוגע און צו אַ ספּריטנע — וואָס „צו", זאָגט מען, איז איבעריק... איצטערט פליען זיי אַרום ביידע איבער לאָנדאָן. כאָלילע ניט צופוס, נאָר אין אַ מאָטאָרקאַר, אַן אַווטאָמאָביל, הייסט עס, און מע קויפט און מע קויפט און מע קויפט! — וואָס פאַר אַ ווערט האָט בא זיי געלט, אַשטייגער? אַ שטיקל גליק כאָטש, וואָס איך בין דאָ באַ דער זייט און לאָז ניט. ווייטער וואָלט מען פאַרברענט טויזנטער! דאָס גרייט מען זיך אין וועג אַריין. עס קאָן זיין, אַז מיר פאָרן, אימירצעשעם, אַלע אינגיכן קיין אַמעריקע. זיי זיינען דאָרט ביידע אַנגאַזשירט אַף אַ גאַנצן סעזאָן, און דאַנקען גאָט, אַף אַזעלכע קאָנדיציעס, אַז מע מעג עס ווינטשן אַלע אונזערע ליבע, גאָט זאָל זיי נאָר געבן געזונט און האַצלאָכע, ווי ביז אַהער, און יאָרן אַסאַך ביידן, און מיר זאָלן עס זען און קלייבן נחת, וואָרום היינט זיינען זיי ביידע פאַרעכנט באַ אונז גלייך, גאָר קיין כילעק ניט. זי איז באַ אונז, מעגט איר מיר גלויבן, טייער, ווי מיין אייגן קינד. נאָך עפּשער טייערער. כאָטש דעם עמעס זאָגנדיק, איז זי מיט מיר נאָך איצט אויך ניט שאָווע בעשאָווע. אַפּאָנים, פון מיין ערשטן בריוו נאָך... איך בין, ווי זאָגט ער, מיט איר אַדעראַבע וועאַדעראַבע, און זי איז מיט מיר קידער־וידער. זי קאָן ניט ליידן, לעמאַי איך רעד פון געלט. זי האַלט מיך פאַר אַ קאַמצן. קינדער זיינען נאַראָנים. זיי פאַרשטייען ניט, אַז אַלצדינג איז פון זייערטוועגן. לעמאָשל, איר מאָלט זיך אויס, אַז טייערער פון געלט איז באַ מיר גאָרניט פאַראַן. זי אַליין זאָגט דאָס מיר, געוויינטלעך, פאַרשטעלט. זי מיינט, אַז זי קען מיך שוין... ווערטלען מיר זיך אָפּט. איך לאַך, נאָר מיין זון סטראַדאַיעט דערפון. איז דאָס מיר נישט איינגענעמען... נאָר מיסטאָמע וועט זיך עס מיט דער צייט אויסגלעטן. אַלע קינדער זיינען אַזוי. זיי מיינען, אַז ערגער פון עלטערן איז שוין נישטאָ אַף דער וועלט. וואָס קאָן נאָך זיין ערגערס פון עלטערן?.. נאָר מיר דאַכט, אַז איך האָב מיך שוין אַביסל צופיל צעשריבן. שוין באַלד ניטאָ קיין פּאַפּיר, אַביסל אויסגערעדט זיך, געוואָרן גרינגער אַף דער נעשאָמע. קיין אַנדערן,

פאַרשטייט זיך, וואָלט איך אַזויפיל ניט פאַרטרויט. נאָר אייך איז אַנ־
דערש. איר זענט אַ באַלסאָד. צווישן אונז וועט דאָס בלייבן.
זייט מיר רעכט וואָל און מאַכט גוטע ביזנעס, און שרייבט מיר
אָפטע גוטע בריוו, אַזוי ווי נאָר איר אַליין קאָנט.
פון מיר אייער אַלטער פריינט
מייער סטעלמאַך.

א י ק ע ר ש אָ כ אַ כ ט י. מיין ווייב בעט מיך, איך זאָל אייך לאָזן
גריסן. און מיין זון פרעגט זיך נאָך, אויב איר האַלט נאָך אַמאָל אַ פידל
אין האַנט?
מייער סטעלמאַך.

קאַפּיטל 37

## פון שאָלעם־מייער מוראַוועטשיק צו ראָזאַ ספּיוואַק.

צו מיין ליבע און געערטע פריינדן ראָזע ספּיוואַק לעבט וואָל וואָס איז די מאַנסע וואָס איר זענט צו מיר געוואָרן אַזוי פרעמד אַז אירווילט מיר אפילע ניט ענטפערן אף אַלע מיינע בריוו מיט וואָס האָב עך כייטע בייגל געווען מיר דאַכט אַז אַדעראַבע וואָס עך בין פאר אייך אויסגע־שטאַנען קומט מיר ניט איר זאָלט מיר אַזוי אָפּדאַנקען וואָרום ווען ניט עך וואָלט איר נאָך איצטערט אויך געווען באַ שטשופּאַקן דער קאַדיק זאָל אים נעמען ער האָט דאָך מיר ניט געוואָלט באַצאָלן וואָס מיר קומט איבער אייך וואָרום ער זאָגט אַז אינגאַנצן דער כאַיעוו בין עך וואָרום ווען ניט עך זאָגט ער וואָלט איר ניט געוואוסט פון קיין עמבריך און ער וואָלט נישט געבליבן זאָגט ער אָן א סמיטשיק ער שווערט אַז ער איז דורך אייך בעדילאַדאַל געוואָרן אַזוי שרייבט ער מיר און וויינט אַף ביידע אויגן איר ווייסט דאָך אַז עך גלויב אים ווי דעם הונט נאָר אַז יענער כאַפּט די ערד ווייסט אים דער ריך עפשער איז ער גערעכט עך וייס נאָר אַז ער האָט שוין איצט קאַדאָכעס ניט קיין מענדעליאָן און אַפּאָר באַרעליאַנטענע פינגערלעך האָבן שוין אויך געפעלט און דעם גאָל־דענעם זייגער האָט ער שיינט מיר אויך ערגעץ פאַרטאַכטאָרעט און אַלץ צוליב אייך וואָרום דער איד האָט זעך געענייט אַ בייטל גאָר א גרויסן אַכוץ וואָס ער האָט זעך איינגעבראָמבלט א מאַכשאָווע אָט דער אידיאָט אַז גאָט וועט אים אופרעכטן ער וועט לויז ווערן מירטשעם פון זיינע ווייבער וועט ער אייך מיט זיינע באַרעליאַנטן פאַרשאַלאַמאָנעווען דעם קאָפּ און ס׳וועט זיין גימל צום סאָף נאַט אייך אזאַ מאַפּאָלע און נאָר עך

זאָגט ער בין שולדיק נישט קיינער דערווייל בין עך געבליבן ווי אַפּן
וואַסער דאָס ביסל פּאָדעם וואָס עך האָב פון אייך די ערשטע צייט באַ־
קומען האָט מיר געקלעקט אף איין צאָן און האָב געהאַט אף זעך א צאָרע
אַנאָרעמע שוועסטער איבערגעפּעקלט קיין אַמעריקע און אַליין בין עך
אויך געווען קראַנק א שטיק צייט זעך שיר ניט געזעען מיטן מאַלכאַ־
מאָוועס ווען ניט איר מיט אייער קליינע שטיצע וואָלט עך שוין איצ־
טערט אָנגעשפּאַרט דאָרט וואו עס וואַקסט ניט קיין כריין דאַנק עך אייך
זייער אָבער פּארוואָס זאָלט איר מיר ניט טון די טייווע און אָפּענט־
פערן מיר אמאָל כאָטש מיט עטלעכע ווערטער דאַכט מיר עך האָב עס
באַ אייך ניט פּאַרדינט עך זאָל אייך נאָכלויפן ווי א הונט פון פּאַריז קיין
לאָנדאָן און פון לאָנדאָן קיין פּאַריז און פון דאָרטן קיין אַנטווערפּען און
איר זאָלט אַפילע ניט וועלן מעך אופנעמען איין גאָט ווייס דעם עמעס
אַז עך בין אייך טאָמעד געשטאַנען אין אייערע נייטן אַז איר האָט מיר
געזאָגט מוראַוועטשיק גיי בין עך געגאַנגען מוראַוועטשיק לויף בין עך גע־
לאָפן פון דער ערשטער צייט רייד עך שוין ניט נאָר אַפילע דעמאָלט
ווען איר זענט ארויס פון שטשופּאַקס רעשוס און געקליבן זעך קיין נאַ־
טאַליע געדיינקט איר האָב עך ניט געזשאַלעוועט מיין טערכע קיין מאָל
און אז מע האָט באַדאַרפט דעמאָלט אַרויסוואַרפן דעם שלעמאַזל וואָס
האָט זעך געוואָלט שיסן ווער האָט זעך מאַפקער געווען אז ניט מוראַוו־
טשיק און היינט האָט איר שוין גאָר פּאַרגעסן ווער איז דער מוראַוו־
טשיק וויפל מאָל עך האָב מעך געקויבערט צו אייך קאָן עך מעך נישט
דערקויבערן מע לאָזט ניט צו עך בין איין מאָל אָפּגעזעסן באַ אייך אין
סאַלאָן דריי זייגער שאָ געהערט אייך רעדן מיט עפּעס א פראַנצויז צום
סאָף קומט מען אַרויס און מע זאָגט מיר אז איר זענט ניטאָ אין דער
היים איז מיר פינצטער געוואָרן אין מיינע אויגן און האָב קאָם געטראָפן
צו דער קליאַמקע אַז אָך און וויי איז שאָלעם־מייער צו דיין קאַפּעלוש
אַף וואָס דו ביסט איבערגעקומען האָב עך געזאָגט צו מיר אליין און אַז
סע מאַכט זעך א מענטש ווערט באַגליקט דאַרף ער זעך שוין אזוי אי־
בערנעמען וואו זענען אייערע ווערטער וואָס איר האָט מיר צוגעזאָגט אז
איר וועט מעך קיין מאָל ניט פּארלאָזן און צום סאָף אז עך בין אייך
נאָכגעלאָפן אין לאָנדאָן אף דער דאַטשע האָב עך אייך געזעען דורכ־
פליען אין אַנאַוועטעמעביל מיט סטעלמאַכס באָכערל האָב עך אַראָפּגעכאַפּט
דאָס היטל האָט איר זעך געמאַכט אז איר זייט מעך ניט האָב עך אייך
געשריבן איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל ענטפערט איר מיר ניט
פאר וואָס ווייס עך ניט אַצינדערט אָבער האָף עך אַז איר וועט מיר שוין
יאָ ענטפערן ווייל עך האָב צו אייך אַ שטיקל געשעפט דעהאינע עס גע־
פינט זיך באַ איינעם א מענטשן אייערס א פּעקל מיט בריוו וואָס דער

מענטש האָט דאָס מיר געבריינגט צו טראָגן אָנגעמאָסטן זעך א היטל געהייסן זעך גוט באַצאָלן אָבער טאַקע אַ גראָבס ער ווייס זאָגט ער אַז איר זענט היינט אין די פֿעדערן און אזוי ווי דאָרט געפֿינען זיך זאָגט ער אַלערליי בריוו וועט איר מינעסטאַמע ניט דערלאָזן זאָגט ער מע זאָל זעך מיט אייערע בריוו אַרומטראָגן האָב עך אים געזאָגט ווייסט איר וואָס פֿעטער אָט שרייב עך אוועק צו איר א בריוול זאָגט ער הערסטע וואָס דען דול עך אייך א באקדייזשע עך מיין ניט זאָגט ער די אַגאָדע עך מיין די קניידלעך אַלקיין בעט עך אייך מיין ליבע געשעצטע פריינדן ראָזע איר זאָלט באלד מיר שרייבן א בריוו אויב איר ווילט צוריק אייערע פֿאַפּירן און אויב איר דאַרפֿט זיי שרייבט מיר וועל עך מעך זייען מיטן דאָזיקן מענטשן עך האָף אַז עך וועל אים מיט גאָטס הילף איינבייסן און שרייבט מיר אף מיין נאָמען צום דרעקטער פֿון פֿאַריזער אידישן טיאַטער וואַקסמאַן וויפֿיל זאָל עך אים אָנבאָטן ווייל דער מענטש ווייס אַליין ניט וויפֿל ער זאָל זעך הייסן געבן געבן זאָל אים גאָט א קריינק פֿון מיר אייער איבערגעגעבנסטער דינער וואָס ווינטשט אייך פֿיל גליק און אַצלאָכע מיט אַכטענקספאָל שאָלעם־מייער מוראַוטשיק.

## קאַפּיטל 38

# פֿון ראָזאַ ספּיוואַק צו מאַרטשעלאַ עמבריך.

טייערע געטרייע מוטערכען מאַרטשעלאַ!

איצטיקס מאָל וועל איך בא אייך צונעמען אַביסל מער צייט ווי אַלעמאָל, ווייל איך האָב אייך שוין לאַנג ניט געשריבן, און בא מיר האָט זיך צונויפֿגעקליבן אַזויפֿיל נייס, אַז איך ווייס ניט פֿונוואַנען אָנצוהייבן. ערשטנס, בין איך שוין, ווי איר זעט, ניט אין פּאַריז. אויס פּאַריז. אויס גראַנד־אָפּעראַ. ווידער א פֿריי פֿייגעלע. ווידער א ציגיינערן, ווידער נאַוועגאַד איבער דער גרויסער פֿרייער וועלט. און, ווי איר זעט פֿון די בייגעלייגטע צייטונג־אויסשניטלעך, גאַסטראָליר איך מיטן גרעסטן ערפֿאָלג, און ניט אַליין, נאָר אינצווייען, מיט אונזער אַמאָל זייער באַרימטן „וואונדערקינד”, איצט נאָך מער באַרימטן ווירטואָז סטעלמאַך, מיט וועלכן איך האָב מיך צום ערשטן מאָל באקאָנט טאַקע אף אייער קאָנצערט. אף יענעם אומפֿארגעסלעכן קאָנצערט, וואָס האָט געמאַכט אן איבערקערעניש אין מיין גאַנצן לעבן. אַך! דאָס איז א גאַנצער ראָמאַן! איך וועל אייך אים אָפּשרייבן ווי ווייט מעגלעך אין קורצן, ווייל, ערשטנס, וויל איך בא אייך ניט צונעמען קיין סאַך צייט, און, צווייטנס,

שרייב איך דעם בריוו אַפן שיף, וואָס טראָגט מיך קיין אַמעריקע. אי־בערמאָרגן זענען מיר שוין אין ניו־יאָרק.

„מיר"—דאָס מיינט, אַז איך פאָר ניט אַליין, נאָר אינצווייען... אַזוי ווי איך האָב געוואָלט, אַזוי ווי איך האָב געשטרעבט דערצו שוין פון לאַנג. אין דעם באשטייט מיין ניצאָכן, מיין טריומף. אַך! ווי וואָלט איך וועלן אייך אַציַנד ארומנעמען, צודריקן צום האַרצן און אויסקושן אייך, טייערע, טייערע מוטערכען! נאָר איר רעכנט געוויס, אַז איך בין פאַר־שיקערט? יאָ, איך בין פאַרשיקערט, מוטערכען, פאַרשיקערט, נאָר ניט פון ליבע, ניין. רופט מיך אָן ציגיינערן, רופט מיך פאַנטאַזירערן, רופט מיך אַוואַנטוריסטן, רופט מיך אָן ווי איר ווילט, נאָר הערט מיך אויס, עפּ־שער וועט איר מיך פאַרשטיין. איר, נאָר איר וועט מיך פאַרשטיין. דאָס, וואָס איך גיי אייך דערציילן אַציַנד, איז אַן עפּיזאָד פון מיין לעבן, מיט וועלכן איך האָב אייך נאָך ביז אַהער ניט באקאַנט געמאַכט, ווייל אין דעם עפּיזאָד שפּילט איר די הויפּט־ראָלע. און געטראָפן האָט זיך עס אין יענעם זעלטענעם פרימאָרגן פון אייער מאַטינע־קאָנצערט, וואָס איך וועל אים אייביק און אייביק ניט פאַרגעסן. דאָס איז געווען דער גליקלעכ־סטער פרימאָרגן פון מיין לעבן, דער אָנהייב פון מיין קאַריערע.

א צעטומלטע, אַ צעהיצטע, אַ פאַרלוירענע, א פאַרקישעפטע פון אייער זינגען און פון זיין שפּילן, בין איך דעמאָלט מיטן שטראָם פון מענטשנ־קעפּ קימאַט אַרויסגעטראָגן געוואָרן פון זאַל און מיט א גרויסן טייל פון פּובליקום געבליבן שטיין בא דער טיר, אָפּוואַרטן די צוויי העלדן פון יענער שאָ, די באַרימטע מאַרטשעלאַ עמבריך מיטן באַרימטן גרישאַ סטעלמאַך.

וויפל דאָס אָפּוואַרטן האָט גענומען—א מינוט, א שאָ, אַ טאָג,—דאָס געדיינק איך ניט, ווייל מיין נעשאָמע איז געווען דעמאָלט אין אַן אַנ־דער וועלט, אין א וועלט פון הימלשן געזאַנג און נישט־ערדישע טענער. פלוצים האָבן זיך געלאָזט הערן הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן, און דער שטראָם פון מענטשנקעפּ האָט זיך א וויג געגעבן. איך האָב אופגעהויבן די אויגן און דערזעען צופאָרן א גלענצנדן פראַכטיקן אַווטאָמאָביל. ווי א בליץ האָט איר ביידע דורכגעגלאַנצט פאַר מיינע אויגן, פריער איר, דערנאָך ער, אַריינגעזעצט זיך מיט נאָך איינעם א דריטן—און ווי א שיינער כאָ־לעם זענט איר אונטערן רוישן פון אַפּלאָדיסמענטן מיט טריומף פאַר־שוואונדן געוואָרן.

אָבער אין מיין געדעכעניש איז דער מאָמענט געבליבן פעסט. איך האָב נאָר באַדאַרפט צומאַכן די אויגן אף איין אויגנבליק, איז שוין אויס־געוואָקסן פאַר מיר דערדאָזיקער זעלטענער כאָלעם, אין וועלכן איר זענט די קעניגן און ער איז דער פּרינץ, און איך און אַלע איבעריקע מענטשן,

וואָס דרייען זיך אַרום אױף דער ערד, זענען אייערע אונטערטעניקע, אייערע קנעכט, און איר ביידע געוועלטיקט איבער אונז.

דאָס פּובליקום האָט זיך שוין לאַנג צעגאַנגען ווי א רויך נאָכן אָפּ־געלאָפּענעם אַוטאָמאָביל. געבליבן זענען נאָר געציילטע היימישע מענטשן. און איך בין נאָך אַלץ געשטאַנען א פאַרקישעפטע, א פאַרכאַלעמטע, פול מיט פאַנטאַזיעס, וואָס האָבן מיך אופגעכאַפּט אױף זייערע פליגלען און האָבן מיך אַוועקגעזעצט אױף אייער אָרט, מיין פּרעכטיקע קעניגין, איניי־נעם מיטן דאָזיקן יונגן שיינעם פּרינץ, און איך, די קליינע, עלנטע, אָרעמע ראָזאַ, האָב דערזעען פּלוצים מיין איינענעם טריומף און דער־הערט מיין אייגענעם נאָמען איניינעם מיטן נאָמען גרישאַ סטעלמאַך, און איך בין פאַרציטערט געוואָרן. עס האָט זיך אופגעהויבן אַ שטורעם אין מיין קאָפּ און א פייער אין מיין האַרצן, און איך האָב מיר געזאָגט: „דער כאָלעם מוז מעקויעם ווערן!"... — — — — — —

דער כאָלעם, ווי איר זעט, איז מעקויעם געוואָרן. ער האָט זיך פאַר־ווירקלעכט אָפן בעסטן אַרט. נישט נאָר האָב איך זויכע געוועזן צו אַזאַ נישט־פאַרדינטן טריומף, איך האָב דערלעבט נאָך עטוואָס מערערס: דער יונגער פּרינץ איז אויסגעוואַקסן. פון א „וואונדערקינד" איז ער געוואָרן א גרויסער קינסטלער, און דערדאָזיקער גרויסער קינסטלער איז איצט מיינער, אינגאַנצן מיינער! — — —

איצט ווילט איר וויסן, אויב איך בין גליקלעך? אויב איך בין צו־פרידן? אַך, טייערע, טייערע, פרעגט מיך נישט! איך בין נישט ווערט די ליבע, וואָס מענטשן שיינקען מיר אַוועק. איך בין נישט ווערט קיין הונדערטכיילעק פון דעם, וואָס איר, מוטערכען, האָט מיר אַוועקגעגעבן. איך טראָג אין זיך אַ בייז האַרץ. איך באַזיץ אַ שלעכטן גייסט. איך האָב קיינעם, קיינעם נישט ליב! איך טו נאָר דאָס, וואָס עס געפעלט מיר אין דער מינוט, נאָר דאָס, וואָס עס דיקטירט מיר מיין קאַפּריז. פרעמדע צאָרעס זענען בא מיר אַ שפּאַס. יענעמס טראַגעדיע איז בא מיר א שפּיל. א רועך האָט זיך פאַרקליבן צו מיר אין האַרצן. אַ שעד, אַ ניט־גוטער האָט זיך באַזעצט בא מיר אין דער נעשאָמע. קיין זאַך שטעלט מיך ניט צופרידן. וואָס מער דאָס לעבן גיט מיר, מער פאָדער איך. וואָס מער עס גליקט מיר, מער ווער איך קאַפּריזנע. מינוטן, מער ניט אַז מינוטן, זענען פאַראַן אין מיין לעבן. הויכע, געהויבענע מינוטן. דאָס זענען די מינוטן, ווען מיין פּרינץ און מיין קישעפמאַכער געפינט זיך אױף דער עסטראַדע. אַך, ווי גרויס, ווי הויך, ווי שיין ער איז דע־מאָלט! הימל־שיין. געטלעך־שיין. נישטאָ צו אים קיין גלייכן, סיידן... אַך! פאַרוואָס איז ער נישט יענער, דער, וואָס איר ווייסט?!...
— — — — — — — — — — — — — — —

זאָגט מיר, מוטערכען, וואָס זאָל איך טון, איך זאָל זיין צופרידן? לערנט מיך אויס, וואו זאָל איך זוכן מיין גליק? און צי וועל איך גע־פינען מיין גליק אין דער נייער וועלט, וואוהין איך פאָר אַצינד? און צי ס'איז ביכלאַל דאָ גליק אף דער וועלט? און צי בין איך ניט גערעכט, אַז איך זאָג אייך אף מיר אַליין, אַז איך בין א בייזעס ווען, א פאַר־דאָרבענע נעשאָמע? איך בין געוועזן און איך וועל בלייבן

אייער פאַרדאָרבענע, צעלאָזענע, קאַפּריזנע ציגיינערן

ראָזאַ.

קאַפּיטל 39

## פון מייער סטעלמאַך צו זיין גוטן פריינט.

טייערער בעסטער פריינט!

איך האָב מיך ניט געקאָנט דערוואַרטן אַף אייער ענטפער און איך שרייב אייך שוין ווידער. איר וועט מיר גלויבן צי ניין, איך פיל עפּעס אַ מין באַדערפעניש אין דעם, עפּעס אַ מין מאַגנעט ציט מיך, איך זאָל פאַר אייך אויסגיסן מיין האַרץ. ווייל, ערשטנס, זענט איר קימאַט דער איינציקער אַף דער וועלט, וואָס פאַרשטייט מיך, ווי עס געהער צו זיין. איר האָט מיר אַנומלטן געהאַט געזאָגט, אַז ווייבאַלד איך האָב געקאָנט מעגאַדל זיין אַזאַ זון, איז אַ סימען, אַז איך בין אַליין אויך ניט קיין פּראָסטער מענטש, ווי די וועלט מיינט. דידאָזיקע ווערטער זענען מיר גוט אריין אין נאָז אריין. הערן אזעלכע ווערטער פון אַזאַ קענער, ווי איר, איז זייער איינגענומען, דאָס פאַרשטייט איר אַליין. ווהאַשייניס, האָב איך גלאַט ליב מיט אייך צו שמועסן, ווייל מיט אייך קאָן איך רעדן אָטקראָווענאָ און ארויסשרייבן אייך אלצדינג, וואָס באַ מיר טוט זיך, ווי פאַר אן אייגענעם ברודער. איך האַלט אייך, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, פאַרן גרעסטן באַלסאָד אין דער וועלט. איך ווייס, אז איר זענט אן אייזערנער קאַסטן, און איך בין באַוואָרנט, אַז מיינע בריוו, וואָס איך שרייב צו אייך, וועט, אכוץ אייך, קיין בען אָדאָם ניט זען און קיין פויגל ניט וויסן...

אַצינד טרעפט, פונוואַנען איך שרייב אייך דעמדאָזיקן בריוו? פון שיף, מיין ליבער פריינט, פון שיף שרייב איך אייך. מיר פאָרן קיין אַמעריקע. מיר — הייסט דאָס: איך און גרישאַ און ראָזע און דער מע־נעדזשער, אַן אַמעריקאַנער פויגל, וואָס האָט זיך אונטערגענומען פאַר

אַ געוויסן מינימום און אַף זיינע הויצאָעס, געוויינטלעך ערשטע קלאַס, מאַכן מיט אונז אַ טורנע איבער גאַנץ אַמעריקע. דער מינימום — דאָס איז גאַראַנטירט. ווינציקער פון דער סומע, הייסט עס, טאָר שוין ניט זיין, און וואָס ס׳וועט זיין מער — איז יאכדאָוו. האָט איר עס צעקייט? אַף פּאָשעט אידיש גערעדט, וועלען מיר זאָגן, אַז ער האָט אונז אָפּגעדונגען, אָדער לאָמיר שוין זאָגן דעם גאַנצן עמעס — אָ פּ ג ע ק ו י פ ט אַף אַ געוויסע צייט און אַן עק... געהערן צו יענעם, ליבער פריינט, זיין פאַרקויפט איז אַפילע ניט אזאַ געשמאַקער ביסן, אוביפראַט — איך בין שוין אַ געשלאָגענער הונט, אָנגעלערנט פון מיין דייטש, אימאַך שמוי זאָל ער ווערן! נאָר וואָס זאָל מען טון? דער מינימום איז אַזאַ שיינער מינימום און דער יעיצערהאָרע פון געלט איז אַזוי גרויס, צו אַלדי שוואַרצע יאָר! טכילעס האָב איך גאָרניט געוואָלט האָרכן פון קיין מיני־מום־שמינימום. וואָס הייסט — יענער וועט מיך אַרומפירן? און וואו בין איך? איך קאָן אַליין ניט די מעלאָכע? האָט זיך אָבער אָט דער אַמע־ריקאַנער פויגל נאַסיאַדעט אַף מיר, ווי אַ קלעק, איינמאָל פאַר אַלעמאָל, וויפל וויל איך מאַכן ריינעם פּראָפיט, פאַרדינסט, הייסט עס, און וויפל איז מיין מינימום, דאָס סאַמע מינדעסטע, לויט מיין האַסאָגע נאָך? וואָס זאָגט מען אים, אַזאַ פויגל? דערזעען, אַז איך קווינקל מיך, מאַכט ער צו מיר: ס׳איז ניט נייטיק צו זאָגן באַלד. איך האָב, זאָגט ער, צייט 24 שאָ צו געבן אים טשואוועו. געפעלט אייך אזאַ מאַיסע? ער האָט מיר פאַרגעבן, הייסט עס, אַ לייענען, ווי זאָגט איר, אַף פיר און צוואַנציק שאָ! געוויינטלעך, בין איך שוין יענע נאכט ניט געשלאָפן. גערעכנט אַהער, גערעכנט אַהין, זיך געאייצעט מיטן ווייב, איבערגערעדט מיט די קינדער. נאָר וואָס ווייסן קינדער? אַז מיינער איז, ווי איך האָב אייך שוין געשריבן, צו די זאַכן גאָר ניט שאַיעך. דאָס הייסט, איר מיינט, אַז ער ווייסט ניט כאָלילע קיין צורעס מאַטבייע? ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז וואָס מער איז בעסער, נאָר ער מישט זיך ניט. ער פאַרלאָזט זיך שוין אַפן טאַטן. ער ווייסט, פאַרשטייט איר מיך, אַז דער טאַטע וועט זיך ניט לאָזן שפּייען אין דער קאָשע. דערפאַר איז זי שוין, ראָזע מיין איך, אַסאַך פּראַקטישער פון מיין זון. דאָס הייסט, געלט איז אַפילע באַ איר אויך שמעלט, און אַף אויסברייגנען, טרענצלען, פלעכטן קערבלעך וועט זי זיך אויסגלייכן מיט מיין זון, און נאָך פאַרשטעקן אים אין גאַרטל. נאָר זי פאַרשטייט אַן אייסעק. האָט אַן אַפּעטיט, קיין איינאָרע, צו געלט און קאָן זאָגן אַ פּרייז, אַז יענעם זאָל פינצטער ווערן אין די אויגן! און פאַרקערט, איך האַלט מיט איר. יעדער מענטש דאַרף וויסן זיין ווערדע. איך וואונדער מיר נאָר, פונוואַנען האָט זיך עס צו איר גענומען? און רעדט מיט איר, זאָגט זי, אז איך האָב ליב געלט!...

האַקלאַל, ס'איז אויסגעגאַנגען די 24 שאָ — מיין אַמעריקאַנער פויגל איז דאָ. אַן אָפּגעגאָלטער, אַן אַקוראַטנער, אַ פאַרשפּיליעטער אף אַלע קנעפּ, וואַרט ער, איך זאָל אים זאָגן טשאַוו. האָב איך אים געגעבן אַ זאָג אַ מינימום־פּרייז, אַז ווען איך רוף אייך אָן די סומע, וועט איר זיכער מיינען, אַז איך זאָג אייך א ליגן. מיינט איר־זשע, אַז ער האָט זיך איבערגעשראָקן? איך ווייס ניט, אויב עס האָט געדויערט א האלבע מינוט, מיין כעוורעמאַן ציט מיר אויס אַ יאַד און מאַכט צו מיר: „אָל־רייט". אַף אונזער לאָשן וועט דאָס הייסן: „מיט מאַזל־בראָכע". וואָס זאָלט איר קלערן — ס'איז מיר געוואָרן גוט קאַלעמוטנע. דער גפּעש האָט מיר דעם קאָפּ אראָפּגענומען. געכייבי וואָלט ער וויניקסטנס באַ־וויזן אַ מינע, אַז ער וויל אָפּרייסן כאָטש וויפל ס'ניט איז. גאָר ניט געדונגען זיך און שוין צושלאָגן? פאַל איך מיסטאָמע אף אַ סייכל און טו אים אַ זאָג, אַז איך וויל, אַז דער מינימום זאָל זיין גאַראַנטירט, דאָס הייסט, אַז ער דאַרף מעשאַלשל זיין טאַקע מאָעס מעזומאָנים אין באַנק, הייסט עס, אַף מיין נאָמען. מיינט איר דאָך, אַז ער וועט ניספּאָעל? עס הייבט זיך גאָר ניט אָן. „אָל־רייט!" — זאָגט ער ווידעראַמאָל און שטייט שוין אוף און גייט „קייבלען", טעלעגראַפירן, הייסט עס, קיין ניו־יאָרק, מע זאָל אים אַרויסשיקן געלט — און אָט אַזוי איז געשלאָסן געוואָרן אַ געשעפט.

אַוואַדע האָט זיך ראָזע מיט מיר נאָכדעם געריצט, לעמאַי איך האָב אים אַזוי ווינציק געזאָגט. איר הערט ווערטער? איך האָב, זאָגט זי, קליינע האַסאָגעס. מיר פעלט, זאָגט זי, דער קנאַק. וואָס זאָגט איר אף אַזאַ אַזעספּאָנים? געננוג עס ברענט מיך אָפּן אַמעריקאַנער באָ־כער פאַרן מינימום, זאָלצט זי מיר נאָך אַף די וואונדן! האָב איך איר אַפילע געוואָלט אָפּענטפערן, פונוואַנען זאָל זיך נעמען צו מיר דער קנאַק? איך בין דען דורכגעגאַנגען אַלבערט שטשופּאַקס שקאָלע?... נאָר איך האָב מיך מעיאַשעוו געווען — לאָז מיינס איבערגיין. איך וויל ניט, אַז מיין זון זאָל וויסן פון אַ שטשופּאַק און פון נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס אַמאָל איז געווען. און בעעמעס, וואָס איז זי שולדיק, אַז שטשו־פּאַק האָט זי אַמאָל אַרומגעפירט, ווי אַ ציגיינער פירט אַרום אַ בער, געמאַכט פון איר געלט? און אַז מע וויל צוריק — וואָס איז דאָ דער ביזאָיען? אָרעם, ווי זאָגט איר, איז קיין שאַנד ניט. און אַז איך אַליין, ניט היינט געדאַכט, בין געווען נאַוונאַד, אַרומגעבלאָנקעט אָן שטיוול מיט מיין גרישען איבער שטעט און שטעטלעך צווישן אידן, פאַר איין דריירל געשפּילט זיי זעקס ניגונים און איינעם א צוגאָב און אויסגע־הערט נאָך אַ מעווינעס, אַז באַ זיי איז דאָ אַ קלעזמער, הייסט ער מוישע־נויעך, שפּילט ער א וואולעך — לאָזט זיך אויס די וועלט! גיין,

מײַן ליבער פרײַנט, איך שעם מיך ניט מיט דעם, וואָס איז געווען אַמאָל. אַדערבּע, אַז גאָט האָט מיר געהאָלפן, איך קאָן עס דערצײלן אין פרײדן, איז דאָס בּאַ מיר אַ קאָווּעד. איך האָבּ ליבּ, אַז מיר נעמען זיך צונויף אַלע די גאַנצע סעמײסטווע און איך דערצײל זײ מאַיסעס פון אַמאָל, ניט הײנט געדאַכט, ווי אַזוי מע האָט געשמײכלט צו א פראַנזעל, און אַ גלעזל טײ מיט צוקער איז געווען אַ יאָנטעוו, און אַ פערטל אָף האָט מען געזען אין כאָלעם, און פאַר אײן עפּל אָדער צווײ פלאָמען האָט אײך גרישאַ געקאָנט אָפּשפּילן דעם שענסטן ניגן!

מער פון אַלע האָט ליבּ האָרכן דידאָזיקע מאַיסעס ראָזע. עס צינדן זיך איר אָן דעמאָלט די אויגן און זי ווערט נאָך שענער, ווי זי איז, און זי הײבּט אַלײן אויך אָן צו דערצײלן מאַיסעס פון אַמאָל. און זי האָט ליבּ צו דערצײלן מיט אַלע פּישטשעווקעס. פון איר שטעטל, פון האָלענעשטי דערצײלט זי אײך אַזעלכע זאַכן, אַז מע קאָן שטאַרבּן. זי מאַכט נאָך די אידענעס פון מאַרק, אָדער פאַרשטעלט זיך פאַר אַ הײזעריקן כאַזן און זינגט שטיקלעך, זאָג איך אײך, ליבּער פרײַנט, אַז מע דאַרף ניט קײן טעאַטער. די געלעכטערן קאָן מען הערן אין דער דריטער גאַס. דער כיסאָרן איז נאָר, וואָס ניט אַלעמאָל איז זי אופּגעלײגט דערצו. איך האָבּ אײך שוין, דאַכט מיר, געשריבּן, אַז זי איז אַ קאַפּריזנע מײדל. ווי עס קומט איר אויס. אַמאָל זאָל זי אײך ווערן לעבּעדיק און פרײלעך, זינגען און טאַנצן, אָבּער אַזוי, אַז די גאַנצע שטוב זאָל מיט איר מיטטאַנצן. און אַמאָל זאָל זיך אָנרוקן אַף איר אַ כמאַרע, פאַרשפּאַרט זי זיך בּאַ זיך אין כײדער אײנע אלײן אף א גאנצן טאָג. אָדער זי קאָן אַוועקזעצן זיך שרײבּן בריוו, זאָל זי אײך שרײבּן און שרײבּן — פרעגט זי, ווּעמען האָט זי אַזויפיל צו שרײבּן? אָדער אַז ניט זאָל זי גאָר צופאַלן צו גרישען פלוצים, ער זאָל איר שפּילן אַפּן פידל, כאָטש יענער איז גאָר ניט דערבּײ. נאָר אַז ראָזאַ וויל, איז עפּעס אַ טערעץ? און אַז זי זאָל אופשטײן, לעמאָשל, אין מיטן נאַכט און אים בּעטן שפּילן? אַז מע שמועסט „ליובּאָוו״ — איז דאָך ניט שאַיעך! נעמט ער די פידל, און זי זעצט זיך אַוועק אַקעגן, שפּאַרט זיך אָן אַף בּײדע הענט, לאָזט ניט אַראָפּ קײן אויג פון אים. זי אָנקוקן בּעאײס מאַיסע, זאָג איך אײך, — אַ מאַלעך! אַ קאַרזינע! און פּרואווט, אַשטײגער, בּעט זי זינגען, וועט זי אײך קײנמאָל נישט טון צוליבּ. אַדעראַבּע, וואָס מער איר וועט זי בּעטן, וועט זי אײך אַלץ מער ניט זינגען. נאָר אַז עס קומט איר אָן — זאָל זי זיך אײך צעזינגען טאַקע נאָר ווי אַ סאָלאָווײ. איר מײנט אַוואַדע — אַריעס? קאָנצערטן? כאָלילע! דאַווקע צײגײנער־לידער, דאַווקע אַ וואָלעך, אָדער גאָר אידישע לידלעך. איר זאָלט זי הערן זינגען אַ כסידיש לידעלע, וואָלט איר, זאָג איך אײך, געקומען

אַהער צופוס. איך ווייס, אַז איר זענט אַ ליוביטעל פון אידישע לידלעך, גיב איך אייך דאָ איבער איינס, אַ כסידיש, וואָס זי זינגט עס מיט אַ פריילעכן ניגון. אַן אַווירע, וואָס איך קאָן ניט קיין נאָטן, מוז איך אייך איבערגעבן נאָר די ווערטער אַליין. אָט דאָס זענען די ווער־טער:

פון כאַסלאַוויטש ביז ליבאַוויטש —
אַי, וואָס הער איך אייך?
פון ליבאַוויטש ביז כאַסלאַוויטש —
אַי איך לאַך פון אייך!

כ'נעם דאָס פעקל מיטן שטעקל —
אַי, וואָס הער איך אייך?
און דעם טאַלעס־טפילן־זעקל —
אַי, וואָס דאַרף איך אייך?
פון כאַסלאַוויטש ביז ליבאַוויטש א. אַ. וו.

איך פאָר צום רעבן קיין ליבאַוויטש —
אַי, וואָס הער איך אייך?
איך פאָר צום רעבן פון כאַסלאַוויטש —
אַי, איך לאַך פון אייך!
פון כאַסלאַוויטש ביז ליבאַוויטש א. אַ. וו.

כ'האָב אַ ווייב מיט זיבן קינדער —
אַי, וואָס הער איך אייך?
כ'האָב א ציג פאַר זיבן גילדן —
אַי, וואָס דאַרף איך אייך?
פון כאַסלאַוויטש ביז ליבאַוויטש א. אַ. וו.

כ'האָב א שטיבל אָן א דאַך —
אַי, וואָס הער איך אייך?
כ'האָב אַ סוקע מיט גרינעם טכאַך —
אַי, וואָס דאַרף איך אייך?
פון כאַסלאַוויטש ביז ליבאַוויטש א. אַ. וו.

און אין פענצטער שמייסט דער רעגן —
אַי, וואָס הער איך אייך?
און אין קוימען פייפט דער דאַלעס —
אַי, איך לאַך פון אייך!
פון כאַסלאַוויטש ביז ליבאַוויטש א. אַ. וו.

אפן הארצן איז קאַלעמוטנע —
אַי, וואָס הער איך אייך?

כ׳פאָר צום רעבן, אוי, צום רעבן —
אוי, וואָס דאַרף איך אייך?
פון כאסלאַוויטש ביז ליבאַוויטש —
אַי, וואָס הער איך אייך?
פון ליבאַוויטש ביז כאסלאַוויטש —
אַי, איך לאַך פון אייך!

אַז איך זאָג אייך, ליבער פריינט, א קאַפּאָרע זיבעצן קאָנצערטן מיט אַכצן סימפּאָניעס פאַר איר איין אידיש לידל! אָדער, לעמאָשל, זי הערן זאָגן שטיקלעך פון אַלע באַרימסטע כאַזאָנים פון דער וועלט, פון ניסי בעלזער, פון יערוכעם האַקאָטאָן, פון פּיני מינקאָווסקי, פון ראַזומנע, פון קוואַרטין, פון קאַרמיאָל, פון סיראָטא — און פון וועמען ניט? זי קאָן זיך אַוועקשטעלן און געבן א לייג אַוועק אַן „אומיפּניי כאטאָיינולע", אָדער אַן „אטאָ זויכערל" מיט אַלע דריידלעך און אַלע אָפּשניצלעך און מיט אַלע „וועגוימערס", און אַזוי זיס, אַז מע קאָן, זאָג איך אייך, אויסגיין אונטער אירע הענט. א רעכטער לעך! און צו דעם אַלעם זאָלט איר הערן, ווי דאָס רעדט דייטש, ווי דאָס רעדט פראַנצויזיש! און עפּשער ווילט איר איינגליש, רעדט דאָס אויך איינגליש. אַז מע שמועסט א געראָטענע — איז דאָך ניט שאַיעך. נו, גיי האָב פיינט אַזעלכס! איין כיסאָרן נאָר — זי איז אביסל א שלאַק. אוי, א שלאַק! מע דאַרף זיך היטן פאַר איר מיט א וואָרט, מיט א קוק, וואָרום טאָמער עפּעס ניט אַזוי — איז כאַיעס ניט זיכער. אַ שוועבעלע!.. היטן מיר זיך. מיר גיבן איר נאָך. און אַלץ צוליב אים, צוליבן זון, הייסט עס... דאַנקען גאָט, וואָס ער האָט אונז באַשערט זיין גלייכן. כאָטש אַז מע זאָל וועלן שמועסן צוריק, וואָלט ער געקאָנט דאָסטיגאיען איך וויס אליין ניט וואָס. מאַגנאַטן וואָלטן זיך געשעצט גליקלעך. מיט גאָלד וואָלט מען מיך אָפּגעשאָטן! נאָר פאַרפאַלן. מיסטאָמע איז דאָס אַ באַשערטע זאַך, ווי זאָגט איר, אַ זיוועג. לאָז גאָט געבן, ס׳זאָל שוין זיין וואָס צו זען, וואָס צו הערן. דערווייל איז נאָך גאָרניט. גאָלע גאָרניט. מער נישט אַז ליובאָוו.. אַן אַווייִרע, ליבער פריינט, וואָס איר זענט ניט דאָ. איך זאָל אייך האָבן דאָ בא דער זייט, וואָלטן מיר געהאַט וואָס צו רעדן. טעג מיט נעכט וואָלטן מיר אַוועקגעזעסן און איך וואָלט אייך דערציילט און דערציילט פונם דאָזיקן פּאָרל. ס׳איז אַ וועלט, זאָג איך אייך, מיט וועלטעלעך! איך מוז אייך אָבער ענדיקן דעם בריוו, וואָרום מע קלינגט שוין אין די טאַצן. מע רופט דעם אוילעם עסן. און עסן עסט זיך שוין אַפן שיף, דאַרפט איר וויסן, זייער געשמאַק. און אַן אַפּעטיטל איז באַם אוילעם, קיין איינאָרע, אַזאַ,

אַז ביז מע דערלעבט הערן דעם גוטן קלונג, מוז מען פריער צוויי מאָל עפּעס נעמען אין מויל אַריין. אַן אַווירע, אַן אַווירע, וואָס איר זעגט דאָ נישט מיט אונז אַפּן שיף! איך זאָג אייך צו, אימירצעשעם, פון ניו־יאָרק שרייבן נאָך אַ גרעסערן בריוו. לאָז גאָט געבן, מע זאָל נאָר קר־מען בעשאָלעם. דערווייל זייט מיר געזונט און שרייבט. שרייבט מיר אַף מיין ניו־יאָרקער אדרעס, וואָס איך גיב אייך אוף, אָפטע און גוטע בריוו.

פון מיר אייער בעסטער פריינט

מייער סטעלמאַך.

איקער שאָכאַכטי: א פּונקט האָט דער אַמעריקאַנער פויגל אריינגעשטעלט אין קאָנטראַקט, וואָס איבער אים איז שיר נישט באָטל געוואָרן דער גאַנצער אייסעק. דעהאַינע — אָט וועט איר האָרכן, וואָס אַן אַמעריקאַנער קאָן! — אַז סיי מיין זון, סיי ראָזע טאָרן אינם לאַנד קיין מאַגע־מאַסע ניט האָבן מיט קיינעם ניט, אָן זיין וויסן. דאָס הייסט, טאָ־מער ווילן זיי עמעצן אופנעמען — דאַרף ער וויסן ווער. טאָמער ווילן זיי ערגעץ גיין — דאַרף ער וויסן וואוהין. און אַפילע בריוו טאָמער וועט מען צו זיי שרייבן — דאַרף ער וויסן, פונוואַנען די בריוו גייען. געפעלט אייך א האַסאָגע? פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב מיך אַביסל גע־קנייטשט און סאָפּקאָלסאָף אונטערגעשריבן דעם קאָנטראַקט מיט אלע פּונקטן. נאָר דעמדאָזיקן פּונקט האָב איך פאר די קינדער פאַרלייקנט, וואָרום ראָזע זאָל כאָלילע וויסן פון אַזאַ מאַיסע, וואָלט געוועןן נו־נו!... איך בעט אייך, דאָס זאָל זיין בעסאָד. קיין אַנדערן וואָלט איך עס ניט פאַרטרויט, נאָר אייך — וואָס איז שאַיעך?

מייער סטעלמאַך.

קאַפּיטל 40

## פון שאָלעם־מייער מוראַוועטשיק צו זיין פריינט אַלבערט שטשופאַק.

ליבער פריינט אַלבערט עך שרייב דיר א בריוו און קום דיר צו מעלדן אַז עך בין אין לאָנדאָן בּאָרכאַשעם שוין דאָס צווייטע מאָל און דו ביסט אין אָדעס שרייב עך דיר קיין אַדעס אַ בריוו אַז דו זאָלסט וויסן אַלבערט אַז ס'איז ניט גוט שלים שלים מאַזל ווי זאָגט ער מיט דער פוטער אַראָפּ עס גייט ניט כאָטש צערייס זעך עך האָב כאַראָטע ווי הינט עסן מעך אַלעמאַי עך בין ניט געפאָרן דעמאָלט מיט דיר צו־

ריק אַהיים איצט איז שוין פֿאַרפֿאַלן שולדיק געווען דעם ריך אַ גאַנג
און באַשערט געווען צאָרעס בין עך געבליבן שטעקן פריער אין ווין
דערנאָך אין פֿאַריז איצטערט אין לאָנדאָן אַלץ צוליב אונזער יעפּייפּיע
געמיינט עך וועל כאַפּן דעם טאָטער צום סאָף האָב איך געכאַפּט אַ
פֿאַרקילעכץ און אַ פייג אונטער דער נאָז אַז יענע זינט זי איז געקו־
מען פון איטאַליע איז זי געוואָרן אַזוי גרויס גאָר נע פריסטופּי אַ
ווערטעלע ראָזע ספּיוואַק דו מיינסט עפּשער אונזערע אידעלעך פּע
קריסטן סראָרעס עך זאָל אַזוי האָבן גליק און אַצלאָכע אַז עך האָב
שיר שיר די אַפּאָפּלעקציע באַקומען אַז עך האָב זי דערהערט זינגען און
זינגען זינגט זי אַלבערט אַז ניט דו ניט דיין באבע און ניט דיין באַ־
בעס באבע האָבן אַזעלכס ניט געהאָרכט אין כאָלעם אַפּילע היינט דער
קאָוועד וואָט זי האָט היינט די באַרעליאַנטן וואָס זי טראָגט היינט איר
אַרויספאָרן זאָלסט זען וואָלסטו דו זעך דריי מאָל באַגראָבן ווער איז
דיר שולדיק אַז דו ביסט זעך באַגאַנגען מיט איר ווי אַ אידעיאָט און
איבער דיר בין עך געבליבן ווי אַפּן וואַסער שיר געפייגערט פון הונ־
גער א גליק וואָס אין פֿאַריז איז דאָ א אידעש טיאַטער וואַקסמאַן איז
דער דרעקטער א ביטערער יונג און אַ טרופּע האָט ער אַף אים אזא
מאַזל קאם צונויפגעשלאָגן אַביסל קליין געלט און האָלאַך מיישע מאָר־
דכע נאָך אמאָל קיין לאָנדאָן לאָזט זעך אויס אַף מאָרגן מיט איין איי
זי איז שוין אין אַנטווערפּען און אין ברוסעל מוז מען פאָרן קיין אַנט־
ווערפּען און קיין ברוסעל און קיין פּאָדעם איז ניטאָ וואָס טוט מען
גיי עך און פֿאַרזעץ מיין רענצל אין לאָנדאָן בא איינעם אַ כאַיע מיטן
נאָמען קלאַמער ער האַלט אַ קאַפּע איצט קום עך נאָכן רענצל לאָזט
זיך אויס אַז דער קלאַמער איז נישטאָ דער ריך האָט אים שוין אַוועק־
געטראָגן קיין אמעריקע און זי ראָזע הייסט עס איז נאָך פריער אַוועק
קיין אַמעריקע ווייסטו מיט וועמען טאַקע מיט אונזער סטעלמאַכס באָ־
כערעל גרישאַ סטעלמאַך זי זינגט און ער שפּילט און געלט זאָגט מען
נעמען זיי אַזוי פיל אַז מיר ביידע מעגן זעך עס ווינשען פּארדינען אין
דריי כעדאָשים וואָס זיי פֿאַלט אריין אין איין נאַכט און פֿאַר מיר איז
דאָס א גרויסער עזעק וואָרום אין רענצל געפינען זעך באַ מיר פּאַפּירן
טאקע אירע פּאַפּירן זייער נייטיקע געלייענט האָב עך זיי ניט נאָר עך
פֿאַרשטיי אַז עס דאַרף זיין זייער נייטיקע פּאַפּירן וואָרום זי שרייבט
מיר אין א בריוו ראָזע הייסט עס עך זאָל איר צושטעלן די פּאַפּירן אין
געלט איז קיין מעניע ניט דאַרף זעך טרעפן אַף מיין מאַזל אַז איר
בריוו וואַלגערט זעך אָפּעט פריער דריי כעדאָשים באַ וואַקסמאַנען קו־
מען זאָל אַף אים אַ גוטע כאָלערע עך האָב אים געוואָלט צעפּאַטשן די
פּיסקעס האָב עך מיירע געהאַט טאָמער וועט ער מיר ניט באַצאָלן וואָס

מיר קומט נו וואָס זאָגסטע אַף מיין אַצלאָכע דאַרף עך קומען קיין לאָנדאָן אַקוראַט ווען זיי אַלע האָבן זעך צעגאַנגען אַזוי ווי זאַלץ אין וואַסער איצט פרעגט זיך א קאַשע וואָס טוט מען און וואָהין זאָל עך מעך קערן און ווענדן אַז ניט צו דיר מיין ליבער אַלבערט זאָלסט מעך דערהאַלטן באַ מיין קאָוועד און אַרויס שיקן מיר לעמאַן אַשעם גאַלד אַ הינדערטער טאַקע אַהער קיין לאָנדאָן דאָ האָסטע מיין אַדרעס ביכדיי עך זאָל האָבן מיט וואָס צו דערשלעפן זעך ביז אַמעריקע דאָרט האָב עך שוין קיין דאַגע ניט לאָם עך מעך נאָר דערקויבערן צו אָט דעם שמינדער בעגעך און אָפנעמען מיין רענצל מיט די פּאַפּירן דו ווייסט אַז עך האָב באַ דיר קאָשער פּאַרדינט מער ווי איין הינדערטער געדיינק זשע אַלבערט זאָלסט ניט זיין דאָס וואָס סע קוויטשעט און מיר זען אַרויס שיקן לעמאַן אַשעם וואָס פריער די עטלעכע גראָשנס. עך האָב דיר ביז אַהער ניט דאָקוטשעט ווייל כאָב ניט באַדאַרפט איצט שטיי עך אין אַ נייט און האַלט באַ אָפּפאָרן קיין אמעריקע מיין שוועסטער איז שוין לאַנג דאָרטן און קאָנטט מיר זיכער גלויבן אַז עך וועל דיר דיין געלט מירטשעם אָפּשיקן און נאָך מיט גרויס דאַנק גאָט זאָל מיר אַזוי געבן גליק און אַצלאָכע עך דאַרף כאָלילע דיינס נישט האָבן און אז דו וועסט מיר שרייבן אַ בריוו זאָלסטע מיר שוין ארויס שרייבן אַלדינג פּאָדראָבנע ווי אַזוי עס גייט דאָרט אין פּאַרנאָסע און צי האָסטע עפּעס א רעכטע טרופּע און וואָס פאר א שטיק שפּילט מען בא אייך אין אַדעס און ווי אַזוי איז בא אייך היינט מיט ראַזרעשעניעס און וואָס מאַכן עפּעס אונזער איבעריקע כעווריליייט האָצמאַכן געדיינקסטו איז אַ סוואָרע אַז ער איז דאָ אין לאָנדאָן מיט אן אייגענער טרופּע וואָס זאָגסטע אף זיין טאַטן ער ליגט זאָגט מען קראַנק עך האָב פיינט אָט דעם אידן אַזוי ווי כאַזער נאָר כאַפּט אים דער וואַטענמאַכער מע דאַרף אים מעוואַקערכיילע זיין און זיי געזונט מיט אַכטענקספּאָל שאָלעם מייער מוראַווטשיק.

## קאפיטל 41

## פון אַלבערט שטשופּאַק צו שאָלעם־מייער מוראַווטשיק.

אָכגישעצטער פריינט שאָלעם מייער וואָס סהאָט זעך מיר געכאָלעמט יענע נאַכט און די נאַכט ביסט מעשיגע צי כאָסערדייע וואָס אייסט איך וועל לייגן דאָס לעבעדיקע אַפן טויטן דיר שיקן אינדערטערס איך אָב דיך קאם דערלעפּט צי די ביסט באַ מיר אַ בעניאָכעט צי עס וואקסט בא מיר אַפן גאָרטן איך זאָל דיך אַזוי אָבן פאַר אַ טאַטן

ווי איך אָב אינדערטערס וואָרום ווער נאָר עס אָט גאָט אין אַרצן דער שלעפּט באַ מיר געלט מע רייסט מע ביַיסט מע ציפּעט מע סיפּעט פון אַלע זייטן מע צעטראָקט מיר די ביינער נאָך ניט פּאָטער געוואָרן פון די פריעריקע שלעק אַלע מאָל אַ נייע צאָרע נאָר אַף קיינעם ברענט מען ניט אַזוי ווי אַף דיין כאַזנס מיידל וואָס דו אָסט מיך אַריינגעשלעפּט אין אַ בלאָטע וואָרום אַכיץ דעם וואָס זי האָט מיך בעדילאַדאַל געשטעלט מיך אָפּגעקאָסט אַזאַ פאַרמעגן אָט זי מיך נאָך באַליידיקט דערמעלט פאר מיין פריינט סטעלמאַך אין די אויגן מיך אָנגערופן בעלפער זי זאָל מיר געווען זאָגן גאַנעף און גאַזלען באַנדיט און רעציַיאַך און וואָס אין דער קאָרט וואָלט מיך אַזוי ניט געאַרט ווי בעלפער איך וועל דאָס איר קיינמאָל ניט פאַרגעסן אַפילע דערמעלט ווען איך וועל ליגן מיט די פיס צו דער טיר און וואָס דו ווילסט פאָרן צו איר קיין אַמעריקע איז מיר דער פלאַן געפעלן און איך קען דיר געבן צושטייער אַף עצאָעס נאָר ניט קיין גאַנצן אינדערטער וואָרום איך אָב ניט נאָר מיט אַ טנאַי איך שיק דיר אירע קוויטלעך וואָס זענען באַ מיר פארבליבן עפשער וועסטע קענען אויסטרויבערן באַ איר וואָס מיר קומט וואָרום אויבער זי פאַרדינט יאָ אַזויפיל געלט ווי דו זאָקסט פאַר וואָס זשע זאָל זי מיר ניט אומקערן דעם עזעק וואָס איך אָב געאַט דורך איר פליצליכן אַוועקגיין פון מיר אנעק איך בין איר שוין מויכל דאָס פּראָצענט און בין איר שוין מויכל דאָס וואָס זי אָט מיר געזאָגט בעלפער אויך און איך בין ניט אַזאַ מענטש כאַסעשאָלעם וואָס איך זאָל טראָגן סינע אין אַרצן און דיר לאָז גאָט עלפן זאָלסט דאָרט מאַצליעך זיין דו ווייסט דאָך אַז איך בין דיר כאַסעשאָלעם ניט קיין סיינע דאָרט איז אַ לאַנד זאָקט מען פון גאָלד זע נאָר זאָלסט אַריינשרייבן אַמאָל אַ בריוול ניט ווי ביז אַהער געשוויגן ווי אַ יורקע און פלוצים טיץ טאָבי דורין וואַיאָווע אָמאָן מאַכט ראַשע טשאָרט יעוואָ פריניאָס לעמאַי אָסטע ניט געשריבן פריער מאמזער געווארט ביזן סאָף עס קאָן זיין אַז פריער אַביסל וואָלט איך דיר עפשער געקאָנט אַרויס שיקן אַ גאַנצן אינדערטער איצט קאָן איך ניט גאָט איז מיין איידעס מער ווי אַ פיפציקער קען איך דיר ניט שיקן וואָרום די קאָנקורענץ איז גרויס און די עצאָוועס זענען נאָך גרעסער און אַלע מאָל זוכט זיך אָפּ אַנאַנדער צאָרע מיט אַנאַנדער שוואַרץ יאָר און אַז גאָט וועט דיר עלפן וועסטע מיר מינאַסטאַמע אָפּגעבן סיז באַ מיר נישט קיין גרינגע קערבלעך גאָט ווייס דעם עמעס ווי מע האָריוועט ביז מע פאַרדינט א פיפציקער און אז דו וועטט זעך זען מיט דער דאָסיקער זאָלסטע איר דערמאַנען די יאַיכלעך מיט די קאָנפעקטן מיט די טשאָקאָלאַדן מיט די באַזונדערע קופּעס אין וואַגאָן צווייטע קלאַס און מיט די קליידלעך אַלע מאָל נייע זי האָט דאָך

מיך בּיזן עמד אויס גּעטין אַ גליק וואָס איך אָבּ מיך דערשלאָגן אַהער
קיין האַדעס דאָ איז מיין אַלטע איים איך אָבּ דאָ אַמאָל געמאַכט גוטע
געשעפטן דאָס אייסט איך קען מיך ניט בּאַקלאָגן איינט אויך ווען ניט
די קאָנקורענץ דריי טיאַטערע אין איין שטאָט נאָר מיין טיאַטער איז דאָס
בּעסטע וואָרום איך אָבּ מיר מיין כיידער מיט מיינע קלאָפּערס אַלע אַף
זשאלאָוואַניע איין כעסאָרן נאָר וואָס מיר זענען דאָ דריי טרופּעס און
די צייט איז שלעכט בּיזן העק און די כאָלערע איז שטאַרק און די
טשומאַ איז א פּאַרבּייסעכץ און אַ פּאָרעץ אָבּן מיר דאָ אין האַדעס אַ
אָמען ערגער פון דער כאָלערע מיט דער טשומאַ איניינעם פון דעסט־
ווענגן מאַך איך דאָ די בּעסטע סבּאָרן דאָס פּינטעלע בּאָרכאַשעם גייט
ניט אַראָפּ פון דער בּינע און כינקע פּינקע איז אַ סכיירע און
וועלוול עסט קאָמפּאָט איז א מאַיכל און ראַזרעשעניעס וויפל
איך וויל און אָבּ דאַנק גאָט אַ שיינעם נאָמען אין האַדעס פאַרעכנט פאַר
אַ בּאַלעבּאָס אויסגעקויפט צוריק דאָס בּיסל בּאַרעליאַנטן און אָבּ אַיין
אייגענע סייפערטיירע סאָל א ריך אין דער וועלטס טאַטן אַריין און
וואָלט שוין געקאָנט אָבּען אַן אייגן אייזל אויך ווען ניט די שלעק וואָס
איך אָבּ אַלעמאָל אַז קיין מאָל איז מען ניט זיכער מיטן לעבּן און סאָ־
נעם זענען דאָ אַסאַך קומט מען צו מיין ווייבּ צו דער איצטיקער און
מע דערציילט איהר אַ כימינע קורע, אַז איך אָבּ אין אויסלאַנד א ליוּ־
בּאָווניצע א כאַזנס אַ מיידל וואָס קאָסט מיך אָפּ א פאַרמעגן און גיי
פאַרענטפער זעך אַ כאָלערע אַף זיי נאַדיר אַ ליובּאָווניצע טאָמער איז
קאַרג מער ניטאָ קיין נייס דיר צו שרייבּן זיי געזונט און שרייבּ מיר
בּאַלד פון די פיפציק ראַך וואָס איך שיק דיר און ענפער מיר ווי אַרי־
מער קומען צו דיר די פּאַפּירן זי אָט זיי טאַקע פארלוירן ראָזע צי דו
אָסט זיי געפונען בּאַ איר אין טישקעסטל אונטערן שלאָס וואָרום דו
בּיסט דאָך געווען בּאַ איר אַ גאַנצער מונדערפעצער א מין סעקריטאַר
דו מיינסט איך געדיינק ניט ווי דו פלעקטט זעך מיט איר שושקען
אונטער מיינע פּלייצעס פון דעסטוועגן זאָלסט איר לאָזן גריסן און
בריינדעלע קאָזעק פאַרכאַפּט זאָל זי ווערן געבּ אויך איבּער אַ גערים
און טאָמער ווערסטע זען אָצמאַכן זאָג איהם סאָל אַ ריך אין זיין טאַטן
מיט אָכאַכטינג דירעקטאָר אַלבּערט שטשופּאַק.

———

# פון לייע די כאַזנטע צו איר טאָכטער ראָזאַ ספּיוואַק.

לבתי היקרה החשובה החכמה מרת רייזל שתחי׳.

ערשטנס קום איך דיר צו מעלדן, אַז איך בין באָרכעשעם געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע אין גוטן מיט פיל נאַכעס און פריידן פון דיר צו הערן, אָמיין.

ווער‏האַשיינים זיי וויסן, מיין ליבע טייערע טאָכטער, אַז איך האָב דיך ניט געוואָלט מעצאַער זיין מיט דער שלעכטער בסורע פונם אומגליק, וואָס מיך האָט געטראָפן, ווי אַ קויל פון אַ ביקס, אָדער ווי אַ דונער פונם הימל, גאָט איז מיין איידעס, אַז איך וואָלט דיר איצט אויך ניט געשריבן, ווערום קאָלזמאַן דו ביסט אין דעם ברויט, דאַרף מען דיר ניט שטערן. איך ווייס אליין גאַנץ גוט, אַז ווי ביטער און פינצטער מיר איז, וואָס איך בין געבליבן אַן עלנטע אַלמאָנע בא די יאָרן, וועט דיר זיין נאָך טויזנט מאָל ערגער, אַז דו וועסט געוואָרע ווערן, אַז דו ביסט נעבעך געבליבן אַ יעסוימע, פאַרלוירן אַזאַ טאַטן, וואָס דו האָסט אים אַזוי ליב געהאַט, און ער דיך, וואָס ביז דער לעצטער מינוט האָט ער ניט אַרויסגעלאָזט דעם נאָמען דיינעם פונם מויל, רייזעלע און רייזעלע. וואָס זאָל מע טון, גאָט האָט ניט געהייסן, ס׳איז אים אַזוי אָנגעצייכנט געווען, פון יענעם טאָג אָן, וואָס דו האָסט אונז פאַרלאָזן, האָט ער זיך אַזוי גענומען צום האַרצן, אַז די גאַנצע וועלט איז אַף אים געפאַלן, עס איז פאַר אים געווען אַלץ איינס, יאָ עסן ניט עסן, יאָ שלאָפן ניט שלאָפן, וויפל מע האָט אים ניט אויסגערעדט דאָס האַרץ, עס מאַכט זיך אַ קינד כאָלילע שטאַרבט אַוועק, די שאָ זאָל גאָר ניט זיין, איז דאָך טויזנט מאָל ערגער, ווערום אַ קינד אַז עס פאַרט אָפּ קאָן נאָך גאָט העלפן, ס׳זאָל אַמאָל צוריק קומען, און אַז אַ קינד שטאַרבט כאַסוועשאָלעם אוועק, וועט דאָס שוין צוריק ניט קומען קיינמאָל, ווערום וואָס די ערד דעקט צו איז פאַרפאַלן, און לעמאַי אָט נעם אונזער נאָגיד ראַפּאַלאָוויטש וויל אפילע ניט מע זאָל רעדן פון זיין ליכטיקן זון, דער שיינער נאָמען לייבל טאָר גאָר ניט דערמאַנט ווערן אין שטוב, אַ בראָכע אַף זיין קאָפּ, ווערום מיט וואָס האָט די מאַמע זיינע בעסער געמאַכט, אַז אָך און וויי צו איר, אַז זי האָט אַזוי לאַנג געוויינט און געקלאָגט אַף זיין קאָפּ ביז זי איז, לאָז זי מיר מויכל זיין, אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט. אָט אַזוי פלעג איך אַלץ טאַינען איבער אים, איז דאָס אָבער געווען אַרויסגעוואָרפן, ווערום אלע מיינע ווערטער און נעכאָמעס האָט דער טאַטע דיינער, ס׳זאָל אים אַקעגן נישט קומען, נישט געוואָלט הערן

ניט זען, ער, אָלאָוו האַשאָלעם, האָט אַלץ געטאַינעט און געבראַכט אַ מאָשל פון דעם אָרעמאַן מיטן שעפעלע, וואָס סע שטייט געשריבן אין די הייליקע ספּאָרים. דער נאָגיד ראַפּאַלאָוויטש, האָט ער געזאָגט, פאַרמאָגט אַסאַך שאָף און רינדער, קאָן ער זיך פאַרגינען איין קינד אויסמעקן, אָבער ניט דער אָרעמאַן, וואָס פאַרמאָגט מער ניט אַז איין שעפעלע, איין אויג אין קאָפּ, קומט מען און מע נעמט צו בא אים זיין איינציקן טרייסט, דאָס שוואַרצאַפּל פונם אויג, ווי קאָן ער דאָס איבערטראָגן, אַזוי האָט ער געטאַינעט און איז עפשער געווען גערעכט, וואָרום איך וועל ניט פאַרגעסן די נעכט ווייל איך וועל לעבן, ווי ער אָלאָוו האַשאָלעם פלעגט אופשטיין, זיך פאַרקלייבן אונטערן פּאָרהאַנג און קושן און קושן איך זאָל ניט זען דאָס בעטגעוואַנט, וואָט דו ביסט אף דעם געלעגן און וויינען שטילערהייט, שלינגען די טרערן, און אַז איך האָב אים געזאָגט, איסראָלי, דו זינדיקסט פאַר גאָט, אַ מענטש טאָר זיך אַזוי ניט פייניקן, זאָג איך, אָט וועסטו זען, זאָג איך, עס וועט אימירצעשעם אָנקומען פון איר אַ גוטע בסורע, פלעגט ער אָלאָוו האַשאָלעם מאַכן אַ פריילעך פּאָנים קלוימערשט און וועלן מיר איינרעדן, אַז ער הייבט שוין אָן קימאַט פאַרגעסן פונם ווייטיק, איך האָב דען ניט געזען, אַז דער מענטש עקט זיך, ווערט איינגעטריקנט פון טאָג צו טאָג, נאָר איך מאַך דיך כאָלילע ניט שולדיק, טאָכטער מיינע טייערע, איך ווייס אַז דיין האַרץ האָט דיך געצויגן צו אים נישט ווינציקער ווי ער צו דיר, אַ סימען האָב איך דיינע ערשטע בריוו, וואָס זענען געווען פאַר אים בעסער פון אַלע רעפּועס און אַלע קרייטעכצער, וואָס ד'ער דאָקטער האָט אים פאַרשריבן ער זאָל טרינקען, און נאָכדעם אַז מיר האָבן דערלעבט דיך זען מיט די אויגן, דו ביסט געקומען צו אונז צו גאַסט, איז דאָך אים נישט געווען צו דערקענען, מאַמעש פון טויט לעבעדיק געוואָרן, איך האָב שוין געמיינט אַז דאָס איז אופגעגאַנגען די זון, מאַלאָכים שפּילן זיך מיט מיר, אַן עק צו מיינע צאָרעס. צום סאָף האָט דאָס מיך אָפּגענאַרט, וויי איז מיר, עס האָט אים אַפּאָנים גענאָיעט און געוואָיעוועט אינווייניק, געגעסן אים און געטאָטשעט, משטיינס־געזאָגט אַזוי אַז ס'איז געקומען צום לעבן האָבן ניט געטטאיעט קיין יאָרן, אַ שטיקל גליק וואָס ער האָט זיך אַביסל אָנגעטיעשעט כאָטש פאַרן טויט געהאַט פון דיר אַזויפיל קיבעדאָוו וואָס קיינער האָט זיך גאָר ניט גערעכט אַפילע, איצטערט־אָ דאַרפט איר שוין רעב איסראָלי לעבן און לעבן, האָבן אים געזאָגט אלע באַלעבאַטים אין שטאָט און מעקאַנע געווען אף ד'ער שטוב וואָס דו האָסט אונז געקויפט מיט דעם באַלעבאַטישקייט וואָס דו האָסט אונז איינגעריכט כאָטש אַפילע ס'איז פאַר אונז געווען אַ צו גרויסע יאַרמעלקע, און איצט אויך אַז איך באַטראַכט זיך וואָס וועל איך טון אַשטייגער איין מענטש

אַליין איבער אַזויפיל כאדאָרים איך וועל דאָך סאָנע ציען אַראָפּ פון
זינען ווי די אַלטע ראַפּאַלאָוויטשקע דעם נאָגידס מוטער וואָס זיצט נאָך
אַדאַיעם בא מיר אין הויף. משטיינס־געזאָגט, איידער דערלעבן איר
עלטער איז שוין גלייכער ווי דער טאַטע דיינער אָלאָוו האַשאָלעם האָט
געטון, אַקוראַט צוויי און צוואַנציק טאָג אין אָוו איז ער געשטאָרבן און
היינט איז איין און צוואַנציק טאָג אין עלעל שוין איבערגעגאַנגען שלוי־
שים וועסטו ניט דאַרפן אָפּזיצן מער אַז איין שאָ, וואָרום אַז דו ביסט
שוין אין דעם ברויט קאָנסטו דאָך ניט אַנדערש האָסט געגוג יויצע גע־
ווען דערמיט, וואָס דו האָסט געטון און מיט דיין קומען אַהיים האָסטו
אים אלאָוו האַשאָלעם פאַרלייגגערט די טעג כאָטש אַף אַביסל, און זיי
וויסן טאָכטער מיינע טייערע אז צוויי שאָ פאַרן טויט האָט דיך דער
טאַטע דערמאַנט צו גוטן, אַ גוטער מייליץ זאָל ער זיין פאר דיר און
פאַר מיר און פאַר קאָל איסראָעל, אַז ער אָלאָוו האַשאָלעם האָט ניט
זויכע געווען בא גאָט אַפילע איבערצולאָזן אַ קאַדעש האָב איך באַ־
שטעלט כאַים־שאַיע דעם שאַמעש אָט דער וואָס דו האָסט אים געשיינקט
אַף אַ בעהיימע בעאייס דו ביסט געווען צו גאַסט, דאָס שרייבט מיר
זיין זונדל נאָכעם טאַקע דעמדאָזיקן בריוו, איך זאָג אים און ער שרייבט,
באַשערט אַז זיין טאַטע זאָל זאָגן קאַדעש נאָך דיין טאַטן אַלע טאָג
אינדערפרי און אַפּדערנאַכט, און אַ לעוואַיע האָט ער געהאַט ווייס איך
ניט אויב דער גרעסטער נאָגיד בא אונז האָט אַמאָל געזעען אַזאַ לעוואַיע,
און אַן אָרט האָט מען אים אָפּגעגעבן אַפּן בעסאַלמען זייער אַ בעקאָ־
ווען דער דרייצנטער פונם אַלטן ראָוו פון איין זייט ליגט באָרעך־בער
דער שויכעט פון דער אנדערער זייט רעב שליאָמע פון טעלענעשט און
ווייטער גייען סאַמע נעגידים און באַלעבאַטים, נישקאָשע ער האָט דאָס
נעבעך קאָשער פאַרדינט, גאָט זאָל מיר העלפן איך זאָל דערלעבן צום
יאָרצייט וועל איך אים אימירצעשעם צאָמען אַזוי ווי ער איז ווערט,
און איך בעט דיר מיין טייער קינד זאָלסט מיר ראַזרעשען פאַרדינגען
כאָטש אַ האַלבע דירע, וואָרום איך באַטראַכט זיך וואָס וועל איך טון
לעמאָשל איין מענטש אליין מיט אַזויפיל כאדאָרים, און זאָלסט מיר
שרייבן אָפטע בריוו און גוטע ווי ביז אַהער, וואָרום דיין ליבן בריוו
וואָס דו געזעגנסט זיך דאָרט אָפּ מיט אונז פאַר דיין אַוועקפאָרן קיין
אַמעריקע און וואָס דו שרייבסט דאָרטן דעם טאַטן ער זאָל לעמאַנעשעם
היטן זיין געזונט ביז דיין צוריקומען נאָך אַמאָל קיין האָלענעשטי איז
אים, אָלאָוו האַשאָלעם, ניט באַשערט געווען צו לייענען, וואָרום עס
זענען אים דעמאָלם שוין געלעגן שערבלעך אַף די אויגן, מע האָט מיר
דיין בריוו איבערגעלייענט שוין נאָכדעם אין שיווע, און דאָס געלט האָט
מען מיר אָפּגעבראַכט אין שטוב אַריין, דאַרפסט מיר שוין מער טאָכ־

טער־לעבן קיין געלט ניט שיקן, עס וועט שוין זיין גענוג אפן גאַנצן ווינטער ביז פייסעך, ווארום אַז איך באַטראַכט זיך וואָס דאַרף איך, משטיינס־געזאָגט, איין מענטש אליין אַן אַלמאָנע, איך בעט מער ניט באַ גאָט איך זאָל נאָר דערלעבן דיך זען כאָטש נאָך איין מאָל אַז דו וועסט קומען אימירצעשעם צוריק געזונטערהייט און ווייטער דאַרף איך גאָר־נישט, און איך בעט מער נישט באַ גאָט נאָר דערלעבן דיך זען אונטער דער כופּע. און זיי מיר געזונט און שטאַרק און זאָלסט ניט וויינען מיין קינד קיין סאַך אף דיין טאַטן קאָלזמאַן דו ביסט אין דעם ברויט און זאָלסט אָפּהיטן דיין געזונט, און האַלעוואַי זאָל דיר דער אייבערשטער צושיקן דיין גוטן זיווּעג אין גיכן און איך זאָל עס דערלעבן דו זאָלסט דערפרייען אין גיכע צייטן דאָס האַרץ פון דיין מאַמע ווי איך בעט גאָט פאר דיר באַטאָג און באַנאַכט.

פון מיר דיין געטרייע מאַמע וואָס קושט דיך טויזנט מאָל לייע ספּיוואַק.

קאַפּיטל 43

## פון מייערן סטעלמאַך צו זיין גוטן פריינט

מיין ליבער טייערער פריינט!

איך האָב אייער ליבן פריינטלעכן בריוו דערהאַלטן. איר פרעגט זיך נאָך אַף אַמעריקע, וואָס פאַר אַ לאַנד דאָס איז, און איך האָב מיך סיי־ווי־סיי געקליבן אַוועקזעצן זיך און באַשרייבן אייך קאָלומבוסעס מעדינע מיט אַלע פּישטשעווקעס. נאָר איר ווילט דאָך קוידעם וויסן, אַזוי שרייבט איר אַליין, וואָס איך מאַך, און וואָס מאַכט מיין גרישאַ, און וואָס מיר אַלע מאַכן? וואָס זאָל איך אייך שרייבן, ליבער פריינט? אַכוץ אונזער שאָדן אַף אַלע אידישע קינדער געזאָגט געוואָרן. דער קאָוועד, וואָס די צוויי, גרישאַ און ראָזע, האָבן דאָ, לאָזט זיך דען באַשרייבן? די גאַנצע מעדינע פון איין עק ביזן אַנדערן, אַלע בלעטער — די גרעסטע, די גויאישע — זענען פול מיט זיי. איר עפנט אוף אַ פּייפּער, איז באַלד גרישאַ סטעלמאַך און ראָזאַליע ספּיוואַק, ראָזאַליע ספּיוואַק און גרישאַ סטעלמאַך! זיי האָרכן — דאַרף מען האָבן אַ זכיע. ווער סע פאַרשרייבט זיך ניט מיט אַכט טאָג פריער, דער קושט אַ בער. איך וועל אייך זאָגן דעם עמעס — איך ווייס ניט, ווער פון די ביידע האָט דאָ מער אויסגע־נומען. מע צערייסט אונז אַף שטיקער. מיר האָבן פריגלאַשעניעס פון וואַשינגטאָן און פון פילאַדעלפיאַ און פון שיקאַגאָ און פון קאַנאַדאַ און

פון עק וועלט. מע רעדט שוין גאָרניט פון קיין געלט. אַן עק. נעמט וויפל איר ווילט, טוט אונז אויס ביזן העמד, אַבי קומט! איין כיסאָרן נאָר, וואָס די סמעטענע נעמט אַראָפּ דער מענעדזשער, אָט דער אַמעריקאַנער פויגל, אימאַך שמוי. נאָר איך פאַרגין אים מיטן גאַנצן האַרצן, וואָרום ער האָט זיך נעבעך גוט אויסגעביטלט ביז ער האָט אונז אַראָפּגעבראַכט, קיין איינאָרע, אַזאַ כאַליאַסטרע. נאָר גאָרנישט. דעם טאַטנס יערושע, ווי זאָגט איר, וועט ער ניט דערלייגן. איר האָט אים שוין פאַרזאָרגט מיט פאַרנאָסע. איין שטיקל איבערשלאָג האָבן מיר דאָ געהאַט: יאָנטויוויום־צייט. איר מיינט אַוואַדע, צוליב פרומקייט? זאָלט איר זיך פאַר אַמעריקאַ ניט זאָרגן. אַמעריקאַ איז, באָרכעשעם, אַ פריי לאַנד, נאָך פרייער פון לאָנדאָן. יעדער טוט זיך דאָ, וואָס ער וויל. קומט יאָמים־נויראָים, לויפט איינער אין שול אַריין דאַוונען, און דער אַנדערער גייט אַרבעטן אין שאַפּ. יאָמקיפּער, לעמאָשל, צו קאָלנידרע, בעאייס איינעם ווילט זיך ווייגען אַף די יאַילעס, פאַרגלוסט זיך דעם צווייטן דאַווקע גיין אַף אַ באַל, „יאָמקיפּער־באָל" הייסט עס דאָ. מע קלייבט זיך צונויף פיינע יונגען, איינס און איינס, און מע רופט אַרויס דעם בעסדן שעלמאַילע אַף אַ וויקועך און באַ אַ גלאָז ביר מיט אַ גויאישן קאָלבאַס רעכנט מען זיך אָפּ מיטן אַלטן אידישן גאָט פאַר זיינע פאַראַדקעס, פאַר זיינע גזיירעס און פאַר זיינע פאַגראָמען און מע גיט אים אַוועק אַ פּאָרציע, ער זאָל האָבן צו געדיינקען ביז איבער אַ יאָר קאָלנידרע...

אַז מע שמועסט אַ פרייע מעדינע — איז דאָך ניט שאַיעך!

האַקלאַל, דער איבערשלאָג, וואָס מיר האָבן דאָ געהאַט היינטיקן יאָנטעוו, איז געווען גאָר איבער אַן אַנדער זאַך. אונזער ראָזע זאָל לעבן איז געבליבן אַ יעסוימע נעבעך. געשטאָרבן דער טאַטע, אַ כאַזן געווען אין אַ קליין שטעטל. מיילע, געשטאָרבן — באָרעך דאַיען עמעס. עס טרעפט זיך, ניט דאָ געדאַכט, עס שטאַרבט אַ טאַטע. זאָלט איר אָבער געווען זען, וואָס דאָס מיידל האָט צעאַרבעט! קוידעם האָט זי זיך אָפּגעזאָגט פון זינגען עטלעכע נעכט דורכאַנאַנד! וייסט איר, לעמאָשל, וויפל דער העזעק טרעפט אָן? נישקאָשע. איר מעגט זיך עס ווינשן פאַרדינען, איך בין אייך אַ גוטער פריינט. וואָרום אַלפי קאָנטראַקט דאַרפן מיר צאָלן טאָפלט פאַר יעדן אַרויסטריט, וואָס מיר פאַרפעלן. וואָס מע האָט איבער איר ניט צערעדט איך און מיין זון און דער אַמעריקאַנער פויגל. זי וויל ניט הערן, ניט זען. זי האָט זיך נאָך גוט אויסגעבייזערט אויך. אַז מע וועט איר זאָגן, זאָגט זי, נאָך אמאָל, וועט זי גאָר, זאָגט זי, ברעכן דעם קאָנטראַקט — און רופט מיך קנאַקניסל! קאַם אין עטלעכע טעג ארום האָט מען באַ איר געפּויעלט, זי זאָל אופטרעטן. אַניט, וואָלט אונז אויסגעקומען נאָר אנטלויפן פון אמעריקע. דערפאַר האָט זי אָבער

באַ איר לעצטן אופּטריט געזונגען אַזוי, אַז די ווענט האָבן געוויינט און די ערד' האָט זיך געשפּאָלטן. איך אַליין, אַלטער נאַר, האָב געוויישט די אויגן, און מיין גרישאַ — פון אים שמועסט מען ניט! האָט איר אייך איינמאָל אַ מאַיסע. וועהאַשיינים, איז זי זיך מעיאַשעוו און זעצט זיך אַוועק שיווע. אָבער ווי אַזוי מיינט איר שיווע? פּאָשעט אַראָפּגעוואָרפן די שיך און אַוועקגעזעצט זיך אַף דער ערד. „אין גאָטעס ווילן, זאָג איך, ראָזע־לעבן, וואָס טוסטו? מיר זענען, זאָג איך, צווישן גויאים, צווישן קריסטן, אַריסטאָקראַטן, סאַמע מאַגנאַטן, מיליאַרדערן!"... ווער־וואָס? הערט די וואַנט? און קיין סאַך רעדן טאָר מען דאָך ניט. אַ קאַפּ־ריזנע זאַך, זאָל דער אייבערשטער שוימער אומאַציל זיין! קיין אַנדערן וואָלט איך עס ניט געשריבן. נאָר אייך האַלט איך דאָך פאַר אַ באַל־סאָד. איר וועט מיינע בריוו כאָלילע ניט ווייזן קיינעם. איך זאָג אייך, מיר האָבן פון איר קאַלט און וואַרעמס!... שטעלט אייך פאָר אַ סקאַנדאַל. וואָס אַ מיידל קאָן: געקומען יאָנטעוו, טוט זי זיך אָן און וויל גיין אין שול אַריין. „וואָס איז דאָס?" — „איך וויל, זאָגט זי, מאַזקיר נעשאָמעס זיין!" — „סטייטש, רעצייעכטע, וואָס טוסטו? ווילסט אונז איבערקוילען דעם האַלז? נאַ דיר אַ מעסער און קוילע!"... מאַכט זי צו מיר: „איר גייט דען ניט יאָנטעוו אין שול אַריין?" — „גאַזלענטע! וואָס גלייכסטו זיך צו מיר? איך קאָן, זאָג איך, גיין אומעטום. איך קאָן גיין אין שול, איך קאָן, זאָג איך, גיין, לעהאַוודל, אין טעאַטער, אָבער נישט דו. עס וועט דאָך מאָרגן, זאָג איך, זיין אַף אַלע בלעטער!"... — „נו, וואָס איז? לעמאַי, זאָגט זי, שעמט זיך ניט מעלבאַ, עמבריך, קאַרוזאָ און נאָך אַכצן אַנדערע, ווי זיי? גייען זיי דען ניט אין קלויסטער אַריין, אַז סע קומט אונטער אַ כאָגע?"... געפעלט אייך דיבורים? מאָלט אייך, אַז מע וויל צוריק, איז זי נעבעך זייער גערעכט. נאָר וואָס קומט אַרויס? מע איז דאָך עפּעס אידן אַף דער וועלט! טאַינע אַהער, טאַינע אַהין — מע קאָן נישט. אַ גוי איז אַ גוי, און אַ איד איז אַ איד... אַ איד איז וואָלוול — דאָס איז מיין אַלטע טאַינע. באַ אידן אַליין איז אַ איד וואָלוול, איר פאַרשטייט דאָך, וואָס איך מיין... איך האָב ליב אַ אידן, גלויבט מיר, דאָס כאַיעס, און האָב ליב אידיש טעאַטער, אידישע בליודעס, ווייסט איר דאָך, און בין אַ ליוביטעל פון זשאַרגאָן, און אַ שטוב איז באַ מיר אַ אידישע, און מיין ווייב זאָל לעבן איז אַ קאָשערע אידענע, און מיינע קינדער זענען, דאַנקען גאָט, אידן, און נאָך דעם אַלעם מוז איך פריד־נאַיען, אַז לאָז מיין גרישאַ איין מאָל פּרוואוון זיך אַראָפּלאָזן דאַון־טאַון, דאָס הייסט — אין דער אידישער גאַס, און אופּטרעטן אַף אַ אידישער בינע פאַר אידן, אָדער אַריינטרעטן, לעהאַוודל, אין אַ אידישער שול — איז אָן עק, פאַרפאַלן די קו מיטן שטריקל, אויס קאַפּעלושמאַכער! אויס

גרישאַ סטעלמאַך! דאָס אייגענע איז מיט ראָזאַליע ספּיוואַק: קאָלזמאַן זי האַלט זיך צווישן גויאים, כאָטש אַלע ווייסן, אַז זי איז אַ אידיש קינד, לויפן די רייכסטע אידן זי הערן זינגען. קוים אָבער האָט זי זיך באַנאַרישט און אַראָפּגעלאָזט זיך צו די אידן — „ע! ביסטו דאָך אַ נאַשבראַט, היינט וואָס איז די מעציע?!“...

האַקיצער, מע האָט בא איר קאַם געפּיוועלט, זי זאָל כאָטש אָנטון אַ געדיכטן שלייער אפן פּאָנים — קיין פויגל זאָל ניט ווייסן, אַז זי איז געוועזן אין שול... וואָס זאָלט איר קלערן, ליבער פריינט, מיר האָבן מיט איר געהאַט צו זינגען און צו זאָגן, איצט האָט זי זיך שוין אַביסל באַרואיקט. נאָר די ערשטע צייט האָבן מיר געמיינט, מיר וועלן פון איר דעם שלאַג באקומען! און מע מוז איר נאָכגעבן, וואָרום וואָס טוט מען ניט צוליב אַ קינד?

איצט ווילט איר, איך זאָל אייך אַביסל באַשרייבן דאָס לאַנד? נאָך דעם, וואָס איך האָב אייך געשריבן אויבן, קאָנט איר שוין אַליין פאַר־שטיין, אַז לאָמיך האָבן אַזאַ יאָר, וואָס פאַר אַ מעדינע דאָס איז. איך האָב מוירע צו זאָגן, נאָר מיר דאַכט, אַז אַמעריקע איז גאָר ניט אַמע־ריקע, נאָר ערעץ איסראָעל. די אידן קאָנען, דאַכט מיר, ניט באַקלאָגן זיך אף קאָלומבוסן: ווער עס וויל און קאָן אַרבעטן, דער מאַכט אַ לעבן. איבערהויפּט איז דאָ מוזיקע בעכשיוועס, איך בין זיכער, אַז ווען איר, לעמאָשל, קומט אַהער צו פאָרן, האָט איר נישט כאַראָטע. איר וועט האָבן פּאַרנאָסע בעקאָוועד און וועט זיך פילן, אַז איר זענט צווישן אידן. אידישע גאַזעטן זענען דאָ לערויוו. פאַר אַזאַ ליוביטעל, ווי איך, איז דאָ מאַמעש א גאַניידן. איך קאָן זאָגן, אַז איך באָד מיך אין זשאַרגאָן, ווי אַ פיש אין וואַסער. און קומט אַפּדערנאַכט, ווייס איך ניט, אין וואָס פאַר אַ טעאַטער איך זאָל גיין פריער. נאָכשאַבעסדיקע וואָך טרעט דאָ אוף אַ גאַסט אין אידישן טעאַטער, עפּעס איינער אַ ראַפּאַלעסקאָ פון בוקאַרעשט, זאָגט מען, אַזוינס ווי אַזעלכס! עס טוט זיך כוישעך!

האַקלאַל, איך בין, ליבער פריינט, פון אַמעריקע זייער קאָנטעט. האַלעוואי וואָלט איך שוין דערלעבט עפּעס נאַכעס... וואָרום ס'איז בא זיי, בא די קינדער, הייסט עס, גאָך אלץ א מאיסע אָן אן עק, איך וועל אייך זאָגן דעם ריינעם עמעס — מיט קיין אנדערן וואָלט איך פון אַזא זאַך ניט גערעדט, נאָר איר זענט דאָך מיין באלסאָד, זאָג איך עס אייך: מיר געפעלט ניט אַזאַ ליובאָוו... — מימאָנעפשעך, אָדער אַהער, אָדער אהין... ביז וואנען איז דער שיר ליובאָוו?... איצט איז דאָ אַ טערעץ: זי איז אין טרויער, אַ יעסוימע, דער טאַטע איז געשטאָרבן. וויל, זאָגט זי, געבן אַ דעפּעש דער מאַמע, זי זאָל קומען אַהערצו

קיין אַמעריקע, און זי, אַז זי פאַרקלערט עפּעס אַ זאַך, מעגן שוין פאַלן שטיינער פונם הימל! וואָס וועט זיין, טאָמער קומט זי טאַקע אַהער צו פאָרן? וואוהין וועלן מיר זיך אַהינטון מיט דער כּאַזנטע פון האָלע־נעשטי? — לאָמיך אַזוי וויסן בייז מיט אייך אינאיינעם! אַיין שטיקל נעכאָמע, וואָס טאָמער וועט מיר די כּאַזנטע קומען צו־הילף, און אין איר זכוס־אָוועס וועט מען אַמאָל ברעכן טעלער און טאַקע אין איינוועגס שטעלן אַ כופּע?...

האָט קיין פאַריבל ניט, ליבער פריינט, וואָס איך שרייב אייך אַלץ סעמיינע זאַכן: מע גיסט אויס אַביסל דאָס האַרץ פאַר אַ גוטן פריינט, ווערט גרינגער. איך ווער גרוי און אַלט פונם דאַזיקן ראָמאַן. איך קאָן אייך גאָר אַזויפיל ניט אַרויסשרייבן. אַסאַך דרינגען מיר, אַז איך דאַרף עס לאָזן גיין, ווי עס גייט. מע זאָגט מיר, אַז איך בין שוין צו אַ הייַ־סער, צו אַ מעשוגענער פּאָטער! עס קאָן זיין. נאָר וואָס זאָל איך טון? אָט אַזוי בין איך. מיך וועט שוין קיינער ניט איבערמאַכן. זייט־זשע מיר געזונט און גליקלעך. און שרייבט מיר, אויב איר מיינט טאַקע בעד־עמעס קומען קיין אַמעריקע? פאַר מיר וואָלט דאָס געווען, קאָן איך אייך זאָגן, אַ יאָנטעוו! עס וואָלט זיין כּאָטש פאַר וועמען אויסרעדן זיך. ווּאָרום ניט יעדער איז אַן עמעסער פריינט און ניט יעדן קאָן מען פאַר־טרויען דאָס, וואָס איך פאַרטרוי אייך...

פון מיר אייער בעסטער פריינט

מ י י ע ר ס ט ע ל מ אַ ך.

א י ק ע ר ש אָ כ א כ ט י: באַקאַנטע קאָן מען זען דאָ אָן אַ שיר. נאָר איך היט מיך פון אַ באַקאַנטן. אַפילע אַז איך קום אין אַ אידיש טעאַטער, מוז איך מיך אויסבאַהאַלטן, רוק אָן דאָס היטל און פאַרקלייב מיך אין אַ ווינקעלע — וואָס זאָל מען טון? די וויסטע פּאַרנאָסע!...

מ י י ע ר ס ט ע ל מ אַ ך.

## ק אַ פּ י ט ל 44

# אַביסל דין־וועכעשבן.

קאָלזמאַן אונזער יונגער העלד ראַפאַלעסקאָ איז געשוואומען מיטן שטראָם פון לעבן אַף גאָטס־געניאָד און געבלאָנזעט אין דער פינצטער אַלץ ווייטער און ווייטער, האָט ער זיך קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט און קיינמאָל ניט אָפּגעגעבן זיך דין־וועכעשבן, זיך קיינמאָל ניט געפרעגט, פונוואַנען און וואוהין, ביז עס האָט אים ניט צוגעשלאָגן צו אַ ברעג —

קיין אַמעריקע. ביז עס האָט אים ניט אַרויסגעוואָרפן אַף דעם אינזל, וואָס הייסט ניו־יאָרק. דאָ האָט ער קימאַט צום ערשטן מאָל אַ קוק גע־געבן צוריק און דערזעען די מוירעדיקע גרויסע שטרעקע, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט פון זיינע ערשטע אינגלשע יאָרן, און דעם פונקט, וואָס ער האָט דערגרייכט צו היינטיקן טאָג—און ער האָט געשטוינט.

און געשטוינט האָט ער ניט דערוף, וואָס ער איז אַסאַך דורכגעגאַנ־גען, וואָס ער האָט אַסאַך דורכגעמאַכט, אַסאַך דורכגעלעבט, אסאַך אויס־געשטאַנען און אַסאַך דערגרייכט. יעדער פון אונז, אַז ער פירט אונטער אַ כעשבן צו זיין פאַרגאַנגענעם, זעט ער, אַז ער האָט א היפּש ביסל דורכגעמאַכט, דורכגעלעבט, אויסגעשטאַנען און מער אָדער ווייניקער דער־גרייכט. ניין, זיין איבעראַשונג איז געגאַנגען פון אן אַנדער קוואל. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, פונוואַנען האָט זיך צו אים גענומען קויעך, מוט און ענערגיע דורכצומאַכן אַזאַ לאַנגע נעסיע? ווער האָט אים אָנגעוויזן דעם־דאָזיקן וועג? ווער איז געווען זיין פירער? ווי אַזוי האָט געהייסן זיין רעבע? וואו איז געווען זיין כיידער? און ווי אַזוי האָט אויסגעזעען זיין סידער?...

ער האָט זיך געפרעגט: ווער האָט אָנגעצונדן אין אים דעם ערשטן פייער פון קונסט? ווער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אים ארופ־געטריבן אַף דער בינע? און וועמענס ליכט האָט אים געלויכטן אין דער לאַנגער פינצטערער נאַכט פון זיין נאַוונאַד זיין אַף זיין אַרטיסטישן וועג?

און אַ רייע פון פיגורן, אף וויפל ער קאָן זיך דערמאַנען, גייען דורך איינע נאָך דער אַנדערער פאַר זיינע אויגן: פריער אינגלעך, קונדייסים, כיידער־כאַוויירים, מיט וועלכע ער האָט געשפּילט אין „פאַרשטעלעניש" צווישן מינכע און מאַירעוו, דער רעבע זאָל ניט וויסן... דערנאָך אַל־בערט שטשופּאַק מיט זיין באַרימטער טרופּע אין האָלענעשטי, און נאָכ־דעם האָצמאַך, זיין ערשטער אינטימער פריינט... נאָך אים—דער דירעק־טאָר פון לעמבערגער כאַזאָקע־טעאַטער געצל בען געצל, די ברידער שוואַלב, און נאָך און נאָך—אַלץ אַזעלכע פאַרשוינען, וואָס ס'איז, דאַכט זיך, אומעגלעך געווען בא זיי עפּעס צו נאַשן. די איינציקע ליכטיקע שטערן, וואָס האָבן זיך יאָ ווען באַוויזן אַף זיין פינצטערן הימל, זענען געווען סיידן דער סופלער בעני—דער „מענטש פון בילדונג", וואָס האָט אים געעפנט די אויגן ביז צו א געוויסן גראַד, דאָקטאָר לעוויוס־לעוויאָסן—דער לעמבערגער מעצענאַט, וואָס האָט אים אופגעדעקט נייע וועלטן, נאָר אַז ער האָט דערהערט פון האָצמאַכן דאָס וואָרט „געלט", איז ער אַנט־לאָפן, וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט, און דער גרויסער זאָנענטאַל, וואָס האָט זיך, ווי א מעטעאָר, באַוויזן פאַר אים נאָר אף אַ מינוט און

באַלד פאַרשוואונדן געוואָרן... און ווייטער קאָן ער זיך ניט דערמאַנען אין קיינעם ניט, קיינעם ניט.

אַליין, אליין פון זיך, אָן א רעבן, אָן אַ סידער, אָן אַן אַלעפבייס, איז ער געוואָרן דאָס, וואָס ער איז.

אַליין, אַליין פון זיך איז אויסגעוואקסן אַ לעאָ ראַפּאַלעסקאָ און,— אויב ס'איז עמעס, וואָס מענטשן שרייבן וועגן אים,— אן אופגייענדער גלענצנדער לויכטנדער שטערן אַף דער אידישער בינע.

אונזער העלד האָט זיך אָפּגעשטעלט און גענומען זיך צוקוקן צו די איבעריקע גרויסע שטערן פון דער אידישער בינע אין ניו־יאָרק, זיך נאָכפרעגן אַף זיי: ווער זענען דידאָזיקע „סטאַרס”? פונוואַנען שטאַמען זיי אַרויס? וואָס זענען זיי געווען אַמאָל? און ער האָט ווידער געשטוינט. ער האָט זיך אָנגעהערט אַזויפיל זעלטענע כידושים מיט אַזעלכע מאָדנע ביאָגראַפיעס, וואָס ווען מע גייט דאָס באַשרייבן, וואָלט יעדע פון זיי געקאָנט זיין פאר זיך א בוך פון זייער הויכן אינטערעס...

און עס איז אים פאַרענטפערט געוואָרן דאָס פּראָבלעם פון זיין אייגענע לעבנסגעשיכטע, געוואָרן קלאָר אַסאַך זאַכן. ער איז געוואָר געוואָרן, אז ס'איז פאַראַן אף דער וועלט אַזעלכע כאַדאָרים, וואו מע לערנט זיך אויס זיין אַן אַקטיאָר, נאָר ס'איז נישטאָ אַזאַ כיידער בא אידן. אַז ס'איז פאַראַן מעצענאַטן אף דער וועלט, וואָס גיבן אַוועק פאַרמעגנס צוליב קונסט, נאָר ס'איז נאָך ניט געבוירן געוואָרן אַזעלכער בא אידן. נישטאָ באַ אונז קיין כיידער פאַר אידישע אַרטיסטן, נישטאָ קיין רעבע, נישטאָ קיין סידער, נישטאָ קיין אַלעפבייס, נישטאָ קיין מעצענאַטן, נישטאָ קיין קונסט. פאַראַן בא אונז טעאַטערס, פאַראַן אַקטיאָרן, פאַראַן טאַלאַנטן, פאַראַן זשעניאַלע אַרטיסטן, פאראַן גרויסע ליכטיקע שטערן, וואָס לייכטן אַרויס ווייט־ווייט פון דער אידישער בינע אַרויס, וואָס זייער אָפּשיין דערגרייכט אַזש אַהין, צו די אומעס־האָאוילעם. און נישט איין מאָל טרעפט זיך, אַז זיי, די אומעס־האָאוילעם, דערהערן פון אזאַ שטערן, פאַרינטערעסירן זיי זיך, לאָזן זיך אַראָפּ אין אידישן טעאַטער, שמייכלען זיך צו און דרייען זיך ארום דעמדאָזיקן שטערן אַזוי לאַנג, ביז זיי נאַרן אים אַריבער צו זיך—און ער ווערט פאַרלאָשן פאר דער אידישער בינע אַף אייביק. צו גרויס איז דער ניסאָיען פאר אַ אידישן אָרטיסט אָדער אַרטיסטן, אַז זיי זאָלן קאָנען ביישטיין דעם גויאישן יעיצער־האָרע, אויסהערן נישט פון אַ אידן אַזעלכע קאָמפּלימענטן, ווי, לעמאָשל: „אייער פּלאַץ איז ניט אָט דאָ, צווישן אידן”... „אַף אייך וואַרט א ברייט פעלד, א גרויסע בינע, אַ קריסטלעך פּובליקום”...

גרויס און מעכטיק איז דער גויאישער יעיצער־האָרע אומעטום, אויביפראַט — אַף דער אידישער בינע. זעלטן־זעלטן ווער פון די אידישע

שטערן עס כאָלעמט ניט וועגן פאַרבלאָנזען אַמאָל אַף דעם ניט־אידישן הימל, און זעלטן־זעלטן וועמען פון די אידישע אַקטיאָרן עס שפּילט דאָס גליק, ער זאָל נאָך גרויסער מי האָבן די זכיה אַרויסצורייסן זיך פון זיין איינגן קליינעם אידישן קרייזל און אַריינטרעטן אין דער גרויסער ברייטער פרעמדער וועלט אַריין.

אונזער העלד ראַפּאַלעסקאָ איז געווען יענער גליקלעכער, וואָס האָט געהאַט בעיאַד און דאַווקע אָן מי אַריינצוטרעטן אין איינעם פון די גרעסטע ניט־אידישע טעאַטערס אין ניו־יאָרק און מאַכן א גרויסע גלענ־צנדע קאַריערע. און אויב ער איז אויסגעשטאַנען דעם ניסאָיען, אויב ער האָט געבראָכן דעם יעיצער־האָרע, דעמדאָזיקן גויאישן יעיצער־האָרע, און ער האָט עס ניט געטון, איז נאָר דערפאַר, ווייל עס זענען אַריינגעטראָטן אין זיין לעבן געשעענישן, וואָס ווערן באַשריבן אין די נאָענטע קאַפּיט־לעך פון אונזער ראָמאַן.

## קאַפּיטל 45

# אונזער העלד גייט אַרום אין אוילעם האטויע.

די גרויסע נאַוועונאַדנע אַרטיסטיש־מוזיקאַלישע קאָמונע „קלאמער, שוואַלב עט קאָמפּ.", וואָס האָט זיך באַרימט געמאכט אין אמעריקע מיט איר „שטערן פון בוענאָס־איירעס" און מיטן „לאָמזשער סאָלאָוויי", האָט זיך יאָנטעוודיק געגרייט צו איר לעצטן און גרעסטן טריומף — צום אַרויסטריט פונם וועלט־באַרימטן שטערן פון בוקאַרעשט, דעם נייעם יונגן אַרטיסט לעאָ ראַפּאַלעסקאָ.

אונזערע אַלטע גוטע פריינט, ניסל שוואַלב פון איין זייט און מיס־טער ניקעל פון דער אַנדערער זייט, האָבן געטון אַלץ, וואָס נאָר מעג־לעך, אַז דער ערפאָלג פון דעם דעביוט זאָל זיין אַ טויט־קלאַפּ פאַר אַלע איבעריקע אידישע טעאַטערס אין ניו־יאָרק. צוויי וואָכן דורכאנאנד האָבן די באַכצויצרויס וועקאָל שויפערדיקע אַנאָנסן אין די אידישע צייַ־טונגען געפּויקט, געגראַגערט און געטרומייטערט אַף קוילע־קוילעס וועגן אַ יונגן סטאַר, וואָס „די קעניגן קאַרמען סילווא האט אים אליין מיט אירע הענט געקרוינט, און דער גרויסער זאָנענטאַל האָט געוויינט, ווי אַ קליין קינד, אַז ער האָט אים דערזעען אין דער ראָל פון אוריעל אַקאָסטאַ". דאָס איז געווען די אַרבעט פון אונזער קאָמבינאַטאָר ניסל שוואַלב.

און מיסטער ניקעל האָט נישט געטון גאָרנישט. ער איז זיך נאָר אַרומגעגאַנגען מיט די הענט אין די קעשענעס און איבערגעגעבן אין דער „קיבעצאַרני" פאַר אלעמען, אַז ער האָט איינגעלאַדן צו זיך אין

טעאַטער אַריין אַף דעם ספּעקטאַקל אַלע פּראָמינענטע „יאַהודים", ווי דזשייקאָב שיף, לואיס מאַרשל, נייטען ביזשור און פיל אַנדערע. און אַפן אויער האָט ער אַ פּאָר מענטשן איינגערוימט אַ סאָד, אַז ס'איז אַ סוואָרע, אַז דער „גאָווערנער" פון סטייט ניו־יאָרק און נאָך אַ פּאָר הויכגעשטעלטע קריסטן וועלן אויך זיין בּאַ אים היינט אַפּדיער־נאַכט אין טעאַטער. נאָר דאָס וואָלט ער וועלן, מע זאָל ניט פאַנאַנדער־פויקן איבּער דער שטאָט, וואָרום עס זיינען שוין אַזוי אויך באַלד ניטאָ קיין טיקעטס אין דער קאַסע. בּעאַייס מאַיסע האָט אים דאָס פּאָנים גע־שיינט, די בּעקלעך געפלאַמט און די גאָלדענע ציין האָבּן געבּלישטשעט— אַ מאַקע האָט זיך ראָקעפעלער, קאַרנעדזשי אָדער וואַנדערבּילד געפילט אַף דער וואָל־סטריט ווען ס'ניט איז אַזוי גליקלעך, ווי עס האָט זיך געפילט אין יענער צייט מיסטער ניקעל.

דערפאַר האָט זיך אָבּער ניסל שוואַלבּ אין יענער צייט געפילט ניט אַזוי פריגלדיק. זיין גענייאַלע קאָמבּינאַציע וועגן געוויסן שידעך צווישן זיין שוועסטער און ראַפּאַלעסקאָ האָט זיך אים נאָך ניט איינגעגעבּן. אַמעריקע איז אַ לאַנד פון האריאָפּ, פון ביזנעס, טומל און טאַרעראַם. די גאַנצע צייט נעמט צו די קאָמונע. רעדן וועגן דעם מיט דער שוועס־טער איז אַרויסגעוואָרפן: זי זאָגט, ס'זאָל אים ניט אַרן, ס'איז אונזערע ביזנעס... יענע איז פאַרנומען גאָר מיט טואַלעטן, פיקטשורס און נאָך אַזעלכע זאַכן. און דער „יאַט" (ווי האָלצמאַן פלעגט אים רופן) איז אים גלאַט ניט געפעלן. זינט מע איז געקומען קיין ניו־יאָרק, איז ער עפּעס „דאָסיק"... עפּעס גייט ער אים אַרום, ווי אַ נעכטיקער, און פרעגט זיך נאָך צען מאָל אַ טאָג אַף בּריוו. פון וועמען וואַרט ער דאָס אזוי אַף בּריוו? און וואָס פאַר געשעפטן האָט ער מיט אָט דער קאָמישער פיגור אין דער רויטער ראָטאָנדע (בּריינדעלע קאָזאַק), וואָס קומט צו פליען אַלעמאָל נאָר אַף אַ ווייַלע און זיצט אָפּ אָדער בּאַ אים, אָדער בּאַ דער שוועסטער דריי זייגער־שאָ? פרעגן בּאַ הענריעטען איז אַלץ איינס, ווי פרעגן בּאַ דער קליאַמקע פון טיר. וואָס פאַרשטייט זי, אַ געשליי־ערטע האַנדזיי, משטיינס־געזאָגט? און דערצו האָט אָט דאָס ניו־יאָרק מיט איר ערפּאָלג אַף דער בּינע, מיטן בּלאָף וועגן דער פרעמיע, וואָס זי האָט באַקומען אין פּאַריז אַף דער אויסשטעלונג פאַר שיינקייט, אַזוי שטאַרק פאַרדרייט איר דעם קאָפּ, אַז מע קאָן שוין באַלד מיט איר קיין וואָרט נישט רעדן. בּאַלד שיט זי אָפּ מיט פריטעק. דער בּרודער איזאַק זאָגט צו אים: „פּאַרטשעפּע זיך ניט, ניסל, מיט דערדאָזיקער טעלעצע— זי איז שוין בּאַלד אַ קו, זיך וועט דיך נעמען אַף די הערנער!"...

דער בּרודער איזאַק איז גערעכט: טאַקע אַ קו. וואָרום ווען זי זאָל האָבּן אַ קלעפּקע אין קאָפּ, וואָלט זי ניט אין זינען געהאַט אַזעלכע נאַ־

רישקייטן, ווי פּאָטאָגראַפירן זיך מיט ראַפּאַלעסקאָן אין אַכצנערליי פּאָזעס. זי וואָלט בעסער געזען, אַז ס'זאָל זיין איינס־צוויי־דריי — און אַ כופּע... ביזוואַנען איז דער שיר? מיסטער קלאמער זאָגט אויך דאָס אייגענע: „באַק בייגל, קאָלזמאַן עס הייצט זיך, אָדער ווי זאָגט דער איינגעלשמען: איף יו וואָנט טו דו אַ טהינג. נאָר ווער איז אייך שולדיק, אַז איר זענט אידיאָטן?"...

אַזוי זאָגט מיסטער קלאָמער. אַלע מישן זיך אַריין אינם דאָזיקן שידעך. יעדער, ווער עס האָט גאָט אין האַרצן, שטעקט אַריין אַ נאָז. לעמאָשל, נעמט די לאָמזשער כאַזנטע, קומט זי אַלעמאָל צו גיין אין איר נייעם אָווערקאָוט, וואָס דער מאַן האָט איר געקויפט אין ניו־יאָרק, זיך נאָכפרעגן, „ווען וועט שוין געבוירן ווערן מאָשיעך?".. וואָס מיינט זי דערמיט, די „פּאָדע אַדומע" מיטן רויטן פּאַריק?... און וואָס דאַרף איר דאַרן דער קאָפּ פּאַר זייער שוועסטער מער פּאַר אלעמען? דידאָזיקע כאַזנטע האָט דאָס אַביסל פּאַריסן די נאָז, זינט איר מאַן, דער „לאָמזשער סאָלאָוויי", איז אַריין אין די פּעדערן! און דער כאַזן אַליין איז שוין אויך ניט דער, וואָס געווען. אַמאָל, אַז ער האָט נאָך געהייסן „דער לאָמזשער כאַזן", געזעסן אין לאָנדאָנער ווייטשעפּעל און געבייגקט נאָך אַ קוילעטש, איז ער געקראָכן אונטער די נעגל, זיך געהאלטן קלענער פונם קלענסטן. איצט, זינט ער איז אין אַמעריקע און הייסט שוין „דער לאָמזשער סאָלאָוויי", איז אים שוין ניט צו דערקענען. קיינמאָל האָט ער קיין צייט ניט: שטייט מיט דער יאַרמעלקע אַפן קאָפּ, מיטן שטעקעלע אין האַנט און מאַכט רעפּעטיציעס, קאָמאַנדעוועט מיט דער כאַליאַסטרע: „סי־בעמאָל, פּאַ־מינאָר, עס־דור — אַ גאַנצער מונדערפּערצער!... ער וועט שוין אַבאַלד ניט וועלן רעדן אַ וואָרט מיט ניסל שוואַלב — כאַ־כאַ, ער זאָל אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס!...

אין אַזעלכע טרויעריקע מאַכשאָוועס האָט פּאַרבראַכט אונזער געניאַלער קאָמבינאַטאָר די ערשטע צייט אין ניו־יאָרק און האָט זיך געגריזעט מיטן ברודער און מיט דער שוועסטער און מיט די שוטפים. נאָר דאָס אַלעס האָט זיך מיט אונזער יונגן העלד, ווי אַלעמאָל, גאָר ניט אָנגעקערט. ראַפּאַלעסקאָ האָט זיך, ווי אומעטום, אַרומגעטראָגן אין דעם מוירעדיק גרויסן ניו־יאָרק מיט זיינע געדאַנקען און כאלוימעס, געשפּאַצירט, ווי אין אַ געדיכטן וואלד, אַרומגעגאַנגען אין אַן אוילעם האַטויע... וואָס געהער זיך אָן מיט אים די קאָמונע מיט אירע רעכענונגען, רייסעניש און בייסעניש, פּערעפּאַלקעס, צאַנקערייען און דריאַזגעס? וואָס גייט אים אָן זיין ערשטער דעביוט אַפן אַמעריקאַנישן באָדן, וואָס וועט געווים, אָן שום סאָפּעק, אָפּלויפן מיטן זעלבן טריומף, ווי אומעטום און ווי אלעמאָל ביז אַהער? פּאַר וועמען דאַרף ער זיך דאָ אויספּיינען,

וויבאַלד אַז אַף זיין דעביוט־אָוונט וועט ניט זיין „יענע", וואָס ער וויל און וואָס ער האָט אַף איר אַזוי אַרויסגעקוקט?... און אַז „יענע" וועט ניט זיין — דאָס ווייסט ער פאַר געוויס. ס'איז אַ פאַרפאַלענע זאַך. פון אַלע זיינע גאָלדענע כאַלוימעס איז ביז אַהער ניט מעקוייעם געוואָרן קיין איינציקער אפילע. פון אַלע זיינע האָפענונגען אַף אַמעריקע האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך... מאַדאַם טשערניאַק האָט אומזיסט געדווייט אַ מויעך. עס האָט זיך אַרויסבאַוויזן, אַז פון זינט ראָזאַ ספּיוואַק איז אין אַמעריקע, האָט די מאַדאַם טשערניאַק ניט זיכע געווען אפילע אָנצוקוקן איר פּאָנים. עמעס, די מאַדאַם טשערניאַק האָט זיך פאַרענטפערט פאַר אים, אַז שולדיק אין דעם איז איר נייער „דזשאַב", וואָס זי פאַרנעמט אין דעם טומלדיקן ניו־יאָרק. זי זאָל, זאָגט זי, קאָנען זיך ארויסרייסן אַף אַ טאָג מיט אַ נאַכט צו איר פריינדן ראָזאַ ספּיוואַק, וואָלט שוין געווען אָל־רייט. נאָכשאַבעסדיקע וואָך, זאָגט זי, האָט זי אַן אויסגאַנג־טאָג. וועט זי זיך אַראָפּכאַפּן „אַפּטאַון". וועט שוין דעמאָלט, זאָגט זי, זיין טאַקע אָל־רייט...

און אָט אַזוי קומט זי אַלעמאָל צו גיין מיט אַ נייעם ליגן, לייגט אים אָפּ פון טאָג אַף טאָג, זאָגט אים צו אַף מאָרגן צו קריגן אַ פּלאַץ אין דער אָפּערע, וואו ראָזאַ ספּיוואַק זינגט. אָדער אין קאָנצערט, וואו ראָזאַ ספּיוואַק טרעט אַרויס אינאיינעם מיטן באַרימטן גרישאַ סטעלמאַך — און עס לאָזט זיך אויס אַ בוידעם: ס'איז נישט צו באַקומען קיין פּלאַץ פאַר קיין געלט, ער זאָל געבן אַפילע אַ מיליאָן דאָלאַר!...

די מאַדאַם טשערניאַק האָט זיך אים שוין אַזוי צוגעגעסן, אַז ער קאָן שוין איר פּאָנים ניט זען. און ער לאָזט זיך אַוועק אליין אַפּטאַון קויפן אַ פּלאַץ אין יענעם האָל, וואו ראָזאַ זינגט. לאָזט זיך אויס, אַז נעכטן איז זי געווען און היינט איז זי שוין ניטאָ אין ניו־יאָרק. זי איז אַוועקגעפאָרן אַף גאַסטראָלן אין דער קאָונטרי. ווען זי וועט קומען — ווייסט ער נישט. „ביסט געווען אַ שמאַטע און אַ שמאַטע וועסטו בלייבן!" — זאָגט צו זיך אַליין ראַפּאַלעסקאָ און עסט זיך אויף אַ לעבעדיקן. אַרום אים דרייט זיך אום די קאָמונע, דולט אים אַ קאָפּ וועגן זיין ערשטן אַרויסטריט. רעפּאָרטערס פון צייטונגען שטעלן זיך אים פאָר, ווילן אים אינטערוויואירן. „שטיגוטערעס" שמייכלען צו אים און מאכן אים גלענצנדע „פּראָפּאָזישאָנס". און דאָ קומט הענריעטאַ און דרייט אים אַ מויעך מיט אירע טואַלעטן און פּיקטשורס. ער ווייסט ניט, אַף וואָסער וועלט ער איז. ער גייט אום אין אוילעם האַטויע.

## קאַפּיטל 46

# מעפיסטאָפל אין אַ קליידל.

„זאָלסט וויסן זיין, רייזל, אַז איך, לייבל, בעני ראַפאַלאָוויטשעס זון פון האָלענעשטי, — געדיינקסט אים דאָך? — בין איך דאָ איצט אין ניו־יאָרק, דאַון־טאַון, אַן אַרטיסט אין אידישן ניקעל־טעאַטער, און מיין נאָמען איז היינט — ראַפאַלעסקאָ".

אָט דאָס האָט באַדאַרפט זיין אייגנטלעך דער אינהאַלט פונם בריוו, וואָס אונזער יונגער העלד האָט פאַרטראַכט אַוועקצושיקן צו מיס ראָזאַליאַ ספּיוואַק. קורץ און שאַרף. וואָס האָט ער איר צו שרייבן נאָך?...

און אַזוי האָט ראַפאַלעסקאָ טאַקע אָפּגעפּאַסקנט באַ זיך און אוועקגעזעצט זיך שרייבן. און ער ווייסט אליין ניט, פונוואַנען עס האָט זיך צו אים גענומען מאַטעריאַל. דאָס איז געווען אויב נישט דער ערשטער ערנסטער בריוו אין זיין לעבן. אַ וועלט מיט געדאַנקען האָט זיך באַ אים געעפנט. עס האָט זיך געגאָסן באַ אים, ווי פון אַ קוואַל. זיין גאַנצע לעבנסגעשיכטע האָט ער אוועקגעלייגט פאַר איר, פון זינט זיי האָבן זיך צעשיידט, פון יענער קישעפדיקער נאַכט, די נאַכט פון דער סרייפע אף „גאָטס גאַס" אין האָלענעשטי, ביז צו היינטיקן טאָג. אַלץ האָט ער איר באַשריבן. אַלצדינג, וואָס ער האָט איבערגעלעבט און אויסגעשטאַנען אַף זיין אַרטיסטישן וועג, אלע זיינע כאַלוימעס און האָפענונגען, מאַכשאָוועס און געפילן, פריידן און ליידן...

ניין. דאָס איז ניט געווען קיין ליבע־בריוו. דאָס וואָרט „ליבע" האָט זיך קיין איינציק מאָל ניט אַרויסגעריסן פון זיין פעדער. צו באַנאַל, צו וואָכעדיק וואָלט דאָ אויסגעזעען דאָס וואָרט „ליבע". צו הייליק זענען געווען באַ אים די פעדים, וואָס האָבן צונויפגעבונדן איר נאָמען מיט זיינעם, זייער ביידנס פאַרגאַנגענע מיט איצטיקן. און טאָמער האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט באַ אים וואַרעמע ווערטער, זיינען זיי געווען איינגעהילט, אַרומגעוויקלט, פאַרשטעלט.

רעדנדיק פון יענער זומערדיקער אויסגעשטערנטער נאַכט אין האָלענעשטי, ווען דער הימל האָט גערעגנט מיט שטערן, האָט ער זי געבעטן, זי זאָל זיך דערמאַנען, וואָס זי האָט אים דעמאָלט געפרעגט וועגן די פאַלנדיקע שטערן. און זי זאָל זיך דערמאַנען, וואָס ער האָט איר געענטפערט: *אַז שטערן פאַלן ניט, שטערן בלאָנזען*... און זי זאָל זיך דערמאַנען שוין אין איין וועג, וואָס ווייטער איז געווען. זי זאָל זיך דערמאַנען, ווי זי איז אַמאָל געגאַנגען צו אַ ציגיינערן, — ערגעץ אין אַ קליין שטעטעלע אין גאַליציע אָדער אין דער בוקאָווינע

איז דאָס געווען — אַז די ציגיינערן זאָל איר וואָראָזשען, וואַרפן אַף קאָרטן. וואָס האָט איר דעמאָלט געוואָראָזשעט יענע ציגיינערן? צי האָט איר די ציגיינערן ניט דערמאַנט וועגן בלאָנדע שטערן, וואָס טראָגן זיך איינס אַקעגן דאָס אַנדערע און קאָנען זיך ניט צונויפקומען?...

פאַרשטעלט האָט איר ראַפּאַלעסקאָ געשריבן זיין בריוו, איינגעוויקלט אין אַלעגאָריעס און אָנצוהערענישן, און פּינטעלעך אַסאַך האָבן זיך געפונען אינם דאָזיקן בריוו, פּינטעלעך, פּינטעלעך, אָן אַ שיר פּינטעלעך!...

צום סאָף בריוו האָט ער זי געבעטן, עס זאָל זי ניט וואונדערן, וואָס ער רעדט מיט איר דורך אַ בריוו און איז נישט געקומען צו איר אַליין. ער האָט דאָס נישט געטון איבער צוויי זאַכן: ערשטנס, האָט ער געהערט. אַז מע קאָן צו איר גלייך ניט צוטרעטן. מע דאַרף זיך מעלדן פריער צו איינעם עפּעס אַ מיסטער באָרמאַן און מע דאַרף אים זאָגן, ווער מע איז און מיקויעך וואָס פאַר א „ביזנעס"! (דאָס וואָרט „ביזנעס" האָט ער גענומען אין גענזנפיסלעך און דריי מאָל אונטערגעשטראָכן און נאָך צוגעשטעלט אַ גרויסן אויסרופצייכן). און, צווייטנס, האָט ער איר געגעבן אָנצוהערן, איידל און ווידעראַמאָל מיט פּינטעלעך, אַז ער האָט מוירע, טאָמער וועט ער שטערן עמעצן פון „יענע לייט", וואָס געפינען זיך איצט אַרום איר און וואָס טרעטן אַרויס אינאיינעם מיט איר אַף דער בינע מיט אַזויפיל ערפאָלג...

דאָ האָט אונזער יונגער דיפּלאָמאַט מיט אַ קיוון גענומען דאָס וואָרט, „לייט" אין דער מערצאָל, כאָטש עס ווייסט אַ מינדס קינד אין ניו־יאָרק, אַז מיט מיס ראָזאַליאַ ספּיוואק טרעט אַרויס נאָר איין גרישאַ סטעלמאַך...

אַך, „גרישאַ סטעלמאַך"! — דערדאָזיקער נאָמען פּלאָנטעט זיך אונזער יונגן העלד פאַר די אויגן שוין פון אַ צייט און לאָזט אים נעבעך ניט שלאָפן. „ווער איז ער? וואָס איז ער? ווי אַזוי זעט ער אויס?"... וויפל עס זאָל אים ניט ציען צו רייזלען, וואָלט ער אַ באַלן געווען זיך זען פריער מיט אָט דעם גרישאַ סטעלמאַך, כאָטש אָנקוקן אים פונדערווייטן, וואָס פאַר אַ פּאָנים ער האָט. אַלעמאָל, ווען ער דערהערט דעם־דאָזיקן נאָמען, טוט אים אַ שטאָך אין האַרצן, ווי מיט אַ נאָדל. און דערצו האָט אים די מאַדאַם טשערניאַק פאַרבייגייענדיק אַריינגעלאָזט אַ אַ גריל אין אויער אויין, אַז זי ווייסט פאַר קלאָר, אַז אָט דער גרישא סטעלמאַך און ראָזאַ ספּיוואק זיינען כאָסן־קאַלע און אַז היינט־מאָרגן איז בא זיי כאַסענע...

ווי קומט דאָס, וואָס ברייַנדעלע קאָזאַק האָט גענומען אַף זיך די ראָל פון מעפּיסטאָפל? אָט ווי אַזוי דאָס איז געשען: איר גאַנצער מיין

איז דאָך געווען מער ניט אַז נעקאָמע. נויקעם זיין זיך אין איר בלוטיקן סוינע, אין האָצמאַכן. איר צוועק איז געווען — אַוועקנעמען בײַ אים די פּרימאַדאָנאַ שוואלב און אַריבערנאַרן אַהער דעם „יאַט״ — און קוים איז דאָס איר אָפּגעראָטן, הײַנט וואָס באַדאַרף זי נאָך? איך בעט אײַך זייער, זי איז טאַקע מעכוייעוו צו פאַרזאָרגן דער וועלטס טאַכלעס? וואו שטייט דאָס געשריבן, אַז זי באדארף זיך אײַנרייסן פאַר אַ ראַפּאַלעסקאָ? פאַר אַ רייזל ספּיוואק? לאָזן זיי זיך שלאָגן קאָפּ אָן וואַנט! אַסאַך מענטשן זענען עפּעס פאַראַן אף דער וועלט, וואָס זאָרגן זיך פאַר דער מאַדאַם טשערניאק? לאָז זי, אַשטייגער, הײַנטיקן טאָג, כאָלילע וועכאַס, פאַרלירן איר „דזשאַב״ — ווער וועט זיך אַרומקוקן אַף איר אין דעמדאָזיקן זודיקן קעסל, וואָס הייסט ניו־יאָרק? פון די מאנסבילן איז אָפּגערעדט. אַף זיי וואָלט שוין לאנג געמעגט קומען אַ כאָלערע, עס זאָל זיי אויסשטיקן אײַנציקווייס, ס׳זאָל ניט בלייבן פון זיי קיין סאָריד אופאָליט! נאָר נעמט אַפילע אַזאַ מיידל, ווי אָט די ראָזאַ ספּיוואַק, וואָס זי איז מיט איר געווען ווי צוויי שוועסטער, אײנײנעם געווען נאווענאַד, אײנײנעם געטראָגן שטשופּאַקס גאָלעס, אײנײנעם געגעסן, קימאַט אין איין בעט געשלאָפן, — קומט זי צו איר איצט אין ניו־יאָרק מיט אַ וויזיט — לאָזט מען זי ניט צו! שרייבט זי איר אריין עטלעכע ווערטער: „ראָזעניו, נעשאָמעניו, די מאַדאַם טשערניאַק וויל זיך מיט דיר זען״ — ענטפערט מען איר ניט! שרייבט זי איר אַריין נאָכאַמאָל — ענטפערט מען איר ווידער נישט! קומט צו פאָרן ראפּאַלעסקאָ קיין ניו־יאָרק, פאָרט אים ארויס די מאדאם טשערניאַק אַקעגן. כאַפּט אים אָרום קושן, נעמט אים אַריין צו זיך, ווי אַן אייגענעם, קיכלט אים, גיט אים אוועק די נעשאָמע — איז ער נאָך ניט צופרידן. באשער וואָס איז? ער וואָלט וועלן, זי זאָל אים אַראָפּברייגען די ראָזאַ ספּיוואק מיט דעם גרישא סטעלמאַך ביידע אַף איין בעזעם... „אָט די מאַנסבילן, הערט איר, ברענען זיי אײַך אַלע אַף איין פייער, אַז סע שפּאַרט זיי צו, איז עורד ווער צעשפּאָלטן און הימל עפּן זיך! האָב צײַט אַביסעלע, מיין טייערער ראַפּאַלעסקאָ. לאָמיר זיך פריער אַביסל אָנרעדן. וואָס מאַכט עפּעס האָצמאַך, פאַרכאַפּט זאָל ער ווערן? און דאָס מעכוערדיקע שוועסטערל זיינס מיטן קאָפּ זאָל זי אָנלייגן? און די אלטע שקאַפּע, די מאמע זיינע? נאָך לעבט זי, די מאַכשייפע?״...

אַזוי שמועסט זיך אויס ברייַנדעלע קאָזאַק מיט איר יונגן פריינט ראַפּאַלעסקאָ און זי פאַרשטייט ניט: „וואָס בלאָזט זיך עפּעס אַזוי אָט דער יאַט? וואָס מאַכט ער אָנשטעלן? וואָס שפּילט ער עס פאַר איר אַ טראגעדיע און וואָס כאַפּט אים אזוי אוועק דער גוטער יאָר פאַר דער ספּיוואַק?״...

און דערמאנט זיך ברײַנדעלע קאָזאַק אָן דער ספּיוואק, ברענט אין איר אַ פֿײַער. זי קאָן איר ניט פֿאַרגעסן דעם ביזאָען מיטן פּאַרדראָס: סטײַטש, סטײַטש! מע זאָל זי, די מאַדאַם טשערניאק, ניט װעלן אופּנעמען! ניט צולאָזן, ניט ענטפֿערן אַפֿילע איר אױף אירע בריװ — און װער, אַ כאַזנס אַ מײדל, װאָס האָט ניט לאַנג פֿאַרמאָגט אײן פּאָר פּאַרמעדעזשעטע זאָקן! באַשער דאָס מאַזל האָט איר געשפּילט — זי איז גרױס געװאָרן — נו, איז װאָס? מע מעג טאַקע זײַן גרױס און באַרימט און רײַך און אַלצדינג, נאָר יענער איז אױך ניט קײן הונט. אַז מע פֿליט צו הױך, פֿאַלט מען אַראָפּ. מע האָט שױן געזען אַזעלכע זאַכן. אָט איז העגריעטאַ שװאַלב אױך אַ פּרימאַדאָנאַ, אױך באַרימט, מע פּױקט װעגן איר אױך גענוג אַף די בלעטער, און אַז זי טרעט אַרױס אַף דער בינע, טוט זיך כױשעך, — פֿונדעסטװעגן, זאָל זי האָבן אַזאַ יאָר, װי פּראָסט און לײַטיש און צוגעלאָזט זי איז צו איר, װי אַ שװעסטער, װי אַן אײגענע שװעסטער. דעריבער איז איר די מאַדאַם טשערניאַק אױך געטרײַ, װי אַ שװעסטער, װײַסט באַ איר אַלע סודעס, קומט אַרײַן צו העגריעטען אַלע טאָג, װען זי האָט נאָר צײַט, אַף אַ װײַלע, און מע זיצט און מע שמועסט, און מע שמועסט. טאָמיד איז באַ זײ פֿאַראַן, װאָס צו רעדן, אַ כאַיעס! מע רעדט אַזױ לאַנג, ביז עס הײבט אָן װערן פֿינצטערלעך. דעמאָלט טוט זיך די מאַדאַם טשערניאַק אַ פּאַטש איבער די פּעטע ליטקעס און אַ כאַפּ אַף זיך די רױטע ראָטאָנדע: „אַ שלאַק איז איר! אַ דונער האָט זי דערשלאָגן! שױן שטאָק־נאַכט!“ — און ברײַנדעלע קאָזאַק לאָזט זיך גײן טאַנצנדיק איבער די גאַסן פֿון ניו־יאָרק, כאַפּט אַ קאַר און פֿליט־פֿליט צו איר דזשאַב אין טעאַטער אַרײַן, און אין מױעך פּלאָנטעט זיך איר אַ שײנער, אַ מעפּיסטאָפֿלשער פּלאַן װעגן אַ גיכער כאַסענע (צװישן העגריעטען און ראַפּאַלעסקאָן). נײן. לאָז איר נאָמען ניט הײסן ברײַנע טשערניאַק, אױב ס'װעט ניט זײַן קײן כאַסענע! עס װעט זײַן אַ פֿרײלעכע, אַ געהױבענע כאַסענע. די בלעטער װעלן פּױקן, אין דער קיבערצאַרני װעט מען רעדן, און זי, די מאַדאַם טשערניאַק, װעט זײַן די הױפּט־מעכוטענעסטע — פֿון װאָסער צאַד? פֿון קאַלעס צאַד? צי פֿון כאָסנס צאַד? נײן, פֿון בײדע צדאָדים. און זי װעט כאַפּן אַ טענצל, כײ־כי, מיט אָט דעם װערגעלעך ניסל שװאַלב. און כעװרע אַקטיאָרן װעלן זיך עס אָנשיקערן, הוליען און טאַנצן ביזן װײַסן טאָג אַרײַן. נאָכדעם װעט זי קומען אַהײם, װעט זיך באַלד אַװעקזעצן און אַװעקשרײַבן אַ שײן מעפּיסטאָפֿלש בריװל צו דער ראָזע ספּיװאק און איר אָפּגעבן מאַזלטאָװ... אָדער שאַ, עפּשער ניט אַזױ. אין די העכסט־אינטערעסאַנטע און שפּאַנענדע ראָמאַנען, װאָס די מאַדאַם טשערניאַק לײענט זיך אָן אַף די בלעטער, פֿירט זיך אַנדערש: מע דאַרף מאַכן

אַזוי, אַז ראָזע זאָל דאַווקע באַקומען אַן איינלאַדונג באַצייטנס, נאָר אָנקומען זאָל זי פּונקט אין דער מינוט, ווען כאָסן־קאַלע שטייען שוין אונטער דער כופּע: ער טוט איר אָן דאָס פינגערל און זאָגט איר דעם געוויסן „האַרע אַט"... פאַלט ראָזע כאַלאָשעס... ווערט אַ טאַרעראַם... קומט צו לויפן איר כאָסן (דער יונגער סטעלמאַך) און יאָגט זיך אַריין אַ קויל גלייך אין האַרץ אַריין... פאַרוואָס קומט דעם יונגן סטעלמאַכן אַ קויל אין האַרצן אַריין, זאָלט איר ניט פרעגן. אַ מענטש, אַז ער האַלט בא נויקעם זיין זיך, קוקט ער ניט, ווער ס'איז שולדיק, ווער ס'איז אומשולדיק, און עס גיסט זיך בלוט, אזוי ווי וואַסער.

## קאַפּיטל 47

## ברײַנדעלע קאָזאַק — אַ שאַדכנטע.

דאָס איז געווען מיט אַ פּאָר טאָג פריער, איידער דער נייער שטערן פון בוקאַרעשט, לעאָ ראַפאַלעסקאָ, האָט באַדאַרפט צום ערשטן מאָל אופ־טרעטן פאַרן ניו־יאָרקער פובליקום. אַלע האַכאָנעס, רעפּעטיציעס און פאָרבאַרייטונגען זענען שוין געמאַכט געוואָרן. פון טעאַטער האָט מיסטער ניקעל געגעבן צו וויסן אַלע צוויי מינוט צו דער קאָמונע דורכן טעלע־פאָן, אַז ס'איז אָל־רייט, אַז ס'איז שוין באַלד ניטאָ קיין טיקעטס אַף ראַפאַלעסקאָס ספּעקטאַקל, אַז מע רייסט פון די הענט, אַז ס'איז א געשלעג באַ דער קאָסע, אַז ער האָט מוירע, מע זאָל אים ניט צעטראָגן דאָס טע־אַטער, אַז מע ברעכט שוין די טירן... די קאָמונע האָט זיך אָבער וויינ־ציק־וואָס איבערגעשראָקן פאַר דידאָזיקע אַלע שרעקלעכע יעדיעס. מע האָט געוואוסט גאַנץ גוט, אַז די גרעסטע העלפט פון דעם, וואָס מיסטער ניקעל זאָגט, מעג מען גלייך אַוועקגעבן דער וואַנט, אַ דריטכיילעק אַריינ־וואַרפן אין יאַם אַריין און דאָס איבעריקע אַוועקשיינקען פאַר אָרעמע לייט...

פון דער קאָמונע זענען געווען אינדערהיים נאָר די ברידער שוואַלב, מיסטער קלאַמער און דער לאָמזשער כאַזן (ראַפאַלעסקאָ און הענריעטאַ זענען געגאַנגען זיך פאָטאָגראַפירן אין אַ נייער פּאָזע). די שטימונג פון דער קאָמפּאַניע איז געווען אין יענער צייט דאַווקע ניט קיין געהויבענע. נישט ווייל די ביזנעס זענען געגאַנגען שלעכט. אַדעראַבע, עס האָבן זיך אַרויסגעוויזן גרויסע גלענצנדע אויסזיכטן. די אַקציעס פון דער קאָמונע האָבן זיך געהויבן פון טאָג צו טאָג. נישט־מער עס האָט דאָ געפעלט דאָס, וואָס עס פעלט אומעטום און אַלעמאָל אין יעדער מענטשלעכער

געזעלשאַפט: אַכדעס, אייניקייט, שאָלעם וועשאַלווע. וואָס איינער האָט געזאָגט, האָט דער אַנדערער געדרונגען קאַפּיר. יעדער האָט פון זיך געהאַלטן אַן אוילעם אומלויע, און יענעם מעוואַטל געווען גאָר איבגאַנצן. לעמאָשל, דער עלטערער פון די שוואַלבס (ניסל) האָט זיך באַרימט, אַז דאָס איז איבגאַנצן זיין קאָמבינאַציע. ווען ניט ער מיט זיין אידייע, וואו וואָלטן זיי איצטער געווען? און מיסטער קלאַמער האָט געטאַינעט, אַז ווען ניט ער מיט זיין קעשענע, וואָלטן זיי איצט אַלע באַדאַרפט נעמען די טאָרבעס און גיין איבער די הייזער. האָט אים דער לאָמזשער כאַזן אָפּגעהאַקט די פליגל און אַ זאָג געגעבן, אַז קיינער שטייט שוין ניט איצט אין זיין קעשענע. מע קאָן זיך שוין באַגיין, באָרכעשעם, אָן זיין הילף. און ווער שמועסט, ער, דער לאָמזשער כאַזן, קאָן שוין אַוואַדע באַשטיין זיין שטעטל.

דאָס האָט שוין אַלעמען פאַרדראָסן, אַפילע דעם איבגערן פון די שוואַלבס (איזאַקן). איז ער אַרויס מיט זיין פּע קאָדעש און אַ פרעג געגעבן באַם כאַזן, צי געדיינקט ער נאָך דעם לאָנדאָנער ווייטשעפּעל מיטן נאַסן קעלער און מיטן גרויסן אויוון, וואָס איז אויסגעגאַנגען נאָך א שטיקל האָלץ און נישט געזען פאַר זיך קיין פול טעפּל קיינמאָל, אַכוץ שאַבעס און יאָנטעוו, אי דאָס—אַז דער ברודער האָט אים צונויפגענומען אַ פּאָר שילינג באַ גוטע לייט מיט ווייכע הערצער?...

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ קאַפּוליער אָנצוהערעניש האָט דעם כאַזן ניט געשמעקט. האָט ער דערמאַנט שוואַלבן גאַנץ אַלעגאָריש, אז זיין אָרט איז אין טעאַטער אונטערן הימל און זיין אַוואודע איז קלאָפּן מיט די הענט, ניט מיט דער צונג...

האָט זיך איזאַק שוואַלב ניט געפוילט אָפּצוענטפערן דעם כאַזן, אויך אַלעגאָריש, אויך פאַרשטעלט: אַזוי אויב עס וועט קומען די צייט, וואָס זיינע הענט וועלן דאַרפן קלאָפּן,—און עס קאָן זייער זיין, אַז איצט איז די רעכטע צייט,—וועט שוין דעמאָלט זיין אַז אָך און וויי דעם לאָמזשער כאַזנס באָרד און א קלאָג צו זיינע פּיסקעס!...

אַוואַדע וואָלט געקאָנט דערפון אַרויס א שטיקל ספעקטאַקל, ווען מע קומט נישט אַריין מיט אַ יעדיע, אַז עפּעס א ליידי איז געקומען און פרעגט זיך נאָך.

— אַ ליידי? צו וועמען? צו מיר?

אַלע פיר מאַנספּאַרשוינען האָבן זיך אופגעכאַפּט.

— די ליידי פרעגט זיך נאָך אַף מיסטער שוואַלב דעם עלטערן.

האָט זיך אופגעהויבן ניסל שוואַלב, זיך צורעכט געמאַכט דעם טואַלעט, אופגעעפנט די טיר און... ער האָט אויסגעבאטלט אַלע בייזע ווינטע כאַלוימעס.

דערזועען, אַז ניסל שוואַלב איז איבעראַשט, האָט די ליידי, ברייג־דעלע קאָזאַק (דאָס איז געווען זי), געמאַכט אַ גאַנץ פיינעם קניקסען און געלאָזן וויסן, אַז זי האָט אים צו זאָגן זייער אַ וויכטיקע זאַך.

— אַ ביזנעס?

— אַ ביזנעס.

— א סאָד?

— אַ סאָד.

וויבאַלד א ביזנעס און אַ סאָד, דאַרף מען די ליידי אַריינבעטן אין אַ באַזונדער ביידער און אויסהערן איר ביזנעס מיט איר סאָד.

פאַרשטייט זיך, אַז ברײנדעלע קאָזאַק האָט אָנגעהויבן מיט אַ לאַנגער האַקדאָמע פון ווייט, לערעך פון דער צייט, ווען זי איז נאָך געווען אַ פריילן און האָט זיך נאָך נישט געקאָנט אַפילע מיט שטשופאַקן, פאַר־כאַפּט זאָל ער ווערן. דעמאָלט האָט זיך איר נאָך אַפילע ניט געכאָלעמט, אַז זי וועט אַמאָל זיין אין קאָלאָמבוסעס מעדינע און פאַרטרעטן אַזאַ „דזשאַב"... דאָס הייסט, זי באַקלאָגט זיך ניט כאָלילע אַף איר מאַזל. זי ווייסט, אַז ס׳איז דאָ אַסאַך אַזעלכע, וואָס וואָלטן זיך ווינשן האָבן איר דזשאַב, וואָרום ווי אַזוי ס׳ניט איז, האָט זי נאָך אַ פּאָר דאָלער אָפּגע־שפּאָרט פון אַמאָל, ניט קיין סאַך, נאָר אַבי זי דאַרף ניט אָנקומען צו יענעם און קאָן מאַכן א לעבן...

ניסל שוואַלב האָט געזעען, אַז די ליידי איז אַוועק אַביסל צו ווייט, האָט ער זיך אַנטשולדיקט, וואָס ער האַקט איר איבער סאַמע אין מיטן, עס פרייט אים זייער, זאָגט ער, וואָס זי דאַרף ניט אָנקומען צו יענעם און וואָס זי קאָן מאַכן א לעבן, ער זאָל אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס. נאָר וואָס דען? ער איז היינט זייער ביזי. ס׳איז באַ זיי היינט, זאָגט ער, סאַמע יאַריד: עס טרעט אוף אַף דער בינע זייער פּרעמיער, לעאָ ראַ־פּאַלעסקאָ.

— וועגן אים טאַקע בין איך דאָס געקומען צו אייך, — האָט אים ברײנדעלע קאָזאַק א זאָג געגעבן, און ניסל שוואַלב האָט איר א קוק גע־געבן אין אירע קליינע יאַפּאַנישע אייגעלעך און איר פאַרשוויצט רויט קיילעכיק לעוואָנע־פּאָנים און האָט זי אַ פרעג געגעבן האַלב ערנסט, האַלב קלוימערשטיק:

— צום בליישטיפט?

— וואָסער בליישטיפט?

— איך מיין, צום ביישפיל, וואָס קאָנט איר מיר זאָגן וועגן לעאָ ראַ־פּאַלעסקאָ?

— וואָס איך קאָן אייך זאָגן וועגן ראַפּאַלעסקאָן? גיט מיר אָקאָרשט אייער האַנט.

— נאָט אייך מיינעביידע הענט.

און ברײנדעלע קאָזאַק האָט זיך פריער אויסגעווישט דעם פאַרשוויצטן רויטן פּאָנים און נאָכדעם האָט זי צוגערוקט איר שטול צו זיין שטול אַזוי נאָענט, אַז ניסל שוואַלב האָט דערפילט אַ וואַרעמקייט און אן אַראָמאַט פון מיענטע־טראָפּן און פּאַטשולי־זייף, אויסגעמישט מיט א שאַרפן רייעך פון שווייס און פון יונגע ציבלקעס... זי האָט אים איבערגעגעבן ווי ווייט מעגלעך אין קורצן, אַז זי איז ניט מער ווי א שאַדכנטע, נאָר אַ שאַדכנטע אָן אַ שום אינטערעס. איר גאַנצער אינטערעס באַשטייט אין דעם, וואָס זי איז אַ גוטער פריינט העגריעטען. עס מעג איר אָנגיין כאָטש האַלב, וואָס זי ווינשט איר. און אויב ער, ניסל שוואַלב, וויל, אַז זיין שוועסטער, העגריעטאַ שוואַלב, זאָל טראָגן דעם נאָמען ראַפּאַלעסקאָ, דאַרף ער זען, אז דאָס זאָל געשען וואָס גיכער, וואָרום טאָמער ניט, וועט זיין שפּעט...

באַ די לעצטע ווערטער האָט זיך ברײנדעלע קאָזאַק אָפּגערוקט מיט איר שטול אף אַ פּאָר מעטער, אויסגעווישט נאָך אַ מאָל דאָס פאַרשוויצטע לעוואָנע־פּאָנים, אַוועקגעשטעלט אף שוואַלבן אירע קליינע יאַפּאַנישע אייגעלעך און געשמייכלט מיט שטאַרק צונויפגענומענע ליפּן, ווי א מענטש וואָס ווייסט עפּעס אַ זייער וויכטיקע זאַך, נאָר ער קאָן דאָס נישט אַרויסגעבן מיט קיין ווערטער...

וויפל ניסל שוואַלב האָט זי ניט געמאַטערט, זי זאָל אים זאָגן, ווער און וואָס און ווען; וויפל ער האָט זיך איר ניט געשוואָרן מיט אַלע זיינע שוואועס: „ווי זי זעט אים אַ שווימענדיקן", „עך זאָל אזוי האָבן אַלע־מענס גוטס", „ווי ס'איז אן אויוון פון גאָט", „אַז ניט, זאָל ער זיך דערווערגן מיטן דאָזיקן טיש".—ברײנדעלע קאָזאַק האָט זיך איינגעהילט אין איר רויטע ראָטאָנדע—און גוד־ביי!

— פּאַסעך שין—שאַ!—האָט זי אים געזאָגט שוין אַף דער שוועל, אַרופגעלייגט אַ פינגער אַפן מויל, מיט אַ ברייט שמייכעלע איבער איר ברייטן פּאָנים, און באַוויזן אים אַלע אירע זעלטן־געזונטע ווייסע ציין.— געדיינקט־זשע, וואָס מע רעדט צו אייך: וואָס פריער איז געזינטער, און פּאַסעך שין—שאַ, און גוד־ביי!...

## קאַפּיטל 48

## לייע די כאַנטע אין ניו־יאָרק.

עס איז מער ווי נאַטירלעך, אַז אַזא „ליובּיטעל" פון אידיש טעאַטער, ווי דער סטעלמאך איז, זאָל זיין פון די ערשטע, וואָס איז געפלויגן זען און הערן דעם נייעם „שטערן פון בוקאַרעשט", אַ וואונדער

איז נאַר, ווי קומט דאָס, ער זאָל זיך איינשטעלן אראָפּבריינגען מיט זיך די „קינדער" (גרישען מיט ראָזען), וואָס ער האַלט זיי, ווי מיר ווייסן, אין א פּושקעלע, האָט מוירע זיי ווייזן פאר דער וועלט, אוביפּראַט נאָך אינם אידישן ניו־יאָרק, דאַון־טאַון,— דאָרט קאָן זיי אוואַדע, לויט זיין טעאָריע, שאַטן א גוט אויג... ביכדיי צו פאַרענטפערן דאָס־דאָזיקע רעטעניש, וועלן מיר זיך מוזן אָפּ אַ ווײַלע אומקערן ווידער־אַמאָל צוריק צו אונזער העלדן פונם ראָמאַן, זען, וואָס איז פאָרגעקומען מיט איר אין דער לעצטער צייט.

פון סטעלמאַכס בריוו צו זיין גוטן פריינט געדיינקען מיר, אַז ראָזאַ האָט געהאַט געזאָגט, אַז זי וויל אויסשרייבן קיין אַמעריקע איר מאַמע, וואָס איז ניט לאַנג געבליבן אַן אַלמאָנע נאָך איר מאַן, איסראָלי דעם כאַזן. געזאָגט און געטון. ראָזא ספּיוואַק איז ניט די, וואָס האָט ליב לאַנג טראַכטן, און עס האָבן אָנגעהויבן פליען דעפּעשן פון ניו־יאָרק קיין האָלענעשטי אַזוי לאַנג, ביז ס'איז ניט געקומען קיין טשוואָווע פון לייע די כאַזנטע, אַז די כאַזנטע איז געווען אויסער זיך פון דידאָזיקע דעפּעשן, זי האָט גערעכנט, אַז ניט אַנדערש, אַז מיט איר טאָכטער האָט זיך עפּעס געטראָפן אַן אומגליק, אָדער זי איז כאָלילע פארביי, „וואָרום וואָס דען טאַראַבאַניעט מען מיט דעפּעשן, וואָס קאָסט א רענדל א וואָרט?" לייע די כאַזנטע האָט זיך נאָכדעם אליין מוידע געווען פאר איר טאָכטער, אז ווען ניט דאָס, וואָלט זי בעפּיירעש ניט געכאַפּט זיך קומען צו פאָרן קיין אמעריקע. „וואָרום, ערשטנס, וואָס האט זי דאָ ניט געזעען? וועהאשייניס, וואָס וועט זיין מיט דער באָמבע?"

— מיט וואָסער באָמבע?

— מיט דעם נאָגידס דירע, וואָס דו האָסט מיר אָנגעהאַנגען אין האָלענעשטי, האָסטו געזעען אַביסל! ס'זאָל כאָטש זיין מעשעך־צייט, וואָלט מען עפּשער געקאָנט קריגן א שאָכן, כאָטש אַפילע בא אונז אין האָלענעשטי זיינען דאָ ווינציק באַלאָנים אָף אזעלכע פּאַלאַצן, סיידן עפּשער צווישן די קריסטן. זיינען זיי הײַנט באַ אונז אין דער בעסאַראַביע, ניט דאָ געדאַכט, אַזעלכע רעשאָים, אַז עס וואָלט שוין געמעגט אָף זיי קומען א מאַגייפע.

אַזוי פאַרענטפערט זיך לייע די כאַזנטע, שיט און שיט און לאָזט אויס מיט איר געוויינלעכן „האָסטו געזעען אַביסל!"

מע קאָן זאָגן פאר געוויס, אז אונזער ראָזאַ ספּיוואַק האָט שוין געדאַרפט כאַראָטע קריגן אָפן גאַנצן אייסעק, וואָרום דעמזעלבן טאָג, וואָס די מאַמע האָט געדארפט קומען צו פאָרן, איז שוין שיר ניט ארויס אַ שטיקל קאָנפליקט צווישן איר און גרישאַ סטעלמאַכס פאָטער. אַלס

פראַקטישער מענטש, האָט זי סטעלמאַך א פרעג געטון: „וואָס רעכנט זי, לעמאָשל, צו טון מיט איר מאַמע?" האָט אים ראָזע דערוף ניט געענטפערט גאָרנישט. ניין, זי האָט אים נאָר באַשיינקט מיט איין קוק פון אירע שוואַרצע ציגיינערישע אויגן. דאָס איז אָבער געווען אַזאַ קוק, וואָס האַלעוואַי וואָלט זי אים שוין בעסער אָפּגעזידלט. מייער סטעלמאַך האָט נישט ליב, אז ראָזא שווייגט שטיל. דאָס איז א שטיל־שווייגן פון א יאַם, איידער ער צעבייזערט זיך. דאָס איז א שטילשווייגן פון א בורע... און ער כאַפּט זיך צו פאַרענטפערן, אז ער איז כאָלילע דערמיט ניט אויסן קיין זאַך. ער מיינט נאָר, וואָס וועט זיין מיט א סטאַנציע, און דעריקער — „וואָס וועט די אָרעמע מאַמע אַכלען, עסן, הייסט עס?"..

ראָזאַ האָט אים פארשטאַנען.

— אַ? דאָס מיינט א איד?

און נישט לאַנג געטראַכט, כאַפּט זי זיך אויף, קלינגט אָן, מע זאָל איר צוגרייטן די ריגע דעם אַווטאָמאָביל, וועט זי זיך אַראָפּכאַפּן אַף א ווײַלע דאַון־טאַון — באשטעלן א אידישע סטאַנציע מיט א קאָשערע קיך פאַר דער מאַמע.

— דער שוימער איסראָעל איז מיט אונז! נאָך דאָס פעלט מיר!?..

מייער סטעלמאַך האָט זיך אופגעכאַפּט, ווי א מענטש, וואָס מע האָט אים אָפּגעקאָכט מיט זודיק וואַסער, אָדער אָפּגעגאָסן מיט ברענענדיקן עסיק. ער האָט לאַנג געארבעט און גערופן דעם זון צו הילף, ביז ער האָט קאָם געפּויעלט בא ראָזען, אז זי זאָל בעסער זיצן אינדערהיים. ער, מייער סטעלמאַך, וועט זיך שוין אליין מאַטריעך זיין דאַון־טאַון. ער וועט שוין אליין דינגען אַן אַנשטענדיקע סטאַנציע פאר איר מוטער און וועט שוין אַליין זען, אַז ס'זאָל זיין, ווי מע זאָגט אין אַמעריקע, אָל־רייט.

און ס'איז געווען אָל־רייט. נישקאָשע, מייער סטעלמאַך האָט מיט דער כאַזנטע געהאט צו זינגען און צו זאָגן. א גליק, וואָס ער האָט א גוטן פריינט, פאַר וועמען ער קאָן אויסגימן דאָס האַרץ כאָטש אף פּאַפּיר. האָט אים מייער סטעלמאַך אוועקגעשריבן א בריוו אף דריי גרויסע בויגן פּאַפּיר, ווי זיין שטייגער איז, פון אַלע פיר זייטן, געדיכט און מיט גאַנץ קליינע אויסעלעך, אויסגעגאָסן פאר אים אַלע צאָרעס, יע־סורים און האַרצווייטיק, וואָס ער איז אויסגעשטאנען פון דער האָלע־נעשטער כאַזנטע. שטעלט אייך פאָר, אַז ער האָט איר געמוזט אליין דינגען א סטאַנציע און דאווקע בא א בעסאַראַבער אידן, א שויכעט, און באקאַנט מאַכן זי מיט אלע „נעקסטראָריקע" שכיינעס, קויפן איר צוויי פאָר „סעקאָנדהענטיקע" לייכטער אף ליכט־בענטשן. און לייע האָט

דאַווקע געוואָלט, אז די לייכטער זאָלן זיין מעשענע, ווייל זינט זי איז א באַלעבאָסטע, אַזוי זאָגט לייע און שווערט זיך בא דער טאָכטער, האָט זי געבענטשט ליכט נאָר אף מעשענע לייכטער — גיי וואַרף אוועק אלע ביזנעס און זוך איר אויס אַף איסטבראָדוויי צוויי פּאָר מעשענע לייכטער! מייער סטעלמאַך האָט נעבעך גוט געשוויצט, ביז ער האָט זי פאַרזאָרגט מיט אירע בענטשליכט. זענט איר שוין פאַרטיק? דאַרף מען איר גיין זוכן א שול אַף צו דאַוונען. פארטיק געוואָרן מיט דער שול, לאָזט זיך אויס, אז זי האָט איר קאָרבן־מינכע איבערגעלאָזט אין גרויס איילעניש אין האָלענעשטי באַם איינבינדער — גיי זוך אוף א אידישן מויכער־ספאָרים און קויף איר א קאָרבן־מינכע. היינט מיטן עסן וואָס ער האָט געהאַט, איידער ער האָט איר געקראָגן דעם עמעסן רעסטאָ־ראַן! וואָרום אינם ערשטן רעסטאָראַן, וואָס ער האָט זי אַרייגעפירט, האָט מען איר אַפן אנדערן טאָג פאָרגעלייגט עפּעס א מין מאַיכל, וואָס ס׳הייסט „ברעקפיש”, האָט זי געזאָגט, אז פיש וועט זי עסן, נאָר ניט קיין „ברעקפיש” וואָרום ווער ווייסט, טאָמער איז דאָס ראַקעס? טאַי־נעט מען מיט איר, אז ס׳איז ניט קיין ראַקעס און ניט קיין פיש, ס׳איז גאָר פליש, און עס הייסט ניט „ברעקפיש”, עס הייסט „ברעקפעסט” — „אָנבייסן”. זאָגט זי — עס מעג שוין הייסן ווי עס וויל זיך, זי האָט קיינ־מאָל ניט געגעסן קיין מיעסקייט און וועט היינט אויך ניט עסן.

האַקלאל, מייער סטעלמאַך האָט זיך מיט איר אָנגעפרעגט מאַפּטער, נאָר וואָס טוט ניט א טאַטע צוליב א קינד? אז ערשטנס, וויל ער ניט, אז ראָזאַ זאָל זיך ארומפירן מיט דער מאַמע איבער דער אידישער העס־טער־סטריט — נאָך דאָס פעלט אים! און צווייטנס, האָפט ער, אז אין דער כאַזנטעס זכוס וועט זיך אויספיקן, אימירצעשעם, דער שידעך, און עפשער נאָך גאָר אינגיכן...

עמעס, ער האָט די ערשטע צייט געהאַט מיט דער כאַזנטע אליין געננוג וואָס צו טון, שיר געשפּיגן מיט בלוט, ביז ער האָט באַ איר גע־פויעלט, זי זאָל מאַסקים זיין צום דאָזיקן שידעך. גוטע יאָרן, אַז סטעל־מאַך באַדאַרף זיך אָנוואַרפן מיט זיין גרישען, אויסשלאָגן א קניע ערד פאר א האָלענעשטער כאַזנטע, זי זאָל איינשטימען אפן שידעך! נאָר וואָס טוט ניט א טאַטע צוליב א קינד? די כאַזנטע, פארשטייט איר, האָט זיך אוועקגעשטעלט איינמאָל פאר אַלע מאָל: דער באָכער איז טאַקע א פיינער באָכער, מע קאָן ניט זאָגן, און א פארדינער איז ער אויך, „ווער זאָגט דען, אז ניין? נאָר וואָס קומט ארויס, אז ער איז נעבעך א קלעזמער, האָסטו געזעען אביסל!” טאַינעט נעבעך סטעל־מאַך: אף אַלע אידן געזאָגט געוואָרן — זיין זון איז אַזוי א קלעזמער, ווי ער איז אַ ראָוו... זאָגט זי: וואָס דען טוט ער? ער שרייבט ספּאָ־

רים?.. גיט ער איר צו פארשטיין, אז זיין זון איז אן אַרטיסט. ענטפערט זי אים: „דרייסיק מאָל אַרטיסט, קוים שפּילט ער אַפן פּידל, איז ער א קלעזמער. טאַקע א פיינער באָכער און א פאַרדינער, ווער זאָגט דען, אז ניין? לאָז אים גאָט צושיקן זיין זיווג, ווי ער פאַרדינט, האָסטו געזען אַביטל. און איר טאָכטער זאָל דער אייבערשטער באַשערן עפּעס אַנדערש, וואָרום איר מאַן אָלאָוו האַשאָלעם האָט אַליין ניט געשפּילט אַפן פידל, און זיין טאַטנס טאַטע האָט ניט געשפּילט אַפן פידל"— אַז מע שמועסט אַ כאָלערע פון א אידענע, איז דאָך ניט שאַיעך!

דערפאַר אָבער, אַז סטעלמאַך האָט שוין געפּויעלט באַ איר, אַז זי זאָל איינגיין אַפן שידעך, האָט ער געפונען אין דער כאַזנטע אַן עמעסן אויצער. עס איז נאָר שווער געווען, ביז מע איז מיט איר אַליין פאַרטיק געוואָרן מיט דער זאַך. קוים אָבער האָט זי נאָך אַ קורצער צייט נאָכדיינקען און נאָכקוקן אַרויסגעזען, אַז דער באָכער איז פאַר רייזלען אָנגעמאָסטן, האָט זיך די כאזנטע נאַסיאַדעט אף דער טאָכטער, ווי א גוטע זאַקוציע: איינמאָל פאַר אַלעמאָל—ביז וואַנעט איז דער שיר צו הוליען? אין זייער מישפּאָכע האָט זיך נאָך ניט געטראָפן, אז אַ מיידל זאָל כאָלילע פארזיצן ביזן גרויען צאָפּ... ער, אָלאָוו האַשאָלעם, זאָל איצטער לעבן, וואָלט ער געוואָרן ברייטער ווי לייַנגער. ער וואָלט זיכער געזאָגט, אַז ס'איז מין האַשאָמאַיִם... נאָר אַז גאָט האָט אים געשטראָפט, ער, אָלאָוו האַשאָלעם, האָט ניט זויכע געווען, זאָל זי, איר צו לייַנגערע יאָר, כאָטש זויכע זיין, קאָלזמאַן די פּיס טראָגן אַף זיך איר זינדיקן גוף, האָסטו געזען אַביסל!...

— — — — — — — — — — — — — — —

„בעקיצער, וואָס זאָל איך אייך לאַנג מאַריך זיין, ליבער פריינט, מיר האָבן א גרויסן גאָט, אַ שטאַרקן גאָט, און איך דאַנק אים און לויב אים אַלע טאָג, וואָס ער האָט מיר צוגעשיקט אַהער דידאָזיקע אידענע אף צו פּיקן דער טאָכטער אין קאָפּ אַריין. זי וועט איר אַזוי לאַנג פּיקן און פּיקן, ביז עס וועט זיך אויספּיקן. און איך וועל אייך מיסטאָמע אינגיכן צושיקן אַ מאַזלטאָוו, און עפּשער בעטן, איר זאָלט קומען צו פאָרן צו אונז אַף כאַסענע, אָדער קיין לאָנדאָן, אָדער עפּשער נאָך אַהער, קיין ניו־יאָרק, און איר וועט דאָך אַוואַדע זיין א גוטער ברודער און וועט אונז מיסטאָמע ניט אָפּזאָגן. נאָר—אוי! ווי דערלעבט מען עס שוין ריבוינע שעל אוילעם!?"...

דאָס זענען די ווערטער, מיט וועלכע מייער סטעלמאַך האָט פאַרענדיקט איינעם פון זיינע גרעסטע און האַרצעדיקסטע מעליצע־בריוו צו זיין עמעסן גוטן פריינט.

## קאַפּיטל 49

# מאַזלטאָוו!

עס איז אַן אויסגעפּרואוווטע זאַך אין דער וועלט, אַז אַ גוטע בּסורע קומט קיינמאָל ניט, ווען מע וואַרט אף איר, נאָר טאָמיד אומגעריכט.

מייער סטעלמאַך איז זיך געזעסן בּאַם שרייבּטיש, בּא זיך אין האָטעל, און געשריבּן א בּריוו אַהיים, צו זיין פּלויניס. ער האָט זיך געקלאָגט פאַר איר אַף דעם לאנד אַמעריקע, וואָס שטעקט אַזוי ווייט, אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט, און אַפּן טומל מיטן הו־האַ מיטן טאַרעראַם, וואָס דאָ איז — אַן עמעסער יאַריד! און איבּערהויפּט האָט ער זיך געקלאָגט אף די קינדער, וואָס סע ציט זיך בּא זיי דאָס אייסעק אַזוי לאַנג.

„וואָס זאָל איך דיר שרייבּן, זוגאָסי האַיקאָרעָ, עס האַלט נאָך בּאַ זיי גאָר פון פאָרנט, — האָט מייער סטעלמאַך זיך מיסוואַדע געווען פאַר זיין ווייבּ. — עס איז בּאַ זיי אַ מאַיסע אָן אן עק, אַ לאנגע קריינק, אַ פאַרצויגענע ליו...".

„ליובּאָוו" האָט ער, אַפּאָנים, געוואָלט אוועקשטעלן, האָט מען אים איבּערגעשלאָגן סאַמע אין מיטן מיט א קלאַפּ אין טיר.

— קאָם אין! — האָט אויסגערופן סטעלמאַך אף איינגליש מיטן אידישן אַקצענט און מיט אן „אזלאָ־גיירעש"־טראָפּ, אזוי אז פונם „קאָם אין" איז אויסגעקומען „קאָמען", און פונם „קאָמען" — „קוימען", ווי דער שטייגער איז פון אונזערע בּרידער אומעטום צו פאַראידישן די אָרטיקע שפּראַך. און עס זיינען אַריינגעקומען די קינדער (גרישאַ און ראָזאַ), בּיידע אָנגעטון אין ספּאָרט־קליידער און בּיידע מיט שיינענדיקע פּענימער און גלאַנצנדיקע אויגן:

— פּאַפּאַ, אונז קומט מאַזלטאָוו...

די ערשטע מינוט איז סטעלמאַך געבּליבּן ווי פאַראַליזירט און בּלאַס, ווי דער טויט. ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעען זיין גרישען אַזוי גליקלעך, און אויך ראָזאַ האָט נאָך קיינמאָל ניט געהאַט אזא שיינענדיק פּאָנים, ווי אין יענעם פרימאָרגן. בּיידע קינדער האָבּן געבּליט, ווי די שיינע בּלומען אין פרילינגסצייט. דער פאָטער איז ניט געווען בּעקויעך צו רירן פונם אָרט. האָט ער נאָר געבּיטן די אויגן פון גרישען אף ראָזען און פון ראָזען אף גרישען: „שוין־זשע איז דאָס געשען?"... עס האָט אים אַזש בּאשלאָגן אַ שוויס. ער האָט אָפּגעזיפּצט, זיך אָנגעשפּאַרט אפן שטול און קאַם אַרויסגערעדט:

— אַזוי? עס קומט אייך, זאָגט איר, מאַזלטאָוו? הערט־זשע, וואָס־זשע שווייגט איר? וואָס־זשע בין איך געבליבן זיצן, ווי אַ ליימענער גוילעם? קומט־זשע אהער, וועל איך אייך אָפּגעבן מאַזלטאָוו.

און מיט די ווערטער כאַפּט ער זיך אויף, נעמט ארום די קינדער איינציקוויים, האַלזט זיך מיט זיי און קושט זיך מיט זיי, און באַמערקט גאָרניט, אַז עס שטייען אים טרערן אין די אויגן.

דער זון, וועלכער איז אַליין אויך געווען ניט ווינציק אופגערעגט, האָט באַמערקט דעם טאַטנס טרערן:

— וואָס־זשע איז דער געוויין, פּאַפּא?

— איך וויין דען? — זאָגט דער פאָטער, ווישנדיק די נאַסע אויגן. ווער האָט דיר געזאָגט, אַז איך וויין, נאַרעלע?

— ניין. כאַסוועשאָלעם. ווער זאָגט דען, אז איר ווײנט? — רופט זיך אָן ראָזאַ מיט אַ געלעכטער. — איר ווײנט ניט, נאָר עס גיסן זיך באַ אייך טרערן, ווי באַ מיין מאַמע, אז עס קומען אָן די ווײנענדיקע טעג... ווי באַלד אזוי, היינט וואָס וועט שוין מיין מאמע זאָגן, אז זי וועט געוואָרע ווערן פון דער גדולע?... גרישאַ! מיר פאָרן צו דער מאַמע...

דעם פאָטערס האַרץ ווערט באַ מייער סטעלמאַך שיר ניט צעגאַנגען פאַר טאַינעג.

— צו דער מאַמע, צו דער מאַמע! — כאַזערט איבער מייער סטעל־מאַך ראָזעס ווערטער, און נעמט ארומלויפן איבערן כיידער, זיך טאַפּן אין די קעשענעס און זוכן, ער ווייסט אַליין ניט וואָס. פאַר גרויס אימפּעט האָט ער גאָר פאַרגעסן, אז ער דאַרף קייבלען קיין לאָנדאָן, צו זיין ווייב, וועגן דערדאָזיקער גליקלעכער בסורע. און ער האָט זיך אופגעזעצט איניינעם מיט די קינדער אין זייער אַווטאָמאָביל און מע איז אַוועק אַלע דריי אין אידישן ניו־יאָרק, דאַון־טאַון, צו לייע דער כאַזנטע — אָפּגעבן איר מאַזלטאָוו.

לייע די כאַזנטע איז יענעם פרימאָרגן, ווי אַלע אינדערפרי, געזעסן איבערן קאָרבן־מינכע, געהאַלטן אין מיטן דאַוונען, בעאייס צו איר אַכסאַניע אין דעם אידישן ניו־יאָרק איז צוגעפלויגן מיט אַ אירגאָזן אַ גרויסאַרטיקער מאָטאָרקאַר מיט אַ שוואַרצן מענטשן, אָנגעטון אין ווייסע איבערגעקערטע שטיוול.

דאָס איז עמעס, אז אין ניו־יאָרק איז אן אַווטאָמאָביל און אַ נעגער עפּעס נישט אַזאַ נייעס, וואָס זאָל ארויסרופן כידושים. נאָר פאַר אידישע קינדער, ווייסע־כעווורעניקעס, אין דער אידישער גאַס, איז דאָס אַ שטיקל געשעפּט. ס'איז דאָ, וואָס צו באַטראַכטן, פון וואָס צו רעדן, וואָס אַ גלעט צו טון. און דעם שוואַרצן מענטשן מיט די ווייסע

איבערגעקערטע שטיול אַרויסשטעלן א צונג—דאָס האָט דאָך גאָט אַליין געבאָטן. א גליק, וואָס ס'איז פאַראַן א שאָפער מיט מוירעדיקע ברילן אַפן דאַשעק, וואָס קאָן געבן האַלז און נאַקן, אַניט וואָלטן כעוורע זיך געוויס אַרופגעכאַפּט אַפן מעשונע מוירעדיקן וואָגן, וואָס זעט אויס, ווי אַ לעבעדיקע כאַיע אַף רעדער, און וואָלטן געוויס זיך געגעבן אַ פאָר דורך איבער דער שטאָט—לאָזן זיי זען, די אידן פון דער העסטער־סטריט, אַ רועך אין זייער פאָטער און מוטער אַריין!

צום אַלעם ערשטן איז פון אַוטאָמאָביל אַרויסגעשפּרונגען סטעלמאַך דער פאָטער. ער האָט געוואָלט די מיצווע: אָנזאָגן דער כאַזנטע די גו־טע בסורע און אָפּגעבן איר דעם ערשטן מאַזלטאָוו. ער איז אַריינגע־פלויגן צו איר, ווי אַ וויכער:

— גוט־מאָרגן אייך, מאַזלטאָוו! איר ווייסט, מיר זענען מעכוטאָנים!

סטעלמאַך האָט גערעכנט, אַז די כאַזנטע, דערהערט אַזאַ בסורע, וועט זי זיכער אַוועקלייגן דעם סידער אַף א זייט און וועט ווערן אוי־סער זיך. צום סאָף האָט ער א טאָעס געהאַט. זי האָט אים א ווייז גע־געבן אַף א שטול, ער זאָל זיצן א ווײַלע, און אליין האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט מיטן פּאָנים צו דער וואַנט—שמוינעסרע. סטעלמאַך האָט זיך אַוועקגעזעצט בא א זייט, און אויך די קינדער, אַז זיי זענען אַריינגעקומען מיטן ברייטן גוט־מאָרגן, דערזעען די כאַזנטע שטיין מיטן פּאָנים צו דער וואַנט, האָבן זיי זיך אויך געמוזט אַוועקזעצן און אָפּ־וואַרטן, ביז זי וועט אויסשטיין שמוינעסרע און אָפּזאָגן טאַכנען. און ערשט דעמאָלט, אויסגעהערט דעם מאַזלטאָוו, האָט זי פאַרבויגן אַ בלעטל אינם קאָרבן־מינכע און זיך אָנגערופן צו די קינדער אַזוי צו זאָגן:

— מאַזלטאָוו אייך און מיט מאַזל זאָלט איר לעבן. לאָז גאָט געבן, ס'זאָל טאַקע זיין שוין אין אַ גוטער שאָ אַ מאַזלדיקער. וואָרום וואָס דען איז דער טאַכלעס פונם מענטשן, האָסטו געזעען אביסל? אַז דער אייבערשטער גיט קינדער, דאַרף מען האָבן פון זיי נאַכעס. שלעכט איז נאָר דעם, וואָס ליגט אין דער ערד. ער, אָלאָוו האַשאָלעם, זאָל איצט זיין אָט אַ דאָ...

לייע די כאַזנטע האָט באַהאַלטן דאָס פּאָנים אין פאַרטעך.

— די טויטע לאָזט צורו, מעכוטענעסטע! — האָט איר סטעלמאַך איבערגעשלאָגן די רייד, געוואָלט זי אופמונטערן. — לאָמיר בעסער רעדן אַצינד פון עפּעס פריילעכערס...

די כאַזנטע האָט אופגעהויבן אַף אים איר פאַרויטלט פּאָנים מיט די פאַרוויינטע אויגן:

— פריילעכערס? ווען ס'איז פריילעך, און ווען ס'איז אומע־טיק, האָסטו געזען אַ ביסל! ווען עס לאַכט זיך, און ווען עס

ווײנט זיך. ווען עס קלעמט דאָס האַרץ, און ווען עס גלוסט זיך כאַפּן אַ טענצל. ווי מיר זאָגן אינם אונסאַנע טויקעף...

די כאַזנטע האָט זיך ערשט געקליבן אַװעקלייגן אַ מאַינע־לאָשן און אָפּ־שפּילן איר מעכוטן אַ וויוואַט, ווי עס געהער צו זיין. האָט זיך אָבער אַרײנ־געמישט די טאָכטער, וואָס איז געווען יענעם פּרימאָרגן מאָדנע פריילעך.

— מאָמע! דעם אונסאַנע טויקעף לאָז איבער אַף ראָשעשאָנע. איצט, אַז דו האָסט זויכע געווען, דיין טאָכטער איז אַ קאַלע געוואָרן, און דו אַליין האָסט דאָך מיך דערוף צוגערעדט, אויב ניט אַרופגעפירט, דאַרפן מיר צוקלערן, ווי אַזוי מיר זאָלן פאַרברײנגען אַמבעסטן דעמדאָזיקן טאָג מיט דעמדאָזיקן אָוונט.

— קינדעניו! וואָס איז דאָ שאַיעך צו קלערן? — האָט זיך די כאַזנ־טע אַרויסגעזאָגט איר מײנונג. — מע באַדאַרף צונויפרופן מענטשן, שרייבן טנאָים, ברעכן טעלער, מע איז דאָך עפּעס אידן אף דער וועלט, האָסטו געזעען אביסל!

נאָר ווי ביטער איז נעבעך געווען דער כאַזנטע אויסצוהערן פון איר טאָכטער, אַז קיין מענטשן דאַרף מען ניט רופן, קיין טנאָים ניט שרייבן און קיין טעלער ניט ברעכן — עס איז שוין באַ זיי אַן אָפּגע־מאַכטע זאַך, זיי האָבן זיך דערקלערט אַלס כאָסן־קאַלע, און דאָס איז אַלעס.

מיט פאַרוואונדערטע אויגן האָט די פרומע מוטער באַטראַכט דאָסדאָ־זיקע שיינע גרויסאַרטיקע גליקלעכע פּאָר און איז געווען ניט אינגאַנצן באַפרידיקט. טאַקע אַלצדינג גוט, אַלצדינג פיין, אַלצדינג קיין איינאָרע ניט. זיי זענען ביידע יונג און שיין און רייך און באַרימט. דאַנקען דעם לעבעדיקן גאָט. זי האָט צו אים קיין טאַינעס ניט. נאָר וואָס וואָלט גאָט געאַרט, לעמאָשל, אַז ס׳זאָל צוגיין באַ זיי אַביסל מער אידישלעך, אַפן אלטן אידישן שטייגער? וואָלט דען ניט שענער געווען אַ מיניען אידן, טאַקע עמעסע אידן, היימישע, מיט בערד און מיט היטלען, זאָלן זיך אַרומדרייען אין שטוב? עס זאָל זיין אויך א ראָוו און אַ כאַזן און אַ שאַמעש: דער ראָוו זאָל מעקאַבל קיניען זיין, דער כאַזן זאָל לייענען די טנאָים, און דער שאַמעש זאָל געבן אַ שליידער אין דער ערד אַריין דעם ערשטן טעלער, און דער גאַנצער אוילעם זאָל אויסרופן: „מאַזל־טאָוו!” וואָס איז די שיינקייט אין דעם, וואָס כאָסן־קאַלע היינגען איינס באַם אַנדערן אַף דער האַנט? דער כאָסן גייט אָן אַ היטל, און אַפילע דער טאַטע זיינער, דער מעכוטן — אים איז אויך שווער דאָס היטל אַפן קאָפּ. אַ וויסטע מעדינע אָט דאָס אַמעריקע!

אַזוי טראַכט זיך די פרומע כאַזנטע און לאָזט אויס איר פאַרביטערט האַרץ אַף איר מעכוטנס קאָפּ, לעמאַי ער גייט אָן א היטל. זי רופט זיך אָן צו אים:

— מיילע יונגוואַרג, אַז זיי פירן זיך אַזוי העפקערדיק, איז גאָרניט. היינטיקע וועלט, ווי איר רופט עס אָן, אַרטיסטן. אָבער איר, אַ איד מיט אַ באָרד, האָסטו געזעען אַביסל!...

באַ די ווערטער האָבן אַלע זיך איבערגעקוקט: סטעלמאַכס באָרד האָט די לעצטע צייט געכאַפּט פונם באַרבער א מיעסן אָפּשניט, אזוי אַז ס'איז נאָר געבליבן א סימען פון א באָרד. און אַלע האָבן זיך צעלאַכט, אויסער דער כאַזנטע. זי האָט אויך אופגעהויבן אירע פרומע אויגן און דערזעען איר מעכוטנס איבערגעבליבן שטיקל באָרד, האָט זי מער ניט געזאָגט גאָרניט. זי האָט נאָר אַ זיפץ געגעבן, איבערגעמישט אַ בלעטל אין קאָרבן־מינכע און גענומען זאָגן שטילערהייט און גיך און מיט אַ ניגן:

— שומר ישראל שמור שארית ישראל ואל יאבד ישראל האומרים שמע ישראל...

קאַפּיטל 50

## א גליקלעכער טאָג.

האַצלאָכע און שלימאַזל—דאָס זענען אַזעלכע געסט, וואָס קוים פּאַרקליי־בען זיי זיך צו עמעצן, באַזעצן זיי זיך פעסט און פאַרגעסן דעם זיי־געזונט. אַ מענטשן, אַז עס הייבט אָן גיין, איז קיין קאַטאָ־ווער ניט!

מייער סטעלמאך איז געווען איינער פון די גליקלעכע, וואָס די האַצלאָכע האָט זיך צו אים פּאַרקליבן און געשפּילט אָן אַן אופהער. סיי געלט, סיי קאָוועד האָבן זיך ווי געגאָסן פונם הימל, זיך געריסן און געקראָכן צו אים אין שטוב אַריין. אים האָט געפעלט איצט נאָר איין זאַך: דערלעבן אַ נאַכעס אין זיין זון — און ער האָט אים דערלעבט.

אויב עס האָט זיך געפונען ווען עס איז אַמאָל אַף דער וועלט אַ גליקלעכער פאָטער — איז דאָס געווען יענעם טאָג געוויס ניט קיין אַנ־דערער, נאָר דער גליקלעכסטער פון אַלע פאָטערס, מייער סטעלמאַך. ער האָט נישט געפילט די ערד אונטער זיך. עס האָם אים געטראָגן אין דער לופטן. פאַר גרויס נאַכעס האָט ער גענומען די קינדער און איז אַוועק מיט זיי אין דער גרעסטער ביזשוטערי, זיך געהייסן באַווייזן די פיינסטע דיימאַנטס און געבעטן ראָזען, זי זאָל זיך אויסקלייבן דאָס בעסטע און דאָס טייערסטע אַף זיין רעכענונג — „ניט זשאַלעווען זיין

געלט". און ראָזאַ האָט אים צוליב געטון. זי האָט אים געשטעלט צום צעטל, ווי עס געהער צו זיין, „ניט געזשאַלעוועט זיין געלט".

מייער סטעלמאַך האָט זיך יענעם טאָג געמוזט מודה זיין, אַז דאָס איז אים דאָס ערשטע מאָל אַף זיין לעבן, וואָס ער טראַנזשירט געלט מיט אַזאַ ברייטער האַנט און מיט אַזאַ גרינג האַרץ. ס'איז, ז'אַכט זיך, גאָר ניט געווען אַזאַ זאַך אַף דער וועלט, וואָס זאָל זיין יענעם טאָג באַ אים צו טייער צוליב ראָזען. „דושינקע! אַד כאַצי האמאל־כעס!" — האָט ער איר געזאָגט אַף לאָשנקוידעש פאַר גרויס פרייד און פאַרטייטשט אַף אידיש: „דאָס טעלערל פונם הימל!"...

נאָכן עסן, אַז ס'איז געווען קעטויוו לעוו האַמעלעך באַיאָין, דער פאָטער סטעלמאַך איז געזעסן באַ זיין זון אין אַ ווייכן פאָטעל, האַלב צעשפּי־לעט, מיט אַ האַוואַנאַ־סיגאַר אין מויל, און סטעמלאַך דער זון איז ארומ־געגאַנגען הין און צוריק איבערן צימער און געפאַנטאַזירט אַף זיין אַל־טער סטראַדיוואַריוס־פידל, האָט זיך מייער סטעלמאַך צוגעזעצט צו ראָזען און גענומען איר שטילערהייט שעפּטשען זיסע ווערטער בעסאָד. דער סאָד איז געווען: צי ווייסט זי כאָטש, וויפל זיין גרישאַ האָט נאַדן?...

ראָזאַ, וואָס איז געזעסן אָנגעשפּאַרט אַף איר האַנט און ניט אַראָפּ־געלאָזט קיין אויג פון גרישען און פון זיין פידל, האָט דעם סאָד ניט געהערט און ניט געוואָלט הערן. איר נשמה איז געווען איצט אינ־גאַנצן דאָרט, אין יענער וועלט, וואוהין עס האָבן זי פאַרטראָגן די הימלשע מעלאָדיען, וואָס דער גרויסער קישעפמאַכער גרישאַ סטעלמאַך האָט אַזוי גרינג און אַזוי גלאַט אַרויסבאַקומען פון זיין אַלטער טייע־רער סטראַדיוואריוס־פידל.

נישט קיין גרויסאַרטיק באַלייכטער זאַל אין דער גרויסער וועלט, נישט קיין גלענצנדעס צוגעקליבן פּובליקום פון לויטער אַריסטאָקראַטן, מאַגנאַטן, מיליאָנערן און דאַמען, נישט קיין קעניגלעכע פּאַלאַצן האָבן אופגעכאַפּט דעמדאָזיקן מאַעסטראָ און אַוועקגעטראָגן אים אַף זיין סטראַדיוואריוס־פידל אין אַ וועלט פון הימלשע געזאַנגען, פון געטלעכער מוזיק און פון גאַניידן־מעלאָדיען. ניין. סאַכאַקל איין וואָרט, דאָס גוטע זיסע וואָרט „יאָ", וואָס ראָזאַ האָט אים ערשט היינט געזאָגט, — דאָס־דאָזיקע איינע וואָרט האָט באַוועגן דעמדאָזיקן יונגן, נאָר גרויסן קישעפ־מאַכער, ער זאָל באַווייזן וואונדער אַף זיין פידל.

און זיין פידל האָט ניט געשפּילט, נאָר גערעדט. גערעדט אַף אַ געטלעכער שפּראַך, אַזאַ שפּראַך, וואָס נאָר אַ גרויסער אַרטיסט קאָן אַזוי רעדן און נאָר אַ גרויסער אַרטיסט קאָן זי פאַרשטיין. עס האָט זיך געדאַכט, אַז מאַלאָכים האָבן זיך געטראָגן אין דערדאָזיקער וועלט פון

הימלשע געזאַנגען, אין דעמדאָזיקן יאַם פון ניט־ערדישע קוילעס. זיי האָבן זיך געטראָגן אויף און אָפּ. זיי האָבן באַגריסט און געזונגען אַף טויזנטער־טויזנטער קוילעס. זיי האָבן געלויבט און געגעבן אַ שעוועך צו דעם, וואָס האָט באַשאַפן דידאָזיקע גרויסע שיינע וועלט פון געזאַנג, פון מוזיק, פון שיינקייט, פון קישעף און פון ליבע. ניין. גרישאַ סטעלמאַך האָט שוין לאַנג אַזוי ניט געשפילט. גרישאַ סטעלמאַך האָט נאָך קיינמאָל אַזוי ניט געשפילט, ווי אין יענעם פרימאָרגן. אין יענעם פרימאָרגן איז געפייערט געוואָרען אַ יאָנטעוו אין זיין האַרצן, אַ סימכע, אַ פרייד אין זיין נעשאָמע. הונדערעטער גערטנער האָבן דאָרטן אופגעבליט. טויזנטער פייגלען האָבן דאָרטן געזונגען. און ער האָט ניט אופגעהערט צו רעדן אַף זיין געטלעכער שפראַך, אַלעמאָל זיסער און שטאַרקער. ער האָט ניט אופגעהערט צו דערציילן ראָזען אַף זיין פידל שיינע מאַיסעס. ער האָט ניט אופגעהערט צו טרוימען פאַר איר זיסע מיט גאָלד־געוועבטע כאַלוימעס — און ראָזאַ, וואָס האָט פאַרשטאַנען דידאָזיקע געטלעכע שפראַך מער פון אַלעמען, האָט זיך צוגעהערט צו דידאָזיקע שיינע מאַיסעס, צו דידאָזיקע זיסע מיט גאָלד־געוועבטע כאַלוימעס. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז אָט־אָט גייט איר אויס דאָס כאַיעס, אָט־אָט פליט אַרויס איר נעשאָמע און באַהעפט זיך מיט אָט דער וועלט פון געזאַנגען און ווערט דערטרונקען אין אָט דעם יאַם פון הימלשער מוזיק און ניט־ערדישע מעלאָדיען.

גרישאַ האָט געענדיקט, און ראָזאַ, פאַרגעסן אָן דעם פאָטער סטעלמאַך, איז אים געפאַלן אַפן האַלז... זי וואָלט אים אויך געפאַלן צו די פיס, אַזוי ווייט געריררט איז זי געוועזן פון זיין היינטיקן שפילן. זי האָט זיך אָבער באַלד פאַרכאַפט, צוגעלאָפן צום פאָרטעפּיאַן, אופגעריסן דאָס דעקל, גענומען אַ פאָר מעכטיקע אַקאָרדן און אוועקגעשטעלט זיך זינגען — אָן אַ באַשטימטן פלאַן, אָן נאָטן, נאָר גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין. זי האָט ניט געזונגען, נאָר עס האָבן זיך געגאָסן קוילעס. עס האָבן זיך געשאָטן רולאַדן און טרעלן. עס האָבן זיך געטראָגן געזאַנגען און מעלאָדיען אַזעלכע, וואָס קיין אויער האָט דאָס נאָך ניט געהערט, וואָס קיין קאָנצערט־זאַל האָט נאָך ניט זוכע געווען דערצו.

אַזוי זינגט אַ סאָלאָוויי פאַר זיך, איינער אַליין אין וואַלד, און גיסט זיך אויס אַפן האַלז זיינע פאַרבאָרגענע געפילן, די טיפע בייגקעניש פון זיין עלנטער נעשאָמע... דאָס איז געווען אַ מאָדנער, אַ זעלטענער קאָנצערט. אַ קאָנצערט־עקספּראָמט.

— וויפל טויזנטער דאָלאַרס וואָלטן באַצאָלט די אַמעריקאַנער יענקיס פאַר אָט דעם קאָנצערט? — אַזוי האָט זיך געטראַכט דער גליקלעכער פאָטער סטעלמאַך, דער איינציקער צוהערער פונם דאָזיקן זעלטענעם

קאָנצערט־עקספּראָמט, און איז שיר ניט צעגאַנגען פאַר טאַנעג און פאַר נאַכעס.

— ווייסט איר, קינדער, וואָס איך וועל אייך דערציילן? — האָט זיך אָנגערופן דער גליקלעכער פאָטער נאָך דעמדאָזיקן קאָנצערט. — ווייסט איר, וואָס איך האָב צוגעטראַכט אין דער מינוט?

— וואָס האָט איר צוגעטראַכט אין דער מינוט? — האָבן אים ביידע אַ פרעג געגעבן, אויסגעדרייט צו אים זייערע יונגע שיינענדיקע פּנימער און אַוועקגעשטעלט אַף אים זייערע אין דער מינוט פאַרליבטע און מיט גליק שיינענדיקע אויגן.

דער גליקלעכער פאָטער האָט זיך אָנגענומען מיט דער האַנט באַ דעם אָרט, וואו ס'איז אַמאָל געווען א באָרד, און האָט אויסגעזונגען מיט אַ געמאָרע־ניגן:

— אַז דער צאַר פון טראָגן איז יאָ אַזוי גרויס, אַז מיר האָבן יאָ אַזאַ גוטן גאָט, און דער גוטער גאָט האָט אונז יאָ געשיינקט אַזאַ גוטן טאָג, און דער אָוונט איז באַ אונז היינט בעמיילע אַ פרייער אָוונט, וואָלט עפּשער געווען אַ סוואָרע, אַז מיר זאָלן זיך דורכפאָרן אין אַ אידיש טעאַטער? איך וועל שוין באַ מיין אַמעריקאַנער פויגל ווי עס איז פויעלן, אַז היינט זאָלן מיר זיין אינגאַנצן פראַנק און פריי, אינגאַנצן אַליין. וואָס וועט איר זאָגן דערוף, מיינע ליבע טייבע־לעך?

די ליבע טייבעלעך האָבן זיך איבערגעקוקט און אויסגערופן מיט אָפענער פרייד:

— אָל־רייט — אין אַ אידיש טעאַטער. אָל־רייט!

— און פון טעאַטער, מיינע ליבע קאַנאַריקלעך, אין אַ אידישן רעסטאָראַן אַף אידישע פיש מיט אידישע געבראָטנס, מיט אידישע העלזלעך?

— בראַוואָ, בראַוואָ! — האָבן אונטערגעכאַפּט די ליבע קאַנאַריקלעך מיט אַ געלעכטער, און עס איז דערנאָך אַוועק אַ סעדרע: אין וואָסער טעאטער זאָל מען פאָרן? אין ניו־יאָרק איז פאַראַן עטלעכע אידישע טעאַטערס, וואָס שפּילט מען היינט?

— וואָס שפּילט מען היינט? אָט וועל איך אייך באַלד זאָגן.

דערוף איז דאָך טטעלמאַן, שאַיעך צו זאָגן, עפּעס אַ „ליובּיטעל" פון זשאַרגאָן. ער קויפט אַלע טאָג אַלע אידישע צייטונגען, זשורנאַלן און ביכלעך. ער ווייסט גאָרניט, וואוהין וועט ער זיך אַהינטון מיט אַזויפיל פּאַפּיר? אַרויסוואַרפן איז אַן אוויירע: אַ אידיש וואָרט איז באַ אים הייליק. פירן מיט זיך—דאַרף מען האָבן וואַנדערבילדס פאַרמעגן אַף באַזונדערע קאַסטנס מיט באַגאַזש!

און מייער סטעלמאַך האָט זיך אַ נעם געגעבן צו די בערג אידישע צייטונגען, וואָס זענען געלעגן צעוואָרפן אַף טיש און אַף ביינק, דורכגעקוקט אַף איין פוס און אַ פּאַטש געגעבן זיך אין שטערן:

— קינדער, מיר האָבן אַ גרויסן גאָט! היינט איז יאָנטעוו אין אידישן טעאַטער. היינט טרעט אוף צום ערשטן מאָל אין ניקעל־טעאַטער אַ באַרימטער אַרטיסט פון בוקאַרעשט, עפּעס איינער אַ ראַפּאַלעסקאָ. מיר דאַכט, איך האָב אייך שוין דערציילט וועגן אים? די בלעטער פויקן שוין פון אַ צייט וועגן דעמדאָזיקן שטערן. ער מוז זיין אַ גרויסער קנאַקער, אָט דער ראַפּאַלעסקאָ! וואָרום מע שרייבט וועגן אים עפּעס גאָר כידושים. זעט איר? אָט־אָ: „די קעניגן פון רומעניע קאַרמען סילוואַ"... „דער גרויסער זאָנענטאַל פון וויען"... „פּאָסאַרט, באַרניי, אירווינג, ראָסי" — עס טוט זיך כוישעך. קינדער, מיר האָבן אַ שטאַרקן גאָט!

אַזוי האָט אויסגעלאָזט דער גליקלעכער פּאָטער, און עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן באַ אַלע דריי טאַקע אָט דאָ אַפּן אָרט אַ פּראָגראַם פאַרן גאַנצן אָוונט: פריער אין ניקעל־טעאטער, דערנאָך אין שאָלעמס רעסטאָראַן. דאָרט קאָכט מען רומעניש פּאַפּרעצירטע פיש און מע פאַרטרינקט מיט אַ בעסאַראַביער פּאָמיאַק. שאָלעם איז באַרימט. זיין „פּיקטשור" איז פול אַלע אידישע בלעטער. איר עפנט אוף אַ בלאַט־צייטונג — שפּרינגט אייך אַקעגן שאָלעם מיט זיין רעסטאָראַן.

— אַלזאָ, פריער אין ניקעל־טעאטער, דערנאָך צו שאָלעמען אין רעסטאָראַן. וואָס וועט איר דערוף זאָגן, ווייסע כעוורעניקעס?

וואָס זאָלן זאָגן די ווייסע כעוורעניקעס? פאַרשטייט זיך, אַז זיי זענען אַף אַלצדינג מאַסקים. די ווייסע כעוורעניקעס זענען קיינמאָל אַזוי ניט אופגעלייגט געווען, ווי דעם פרימאָרגן, און האָבן קיינמאָל דעם פּאָטער ניט געזעען אַזוי אופגעלייגט, אַזוי לעבעדיק, אַזוי מילד און אַזוי גליקלעך. איצט בלייבט איבער נאָר איין זאַך: קריגן אַ לאָזשע אין אידישן טעאַטער, אַ לאָזשע פאַר זיי אינדרייען.

— פּע! אָבער גאָר לוי מיט אַ ספּאָדיק! — האָט זיך אָנגערופן סטעלמאַך דער פּאָטער. — אַלצדינג יאָ, נאָר דאָס נישט. דאָס וועט נישט גיין! פאַרוואָס? וואָרום אַזוי. אַ לאָזשע וועל איך אייך נעמען. די בעסטע לאָזשע. נאָר פאַר אייך אינצווייען. איר וועט אייך זיצן ביידע געזונטערהייט אין דער לאָזשע, און איך — אין פּאַרטער. פאַרוואָס? אַ פּאָשעטער סייכל: איך, פאַרשטייט איר מיך, בין מיט אייך אין אידישן טעאַטער קיין מעכוטן ניט. איך בין פאַר אייך אַ שאַטנעז. מיך קאָן נאָך עמעצער דערקענען, און אייך ניט. אַ מאַקע דאַרף עמעצער וויסן, ווער סע זיצט אין לאָזשע. כאַיעס ניט זיכער! דו, גרישאַ, וועסט אָנרוקן, פאַרשטייסטו מיך, דיין גרויסע ווייכע שליאַפּע איבער די אויגן, און דו, ראָזאַ, וועסט

זיין אַזוי גוט און פּרוּװ און װעסט אַנטון דעם גרעסטן הוט, װאָס דו פאַרמאָגסט נאָר, אַזוי אַז מע זאָל זיך דאַרפן גוט אָנבייגן און ערשט דעמאָלט זען אַ פייג, ניט קיין אויגן. פאַר אַ אידן דאַרף מען, פאַר־שטייט איר מיך, זיין פּאָרזיכטיק, כאַ־כאַ. אַ איד איז קיין קאַטאָװעס ניט. לאָז נאָר איין איד, לעמאָשל, אָנשמעקן, װער ס'איז געװען אין לאָזשע, אַזוי זענען פול אף מאָרגן אַלע אידישע בלעטער מיט אָט אַזעלכע גרויסע קעפּלעך: די גרעסטע סטאַרס פון דער װעלט, גרישאַ סטעלמאַך און ראָזאַליאַ ספּיװאַק, אין אידישן טעאַטער — כאַ־כאַ! דער, װאָס װייסט ניט, װעט זיכער מיינען, אַז גרישאַ סטעלמאַך און ראָזאַ ספּיװאַק שפּילן שוין אין אידישן טעאַטער. נאָך דאָס פעלט מיר — כאַ־כאַ!

אָט װי אַזוי פריילעך עס האָט זיך אָנגעהויבן פאַר אונזער גליק־לעכן סטעלמאַך דער־דאָזיקער גליקלעכער טאָג.

קאַפּיטל 51

## אַ קאָנטר־װיזיט.

אונזער פריינט לעזער דאַרף געדיינקען דעם װיזיט פון דער מאַדאַם טשערניאַק, אָדער ברײנדעלע קאָזאַק, בא ניסל שװאַלב, און די אָנצור־הערענישן, װאָס זי האָט אים געהאַט געגעבן, אַז אויב ער װיל, אַז זיין שװעסטער, הענריעטאַ שװאַלב, זאָל טראָגן דעם נאָמען ראַפּאַלעסקאָ, דאַרף ער זען, אַז דאָס זאָל געשען װאָס גיכער, אַז ניט — װעט זיין שפּעט...

עס פאַרשטייט זיך, אַז די־דאָזיקע װערטער זענען אונזער קאָמבינאַ־טאָר גוט אַריין, װי מע זאָגט עס, אין נאָז אריין. ניסל שװאַלב האָט זיך ניט באַרואיקט מיט די אָנצוהערענישן אליין. ער האָט געװאָלט װיסן אַביסל מער טיף און מער גרינטלעך, ארום װאָס דאָ האַנדלט זיך. האָט ער זיך ניט געפוילט און האָט זיך איינמאָל אין אַ פרימאָרגן מאַטוייעך געװען מיט אַ קאָנטר־װיזיט צו אָט דער כאַיע מיט דער רויטער ראָ־טאָנדע און מיטן מאַלפּישן פּאָנים.

דערפרעגט זיך בא דער שװעסטער דער מאַדאַם טשערניאַקס אַדרעס און די צייט, װאָס מע קאָן זי טרעפן אינדערהיים, האָט זיך אונזער שװאַלב געשלאָגן דורך גאַסן און געסלעך, אַרופגעקלעטערט גאַנץ הויך אף אַ צװועלפטן שטאָק ערגעץ אין ברוקלין, און קאָם געטראָפן אין אַ לאָך, זיך געמוזט רעכט איינבייגן, איידער ער אי אריינגעקראָכן אַהין.

— העלאָ! דאָ וואוינט די מיסעס טשערניאַק?

די מיסעס טשערניאַק איז געווען אָנגעטון אין איר מאַטינע, אזא מין מאַרגנקלייד מיט ברייטע אַרבל און מיט אַ שטאַרק אויסגעשניטענעם האַלז, און מיט שטעקשיך אַף באָרוועסע פיס. די האָר נאָך ניט צוגע־קעמט און דאָס קיידערל נאָך ניט אינגאַנצן אופגערוימט. דאָס בעט איז נאָך ניט געווען צוגעבעט, דאָס באַרעל מיסט איז נאָך געשטאנען בא דער טיר, און אַפן טיש זענען געווען סימאָנים פון דעם נעכטיקן סאַפּער. דערזעען פאר זיך אזא אומערוואַרטעטן גאַסט (עס איז נייטיק צו באַ־מערקן, אַז פון זינט ברײנדעלע קאָזאַק איז אין אַמעריקע, איז ניסל שוואַלב דער ערשטער מאַנספּאַרשוין, וואָס האָט אַריבערגעטראָטן איר שוועל), האָט זי זיך טכילעס ווי דערשראָקן, נישט געוואוסט, וואָס צו טון פריער: צי זאָל זי אַרופוואַרפן אַף זיך אַן אנדער קלייד, צי זי זאָל צודעקן דאָס בעט, אָדער זי זאָל אַרויסטראָגן דאָס באַרעל מיסט, אָדער זי זאָל צונעמען פונם טיש די סימאָנים פון נעכטיקן סאַפּער? פאר גרויס אימפּעט האָט זי פאַרגעסן בעטן דעם גאַסט זיצן, און אליין איז זי אויך געבליבן שטיין, אַראָפּגעלאָזט די הענט און געוואַרט, וואָס וועט ער איר זאָגן. ניסל שוואַלב האָט געזעען, אַז זי איז צעדרייט, האָט ער זיך אַליין אַוועקגעזעצט און אויך דער מאַדאַם טשערניאק אונטערגעטראָגן אַ שטול, און גענומען זי באַרואיקן מיט זייטיקע געשפּרעכן, אַנגענומע ווערטער. ער האָט איר גאַנץ אופריכטיק געזאָגט, אַז ער האָט זיך שוין לאַנג געוואָלט מיט איר באקענען אַביסל נעענטער. אוביפראַט, נאָך איר וויזיט, פילט ער זיך שולדיק אַ קאָנטער־וויזיט. און אַגעוו האָט ער גע־וואָלט זיך מיט איר דורכרעדן אַביסל וועגן היימישע זאַכן, פאַמיליען־אַנגעלעגנהייטן... ער פילט, אַז מיט איר מעג ער רעדן פון אַזעלכע זאַכן, וואָס מיט קיין אנדערן וואָלט ער עס געוויס ניט גערעדט... רעדן אַלצ־דינג פראַנק און פריי, ווארום ער איז אַ דזשענטעלמען און אַן אָפנט־לעכער מענטש (דאָ האָט זיך שוואַלב צעשפּיליעט, אַרויסגעשטעלט דעם קיילעכיקן בויך, וואָס איז געווען באַלייגט מיט אַ ווייסער וועסט און מיט אַ גרויסער גראָבער גאָלדענער, אָדער פאַרגאָלדעטער קייט).

— איר קאָנט זיין זיכער. אז אַלצדינג, וואָס מיר וועלן דאָ רעדן וועט דאָס דאָ בלייבן. אָט־אָ דאָ, אין די פיר ווענט.

ניסל שוואַלב האָט אַ וויַיז געגעבן מיט ביידע הענט אַף די פיר ווענט פון דער מאַדאַם טשערניאַקס קיידערל און האָט איר אין איינוועגס געמאַכט אַ קאָמפּלימענט: ווי שיין, ווי ריין, ווי זויבער דאָ איז! ער האָט שוין לאַנג אזא זויבערקייט ניט געזעען, ער זאָל אזוי האָבן אַלע־מענס גוטס! ניט שוין־זשע זיצט זי דאָ איינע אליין?

— איינע אליין, עלנט ווי אַ שטיין, — האָט איר די מאַדאַם טשער־ניאַק געענטפערט צום גראַם און מיט אַ טיפן זיפץ און איז רויט געוואָרן, ווי אַ צוויק, און האָט אַזש אָנגעהויבן צו שוויצן.

— מיר זענען דאָ אַלע עלנטע. איך בין אויך איין מענטש אַליין, עלנט ווי אַ שטיין, — איז איר שוואַלב אריינגעפאלן אין טאָן אריין, מער נישט ווי צו איבערקייען אירע ווערטער. די מאַדאַם טשערניאַק האָט דאָס אָבער אנדערש פארשטאַנען. זי האָט זיך צוגעזעצט צו איר ליבן גאַסט וויזאַווי, צורעכט געמאכט זיך די האָר מיט ביידע הענט, צוגע־געבן איר קיילעכיקן לעוואָנע־פּאָנים מיט די יאַפּאַנישע אייגלעך דאָס שענסטע קאָקעט־נאַאיווע שמייכעלע, וואָס זי האָט נאָר פארמאָגט, און אַ פרעג געגעבן איר קלוימערשט פארבייגייענדיק:

— איר זענט דען אַ סינגעלמען?

אַף איר איינגליש וואָרט „סינגעלמען" האָט איר ניסל שוואַלב אויך אָפּגעענטפערט מיט אַן איינגליש וואָרט: „שאַור!" וועלכס זאָל באַדייטן: „אַוואַדע!" און צוגעלייגט אַף אידיש:

— נאָך אַ מין סינגעלמען! צווישן סינגעלמענס אַ סינגעלמען!

געוואָרע געוואָרן אַף אַזאַ אויפן פון איר גאַסט, אַז ער איז נאָך ניט קיין באַווייבטער, איז די מאַדאַם טשערניאַק געוואָרן צו אים נאָך מער פריינטלעך און צוגעלאָזט, און ביידע אַרבל פון איר מאַטינע האָבן זיך בא איר פאַרקאַטשעט ביז אַריבער די עלנבויגנס, און טראָפּנס שווייס האָבן ארויסגעטראָטן אַף איר אייבערשטע ליפּ, וואָס איז געווען באַ־וואַקסן מיט שווארצע האָר.

— ווי קומט עס? — האָט זי אים א פרעג געגעבן מיט זייער א ליב־לעכער מינע, אויסגעמישט מיט נייגיריקייט און מיטלייד.

— אָט אַזוי אָ. אַז מע איז טאָמיד ביזי. טאָג ווי נאכט איז נאָר הור־האַ. קומט דער פרימאָרגן, לויפט מען ארום אַהין־אַהער. מע האָט קיין צייט ניט אַפילע נעמען א שיוו, כאַפּן א דרינק, פארבייסן מיט א סענדוויטש. פון שלאָפן שמועסט מען ניט. ניט איין מאָל מאכט זיך, אַז מע כאַפּט א דרימל גייענדיק, ווי איר זעט מיך א שווימענדיקן. איר וועט מיר גלויבן, צי ניין? — עס גייען אוועק וואָכן, מאָנאַטן, וואָס מע עסט ניט, מע טרינקט ניט און מע שלאָפט ניט. איך זאָל אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס!

די מאַדאַם טשערניאַק, וואָס האָט אויסגעהערט איר גאַסט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט, האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און האָט זיך צוגערוקט צו אים נענטער, ארופגעלייגט ביידע האַלב־נאַקעטע הענט אַף איר הויכער ברייטער רייכער ברוסט, וואָס האָט אויסגעזען אונטערן גאָרסעט, אויב ניט אַזוי ווי די צוויי גאַזעלן, וואָס בא דער שולאַמיס פון שיר־האַשירים, נאָר ווי צוויי אונטערגעבעטע קאָפּנקישעלעך אוואדע.

— נישט גוט אזוי, — האָט זי אים פּירגעהאלטן, ווי א געטרייע מוטער. — נישט גוט. א מענטש טאָר זיך ניט אָפּלאָזן. מע דארף אין זינען האָבן זיך אויך...

— ווי קאָן מען אינזינען האָבן זיך, אַז מע האָט אזא האָרב אף די פּלייצעס? איך מיין דאָס מיין שוועסטער די פּרימאַדאָנאַ. איר מאילע איז, וואָס זי איז אַ שיינע, און דער כיסאָרן — וואָס זי איז שוין צו אַ שיינע. וואָס צו, איז איבעריק... גאָט זאָל מיר העלפן, מיין שוועסטער זאָל שוין כאַסענע האָבן, און מיין ברודער איזאַק זאָל קריגן עפּעס אַ רעכטן דזשאָב, וואָלט איך דעמאָלט עפּשער אינזינען געהאַט זיך אויך... שוין צייט, כאָטש איך בין נאָך... וויפל, רעכנט איר, בין איך אַלט מיין אייגנס? אַנו, טרעפט.

וואָס איז דער כידעש, אַז נאָך אזעלכע שמועסן איז די מאַדאַם טשערניאַק צעווייקט געוואָרן, און איר פאַרשטיינערט האַרץ איז צעגאַנגען, ווי אַ פּוטער? אַך, וואָס פאַר אַ מאַן דאָס איז! וואָס פאַר אַ דזשענטעלמען! אַן עמעסער דזשענטעלמען! היינט גייט שאַצט אָפּ אַ מענטשן נאָך זיין אויסזען. זי וואָלט אין איר לעבנס־לעבן ניט געזאָגט, אַז אָט דער הויכער ריזיקער דזשענטעלמען זאָל פאַרמאָגן אַזאַ צערטלעכע נעשאָמע. און דאָס פּאָנים זיינס? און דאָס לאָשן? און דאָס שמייכעלע? און אלע זיינע פּאָסטעמפּקעס? — אַ קאַפּאָרע אַסאַך־אַסאַך מאַנסבילן פאַר זיין מינדסטן נאָגל!...

בריינדעלע קאָזאַק האָט זיך שוין לאַנג ניט געפילט אזוי אופגעלייגט און אַזוי גרינג, ווי זי האָט זיך געפילט מיט אָט דעם גאַסט. זי געדיינקט ניט, מיט וועמען זי זאָל אמאָל רעדן אַזוי אָפּנטלעך, ווי זי האָט גערעדט מיט אָט דעם דזשענטעלמען. זי האָט אים אַנטפּלעקט, קאָן מען זאָגן, אינגאנצן איר האַרץ, עס איז ניט געווען אַ זאַך, וואָס זי זאָל פאַר אים פאַרלייקענען.

ניין. ניסל שוואַלב האָט קיין כאַראָטע ניט געהאַט, וואָס ער האָט זיך באַמיט צו אָט דער כאַיע מיטן מאַלפּישן פּאָנים. אָט דער קאָנטער־וויזיט האָט אים געעפנט די אויגן. עס איז אים קלאָר געוואָרן אַסאַך זאַכן: דער שטילינקער ראַפּאַלעסקאָ מיט זיין שטילן ראָמאַן, דאָס אַרומגיין זיינס צעטראָגן, און די שיינע געשיכטע פון כאַזנס מיידל, וואָס שפּילט היינט אַזאַ גרויסע ראָל אין דער טעאַטער־וועלט, — אַלצדינג איז איצט געווען פאר אים קלאָר, ווי אַף אַ טעלער.

גייענדיק צוריק פון זיין קאָנטער־וויזיט און פייפנדיק אַ פריילעכן ניגן, האָט זיין קאָמבינירנדער קאָפּ געאַרבעט אַ קאָמבינאַציע, אַ געניאַלע קאָמבינאַציע.

## קאַפּיטל 52

# באם לאָמזשער כאַזן אף א גלעזל טיי.

ניסל שוואַלב איז ניט געגאַנגען צו זיך אַהיים. קודעם האָט ער פאַרבלאָנזעט צו זיין שוטעף און צו זיין באַלאַיצע — צום מיסטער קלאַמער, און מיט אים איינעם איז ער אַוועק צום לאָמזשער כאַזן וועגן זייער־זייער אַ וויכטיקע ביזנעס. וועגן א שפּאָגל־נייער קאָמבינאַציע.

וואָס פאַר א ביזנעס? וואָס פאַר א קאָמבינאַציע?—דאָס האָט מיסטער קלאַמער פון אים נישט געקאָנט דערביוועז זיך בעשומויפן, ניט מיט גוטן, ניט מיט בייזן. ניסל שוואַלב האָט געבעטן באַ אים איין זאַך — געדולד, און געשלעפּט אים קימאַט מיט געוואַלד צום לאָמזשער סאָלאָוויי, נישט אופגעהערט דעם גאַנצן וועג צו רעדן מיט הענט, פוּיקן און טאַראַבאַ־רען, ווי זיין שטייגער איז.

שוין אַז מע איז געוועזן נאָענט, קימאַט באַ דער שטוב, וואו דער כאַזן וואוינט, האָט זיך מיסטער קלאַמער אַוועקגעשטעלט—ער וועט נישט גיין. בא אים איז אַ פּרינציפּ: ער האָט פיינט אַ בלינדן עסרעג, אָדער ווי זאָגט דער איינגעלשמען: „איי דו נאָט באַי אַ פּיג אין א פּאָק״...

נאָר רעד איינגליש, רעד טערקיש, רעד טאָטערש—שוואַלב האָט אים אָנגענומען מיט זיין האַנויסן יאַד לעפּוישים און האָט אים א זאָג געגעבן מיטן האַרבן וואָרט:

— וועל! איר וועט בא מיר גיין.

געקומען, האָבן זיי געטראָפן דעם לאָמזשער סאָלאָוויי אָן א היטל און אָן אַ קאַפּאָטע, און דעריבער האָבן זיך אַרויסגעזען די ציצעס פונם טאַלעסקאָטן. אַרום אים איז געשטאַנען די כאַליאַסטרע, זיין אייגענע קאַ־פּעלע. ער האָט געשטודירט מיט זיי א נייעם קאָנצערט.

דערזעען די אַריינגעקומענע, האָט די כאַליאַסטרע זיך א וואָרף גע־געבן צו ניסל שוואַלב. די עלטערע האָבן אים געטרייסלט בא דער האַנט, און די קלענערע זענען אים געקראָכן אַף די פּלייצעס און האָבן אויס־געזען, ווי מערעשקעס אף אַ וויזלטיר. טכילעס האָט דאָס אָט דער אויג מעלעך האַבאָשן איבערגעטראָגן גאַנץ קאַלטבלוטיק און נאָך צוגעשמייכלט דערצו. דערנאָך האָט ער אָפּגעטרייסלט פון זיך דאָס קליינוואַרג און גע־געבן א הוק אַף דער כאַליאַסטרע:

— שאַראַפּ! אַרויס, מאַמזיירים, אַלע אין דרויסן אַרויס! קיין סאָריד אופּאַליט זאָל פון אייך ניט בלייבן! אָבער גיך! מיר האָבן דאָ אַ ביזנעס... סיי, כאַזן, וואו איז ערגעץ אייער מיסעס? רופט זי נאָר אַריין אַהער, מיר דאַרפן אָפּהאַלטן א קאָנפערענץ.

מאָלט אייך, דאָס זאָל זיך ערלויבן אַן אַנדערער, וואָלט ער זיך ניט געגאַרט פונם לאָמזשער סאָלאָוויי פאַר אַזאַ באַנעמען זיך. וואָס איז דאָס פאַר אַ לאָשן: „סיי, כאַזן״? און נאָך ערגער וואָלט ער אָפּגעשניטן פונם כאַזנס לויפערס. ער וואָלט געהאַט פון זיי אַ „שאַראַפּ״! נאָר דער פעטער ניסל (אַזוי הייסט בא זיי ניסל שוואַלב) מעג. דעם פעטער ניסל האָט מען ליב אַלע, פון קליין ביז גרויס, דערפאַר, וואָס דער פעטער ניסל איז אַ גוד באָי. דער פעטער ניסל האָט אייך פאַר יעדן איינציקן און צו יעדער צייט אַ גוט וואָרט. דעם דערלאַנגט ער אַ זעץ אין פלייצע. דעם — אַ קניפּ אין באַק. דעם — אַ רוק אין זייט. אַז ניט — וואַרפט ער אייך גאָר אַראָפּ דעם פּידזשאַק און שטעלט זיך אַוועק מיט אייך פייטן, מאַכן באָקס. דער פעטער ניסל וועט אייך קיינמאָל ניט קומען צו גיין מיט ליידיקע הענט. טאָמיד מוז ער עפּעס מיט זיך ברייגנען אָף צו קייען. אויך איצט האָט ער געבראַכט מיט זיך קענדי — דאָס, וואָס דעם כאַזנס כאַליאַסטרע האָט דאַווקע נישט פיינט. אין איין קערעף־אַיען האָט מען די קענדי צעכאַפּט און אָפּגעליידיקט די שטוב, און דער כאַזן האָט גענומען אָף זיך די קאַפּאָטע, אַריינגעכאַפּט זיך צו אַ נעכסטראָריקע שכיינע, אַרויסגערופן פונדאָרטן די כאַזנטע, און בא געשלאָסענע טירן איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנפערענץ.

— — — — — — — — — — — — — — —

דעמזעלבן טאָג, אַפּדערנאַכט, זענען איינגעלאַדן געוואָרן אַסאַך געסט צום לאָמזשער כאַזן אָף „טי־פּאַרטי״. באַ אונז ווערט דאָס אָנגערופן „אָף אַ גלעזל טיי״. און וואָס אַ גלעזל טיי באַטייט — דאָס פאַרשפּאָרט מען אייך שוין צו דערציילן. יעדער ווייסט, אַז דאָס גלעזל טיי איז ניט נאָר אַ גלעזל טיי, נאָר אויך אַ וועטשערע. און אַז ניט דאָס גלעזל טיי און ניט די וועטשערע איז דער איקער. דער איקער איז, אייגנטלעך, דאָס, וואָס קומט צווישן טיי און צווישן דער וועטשערע. „קליין טילים״ רופט מען דאָס בא אונז, און מיינען מיינט מען, פאַרשטייט זיך, אַ קערטל.

אַסאַך מענטשן דיינקען, אַז ווען, לעמאָשל, ס׳זאָל ניט זיין דער מין, וואָס מע רופט עס קאָרטן, אָדער מע זאָל די קאָרטן, כאָלילע ווערכאָס, פּלוצים אויסראָטן פון דער וועלט, וואָלט נישט געקאָנט עקזיסטירן קיין שום מענטשלעכע געזעלשאַפט. וואָס וואָלט מען געטון צווישן טיי און וועטשערע? דער ווירט מיט דער ווירטן וואָלטן געגענעצט. די געסט וואָלטן אַנשלאָפן געוואָרן. מענטשן וואָלטן אופגעהערט גיין איינס צו דאָס אַנדערע, שליסן באַקאַנטשאַפט, פירן געזעלשאַפט, און ביסלעכווייס־ביסלעכווייס וואָלט אונטערגעגאַנגען די וועלט. לאָזן זיך די, וואָס פריידיקן מאָראַל, זאָגן, וואָס זיי ווילן, — קאָרטן איז נישט קיין פוסטער אייסעק. אין דעם איניען פון קאָרטן איז די גאַנצע וועלט, קאָן מען זאָגן, איין

שטאָט. אומעטום, אויף דער גאַנצער וועלט, אַפילו אין די גאָר־ווײַטע מע־קומעס, קוים וואו עס געפינען זיך נאָר צוויי מענטשן, אַזוי ווערט גע־שפּילט אין קאָרטן. ניט מער איטלעכער אָרט האָט זיך זײַן שפּיל, און יעדעס שפּיל האָט זיך זײַן נאָמען. לעמאָשל, בײַ אונז, אין דער אַלטער וועלט, איז מען זיך נויעג—מע שפּילט שוין מער ניט אין קאָרטן. אן עק, אויס מאָדע געוואָרן שפּילן. וואָס־זשע דען טוט מען, אַז מע קומט זיך צונויף אויף אַ גלעזל טיי? מע „מאַכט אַ פּרעפערענסל", מע „כאַפּט אַן אָקעלע", מע „פאַרלייגט א ביינקל" אָדער מע „מאַכט זיך נאַריש מיט אַ טערטל־מערטל". דאָ, אין דער נייער וועלט, איז דעסגלייכן: אין קיין קאָרטן שפּילט מען ניט. פּע! דאָס טוען נאָר „געמבּלערס", שולערס, פּראָפעסיאָנאַליסטן. אָנשטענדיקע לייט, אַז זיי קומען זיך צונויף אויף אַ „טי־פּאַרטי", נעמט מען אַרויס טאַקע די אייגענע קאָרטן, וואָס בײַ אונז, נאָר מע „אַמוזירט זיך מיט אַ פּאָוקער", אָדער מע „פּייט זיך אין אַ פּי־נאָקל". אַביסל ווערט דאָס געטון בּיכדיי די צײַט צו פאַרטרייבן און אַביסל טאַקי לעשעם ביזנעס. יעדער זעצט זיך אַוועק צום טישל מיט די בּעסטע האָפענונגען און מיט דער בּעסטער איבּערצײַגונג, אַז ער וועט הײַנטיקן אָוונט געוויס זײַן אַ געוואונענער. און נאָכדעם—ווי דאָס גליק טראָגט אויס: אָדער ער שפּילט אויס, אָדער ער ווערט באַגראָבן. ס'איז א גאָטס זאַך.

אַצינד, אַז מיר ווייסן שוין, וואָס הייסט אַ „טי־פּאַרטי", ווען מיר גיין זען, ווער איז די געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך צונויפגעזאַמלט בּאַם לאָמזשער כאַזן אַפן גלעזל טיי.

קאַפּיטל 53

## אַ געמישטע געזעלשאַפט.

די געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך צונויפגעקליבן יענעם אָוונט בּאַם לאָמזשער סאָלאָוויי אַף דער „טי־פּאַרטי", איז שווער צו זאָגן, צו וואָסער אַ קלאַס זי געהערט, און דעריבּער איז דאָס אויך ניט גרינג צו באַשרייבן, אַזוי ווי ס'איז בּיכלאַל שווער צו באַשרייבן דאָס אַמעריקאַנער פּובּליקום אין דער גרויסער וועלט־שטאָט ניו־יאָרק.

דאָס איז געווען אַ מיש־מאַש פון טיפּן, מײַנסטנטייל לאַנדסלייט פון דער כעוורע „אַנשיי לאָמזשע", אַ בּינטל אידן פון אַלערליי מינים און פּראָפעסיעס.

אַפן ערשטן קוק האָט דאָס אויסגעזען אַפילע, אַז איינער מיטן אַנ־דערן געהער זיך ניט אָן גאָרניט. וואָרום וואָס פאַר אַ מעכוטן איז, לע־

מאָשל, אַ רעוורענד, דאָס הייסט — אַ ראָוו און אַ מויעל אין אַ קאַפּע לושל, מיט אונטערגעבויגענע פּייעלעך, און א קאָסטאָמער־פּעדלער, א איד אַ יאַדישליוער מיט א „זאַדישקע"?

אָדער וואָס פאַר א סמיכעס האַפּאַרשע איז אַן איידזשענט (אַן אַגענט) פון טייפּרייטערס (שרייבמאַשינעס), אַ וואוילער יונג מיט טרערנדיקע אויגן, און אַ היברו טיטשער (אַ מעלאַמעד), א קליין אידל מיט א געשטופּלט פּאָנים?

אָדער וואָס פאר א שאַיכעס איז א דראָגיסט (אַן אַפּטייקער), א טשאַכאָטעטשניק מיט בייזע אויגן, און א פּראָסטער בוטשער (א קאַצעוו) פון עסעקס־סטריט, וואָס שמעקט מיט אָקסנפּלייש?

אָדער אַ לענדלאָרד (אַ באַלעבאָס) פון אַן אייגענער דירע אף די בראָנקס, אַ שוואַרצער איד מיט אַ בולבעוואַטע נאָז, וואָס רעדט מיט א גראָב קאָל אַביסל הייזעריקלעך, און אַן אָפּרייטאָר (אַ שניידער) פון דער באָוערי מיט אַריינגעשטעלטע ציין?

און די אַלע אויסגערעכנטע פּאַרשוינען, וואָס געהערן זיי זיך אָן, איך בעט אייך, מיט א כאַזן און מיט א כאַזנטע, מיט אַקטיאָרן, אַקטריסעס, מוזיקאַנטן און אָשערס פון אידישן טעאַטער?

און דאָך האָבן זיך דאָ געפילט אַלע היימיש, אַלע גלייך, יעדער שטאָלץ באַ זיך דערמיט, וואָס ער איז אין אַמעריקע, וואָס ער האָט אַ ביזנעס און וואָס ער מאַכט אַ לעבן. קיינער האָט זיך ניט געבלאָזן אַפן צווייטן, ווי באַ אונז איז דער פאַל, אַז אַן אוילעם קומט זיך צונויף אַף אַן אַסיפע, אָדער אַף אַ סימכע. דער דעמאָקראַטישער גייסט פון דער אַמעריקאַנישער רעפּובליק לאָזט זיך פילן אף יעדן טריט און שריט אין דעמדאָזיקן לאַנד, און אונזערע ברידער, וואָס קומען אַהער טאָג־טעגלעך פון דער גאַנצער וועלט, אַקלימאַטיזירן זיך אַזוי גרינג, ווי אַנדערע פעלקער, אינם דאָזיקן שמעלץ־טאָפּ און זויגן אַריין אין זיך דעמדאָזיקן גייסט פון גלייכהייט אַזוי גיך, ווי מעגלעך.

אַלע דריי פּאַראַדנע כאַדאָרים פונם כאַזנס וואוינונג, דער פּאַרלאָר (זאַל), די דייניגגרום (עסצימער) און די בעדרום (שלאָפצימער) זענען געווען פול געפּאַקט מיט געסט. ווער עס האָט געטרונקען טיי, ווער עס האָט גערויכערט, ווער עס האָט געשפּילט אין שאָך און ווער אין פּינאָקל, און ווער עס האָט גלאַט אַזוי גערעדט, געפּלאַפּלט, געלאַכט און געגראַגערט. איינער האָט דערציילט היסנאַצלעס פון א דזשעניטאָר (הויז־פּאַרוואַלטער), וואָס גיט אַרויס אַלע וואָך נייע רולס (דינים) און רעגולייִשענס (מינהאָגים) פאַר זיינע טענענטס (שכיינים). דער אַנדערער האָט דערציילט א שיינע מאַיסע, נאָר א קורצע, ווי אַזוי מע האָט אים געוואָלט סוספּענדירן (אויסשליסן) פון דער יוניאָן (פּאַרבאַנד), געבן די סעק (אַרויס־

וואַרפן), האָט ער פאַרפירט קעגן דער יוניאָן אַ טרייעל (אַ פּראָצעס)...
דער דריטער האָט דערציילט פון א פייער (אַ סרייפע), וואָס האָט שיר פּאַסירט בא זיי אין דער פעקטאָרי (פאַבריק). א פערטער האָט געשמועסט פון ריעלעסטייט (ספּעקולאַציעס), סטאַקס (אַקציעס) און לאָטס (פּלעצער) און אַנדערע ביזנעס פון דער וואָל־סטריט. און כעוורע אַקטיאָרן און אַק־טריסעס האָבן זיך גערעדט פון זייערע אינטערעסן: ראָלן, סטאַרס, פּיעסן, יוניאָן, פולע הייזער, בענעפיס. און גערעדט האָבן אַלע אינייִנעם, אפן אידישן שטייגער, און אַלע האָבן זיי זיך דאָ געהאַלטן פריי און היימיש און לעבעדיק אַפן העכסטן ארט. און ווייל דער ליאַרם מיטן האַרמידער איז געווען אומגעהייער גרויס, אָנגערויכערט איז געווען אַזוי שטאַרק, ווי אין אַ שיינק, און הייס, ווי אין אַ באָד, איז קימאַט אומעגלעך גע־ווען צו באַמערקן יעדן איינציקן, ווער דאָס איז און וואָס פאר א פּאָנים ער האָט.

פון אונזערע באַקאַנטע פּאַרשוינען, אויסער דעם כאַזן מיט דער כאַזנטע מיט זייער כאַליאַסטרע, איז געווען צו באמערקן: מיסטער קלאַמער, אָנגעטון אין זיין יאָנטעוודיקן סמאָקינג און צעקעמט זיין הערצל־באָרד אף צוויי בער. ער איז געזעסן אַ טשער קעגן אַ טשער מיט זיין נייעם פּאַרט־נער, מיסטער ניקעל, וואָס האָט געהאַט אף זיך הייינטיקס מאָל זיין גאָל־דענעם וואַטש און טשיין (זייגער און קייט)—די מאַטאָנע פונם „פּרעזי־דענט אָוו דהי יונייטעד סטייטס אָוו אַמעריקאַ".ביידע האָבן זיי גערעדט איינגליש און ביידע האָבן געטריבן גאַדלעס, גרויסקייט פון זיך און דערציילט אף ערנוואָרט וואונדערלעכע זאַכן, וואָס אַ זייטיקער מענטש וואָלט זיך געמעגט ווינשן די אַלאָפים, וויפל דאָרט איז געפאַלן בלאָף...

עס זענען געווען אויך איזאַק שוואַלב און ברייינדעלע קאָזאַק. די צוויי זענען געשטאַנען אַרום א טישל און צוגעזען, ווי מע שפּילט אין קאָרטן. צווישן די שפּילערס און שפּילערנס איז געווען די פּרימאַדאָנאַ, הענריעטאַ שוואַלב, אָנגעטון אין אַלע אירע בריליאַנטן. זי האָט געפּיי־ערט, גערעדט און געלאַכט און געהיצט זיך מער פון אַלעמען. עס איז איר געגאַנגען דאָס בלאַט. נעבן איר איז געלעגן אַ הויפן מיט געלט. אַלע ליידיעס האָבן איר מעקאַנע געווען, און די מאַנספּאַרשוינען האָבן זיך איבערגעוואונקען, זיך דורכגעוואָרפן מיט ווערטלעך אף איר רעכע־נונג און האָבן פאַרצויגן זיך צו איר גאַנץ פריי, אף אַזויפיל פריי, אַז איינער א דזשענטעלמען, אַ גאָלועך, מיט אַ רויט פּאָנים, מיט א שפּיצע־כיקער נאָז און מיט א „דיימאַנדרינג" אַפן פינגער, וואָס איז געזעסן ווי־זאַווי, האָט איר עטלעכע מאָל שטאַרק אָנגעטראָטן אונטערן טיש אַפן פוס, טראָץ דעם, וואָס דער זשענטעלמען—מיר ווייסן עס פּאָזיטיוו—איז אַ באַווייבטער.

אין אַ זייט, אויף אַ ראָקינג־טשער (אַ וויג־שטול), איז געזעסן לעאָ ראַפּאַלעסקאָ, געדריכערט און געוויגט זיך. אַרום אים זענען געשטאַנען כעוורע אַקטיאָרן מיט געגאָלטע פּנימער און האָבן דערציילט טעאַטער־אַנעקדאָטן, איינס נאָך דאָס אַנדערע, און אויסגעדונערט אַלע מיט אַזאַ געלעכטער, אַז די ווענט האָבן געציטערט. מער פון אַלע האָט זיך אויס־געצייכנט איינער אַ קאָמיקער, אַ פאַרשלעפּטע קריינק, מיט אַזאַ דירעוו־דיק פּנים און מיט אַזעלכע לאַכנדיקע אויגן, אַז איידער ער הייבט נאָך אָן צו דערציילן, הייבט מען שוין אָן צו לאַכן. און ער אַליין לאַכט אויך־ און דאַווקע געשמאַק, אַזוי אַז ער כאַפּט זיך מיט ביידע הענט באַ די זייטן און בייגט זיך אַזש איין אין דרייען.

— ליידיעס ענד דזשענטעלמען! — רופט אויס אויף זיין זיס קאָל דער לאָמזשער כאַזן, וואָס האָט זיך אין דער קורצער צייט שוין אַזוי ווייט אויסגעגרינט, אַז ער רעדט שוין העכער האַלב אויף איינגליש. — ליידיעס ענד דזשענטעלמען! צום טיש, פּליעז (מע בעט), שוין פאַרטיק דער סאַפּער.

דער אוילעם האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן. די, וואָס האָבן נישט געטון גאָרניט, זענען גרייט געווען באַלד צו פאַרנעמען זייערע ערטער אַרום טיש, און די, וואָס האָבן זיך אַמוזירט אין „פינאָקל״, האָבן נאָר איבערגעציילט דאָס ביסל מעזומענס, איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן מיט צעפלאַקערטע פּנימער אַ רעפּאָרט (א ידיעה), ווער וויפל עס האָט געוואונען און ווער וויפל עס האָט פאַרלוירן.

## קאַפּיטל 54

## ניסל שוואַלב — טאָאַסטמייסטער

עס האָט זיך אַרויסבאַוויזן, אַז פאַרלוירן האָבן קימאַט אַלע, און געוואונען דאָס גאַנצע געלט האָט נאָר אונזער פּרימאַדאָנאַ, הענריעטאַ שוואַלב. עס איז איר דעם אָוונט געגאַנגען דורך טיר און דורך טויער. זי איז געווען אַזוי פאַרטראָגן אינעם ציילן דאָס געלד, און דאָס פּנים האָט איר אַזוי געפלאַמט, אַז זי האָט ניט געזען אַרום זיך קיינעם, נאָר דאָלאַרס, דאָלאַרס און דאָלאַרס. דער ברודער איזאַק און ברײַנדע־לע קאָזאַק, וואָס זענען די גאַנצע צייט געשטאַנען איבער איר און צו־געזען מיט זשעדנע אויגן, ווי זי זשעבערעט דאָס געלט צו זיך אין רי־דיקול אַריין, האָבן זי געפרעגט, וואָס רעכנט זי צו טון מיט די דאָ־לאַרס? צי וויל זי זיך לאָזן קויפן אַ מאָטאָרקאַר, אָדער דיימאַנדס, אָדער

אַ הייזקע (אַ שטיבל) אױף דער פֿינפֿטער עוועניו? הענריעטאַ האָט זיי אָבער אױף זייער וויצלען זיך נישט געענטפֿערט גאָרנישט. זי האָט גאָר־ניט געהערט אַפֿילע, וואָס מע רעדט צו איר. זי האָט דורכגעלאָזט אומ־באַמערקט די פּלאַטשיקע קאָמפּלימענטן פֿון אירע פּאַרטנערס, אַז זי שפּילט אין קאָרטן ניט ערגער, ווי זי זינגט אין טעאַטער...

— ביוטיפֿול (אויסגעצייכנט)! — האָט מיט באַזונדערער באַגייסטע־רונג אויסגערופֿן דער געגאָלטער דזשענטעלמען מיטן רויטן פּאָנים און מיט דער שפּיצעכיקער נאָז. דערדאָזיקער דזשענטעלמען האָט זיך די גאַנצע צייט שטאַרק געשאַרט ארום דער פּרימאַדאָנאַ. ער האָט געמאַכט איר כיינעוודיק־בוימלדיקע אייגלעך, געשמייכלט און באַלעקט זיך, ווי א קאָטער. עס ווייזט אויס, אז ער האָט זייער כיישעק געהאַט זיך אַוועקזעצן האַנט באַ האַנט מיט דער פּרימאַדאָנאַ, וואָס איז אים אָן אַן ערעך געפֿעלן געוואָרן. האָט אים אָבער געטראָפֿן אן אומגליק: אַלס מענעדזשער און טאָאַסטמייסטער פֿון דעם אָוונט האָט זיך ארויסגעגעבן ניסל שוואַלב.

אונזער באַרימטער קאָמבינאַטאָר האָט זיך גענומען פֿאַר זיין דזשאַב — אויסצוזעצן די געסט אַרום טיש — מיטן גאַנצן ערנסט פֿון אַ ביזנעסמאַן און האָט אַרויסבאַוויזן דערביי ניט ווינציקער בעריעשאַפֿט, ווי באַ אַלע אנדערע זיינע קאָמבינאַציעס. ער האָט דעם אוילעם אויסגעזעצט אַזוי קונציק, אז איטלעכע „ליידי" זאָל האָבן בא יעדער האַנט א קאַוואַליער, דאָס הייסט — צו צוויי קאַוואַליערן אױף א ליידי. צום ביישפּיל: די לאָמ־זשער כאַזנטע האָט געהאַט פֿון איין זייט דעם אַגענט פֿון שרייבמאַשי־נעס, דעם וואוילן יונג מיט די טרערנדיקע אויגן, און פֿון דער אַנדער זייט — דעם קאַצעוו, וואָס שמעקט מיט אָקטנפּלייש... איינע אן אַקטרי־סע מיט א גרויסן שיניאָן האָט געהאַט פֿון דער רעכטער האַנט דעם ראָוו, דעם מויעל מיט די אונטערגעבויגענע פֿייעלעך, און פֿון דער לינ־קער האַנט — דעם שניידער פֿון דער באָוערי, וואָס מע דערקענט, אַז ער טראָגט אריינגעשטעלטע ציין, ווארום אז ער עסט, קנאַקן זיי. און אַזוי וויי‍טער.

מע קאָן ניט זאָגן, אז די ליידיעס מיט די קאַוואַליערן זאָלן האָבן זיך געפֿילט איבעריק גוט מיט זייער נאַכבאַרשאַפֿט. ווארום וואָס האָט, לעמאָשל, א אידענע א כאַזנטע צו זאָגן מיט אן אגענט, אָדער מיט אַ קאַצעוו? אָדער וואָס געהער זיך אָן אן אַקטריסע מיט אַ מויעל, אָדער מיט אַ שניידער? דערפֿאַר אָבער איז אויסגעקומען דער פּרימאַדאָנאַ שוואַלב צו האָבן פֿון איין זייט ראַפּאַלעסקאָן און פֿון דער אַנדערער זייט דעם ברודער איזאַק — און דאָס איז געווען זיין גאַנצער מיין: ניסל שוואַלב האָט געוואָלט דורכויס, אַז דאָס פּאָרל, הענריעטאַ און

ראַפּאַ׳עסקאָ, זאָלן היינט זיצן איניינעם. דאָס האָט מען באַדאַרפט האָבן צום אייסעק, ווי מיר וועלן דאָס באַלד אויסווייזן...

אינגאַנצן אויסגעשטעלט און אומצופרידן איז געבליבן נאָר דער דזשענטעלמען מיטן רויטן פּאָנים און מיט דער שפּיצעכיקער נאָז, וואָס האָט זיך פאַרליבט אין דער פּרימאַדאָנאַ. עפּעס טאַקע נאָר ווי אַף צעלאָכעס איז אים אויסגעקומען צו באַדינען די מאַדאַם טשערניאַק, אָדער ברײַנדעלע קאָזאַק, וואָס האָט געשוויצט, ווי א לאָקאָמאָביל און שוין צו־פיל געשמעקט מיט פּאַטשולי־זייף און אַנדערע שאַרפע רייכעס. עס מעג שוין פאַלן אין יאַם אריין, וואָס דערדאָזיקער קאַוואַליער האָט איר אָנגעווינשעוועט, כאָטש באַגאַנגען איז ער זיך מיט איר זייער־זייער העפלעך, ווי אַן עכטער דזשענטעלמען: ער האָט איר צוגערוקט דעם טעלער, אונטערגעטראָגן דאָס ברויט, אָנגעגאָסן וואַסער אין איר גלאָז, זיך נאָכגעפרעגט, וואָס פאַר א ווייַן זי „גלייכט" (האָט ליב). ברײַנדעלע קאָזאק איז געווען באַרעכטיקט דעמדאָזיקן אָוונט זיין צופרידן אין אַלע אויפאַנים... נאָר לאָמיר ניט רעדן איצט פון ברײַנדעלע קאָזאַק. לאָמיר זיך בעסער אומקערן צו איר קאַוואַליער, דעם געגאָלטן דזשענטעלמען.

דער גאָט, וואָס פאַרלאָזט ניט קיין באַשעפעניש, האָט אים אויסגעפירט. די טישן האָבן זיך אַרויסבאַוויזן אביסל איינגלעך, האָט דער מענעדזשער און טאָאַסטמייסטער ניסל שוואַלב געגעבן אַ קאָמאַנדעווע דעם אוילעם, מע זאָל זיך רוקן. און דער אוילעם האָט גענומען זיך רוקן, און אַזוי לאַנג גערוקט זיך, ביז ס׳איז אויסגעקומען אונזער דזשענטעלמען צו זיצן אַקוראט אַקעגן דער פּרימאַדאָנאַ — און ס׳איז אים געוואָרן א ליכט אין די אויגן: ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו אַרבעטן מיט די פיס אונטערן טיש וויפל זיין האַרץ גלוסט. עמעס, עס האָט גענומען אַביסל צייט, ביז ער האָט געטראָפן אַהין, וואו ער האָט געצילט. ער האָט זיך געהאַט באַגעגנט א פּאָר מאָל אָדער מיט ראַפּאַלעסקאָס פיס, אָדער מיט די ראַגלאַים פון איזאַק שוואַלב. ערשט שפּעטער, אַז ער האָט באַגעגנט א שמייכעלע אַף דער פּרימאדאָנאס פּאָנים; האָט ער פארשטאנען, אַז ער איז אָל־רייט.

פונדעסטוועגן האָט אין אים געברענט א פייער אַף דעם גרינעם באָכער (ראַפּאַלעסקאָ), וואָס ער זיצט אַזוי נאָענט נעבן אָט דער יעפיי־פיע. און, ווי אַף צעלאָכעס, האָט זיך די פּרימאַדאָנאַ אַלעמאָל אָנגעבויגן צום גרינעם באָכער אַפן אויער, געסוידעט זיך מיט אים און געלאַכט, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַהינטער און באַוויזן צוויי רייען פון אויסגעצייכנטע פּערלדיקעציין. דער דזשענטעלמען, וואָס האָט פאַר די פיש און נאָך די פיש געהאַט גענומען א קויסע, איז נישט אַף קאַטאָוועס צעקאָכט געוואָרן פון קינע און אייפערזוכט (ער האָט, אַפּאָנים, גאָר

פאַרגעסן, אַז ער איז א באוויבטער) און האָט גענומען וואַרפן אף ראַפּאַלעסקאָן אַזעלכע בייזע גאַזלאָנישע אויגן, אַז הענריעטאַ האָט נאָך מער גענומען לאַכן, שיר ניט געפּלאַצט פאַר געלעכטער.

— וואָס לאַכט זי, וואָלט איך וועלן וויסן? און ווער איז אָט דער ציקאַווער באָכער, וואָס זי שושקעט זיך מיט אים? אַלבעטשיו (איך האַלט א וועט), אַז דאָס דאַרף זיין אַ גרינהאָרן, אַ כניאָק, א יאָלד שעבעיאָלדן...

אַזוי האָט זיך געטראַכט דער אייפערזיכטיקער דזשענטעלמען און געבראָכן זיך דעם מויעך אַף דעם רעטעניש. עס האָט אָבער לאַנג ניט גענומען און דאָס רעטעניש איז אים פאַרענטפערט געוואָרן באַלד נאָכן ערשטן ספּיטש.

— ליידיעס ענד דזשענטעלמען! — האָט גיסל שוואַלב, דער טאָאַסט־מייסטער פונם אָוונט, געגעבן צו וויסן דעם אוילעם. — איך מאַך אופּ־מערקזאַם מיינע דאַמען און הערן, אַז דעם ערשטן ספּיטש וועט אָפּ־האַלטן אונזער פריינט מיסטער קלאַמער. איך בעט אונזער געערטן ווירט און זיין מיסעס, די געערטע ווירטן, זיי זאָלן אָנפילן די באָקאַלן פון די געערטע געסט. מיסטער קלאַמער, איר האָט דאָס וואָרט!

## קאַפּיטל 55

# מיסטער קלאַמער ספּיטשט

באַקומען דאָס וואָרט, איז מיסטער קלאַמער אופגעשטאַנען, זיך אויס־געהוסט, צורעכט געמאַכט דעם סמאָקינג, דאָס העמד און דעם שניפּס און צעגומען זיין הערצל־באָרד, מיט אַ זיידענער פאַטשיילע זיך אויס־געווישט דעם טרוקענעם שטערן, זיך אָנגעשפּאַרט מיט די גראָבע פינגער פון ביידע הענט אין טיש, אַרומגענומען די גאַנצע געזעלשאַפט מיט איין קוק, פאַרביסן אַ ליפּ, און נאָך אַ לאַנגער פויזע האָט ער גענומען ספּיטשן.

אונזער פריינט מיסטער קלאַמער האָט זיך פון טאָמיד אָן געהאַלטן פאַר אַ „ספּיקער", דאָס הייסט — פאַר אַ גוטן רעדנער. נאָר אין דער קורצער צייט פון זינט ער איז אין אַמעריקע האָט ער זיך אָנגעהערט אַזויפיל שיינע לעקטשורס, דראָשעס און ספּיטשן, אַז ער וואַרט נאָר אַף אַ געלעגנהייט צו באַווייזן די אַמעריקאַנער, וואָס הייסט גערעדט. און — פון דעם עמעס קאָן מען ניט אוועקגיין — מע מוז צוגעבן, אַז מיסטער קלאַמער איז טאַקע אַ שיינער רעדנער. דאָס הייסט, דער עצם רעדן

אליין איז בא אים ניט אזוי רייך אין אינהאַלט, ווי אין ווערטער. און ניט אזוי נאָך אין ווערטער, ווי אין דער אויסשפּראַך, אָט דאָס, וואָס ווערט אָנגערופן אַ „כיטעך האַדיבער". היינט די שטימע? מיסטער קלאַ־מער, פאַרשטייט איר מיך, ווייסט, ווען מע דאַרף, ס׳זאָל דונערן, און ווען מע דאַרף, אַדראַבּע, זיך אַראָפּלאָזן אף דער נידעריקסטער אָקטאַווע, אַזוי אז קאַם־קאַם וואָס יענער זאָל דערהערן. היינט דאָס האַלטן זיך באַם רעדן? היינט די הענט? באַם רעדן שפּילן די הענט, ווייסט איר, אַ זייער וויכטיקע ראָל, עפּשער נישט ווינציקער, ווי דאָס מויל. מע דאַרף וויסן, ווען מיט וואָסער האַנט וואוהין צו באַוועגן. ווען מע דאַרף די הענט אופהייבן, און ווען — אַראָפּלאָזן. ווען מע דאַרף זיי צונויפלייגן אף דער ברוסט, און ווען מע דאַרף זיי צענעמען. ווען מע דארף זיי האַלטן אין דער וועסט, און ווען — אין די הויזנקעשענעס. און אמאָל דאַרף מען דאווקע נאָכן גרויסן דונער מאַכן אַ בויאי בעשאָלעם צוויי טריט צוריק, די הענט האַלטן מעכילע פונהינטן, דעם קאָפּ אַביסל אף אַ זייט, און מאַכן דערביי אַ שיינע באַוועגונג מיט אַ שיינער פויזע. „פּאָענטען" ווערט דאָס אָנגערופן אין אַמעריקע, און דידאָזיקע פּאָענטען מיטן האלטן די הענט אין די קעשענעס און מיט אלע איבעריקע שיינע אָראַטאָרישע באַוועגונגען האָט אונזער מיסטער קלאַמער געגנאַשט פון די אַמעריקאנער ספּיקערס, איבערגענומען מיט אלע פּישטשעווקעס.

אָן אַוויירע, וואָס מיר קאָנען ניט ברייגגען דאָ די גאַנצע רעדע, וואָס מיסטער קלאַמער האָט אָפּגעהאַלטן, ווייל זי איז צו לאַנג, צופיל אויסגעמישט מיט הויכע פּאָעזיע אָדער מעליצע־ווערטער און צופיל דורכ־געוועבט מיט פוסטע, נאָר קלינגענדיקע פראַזן, פסוקים און אַפאָריזמען פון געלערטע, וואָס זענען קיינמאָל ניט געזאָגט געוואָרן, און איינגלישע שפּריכווערטער, וואָס זענען אפילע זייער שאַרף און גוט געפעפערט, נאָר זיי געהערן זיך ליידער ווינציק־וואָס אָן צום אייסעק.

מיר קאָנען איבערגעבן נאָר דעם אינהאַלט פון דעם ספּיטש ווי ווייט מעגלעך אין קורצן:

„דעם מענטשנס לעבן — אזוי אומגעפער האָט מיסטער קלאַמער אָנ־געהויבן זיין ספּיטש — קאָן איינגעטיילט ווערן, ווי אונזער יאָר, אין פיר עפּאָכן: פרילינג, זומער, האַרבּסט און ווינטער. דער פרילינג, מיינע לײדיעס ענד דזשענטעלמען, דאָס איז די סאַמע בעסטע, די סאַמע ליבסטע, אָדער, ווי מושע ראַביינו רופט עס אָן, די סאַמע פּאָעטישע צייט פונם יאָר. דער פרילינג — דאָס איז די צייט, ווען אלעס הייבט אָן אופבליען, אופוואקסן, אופלעבן, ווען דער סאָלאָוויי, ווי זאָגט היינע, איז אָל־רייט, ווען דאָס יונגע האַרץ פונם יונגן מענטשן הייבט אָן צו קלאָפּן מיט אַ געפיל פון ליבע. אָ! ליבע! — זאָגט וואָלטער. — ווער פון

אונז האָט ניט געטרונקען פון דעם באָקאַל דעם זיסן געטראַנק, וואָס זיין נאָמען איז ליבע? ווער פון אונז — זאָגט טאָלסטאָי — איז ניט געווען יונג און פריש און נאָך לאנגער מי און זוכעניש ניט געפונען די יעניקע, וואָס זאָל זיין די איינציקע באַגלייטערן פון זיין לעבנסוועג? וואָס קאָן זיין שענער, ערהאַבענער און הייליקער פון דעם געפיל, וואָס אונזער אומשטערבלעכער שעקספיר האָט געקרוינט מיטן נאָמען סימפּאַטיע? נאָך די אַמאָליקע גרויסע געלערטע פון דער גאָר אלטער צייט, ווי, צום בייַשפּיל, קאַנט, סאָקראַטעס, דיאָגענעס, מעפּיטאָפילוס, און אויך אונזערע טאַלמודיסטן האָבן געזאָגט, אז אף דריי זאַכן שטייט די וועלט: אף ליבע, אף ליבע און אף ליבע! אָן געלט — זאָגט איבסען — קאָן אַ מענטש זיין אָל־רייט, אָבער אָן ליבע איז אונזער לעבן פּוסט און לער און קלאָגעדיק. ווי אַ שיף אָן אַ רודער, אָדער, ווי זאָגט דער איינגעלשמען: לייק אַ באָדי וידהאַוט אַ סאָול״...

„ליידיעס ענד דזשענטעלמען! פילט איר ניט אָט דאָ, אין דעם אָוונט, בא אָט דעם טיש, די אָנוועזנהייט פון דעם גליקלעכן פּאָר, וואָס דאָס הייליקע געפיל פון ליבע און סימפּאַטיע האָט צונויפגעבונדן זייערע יונגע הערצער, עמעס, אין געהיים, נאָך אף יענער זייט אַטלאַנטיק? יאָ, מיינע הערן און דאַמען. אף יענער זייט אַטלאַנטיק, נאָך אין דער אלטער וועלט, האָט זיך בא זיי די ליבע צעברענט און צעפלאַקערט אין אַ העליש פייער. זייער ראָמאַן, מיינע הערן און דאַמען, האָט זיך, ווי אלע ראָמאַנען, געפירט אין געהיים. נאָר הימל און ערד האָבן געשוואָרן, זאָגט עמיל זאָלאַ, אַז ס'זאָל ניט זיין קיין פאַרבאָרגענע זאַך אַף דער וועלט, אָדער ווי זאָגט דער איינגעלשמען: „יו קאַנאָט האַיד אַן איל אין אַ סאַק״.

„ליידיעס ענד דזשענטעלמען! איר ווייסט מיין פּרינציפּ. עך בין אינדעפּענדעט, אומאָפּהיינגלעך, דאָס מיינט, עך בין ניט דער מאַן, וואָס זאָל אריינקוקן יענעם אין טעפּל אריין, און עס ליגט ניט אין מיין כאַראַקטער יענעמס געהיימניס צו אַנטדעקן. יענעמס ביזנעס זענען נישט מיינע ביזנעס, עס גייט מעך נישט אָן, ווי זאָגט דער איינגעלשמען: „והען פרענדס קוואָרל — אָל עלס קיפּ אַ סייד״...

„ליידיעס ענד דזשענטעלמען! דער גרויסער דיכטער מילטאָן האָט אַמאָל זיך אויסגעדריקט: „מיינט ניט, אַז מיר זענען אַזוי דום, אַז מיר זאָלן עס האַלטן פאר אן אומרעכט, וואָס אַ באָי האָט ליב אַ מיידל און אַ מיידל האָט ליב אַ באָי״. עך ווידערהאָל זיינע ווערטער און מיט באַזונדערן שטאָלץ קאָן עך אייך מיטיילן, מיינע דאַמען און הערן, אַז עך און נאָך אייניקע פון מיינע פריינט, וועלכע געפינען זעך דאָ מיט אונז, האָבן דאָס גליק געהאַט צו ביַיוואָנען, נאָך ווערנד מיר זענען געווען מיט

דעמדאָזיקן פּאָרל אפן שיף, יענעם הויכן ערהאַבענעם מאָמענט, ווען די הייליקע ליבע זייערע איז פארזיגלט געוואָרן, ווי זאָגט בייראָן, מיט דער שוואוע פון פרייהייט, איבערגעגעבנהייט און אייביקייט, ווען זייערע זעעלן האָבן זעך צונויפגעשמאָלצן, ווי זאָגט זענגוויל, אינם שמעלצטאָפּ"...

„ליידיעס ענד דזשענטעלמען! דאָס איז געווען דער ערשטער אַקט פון אַ הערלעכן ראָמאַן, פון אַ הערצנס־דראַמאַ. דאָס איז אַ ראָמאַן, מיינע דאַמען און הערן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דאָרט, אין דער אַל־טער וועלט. דאָס איז אַ דראַמאַ, פון וועלכן דעם לעצטן אַקט איז באַ־שערט צו פארענדיקן זיך דאָ, ווי זאָגט טעאָדאָר הערצל, אין דעם גליק־לעכן לאַנד פונם דאָלאַר. דאָ, אין דעם לאנד, וועט געזאָגט ווערן דאָס לעצטע וואָרט. דאָ, אין דעם לאַנד, וועט פאלן דער פאָרהאנג. דאָ, אין דעם לאנד, וועלן זיי זיין אָל־רייט, אָדער ווי זאָגט שילער: „פּינִיטא לאַ קאָמעדיאַ"...

„ליידיעס ענד דזשענטעלמען! עס מאַכט מיר ערע און פארגעניגן אייך מיטצוטיילן, אז אויסערדעם וואָס די העלדן פון דיזן ראָמאַן זענעןביידע אָל־רייט, דאָס הייסט — יונג און שיין און פריש, זענען זיי נאָך ביידע גלייך באַרימט און באַוואוסט אין דער גאַנצער וועלט, פון איין עק ביזן אַנדערן, אפן געביט פון קונסט און אידישן טעאַטער: ער מיט זיין שפּילן, זי מיט איר זינגען".

„ליידיעס ענד דזשענטעלמען! זאָל עך אייך זיי אָנרופן באַם נאָמען? עך מיין, ס'איז איבעריק, וואָרום איר קענט זיי. אָט זיצן זיי דאָ האַנט בא האַנט פאר אייך, ווי די טייבעלעך. זי האָט איר שוין געוויס אלע געהערט זינגען, אלע האָט איר זי באַוואונדערט און אלע האָט איר אַנער־קענט דעם שטערן פון בוענאָס־איירעס. און ער — איר אויסדערוויילטער — דאָס איז דער יונגער, נאָר איבעראַל שוין באַרימטער סטאַר פון בוקאַ־רעשט, וועלכן מיר וועלן האָבן דאָס פאַרגעניגן צו הערן און צו באוואונ־דערן ניט שפּעטער, ווי מאָרגן אין דער צייט, בא זיין אופטריט צום ערשטן מאָל אינם באַרימטן ניקעל־טעאַטער. אויב איר האָט זיך באזאָרגט מיט טיקעטס, זענט איר אָל־רייט. און אויב איר האָט נאָך ניט קיין טיקעטס, זאָלט איר זען מאָרגן גאַנצפרי זיך באוואָרענען, עך בין אייך ניט אָרעוו, אַז איר וועט זיי קריגן, סיידן בא ספּעקולייטערס (איבער־קויפערס)".

„ליידיעס ענד דזשענטעלמען! עך קוק אף דיזן פּאָרל און עך זע זייערע פּנימער האָבן זעך אָנגעצונדן אין אַ העליש פייער, און עך פאַרשטיי זייערע געפילן אין דעם מאָמענט, ווען אונזערע אַלעמענס אויגן זענען אָנגעווענדט אף דעמדאָזיקן גליקלעכן זיווּג. לאָמיר זיי ווינשן, זיי זאָלן זיין אָל־רייט אין זייער לעבנס־קאַריערע נישט ווינציקער, ווי

זיי זענען אָל־רייט אַף דער בינע. עס לעבע די אידישע קונסט! עס לעבן אירע פּריסטער! עס לעבן אונזערע סטאַרס! עס לעבן די האַנע־האָווים וועהאַנימים — דאָס ליבע פּאָר! עך הייב אוף מיין טאָאַסט און לאָז אויס מיט די ווערטער פון שלוימע האַמעלעך: קאָל כאָסן וועקאָל קאַלע — הוררייי פיר מיסטער ראַפּאַלעסקאָ! הוררייי פיר מיס הענריעטאַ שוואַלב!! הוררייי!!"

— הוררייי! — האָבן אויסגעדונערט אַלע געסט, אופגעהויבן די באָקאַלן און געגריסט צום גליקלעכן פּאָרל, הענריעטאַ שוואַלב און לעאָ ראַפּאַלעסקאָ.

## קאַפּיטל 57

# דער צעבראָכענער טעלער.

דאָס שרייען „הוררייי" און דאָס קלאַפּן זיך מיט די באָקאַלן נאָכן גלענצנדן ספּיטש פון מיסטער קלאַמער — דאָס איז געווען מער נישט אַז אָפיציעל, לויט ווי עס פּאָדערט דער מינהג, דער עטיקעט און די מאָדע. די רעכטע סימכע האט זיך אָנגעהויבן ערשט דעמאָלט, ווען די לאָמזשער כאזנטע, צופרידן און גליקלעך פון דעם, וואָס די גדולע קומט פאָר בא איר אין שטוב, האָט זיך אַזוי צעהיצט און צעפלאַקערט, אַזוי אַריין אין אַזאַרט, אַז זי האָט געכאַפּט אַ טעלער איןביידע הענט, געגעבן אים אַ הייב אוף איבערן קאָפּ און אַ וואָרף אַראָפּ, צעבראָכן אַף שטיקלעך, און, ווי אַן עמעסע מעכוטענעסטע, וואָס האָט דערלעבט אויסגעבן די מיזינקע, האָט זי אויסגערופן:

— מאַזלטאָוו!

— מאַזלטאָוו! מאַזלטאָוו! — האָט אונטערגעכאַפּט דער גאַנצער עולעם, און די נאָענטע, די מישפּאָכע, הייסט עס, האָבן זיך אַ לאָז געגעבן קושן מיט כאָסן־קאַלע. פריער פון אַלע, געוויינלעך, דער הויפּט־מעכוטן — ניסל שוואַלב. דערנאָך דער ברודער איזאַק, מיסטער קלאמער, מיסטעל ניקעל, דער כאַזן, די כאַזנטע, בריינדעלע קאָזאַק. און מאַכמעס דאָס קושעניש איז געגאַנגען נישט אַלפּי סיידער, נאָר אַלע אייינעם, איינס איבערן אַנדערן, ווי דער שטייגער איז בא אַזעלכע סימכעס, האָט זיך דער געגאָלטער דזשענטעלמען מיטן רויטן פּאָנים און מיט דער שפּיצעכיקער נאָז מעיאַשעוו געווען און האָט זיך פאַר גרויס אימפּעט אויך אַרומגעכאַפּט קושן מיט כאָסן־קאַלע. דאָס הייסט — אייגנטלעך, ניט אַזוי מיטן כאָסן, ווי מיט דער קאַלע.

די סימכע נאָכן צעבראָכענעם טעלער איז באַם לאָמזשער כאַזן אין שטוב געוואָרן אַזוי גרויס, אַז עס האָט שוין געהאַלטן קימאַט באַ גיין אַ טענצל.

— כאַפּט דאָס דער רוּעך! — האָט אויסגערופן ניסל שוואַלב, געעפנט נאָך עטלעכע פלעשלעך וויין, אָנגעגאָסן אַלעמען פולע גלעזער און זיך אויך ניט פאַרגעסן, — כאַפּט דאָס דער רוּעך! איך האָב נאָך היינטיקן אָוונט נישט פאַרזוכט איר זאָלט זאָגן אַ טראָפן, ווי איר זעט מיך אַ שווימענדיקן! מיסטער קלאַמער און מיסטער ניקעל, לאָמיר טרינקען לעכאַים פאַר קאָלומבוסן, וואָס האָט אויסגעטראַכט אַזאַ טייערע מעדינע, ווי דאָס אַמעריקע. אַ זיסע מעדינע, אַ גאָלדענע, אַף מיר אַזאַ יאָר! סיי, כאַזן! וואָס זיצט איר מיר עפּעס, ווי אַ לאָמזשער שטאָט־באַלע־באָס אַף אַ בען־זאָכער? וואו זענען ערגעץ די קלאָפּערס, אימאַך שמאָם ווערזיכראָם? פאַרוואָס זינגט מען ניט עפּעס אַ פריילעכס? ברודער אי־זאַק, נעם אָקאָרשט אַרויס אַהער די מיסעס טשערניאַק פונם טיש און כאַפּ מיט איר אַ טענצל, ווייז, וואָס דו קאָנסט. ליידיעס ענד דזשענ־טעלמען! מיין ברודער טאַנצט, ווי אַ באַלערינע, כאָטש ער האָט אַ שווערן טראָט, איך זאָל אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס!

באַ די ווערטער האָט זיך אַף דער מיסעס טשערניאַק (ברײַנדעלע קאָזאַק) אָנגעצונדן דאָס קיילעכיקע פּאָנים און געברענט, ווי אַ סרייפע, און דער ברודער איזאַק, וואָס איז שוין געווען אונטערן גלעזל, איז אופגעשטאַנען און איז גרייט געווען צו באַווייזן, וואָס ער קאָן. מיט איינעם וואָרט, באַם לאָמזשער כאַזן אין שטוב איז געווען סאָסן־וועסימ־כע, אַ זעלטענער, אַ פריילעכער קנאַסמאָל. און דאָס גליקלעכע פּאָר? דאָס גליקלעכע פּאָר זענען געזעסן אויבנאָן, האַנט באַ האַנט, מיט שיי־נענדיקע און לויכטנדיקע פּענימער, ווי עמעסע כאָסן־קאַלע.

ניסל שוואַלב האָט געמעגט זיין פריילעך. פון אַלע קאָמבינאַציעס, וואָס זיין זשעניאַלער קאָפּ האָט ווען ס׳איז אַמאָל צוגעטראַכט, איז דידאָזיקע קאָמבינאַציע מיטן גלעזל טיי באַם לאָמזשער כאַזן און מיטן ספּיטש פון מיסטער קלאַמער געווען אויב ניט די בעסטע און גרעאָטנסטע. מע באַדאַרף אָבער צוגעבן, אַז דערצו האָט אים נאָך געשפּילט די האַצלאָכע אויך. ער האָט געטראָפן גראָד אין אַזאַ צייט, ווען אונזער יונגער העלד איז געווען, ווי מיר האָבן אויבן געזעען, אין דער הינערפּלעט, אַרומ־געבלאָנזעט אין ניו־יאָרק, ווי אין אוילעם האַטויע. פון איין זייט דער טאַרעראָם פון דער נייער וועלט מיט די נייע מענטשן מיט דעם נייעם אַרט לעבן, צו וועלכן אַ פרישער מענטש קאָן ניט אַזוי גיך געוואוינט ווערן. פון דער אנדערער זייט דאָס פּויקן פון די בלעטער, דאָס בלאָזן מיטן פייפן, מיטן טרומייטערן, מיטן דערציילן וועגן אים גרויסקייטן, ני־

סים וועניפלאָעס, מיטן אויסטראַכטן אַף אים זאַכן, וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן. און וועאַל קולאָם — די „שטיגוטערעס״, וואָס דרייען זיך אַרום אים, לייגן אים פּאָר גליקן, זאָגן אים צו האָרים אוגוואָעס, גע־ווײנלעך, בעסאָד סוידעס: „וויבאַלד נאָר ער פאַרלאָזט די אידישע בינע, זאָגן זיי, און גייט אַריבער צו די אומעט האָאוילעם, אַזוי עפּנט זיך פאַר אים אַ נייע וועלט״... דערביי האָט מען אים געבראַכט ביישפּילן פון באַרימטע סטאַרס, פון די גרעסטע איינגלישע דראַמאַטישע טעאַטערס און אָפּערעס, וואָס זענען פריער געווען אין פאַרגלייך מיט אים גאָרניט שעבעגאָרניט, מע קען זאָגן, פליגן קעגן אַן עלפאַנט — און היינט דאַרף מען האָבן אַ זכיע מע זאָל זיי זעען: „אייגענע הייזער, אייגענע ווילעס, אייגענע אַוטאָמאָבילן און די שענסטע נעקייוועס — כאַ־כאַ! און דאַווקע גיך, און דאַווקע געשווינד. וואָרום ס׳איז ניט יוראָפּ, ס׳איז אַמעריקע, אַ לאַנד פון האַריאָפּ״...

פאַרשטייט זיך, אַז די אלע מאַיסעס, מעמרעס און זאָגעכצן האָבן פאַרדרייט דעם קאָפּ אונזער העלד און צוגעגעבן אים קוראַזש, און ער האָט באַקומען כיישעק אַרויסצוטרעטן וואָס גיכער אַף דער בינע, ביכדיי ער זאָל זיי באַווייזן, ווער ער איז, וואָס ער פאַרמאָגט און וואָס ער איז בעקויעך צו געבן.

אַסאַך האָט מיטגעהאָלפן דערצו אויך דאָס, וואָס ער איז געבליבן אָן אַן ענטפער אף זיין אָפנהערציקן בריוו, זיין ערשטן גרויסן בריוו אין זיין לעבן, וואָס ער האָט אַוועקגעשריבן צו דער, וואָס איז אים געווען טייערער פון אלצדינג אַף דער וועלט, וואָס ער האָט, ווי אַ הייליקטום, אַזאַ צייט אַרומגעטראָגן באַ זיך אין האַרצן...

נאָכגעקוקט די ניו־יאָרקער בלעטער, האָט ער אלעמאָל באַגעגנט דעם נאָמען ראָזאַ ספּיוואק אַלעמאָל צוזאַמען מיטן נאָמען פון גרישאַ סטעלמאַך, וואָס האָט זיך טאָמיד נאָכגעשלעפּט נאָך איר, ווי אַ פריי־טשעפּע, און געשטאָכן אים די אויגן און געשניטן אים דאָס האַרץ. „לאָז זי זיין גליקלעך — האָט ער זיך געטראַכט — מיט איר גרישאַ סטעלמאַך; לאָז זי זיך מיט אים עלטערן אין אוישער און אין קאָוועד; ענטפערן אַף מיין בריוו האָט זי דאָך געמעגט. אָדער זי איז אזוי גרויס געוואָרן און אַזוי ווייט אַוועק אין איר גרויסקייט, אַז זי האָט שוין גאָר פאַר־געסן פון איר אַמאָליקע אַהיים? אָדער זי וויל אים נישט געדיינקען? זי וויל עס אינגאַנצן פאַרגעסן, פאַרגעסן, ווי אַ בייזן כאָלעם? וויבאלד אַזוי, היינט וואָס לייגט ער איין אַזוי די וועלט נאָך איר? איז דען ניט גלייבער, אַז ער אויך זאָל זי פאַרגעסן, פאַרגעסן, ווי אַ בייזן כאָלעם?...

ראַפּאַלעסקאָ איז גרייט געווען סאָפּקאָלסאָף פאַרגעסן, צוליב וועמען ער איז, אייגנטלעך, געקומען אַהער און וועלכס האָט אים, אייגנטלעך, געצויגן אַהער, אינם דאָזיקן לאַנד. ער האָט זיך אַליין געוואָלט איינרעדן, אַז געקומען אַהער איז ער צוליב זיך, צוליב זיין אייגענער קאַריערע. און, ווי אַמאָל, אין די בעסערע צייטן, אַזוי אויך איצט איז אונזער יונ־גער באַלהאַכאַלוימעס ארומגעגאַנגען אין אַ וועלט פון טרוימען און פאַנטאַזיעס. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז אָט איז איבערגעגאַנגען זיין ערשטע גאַסטראָל אין אמעריקע אַזוי ווייט גלענצנד, אַז צום צווייטן ספּעקטאַקל האָט דאָס שוין גאָרניט דערגרייכט: מע האָט אים אופגע־כאַפּט, אָדער, ווי מע רופט דאָס דאָרט, „געקידנעפּט", דאָס הייסט — צוגענומען פון דער אידישער בינע, באַצאָלט פאַר אים, וויפל מע האָט פאַרלאַנגט, און אָט איז ער שוין אַף דער ענגלישער בינע, אין איינעם פון די גרעסטע ניו־יאָרקער טעאַטערס, און דער נאָמען ראַפּאַלעסקאָ קלינגט איבער אמעריקע און דערגרייכט אַזש צו איר, צו דער באַרימ־טער ספּיוואַק, וואָס האַלט זיך אַזוי גרויס. אָ! דעמאָלט וועט ער זיך מיט איר רעכענען, ער וועט איר ווייזן, ווער עלטער איז. ער וועט איר שוין אויסלוימערן אַלצדינג, וואָס באַ אים אף דער נעשאָמע. ער וועט איר אַרויסזאָגן דעם גאַנצן ריינעם עמעס — אַז זי איז אים, אייגנטלעך, ניט ווערט; אַז זי האָט ניט פאַרדינט די לאַנגע נעכט, וואָס ער האָט איבער איר אַמאָל פאַרבראַכט אָן שלאָף; אַז ער איז געווען פאַרשי־קערט, און איצט האָט ער זיך אויסגעניכטערט; אַז ער איז געווען אַ נאַר, און איצט איז ער קליגער געוואָרן; אַז ער איז געווען קראַנק, איצט האָט ער זיך שוין אויסגעהיילט, אינגאַנצן אויסגעהיילט...

אין אַזעלכע געדאַנקען האָט דער כאָסן גלייך מיט אַלע גענומען אַ קויסע נאָך אַ קויסע, געלאַכט און געפרייט זיך גלייך מיט אַלע אַף זיין אייגענער סימכע, אַליין נאָך ניט רעכט צעקייט, וואָס דאָ איז פאָרגעקו־מען מיט אים אַף דעם אָוונט, אַליין נאָך ניט רעכט אָפּגעשאַצט דעם ווערט און די באַדייטונג פונם צעבראָכענעם טעלער...

קאַפּיטל 57

## אין ניקעל־טעאַטער.

אַף מאָרגן אינדערפרי האָט זיך אונזער העלד אופגעכאַפּט מיט אַ זעלטענעם קאָפּווייטיק. ער האָט נאָך ניט צייט געהאַט זיך אויסניכטערן פונם טשאַד, זיך אַרומקוקן, וואו ער איז אין דער וועלט נאָך נעכטיקן אָוונט, האָט מען אים שוין אופגעכאַפּט און אוועקגעפירט אין ניקעל־

טעאַטער אַף פּראָבע, דאָרט, האָט מען אים געזאָגט, וועלן זיין אַ פּאָר „סטאַרס״ פון אַנדערע אידישע טעאַטערס, וואָס ווילן אים זען, און אויך אַ פּאָר רעצענזענטן פון ענגלישע צייטונגען.

זינט ראַפּאַלעסקאָ איז אַן אַרטיסט געדיינקט ער ניט, ער זאָל ווען אַזוי וועלן אויסגעמען מיט זיין שפּילן, ווי ער האָט עס געוואָלט אצינד, בײַ זיין ערשטן אַרויסטרעטן אין דער שטאָט ניו־יאָרק. קיינמאָל האָט ער נאָך אַזוי ניט געבערענט נאָך ערפאָלג, נאָך קאָוועד, נאָך בארימט זיין, ווי אין דעמדאָזיקן ערשטן אָוונט, וואָס ער האָט באדארפט זיך באַ־ווייזן פאַרן גרויסן פּובליקום אינם פולגעפּאַקטן ניקעל־טעאַטער. קיינמאָל האָט אים נאָך אַזוי זאָס האַרץ נישט געקלאַפּט און קיינמאָל איז ער נאָך אַזוי ניט געווען אין דער לאַגע פון אַ שילער, וואָס גייט צום פאַר־הערן זיך און וואָס האָט זיך דאָס וואָרט געגעבן, אז ער מוז אויסהאלטן דעם עקזאַמען גלענצנד, מיטן גרעסטן ניצאָכן.

וואָס איז דער כידעש, וואָס אַלע אנדערע אינטערעסן זענען בײַ אים דעמדאָזיקן טאָג אַוועק אַף אַ זייט? וואָס איז דער כידעש, וואָס אַלע אַנדערע אינטערעסן האָבן אָפּגעטראָטן זייער פּלאַץ נאָר איין אינטערעס: געפעלן ווערן די ניו־יאָרקער אידן, נעמען דעם אוילעם אַף זיכער? יע־נעם אָוונט האָט זיך אופגעכאַפּט דער אַרטיסט, דער עמעסער אַרטיסט, מיט דעם גאַנצן פייער און מיטן גאַנצן פיבער פון אַן אַרטיסט, וואָס מאַכט ברענען די אויגן, וואָס מאַכט זידן דאָס בלוט און גיט אים קויעך און קראַפט צו שאַפן גרויסקייט, צו באַווייזן וואונדער.

* *
*

אַז מע לעבט, דערלעבט מען זיך. געקומען דער טאָג פונם גרויסן עקזאַמען פאַר דעם נייעם „אידישן שטערן פון בוקאַרעשט״, וואָס די פּרעסע האָט אים אַזוי אופגעהויבן, אַוועקגעשטעלט אין איין רייע מיט די סאַמע גדוילים, ווי, לעמאָשל, זאָנענטאַל, שילדקרויט, אירווינג, פּאָ־סאַרט, ראָסי און אַנדערע.

דאָס שיינע גרויסע ניקעל־טעאַטער איז געווען פול געפּאַקט און שיין אופגעפּוצט. פון די דירעקטאָרן ביז די אָשערס זענען אַלע געווען יאָנ־טעווודיק געשטימט און אופגעלייגט. אויך דאָס פּובליקום איז געווען האָפערדיק. עס האָט זיך געפילט מער בענעפיס, ערנאָוונט, איידער פּראָ־בע־נומער פון אַ דעבױטאַנט, וואָס טרעט אוף צום ערשטן מאָל מאַר אַ גרויס פּובליקום. און דאָס פּובליקום איז בעעמעס געווען גרויס. אויסער דעם געוויינלעכן פּובליקום, וואָס פילט אָן אַלע נאכט די גאַלעריע פון אַלע אידישע טעאַטערס אין ניו־יאָרק, האָט מען אין ניקעל־טעאַטער אין דעמדאָזיקן אָוונט געקאָנט זען אין די באַקסעס, אַזוי ווי אין פּאַר־

טער, א מאַסע נייע פאַרשוינען, צווישן זיי פיל אינטעליגענטן און אויך אַ פּאָר קריסטן, אַרום וועלכע דער דירעקטאָר ניקעל האָט זיך מיט גרויס רעשפּעקט און אונטערטעניקייט אַרומגעדרייט, אַליין אָנגעוויזן זיי זייערע פּלעצער, אַליין אונטערגעטראָגן זיי דאָס פּראָגראַם, כאָטש דאָס איז ניט זיין אַרבעט. נאָר מיסטער ניקעל איז דאָך אַ איד, און אַ איד, ער מעג זיך זיין אַ פרייער בירגער פונם פרייען אַמעריקע, האָט ער פאַר א גוי דאָך מער דרעכערעך, ווי פאַר א אידן, וואָרום קוים האָט אַ גוי זיך אַראָפּגעלאָזט צו די אידן אין א אידיש טעאַטער, קומט אים, מע זאָל אים אָפּגעבן קאָוועד...

פאַרשטייט זיך, אַז מיסטער ניקעל האָט אויסגענוצט דעמדאָזיקן צו־פאַל, ווי אַ גוטע רעקלאַמע פאַר זיין טעאַטער. ער האָט איינגערוימט יעדן איינציקן אין אנדער סאָד, ווער די גויאים זענען. ער האָט אָנגע־רופן נעמען פון דער האַגאָדע און פאַרשוינען פון שושן האַבירע, גאָר נישט געקוקט דערויף, וואָס אַסאַך האָבן געוואוסט, אַז דאָס זענען נישט מער ווי צוויי ברידער, מענעדזשערס פון אַ גרויס אַמעריקאַניש דראַמאַ־טיש טעאַטער.

די ניו־יאָרקער בלעטער האָבן אַזויפיל געבומט וועגן דעם נייעם „שטערן פון בוקאַרעשט״, אַז די צוויי באַוואוסטע מענעדזשערס פונם דראמאטישן טעאַטער האָבן זיך נישט אַף קאַטאָוועס פאַרינטערעסירט מיט דעם יונגן אידישן סטאַר, טאָמער — אַ קאַשע אַף א מאַיסע — אויב ס׳איז אַפילע האַלב עמעס, וואָס מע שרייבט, וועט מען אים עפשער קאָנען „קידנעפּען״? צו וואָס באַדאַרפן אידן האָבן בא זיך אַ זאָנענטאַל, אַ שילדקרויט, אַ אירווינג, א פּאָסאַרט, אָדער א ראָסי? דאָס איז דאָך אַ פאַקט, וואָס אידן אליין וועלן ניט אָפּלייקענען, אַז זיי זענען א פאָלק פון ליפעראַנטן, וואָס האָבן זיך אונטערגענומען ליפערן באַרימט־הייטן, צושטעלן דער וועלט דאָס בעסטע און דאָס פיינסטע, וואָס זיי פאַרמאָגן...

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז עס האָבן ניט געפעלט אין יענעם אָוונט קיין רעפּאָרטערס פון צייטונגען, איינגלישע, אַזוי ווי אידישע. דאָס זע־נען וואוילע יונגען, אייגס און איינס, גערויכערטע ליולקעס, געגאָלטע פּענימער, לעבעדיקע אויגן, דורכגעטריבענע פאַרשוינען, וואָס שרייבן לויפנדיק, עסן גייענדיק, שלאָפן זיצנדיק מיט אַ פאונטען־פּען אין האַנט.

צווישן דער מאַכנע רעפּאָרטערס זענען געווען אין ניקעל־טעאַטער אויך אונזערע באַקאַנטע „כאכמיי האַקיבעצאַרני״, די געוויסע רעדלפי־רער, פּאָליטיקער, פּאָעטן, פּובליציסטן און רעדאַקטאָרס פון צייטונגען, אָנגעוואָפּנט מיט קלייזאַיען אַף מילכאָמע צו האַלטן און פּיקירן זיך וועגן דעם נייעם „סטאַר״, וואָרום וויבאַלד אז ער איז בא איינעם א גאָען,

איז ער באַם אנדערן א יאָלד שעבעיאָלדן; וויבאַלד ער איז באַ דעם אַ זאָנענטאַל, אַ אירוויגג, אַ פּאָסארט און א ראָסי, איז ער באַ יענעם אַ „גרינגהאָרן", א „פּען־פויגל", א „כאים־יענקל", א „רומעניש־פּאַסטעכל", אַ „ציקאַווע באָכערל" — נישט מער.

יאָ, עס האָט זיך געגרייט א קאָכעניש אין דער אידישער טעאַטער־וועלט אין נוי־יאָרק. סיי די „פּאַטריאָטן" פון ניקעל־טעאַטער, סיי דער „צאַד שעקענעגדוי" פון די אנדערע טעאַטערס זיינען געקומען מיט פּאַר־טיקע רעצענזיעס פאַר די מאָרגנדיקע צייטונגען, וועלכע זיי רעפּרעזענטירן.

באַ אַזעלכע אומגעוויינלעכע ספּעקטאַקלען נעמען געוויינלעך די רע־דאַקטאָרן אליין אַף זיך די ראָל פון רעצענזענטן. באַ איין רעדאַקטאָר פון אַ פּאָרגעשריטענער צייטונג האָט זיך די רעצענזיע באַדאַרפט אָנ־הייבן מאָרגן אַזוי צו זאָגן:

„שוין לאַנג האָבן די ווענט פון ניקעל־טעאַטער אַזוי ניט געדונערט פון אומגעוויינלעכן אַפּלויז, און דער ענטוזיאַזם פון פּובליקום, וואָס האָט נעכטן דערגרייכט ביז צו דער העכסטער שטופע, האָט באַ־דאַרפט איבערצייגן אונזערע איבערגעקויפטע בעס־טיאַלע קעגנערס, אַז...״

און באַם אנדערן נאָך מער פּאָרגעשריטענעם רעדאַקטאָר האָט זיך די מאָרגנדיקע רעצענזיע באדארפט אָנהייבן מיט דידאַקטיקע ווערטער:

„דער נעכטיקער מוירעדיקער דורכפאַל אין ני־קעל־טעאַטער וועט זיין אַ גוטער לעסאָן פאַר די צוויי־פיסיקע אייזלען, וועלכע לייגן זיך אין דער לייגג און אין דער ברייט צו מאַכן פון א וואָרט א קוואָרט און וועלכע וועלן אייך פאר א דאָלאַר...״

מיט איינעם וואָרט, עס איז געווען, מעג מען זאָגן, אַ הויכע שטי־מונג אין ניקעל־טעאַטער. אַלעמענס נערוון זענען געווען אָנגעשטריינגט, אַלעמענס אויגן האָבן געקערט אַהין, צום פּאָרהאַנג, וואָס האָט זיך באַ־דאַרפט אופהייבן. און אָט זענען אויסגעלאָשן געוואָרן די פייערס. אָט האָט זיך אופגעהויבן דער פּאָרהאַנג.

אין דער מינוט זענען מיט שטילע טריט אַריינגעקומען דריי עלע־גאַנט געקליידעטע פּאַרשוינען, וואָס זענען געהאַט צוגעפאָרן צום טעאַטער אין אַ זייער עלעגאַנטן מאָטאָרקאַר מיט אַ „בלעקדרייווער" אין פראָנט און געהייסן זיך צופירן גלייך צו דער לאָזשע נומער דריי — די טייער־סטע אין ניקעל־טעאַטר.

די דריי פּאַרשוינען זענען באַשטאַנען פון איינעם אַן עלטערן מיט אַ היפּש בייכל, איינעם נאָך גאָר א יונגן אין אַ ברייטן קאַפּעלוש,

שטאַרק אָנגערוקט אױף די אױגן, און מיט דעם יונגנמאַן אונטער די הענט — אַ יונגע דאַמע אונטער אַ געדיכטן שלײער. דאָס יונגע פּאָרל האָט דער עלטערער פּאַרשױן, װאָס מיטן בײַכל, אָפּגעפירט צו דער טיר פון דער לאָזשע נומער דרײַ. דאָס פּאָרל איז אַרײַן אין דער לאָזשע. דער שװאַרצער מענטש, דער ניגער, איז געבליבן פון דער זײַט טיר מיט אַ דאַמענמאַנטל און מיט אַ פּלעד אױף דער האַנט, און דער עלטע־רער פּאַרשױן, װאָס מיטן בײַכל, האָט זיך אומגעקערט צוריק און גע־לאָזט זיך דורכן לאַנגן שמאָלן קאָרידאָר אין פּאַרטער אַרײַן.

דאַרף זיך טרעפן, אַז אַקוראַט אױף דער מינוט זאָל דורכלױפן דעם שמאָלן קאָרידאָר אײנער פון די דירעקטאָרן, ניסל שװאַלב, און באַגעג־נענען זיך אַ נאָז קעגן אַ נאָז מיטן עלטערן פּאַרשױן, װאָס מיטן בײַכל. בײדע, סײַ דער פּאַרשױן, װאָס מיטן בײַכל, סײַ ניסל שװאַלב, האָבן זיך אַ װאָרף געגעבן צוריק, געבליבן שטײן אַ װײַלע און אַ קוק גע־געבן זיך אײנס דאָס אַנדערע אין די אױגן אַרײַן, צעגאַנגען זיך, װידער געבליבן שטײן און װידער אַ קוק אין די אױגן אַרײַן. דאָס איבערקוקן זיך מיטן שטײן בלײַבן האָבן אָבער מער נישט גענומען בײַ זײ װי אַ צװײ־דרײַ סעקונדן, און אײדער בײדע האָבן זיך געקאָנט דערמאַנען, װער מע איז, האָט מען זיך צעשײדט: דער פּאַרשױן, װאָס מיטן בײַכל, האָט זיך אַװעקגעלאָזט אין פּאַרטער אַרײַן, און ניסל שװאַלב איז אַ װײַלע געבליבן שטײן און אַ זאָג געגעבן צו זיך אַלײן: „ניט שױן־זשע איז דאָס דער אײגענער לאַמטידרײדאָם? װאָס־זשע האָט ער מיר אָנגע־פײַפט אין זײַן באָרד?" און באַלד איז ער אַװעק צו דער קאַסע, אױפ־געזוכט זײַן שוטעף, דעם באַלעבאָס פון טעאַטער, דעם מיסטער ניקעל אַלײן, און עס האָט זיך פאַרבונדן צװישן זײ אַ קורצער, נאָר אַ שאַר־פער געשפּרעך, װעלכן מיר גיבן דאָ איבער װאָרט בײַ װאָרט:

— װער איז דאָס פּאָרל, װאָס זיצט אין דער לאָזשע נומער דרײַ מיט אַ שװאַרצן מענטשן בײַ דער טיר?

מיסטער ניקעל איז אַ פּאַרשױן, װאָס האָט פײַנט לאַנג טראַכטן.

— אין באָקס נומער דרײַ? אױב ניט דזשײקאָב שיף, איז דאָס לואי מאַרשאַל.

— אױב איר זענט ניט קײן בלאָפער, זענט איר אַ אידיאָט.

מיסטער ניקעל האָט אַרײַנגעלײגט בײדע הענט אין די קעשענעס און האָט געשײנקט זײַן קאָמפּאַניאָן אַזאַ פרײַנטלעכן קוק, גלײַך װי יענ־נער װאָלט אים נאָר־װאָס געמאַכט דעם בעסטן קאָמפּלימענט.

— װער־זשע דען זאָל עס זײַן?

— אָט אַזױ־זשע רעדט און דרײט ניט קײן יאַרמעלקע! אָט דער לאַמטידרײדאָם, װאָס האָט אָפּגעפירט דאָס פּאָרל אין דער לאָזשע נומער

דריי, זאָל מיר ניט געווען אָנפּייפן אין זיין באָרד אַריין, וואָלט איך געזאָגט, אַז דאָס איז סטעלמאַך.

מיסטער ניקעל איז געבליבן מעטושטעש, ווי א מענטש, וואָס מע האָט אים צעטרייסלט, צעקולייטשעט זיינע מאַכשאָוועס.

— וואָסער לאַמטידריידאָם? ווע מענס באָרד? און ווער איז געווען דער סטעלמאַך?

— מיר פאר דיין כּאָכמע, ליכטיקער פּאָנים! איר מאַכט זיך טאַמעוואַטע? צי איר זענט טאַקע א בעהיימע? צי איר זענט ניט קיין היגער? איר האָט קיינמאָל ניט געהערט דעם נאָמען גרישאַ סטעלמאַך?

— גרישאַ סטעלמאַך?!

מיסטער ניקעל איז אונטערגעשפּרונגען, זיך דערלאַנגט צוויי פּעטש איןביידע באַקן, פריער אין דער רעכטער, דערנאָך אין דער לינקער, און האָט אף זיך אַליין א זאָג געגעבן אונטער דער נאָז אַזאַ וואָרט, וואָס לאָזט זיך ניט דרוקן אונטער קיין צענזור. ניט דאָ, ניט אין אַמעריקע... נאָכדעם האָט ער אויסגעשריען דריי מאָל, שוין גאנץ הויך, אַף א קאָל:

— איך בין א אידיאָט און א אידיאָט און א אידיאָט!

— הערסטו! דאָס זאָג איך דאָך שוין לאַנג!

מיסטער ניקעל האָט דאָס דורכגעלאָזט פאַרביי און איז געוואָרן מאָלע סימכע:

— טע־טע־טע! וויבאַלד דאָס איז גרישאַ סטעלמאַך, ווייס איך שוין, ווער די יעפייפיע איז. אַניט זאָל איך ניט דערלעבן טאָג.

— אָמיין. ווער־זשע איז זי?

— מיס ראָזאַליאַ ספּיוואַק.

— ראָזאַליאַ ספּיוואַק?

דאָ האָט זיך שוין ניסל שוואַלב דערלאַנגט א פּאַטש אין שטערן, איבערגעלאָזט דעם שוטעף בא דער קאַסע און אַליין איז ער אוועק אין פּאַרטער. נאָך אַמאָל א קוק טון אף זיין אַלטן באַקאַנטן און זיך איבערציגן, אויב דאָס איז טאַקע דער „לאַמטידריידאָם, וואָס האָט אים אָנגעפּייפט אין זיין באָרד".

## קאַפּיטל 58

## ראַפּאַלעסקאָ שאַפּט.

אַז דער שווערער פאָרהאַנג פון ניקעל־טעאַטער האָט זיך מיט א ראַש ארופגעהויבן אַרוף, האָט דער יאַם פון קעפּ אינם האַלב־פינצטערן גרויסן זאַל זיך ווי א ריר געגעבן פאַר זיינע אויגן און א קיל ווינטל איז ווי

איבערגעגאַנגען איבערן דאָזיקן יאם. א מינוט צייט האָט נאָך אָפּגעהאַלטן א שטילער ראַש, ווען דאָס פּובליקום מאַכט זיך גרייט צו זען און צו הערן. נאָר באַלד איז אַריינגעטראָטן די געוואונשטע שטילקייט, יענע אַנגענעמע ווייכע הייליקע שטילקייט, וואָס נעמט אַרום דעם אַרטיסט פון אַלע זייטן, כאַפּט אים אוף אין דער הויך, ווי אַף פליגלען, און טראָגט אים אַוועק פון דער בינע אַרוף, איבערן יאַם פון קעפּ, און מאַכט אים שוועבן איבערן אוידיטאָריום. יענע הייליקע שטילקייט, וואָס רירט אָן די איידלסטע סטרונעס פון דער נעשאָמע און ציט אַרויס די פיינסטע טע־נער פונם טאַלאַנט און מאַכט דעם אַרטיסט געוועלטיקן איבערן פּובליקום.

לעאָ ראַפּאַלעסקאָ האָט יענעם אָוונט געוועלטיקט איבערן ניו־יאָרקער פּובליקום פון ניקעל־טעאַטער.

געשטעלט האָט מען, ווי אַלעמאָל באַ זיין ערשטן אַרויסטריט, „אור־ריעל אַקאָסטאַ״. פון דער ערשטער מינוט, וואָס אוריעל האָט זיך באַ־וויזן אַף דער סצענע, איז ער געווען דער מיטלפּונקט, וואָס אַף אים האָבן געקוקט אַלע אויגן. דערדאָזיקער זיידענער יונגערמאַנטשיק, מיטן שיינעם איידעלן בלאַסן געזיכט, מיט די לאַנגע האָר, מיט די גרויסע אויסגעמאַטערטע אויגן, מיטן נאָר־וואָס אויסגעשאָטן בלאָנדן בערדל און מיטן אָפּענעם האַלז, האָט זיך געבעטן פאַרגלייכן מיט יעזוס קריסטוס.

מיט א מאָדנעם קויעך האָט ער געצויגן צו זיך די סימפּאַטיע פונם גאַנצן פּובליקום. עפּעס איז געלעגן שוין אין זיין האַלטן זיך און אין זיין שטימע אַליין דידאָזיקע קראַפט, וואָס מאַכט זיך באַליבט באַם צו־הערער. א באַזונדערער כיין איז געווען אויסגעגאָסן אַף זיין יעדן טריט און אַף זיין יעדן ריר טון זיך אַף דער בינע. און די איבערגאַנגען פון איין געשטאַלט צום אַנדערן זענען געווען העכסט נאַטירלעך און זייער רייך אין פאַרבן. אָט איז געשטאַנען פאַר אייך א יונגער דיינקער, וואָס שמו־עסט זיך אויס מיטן דאָקטאָר דע־סילוואַ אַף דעם שטייגער, ווי עס רעדט אַ יונגערמאַן פון בעסמעדרעש, א יונגערמאַן א פילאָזאָף, פון איניאָנים היכבע, פון זאַכן הימלשע.

„איך וויל ניט זאָגן, אַז איך ווייז אָן דעם רעכטן עמעס, וואָס אַלע מוזן אים מוידע זיין. אָ, ניין! איך ווייס נאָר, אַז מיין ניט־ויסן הייסט מיר נאָכפאָרשן. מיין בלינדקייט הייסט מיר שאַרפער קוקן. מיין טויב־קייט הייסט מיך בעסער זיך צוהערן״... באַ די ווערטער: „מיין בלינדקייט״ באַווייזט ער אף די אויגן; „מיין טויבקייט״—באַווייזט ער אף די אויערן,— אַלע פּאָסטעמקעס פון א אידישן לערנער, פון א בעסמעדרעש־מאַסקיל, און מיר זאָגן נאָך א מאָל: פון א זיידענעם יונגנמאַן, וואָס איז פול מיט באַזונדערן כיין, מיט סימפּאַטיע.

עס מישט זיך אַריין אינם געשפּרעך דער כאָסן פון זיין געליבטער יעהודיס, און עס בייט זיך איבער באַ אים די פיזיאָנאָמיע, און איר זעט שוין פאר זיך ניט מער קיין פילאָזאָף, נאָר א פארליבטן, וואָס רעדט פון זיין געליבטער, וועלכע פאַלט אַריין אין פרעמדע הענט, מיט היספּאַילעס, מיט באַגייסטערונג:

„זי איז פונם הימל אַף דער ערד אַראָפּגעשיקט געוואָרן... זי איז אַן אויצער פון גאָט", — זאָגט ער מיט היסלאַוועס, און פּלוצים טוט ער זיך א וואָרף צו איר כאָסן בען־יויכאָי מיט ליבע, מיט געבעט און מיט טאכנונים, נעמט אים אָן בא דער האַנט:

„אָ, רירט זיך ניט צו צו איר מיט דער אייגענער האַנט, וואָס באַשעפּטיקט זיך מיט געלט!... בעטן, דאַוונען, טפילע טון דאַרפט איר פאַר איר!"...

און באַלד, ווי נאָר עס קומט אַריין דער אידישער טריבונאַל, דער ראָוו דע־סאַנקאָס מיט די שאַמאָסים, איבערצוגעבן אוריעל אַקאָסטאַס בוך אַף צו מישפּעטן אים אַלס אפּיקוירעס, ווערט שוין ווידער אינגאַנצן אי־בערגעביטן אַקאָסטאַס פּאָנים מיטן געשטאַלט מיטן קוק. עס שטייט שוין פאר אייך א מאַרטירער, וואָס פרומע מענטשן, פארבלענדעטע פאַנאַטי־קער, אָפּגעריסענע פון דער וועלט, יאָגן אים אַד כאָרמע, ווילן אים אָדער מאַכן דיינקען דאַווקע אַזוי ווי זיי, אָדער נויקעם זיין זיך ביזן בלוט.

דאָ האָט מען באַדאַרפט אָנקוקן ראַפּאַלעסקאָס אויגן, ווי זיי שפּילן, און ראַפּאַלעסקאָס פּאָנים, ווי עס מינעט זיך און בייט זיך פון מינוט צו מינוט און גיט אַרויס די גאַנצע טראַגעדיע פון זיין לעבן, דאָס גאַנצע ליידן פון זיין האַרצן, דעם גאַנצן פּיין פון זיין נעשאָמע, און דאַווקע אָן סקאַרבאָווע גיינג, אָן מעשונע־ווילדע האַוואַיעס, נישט געכאַפּט זיך מיט די הענט בא האַרצן, נישט געריסן זיך בא די לאַנגע האָר פונם פּאַריק, נישט געבראָכן די הענט, נישט געשפּאַנט איבער דער סצענע מיט ברייטע טריט, נישט געמאַכט קיין קרום פּאָנים.

אַלע האָבן געמוזט מוידע זיין, אז דאָס שטייט א געהויבענער מאַי־סטער, א גרויסער קינסטלער, אַ פּאָעט פון זיין ליבן נאָמען, אן אַרטיסט פון גאָטס גענאָד, וואָס ניט ער שפּילט, נאָר ער לעבט און שאַפט און טוט אוף נייס אף דער בינע.

אַלע האָבן געמוזט מוידע זיין, אַז דער אַקאָסטאַ, וואָס ראַפּאַלעסקאָ האָט זיי געגעבן, איז זיין אייגענער אקאָסטאַ, נישט קיין אויסגעלייענ־טער פון א ביכל, נאָר אַ טיפּ, וואָס ער האָט אים נאָך לאַנגער מי און שטודירן אַליין באַשאַפן.

צום סאָף פונם ערשטן אַקט, ווען אַקאָסטאַ בלייבט אַליין, האָט זיך ראַפּאַלעסקאָ ווידער איבערגעביטן און אַפּן אָרט פון א גערוידעפטן מאַר־

טירער איז שוין געשטאַנען א העלד, וואָס איז גרייט צו מילכאָמע האַלטן, ניט קעגן האַרצן, נאָר קעגן פאַרשטאַנד:

„אָ, בען־יויכאָי, האָסט א גרויסן טאָעס! דער, וואָס איז געוואוינט צו קעמפן פארן עמעס, דער וועט ניט לאָזן טרעטן מיט די פיס זיין גאָלדענע קרוין"...

דאָ האָט ראַפאַלעסקאָ אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט אַרויף, און אַלע־מען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מע זעט פאר זיך א געקרוינטן, אויב ניט מיט א גאָלדענער קרוין, איז מיט א קרוין פון צאָרעס, פון יעסורים און פון פיין. און אַלעמענס הערצער האָבן געקלאַפּט פאר אים. און עס האָט פאַרדראָסן, וואָס דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ אַזוי גיך, אַלעמען האָט זיך געוואָלט אָנקוקן אָט דעם שיינעם ליבן איידעלן אוריעל אַקאָסטאַ נאָך אַמאָל, און אַלע האָבן ניט אופגעהערט צו שרייען: „ראַפאַלעסקאָ! ראַפאַלעסקאָ!" און ראַפאַלעסקאָ האָט ניט אופגעהערט צו באַווייזן זיך פארן פובליקום נאָך א מאָל און נאָך אַ מאָל.

ניין, דאָס ניו־יאָרקער ניקעל־טעאַטער האָט שוין לאַנג ניט געהערט אַזעלכע קוילעס מיט אזעלכע גוואַלדן מיט אזעלכע אַפּלאָדיסמענטן. די מענעדזשערס פון ניקעל־טעאַטער און די כאַווײרים פון דער קאָמונע „קלאַמער, שוואַלב עט קאָמפּ" זענען געווען אַפן זיבעטן הימל, און די סאָנים, די פאַטריאָטן פון אנדערע טעאַטערס, וואָס האָבן זיך געקליבן אויספייפן דעמדאָזיקן „גרינהאָרן", און די זאַיאַדלע קיבעצאַרני־קריטיקער, וואָס האָבן געשאַרפט די ציין אַפן אידישן „פאָסאַרט־באַרניי־אירווינג־ראָסי", האָבן זיך געביסן די נעגל. זיי האָבן פונדעסטוועגן נאָך ניט פאַרלוירן זייער גאַנצע האָפענונג:

— עט! די נאַכט איז נאָך גרויס—האָבן זיי זיך געטרייסט—און די טראַגעדיע פון קאַרל גוצקאָוו האָט פינף אַקטן...

קאַפּיטל 59

## צווישן די אַקטן.

נאָכן ערשטן אַקט, בעאייס אַנטראַקט, איז אין ניקעל־טעאַטער, ווי אין אלע טעאַטערס, בעאייס בענעפיס, געווען אַ ראַש מיט אַ געטומל מיט אַ הו־האַ. איטלעכן האָט זיך געגלוסט איבערגעבן איינער דעם אַנדערן, וואָס פאר אן איינדרוק עס האָט אף אים געמאַכט דער נייער „סטאַר". דער נאָמען ראַפאַלעסקאָ האָט זיך געטראָגן אין דער לופטן אומעטום: אונטן, אין פאַרטער און אין די לאָזשעס, אַזוי ווי גאנץ אויבן,

אף דער גאַלעריע. יעדער האָט דערציילט די ביאָגראַפיע פונם דאָזיקן יונגן אַרטיסט, לויט ער האָט דאָס אויסגעלייענט פון זיין „פּייפּער". דאָס האָט באוויזן, ווי ווייט דאָס טעאַטער און די „פּרעס" זענען אין ניו־יאָרק געבונדן איינעם. פאַרשטייט זיך, אַז ניט אומעטום אין אַלע פּייפּערס האָט די דאָזיקע ביאָגראַפיע געשטימט, און ניט אַלע מיינונגען איבערן אַרטיסט זענען געווען גלייך. אויך דאָס דאַרף מען צוגעבן, אַז ניט אַלע האָבן געוואוסט, וואָס אוריעל אַקאָסטאַ איז און ווער איז דער פאַרפאַסער פון דער טראַגעדיע: לאַטיינער, גאָרדין, ליבין אָדער פּראָפעסאָר יאַקאָבי? עס זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן ערוואַרטעט פון די שפּעטעריקע אַקטן עפּעס אַ מין „מוישע" אָדער אַן אַנדער לידל. און דאָס האָט באַוויזן, ווי ווייט דאָס גרויסע פּובליקום איז אַנטוויקלט אינם געשמאַק פאַר קונסט... דאָך מוזן מיר זאָגן, אַז קימאַט אַלע האָבן זיך געפונען אונטערן איינפלוס פון אַ נייער קראַפט, פון אַ קויעך, וואָס יעדער פאַרשטייט אים עפּשער ניט מיטן סייכל, נאָר ער פילט אים מיטן האַרצן, מיטן אינעווייניקסטן אינסטינקט. און דעריבער האָט זיך קימאַט יעדער איינציקער געאיילט איבערצוגעבן דעם צווייטן, אַזוי ווייט ווי ער קאָן, אַלץ, וואָס ער האָט געפילט און וואָס ער האָט אַרויסגעטראָגן פונם דאָזיקן נייעם שטערן ראַפאַלעסקאָ.

נאָר איינער איז געווען אין טעאַטער אַן עלנטער נעבעך, וואָס האָט נישט געהאַט מיט וועמען צו טיילן זיין טאַיִנעג און דעם עמעסן פאַרגעניגן, וואָס ער האָט געהאַט פונם דאָזיקן אָוונט. דאָס איז געווען אונזער „ליובּיטעל" פון אידישן טעאַטער, מייער סטעלמאַך.

מייער סטעלמאַך האָט ניט נאָר געקליבן טאַיִנעג, ער האָט ניט נאָר פאַר זיין געלט געשעפּט פאַרגעניגן מיטן פולן מויל — ער האָט זיך פאַקשעט געשמאָלצן, צעגאַנגען ווי אַ וואַקס און נישט געהאַט, ליידער, מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. האָט ער זיך מעיאַשעוו געווען, ער וועט זיך שטילערהייט אַריינכאַפּן אין דער לאָזשע נומער דריי, ערשטנס, געוואָרע ווערן צו די קינדער און, צווייטנס, הערן, וואָס וועלן זיי עפּעס זאָגן אף דעם אַנטיק, אף דעמדאָזיקן ראַפאַלעסקאָ.

נישט אָפּגעגאַנגען קיין דריי טריט, איז אונזער סטעלמאַך געבליבן שטיין אין מיטן דרינען: אַקעגן אים איז אויסגעוואַקסן דערזעלבער ריז, וואָס האָט זיך באַגעגנט מיט אים אין קאָרידאָר. עפּעס זייער אַ קענטלעכער פאַרשוין. מיט אַ פריילעך לאַכנדיק פּאָנים איז ער געשטאַנען אַקעגן סטעלמאַכן און געקוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין.

דאָס איז געווען ניסל שוואַלב.

— שאָלעם־אַלייכעם אייך, לאַמטעדערײדעם! איר האָט מיך ניט דערקענט? ווי קומט עס? אין לאָנדאָן זענען מיר געווען גאָר נאָענטע

שמעלקעס. איך בּין אפילע געווען בּא אייך צו גאַסט, געדיינקט איר? דאָס הייסט, איך בּין געשטאַנען אין דרויסן בּא דער טיר, און איר האָט געשיקט זאָגן, אז איר זענט נישטאָ אינדערהיים. איך האָבֿ אייך דערקענט אין קאָל. האָבֿ איך אייך אַפּילע בּאַלד געוואָלט מאַכן אַ סקאַנדאַל, ווי איר זעט מיר אַ שווימענדיקן. נאָר איך האָבֿ מיך מעיאַשעוו געווען: נעווער מיינד (מיילע), לאָז ער איבּערגיין אף אנדערע הענט. איך בּין בּא אייך געווען, אויבּ איר געדיינקט, ניט צוליבּ זיך, צוליבּ אַן אנדערן. צוליבּן לאָמזשער כאַזן מיט זיין געזינדל, געדיינקט איר די כאַליאַסטרע? איר זאָלט זיי זען אַצינד — עהע־הע! — זיי דארפן שוין ניט אייער לאַסקע, זיי זענען אָל־רייט. נו, און איר וואָס מאַכט איר עפּעס, פּאַני פּיפּערנאָטער? איר האָט מיר אזוי אָנגעפּייפּט אין אייער בּאָרד, אַז ווען נישט אייער גרישאַ זאָל דאָ זיין בּא אונז מיט דער ספּיוואַק אין לאָזשע נומער דריי, וואָלט איך אייך אין לעבּן נישט דערקענט. איך זאָל אזוי האָבּן אַלעמענס גוטס.

אַז מייער סטעלמאַך האָט דעם שלאַק ניט בּאקומען דאָ אף דער שטעל, איז דאָס אַ נעס מין האַשאָמאַים. ערשטנס, דאָס בּאַגעגעניש מיט דעמדאָזיקן נעפּעש און אויסהערן פון אים אזא מאינע־לאָשן — דאָס אליין איז שוין געווען גאנץ גענוג, ס׳זאָל פארקילט ווערן דער מאַמעס מילך אין בּויך. אויבּיפּראַט נאָך, אַז מע הערט פון אים אזעלכע דיבּורים וועגן זיין גרישען און וועגן דער ספּיוואַק. פונוואנען ווייסט ער, אז זיי זענען אין לאָזשע נומער דריי? ווען האָט ער עס צייט געהאַט צו געוואָרע ווערן? און גלאַט אָן אלעמען, וואָס איז ער פאר אַ מעכוטן מיט אָט דעם „ווערגעלעץ?”

אַוואַדע מעג עס פאַלן אין יאַם אריין, וואָס סטעלמאַך האָט אים אָנגעווינשעוועט. נאָר איינס צום אַנדערן געהער זיך ניט אָן. אַ מענטש שטעלט אָפּ, זאָגט, אַז ער איז אַ בּאקאַנטער, קאָן מען ניט זיין אזוי גראָבֿ און מע טאָר יענעם אין פּאָנים אריין ניט אָנשפּייען. אַהין־אַהער, דערווייל האָט מייער סטעלמאַך געהאט אַ פאַרשטערטן אָוונט. ער האָט שוין צו די קינדער אין לאָזשע ניט געקאָנט צוגיין און געמוזט אָפּלייגן דאָס אף נאָכן צווייטן אַקט, ווען ער איז אויסגעזעסן, ווי אף שפּילקעס. מייער סטעלמאַך זאָל געווען זיין בּא די קינדער אין לאָזשע בּאלד נאָכן ערשטן אַקט, וואָלט מיסטאָמע נישט פאָרגעקומען אָס דאָס, וואָס מיר גייען בּאַשרייבּן בּאַלד אין קאַפּיטל זעכציק, און עס וואָלט עפּשער אַלצדינג געווען גאָר אַנדערש.

קאַפּיטל 60

## וואָס איז פאָרגעקומען אין דער לאָזשע נומער דריי?

אין דער לאָזשע נומער דריי איז, אייגנטלעך, נישט פאָרגעקומען גאָרנישט. דאָרטן זענען זיך געזעסן, ווי מיר ווייסן, דאָס באַרימטע פּאָרל, גרישאַ סטעלמאַך און ראָזאַ ספּיוואַק, אויסגעהערט דער גאַנצן ערשטן אַקט ביזן סאָף, ניט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פונם ערנגאַסט, לעאָ ראַפּאַלעסקאָ, וועלכער האָט באַ זיי ביידן אויסגענומען נישט ווינציקער, אויב נישט מער נאָך, ווי באַם איבעריקן עולם אין ניקעל־טעאַטער. עס איז פאַר זיי ביידן געווען אַן אנגענעמער סורפּריז צו הערן אַזאַ בע־עמעס טאַלאַנטפולן אַרטיסט, צו זען פאַר זיך אַזאַ בעעמעס אופגייענ־דיקן שטערן אף דער אידישער בינע.

באַזונדערס אנגענעם איז דאָס געווען פאַר ראָזען. פאַר איר איז דאָס געווען, קאָן מען זאָגן, א שטיק ניצחון, אַ טריומף. זי האָט דאָך אמאָל אליין אויך געהאַט עפּעס א שאַיכעס צום אידישן טעאַטער... זי האָט שוין לאַנג ניט געהאַט אַזאַ פולן גייסטיקן פאַרגעניגן, ווי אין יענעם אָוונט, און זי איז בעעמעס געווען דאַנקבאַר סטעלמאַך דעם פאָ־טער פאַר דער אידייע — צו גיין אין אידישן טעאַטער.

וואָס ווייטער איז איר וואונדערן זיך געוואָרן גרעסער און גרעסער. זי האָט קימאַט ניט געגלויבט אירע אויגן. זי האָט זיך קיינמאָל ניט געריכט, אז דאָס אידישע טעאַטער, ווי זי האָט דאָס געדיינקט, זאָל אין אַזאַ קורצער צייט דערגרייכן צו אַזאַ הויכן גראַד פון עמעסער קונסט. זי האָט קיינמאָל ניט געגלויבט, אַז צווישן די אידישע אַקטיאָרן, ווי זי האָט זיי געקענט, זאָל אויסוואַקסן אַזאַ קאָלאָסאַלע פיגור, אַזאַ ריז, אַזאַ גיבער אַן אַרטיסט, ווי אָט דער גאַסטראָלער ראַפּאַלעסקאָ. מיט דעם העכסטן אינטערעס, מיט דער גרעסטער שפּאַנונג האָט זי נאָכגע־קוקט יעדן טריט, יעדע באַוועגונג פונם ד'אָזיקן גרויסן אַרטיסט, וואָס האָט זי מיט זיין הויכער נאַטירלעכקייט אריבערגעטראָגן אין דעם ווייטן, אלטן אמסטערדאַם מיט זיינע אַמאָליקע אלטע אינטערעסן. דער קויעך האַדימיען, די אילוזיע איז געווען אזוי שטאַרק, אַז ראָזאַ האָט זיך געזעען איינעם מיט דעם העלד אין דער אַלטער וועלט, איינעם מיט אים געטיילט זיינע פריידן און ליידן פון דער אלטער צייט, די צייט פון מיל־כאָמע צווישן פרייען געדאַנק און פאַנאַטיזם, די צייט פון באָרוך שפּינאָזאַ. ס'איז נאָר א שאָד, וואָס פון דער צווייטער זייט לאָזשע, וועלכע גע־הערט צו דער דירעקציע פון טעאַטער, שטערט מען, מע לאָזט נישט הערן, ווי עס געהער צו זיין. דאָרט האָבן זיך צונויפגעקליבן א בינטל

ווייבער און מע שמועסט זיך אויס שטילערייט, ווי, לעהאַוודל, אין שול צום דאַוונען, ווען עס ווילט זיך אי רעדן, אי ניט שטערן דעם כאַזן.

דאָס בינטל ווייבער האָט, ווי עס שיינט, זיך אָנגעקערט טאַקע מיטן ניקל־טעאַטער און מיט דער קאָמונע „קלאַמער, שוואַלב עט קאָמפּ.", ווייל צווישן זיי האָט זיך געפונען אונזערע א באקאנטע, די לאָמזשער כאַזנטע, און עטלעכע שוין ניט קיין יונגע, נאָר שטאַרק אויסגעפּוצטע דאַמען, מיט געקנייטשטע, נאָר שטאַרק אָנגעקאַלכטע פּענימער. אויב זיי זיינען אליין ניט קיין אקטריסעס, זענען דאָס אַקטיאָרסקע פרויען. וואָס פאַר אַ וויכטיקע אינטערעסן באַ זיי איז געווען, וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט אָפּלייגן זייער שמועס אף שפּעטער, איז שווער צו וויסן. ס'איז טאָמיד אזוי: ווען מע איז גענויט צו שווייגן, דעמאָלט גלוסט זיך דאַווקע רעדן. ס'איז אַ יעיצער־האָרע.

נאָר דידאָזיקע ווייבער וואָלט נאָך געווען צו דערטראָגן, ווען עס זאָל זיך ניט עפענען די טיר פון דער דירעקטאָר־לאָזשע און עס זאָל זיך ניט אַריינרייסן מיט א ראש סאַמע אין מיטן ערשטן אַקט עפּעס א מאָדנע יעפּייפיע מיט אַזאַ גרויסן „העט", אז מע האָט פריי געקאָנט ארונטערנעמען אונטער אים דאָס גאַנצע בינטל ווייבער. און ערשט דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די רעכטע כאַסענע.

ראָזאַ זאָל קאָנען, וואָלט זי צעריסן אָט דידאָזיקע יעפּייפיע מיטן מוירעדיקן העט. א מענטש זאָל ניט רוען אַ מינוט! עפּעס טאַקע נאָר ווי אף צעלאָכעס האָט זי דער ניט־גוטער אַהער געבראַכט צו טראָגן. די גאַנצע צייט האָט זיך איר דאָס מויל ניט צוגעמאַכט. זי האָט זיך געסוידעט און געשושקעט אָט מיט דער, אָט מיט דער צווייטער פון דעם בינטל ווייבער, געלאַכט שטילערהייט, געוואָרפן זיך, אופגעדעקט די ארבל און באַוויזן די בראַסלעטן מיט ברילִיאַנטן, און טאַקע אין איינוועגס — אירע שיינע גרויסע ווייסע הענט. ראָזאַ האָט זיך מיט איר קאַוואַליער אי־בערגעקוקט עטלעכע מאָל, פרעגנדיק זיך איינס דאָס אנדערע מיט די אויגן: „וואָס איז דאָס פאַר א כאַיע?"...

אויך דעמאָלט, ווען דער ערשטער אַקט האָט זיך געענדיקט, דער פאָרהאַנג איז געפאַלן און דאָס גאַנצע טעאַטער האָט געציטערט פון אַפּלאָדיסמענטן און געשריי: „ראַ־פאַ־לעס־קאָ!" — אויך דעמאָלט האָט דידאָזיקע „כאַיע" ניט אופגעהערט צו שמועסן מיט אירע ווייבער, גע־לאַכט, געוואָרפן זיך און אופגעפירט זיך אזוי, אז עס האָט זיך געגלוסט נאָר הייסן, מע זאָל זי בעטן ארויספירן פון טעאַטער.

צום דריטן מאָל, אַז מע האָט ארויסגערופן ראַפאַלעסקאָן אף דער בינע און ער האָט זיך גאַנץ העפלעך פאַרנייגט פארן דונערנדיקן פּוב־ליקום, האָט ראָזא דערזען, ווי דידאָזיקע „כאַיע" האָט אים ארויסגע־

שטעלט א צונג, און דאָס בינטל ווייבער אין דער דירעקטאָר־לאָזשע האָבן אלע אויסגעשאָסן אַזאַ געלעכטער, אז עס האָט שוין אונזער ראָ־זען פאַרדוראָסן נישט אף קאַטאָוועס און, ווענדנדיק זיך צו דער יעפּיי־פיע מיטן העט, האָט זי איר א זאָג געגעבן אף אידיש:

— ניט שוין־זשע האָט באַ אייך ניט אויסגענומען אָט דער אר־טיסט?

— וועלכער ארטיסט? ראַפּאַלעסקאָ? כאַ־כאַ! ער איז דאָך מײַנער א כאָסן, כאַ-כאַ־כאַ!

דאָס איז געזאָגט געוואָרן אזוי פּראָסט און מיט אַזאַ אומשולדיקן געלעכטער, אַז ראָזען איז די „כאיע" מיטאמאָל געפעלן געוואָרן. האָט זי זיך צוגערוקט צו איר:

— אייערער א כאָסן? זענט איר אויך אַן אַקטריסע?

— אויב איך בין אַן אַקטריסע? — זי האָט אופגעהערט צו לאכן.— איך בין אַ פּרימאַדאָנאַ. מײַן נאָמען איז הענריעטאַ שוואַלב.

— עס פרייט מיך זייער.

ראָזאַ האָט איר נאָמען נישט אָנגערופן, נאָר זי האָט זיך צוגערוקט צו דער פּרימאַדאָנאַ נאָך נעענטער, אַזוי אַז זיי זענען אויסגעקומען אַ פּאָנים קעגן א פּאָנים, און נאָר דאָס דינע ווענטל פוןביידע לאָזשעס האָט זיי אָפּגעטיילט, אזוי אז קיין דריטער האָט נישט געקאָנט הערן זייער אינטימען געשפּרעך.

— וואָס איך וואָלט וועלן וויסן פון אייך, איז אָט וואָס,— האָט זיך ראָזאַ פרײַנטלעך געווענדעט צו דער פּרימאַדאָנאַ: — איז דאָס עמעס, וואָס מע שרײַבט אף דעם ראַפּאַלעסקאָ פון בוקאַרעשט, אז די קעניגין קאַרמען סילוואַ...

— גאָלע ליגן! — האָט איר הענריעטאַ איבערגעשלאָגן מיט א גע־לעכטער. — ערשטנס, איז ער ניט פון בוקאַרעשט, נאָר פון האָלענעשטי.

— האָלענעשטי?

דאָס וואָרט האָלענעשטי האָט ראָזאַ ניט אויסגערעדט, נאָר עס האָט זיך ארויסגעריסן בא איר פונם האַרצן, און זי האָט אָנגעכאַפּט הענרי־עטען באַ איר גרויסער נאַקעטער קאַלטער האַנט, זי האָט זיך אָבער באַלד פאַרכאַפּט, גענומען קלוימערשט באַטראַכטן הענריעטאַס בראַס־לעט:

— איר טראָגט אזוי פיל צירונג? אייער בראַסלעט געפעלט מיר...

— דאָס איז באַ מיר א מאַטאָנע פון מײַן כאָסן.

— ווי אַזוי, האָט איר געזאָגט, הייסט די שטאָט?

ראָזא האָט ניט אופגעהערט צו באטראכטן הענריעטעס בראַסלעט מיט די ברילייאַנטן.

— אַ שטאָט? כאַ־כאַ־כאַ! אַ שטעטל. האָלענעשטי הייסט עס. אין בעסאַראַביע איז דאָס. דאָרט עסט מען מאַמעליגעס, כאַ־כאַ־כאַ!

דאָס אינטימע געשפּרעך פון ביידע פּרימאַדאָנעס האָט געמוזט אי־בערגעריסן ווערן אין דעכטן אָנהייב, וואָרום פּלוצים זענען אויסגעלאָשן געוואָרן די ליכט אין טעאַטער, עס האָט זיך אופגעצויגן דער פאָרהאַנג, און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער צווייטער אַקט.

## קאַפּיטל 61

# דאָס טעאַטער איז מעשוגע געוואָרן.

וואו זענען געווען אירע אויגן? ווי אזוי האָט זי אים באלד ניט דערקענט פון דער ערשטער מינוט נאָכן ערשטן קוק, נאָכן ערשטן וואָרט אַרויסרעדן?

ראָזאַ קוקט אריין אין פּראָגראַם. זי לייענט: „אוריעל אַקאָסטאַ — לעאָ ראַפּאַלעסקאָ".

— נו יאָ — לעאָ...

— וואָס לעאָ?

דאָס פרעגט בא איר גרישאַ סטעלמאַך, וואָס זעט, אַז ראָזאַ איז עפּעס מיטאַמאָל געוואָרן גאָר ניט די, וואָס פריער. פריער, אין דער גאַנצער צייט פונם ערשטן אַקט, איז זי געזעסן נעבן אים נאָענט־נאָענט. איר האַנט איז געווען אין זיין האַנט. איצט, אין צווייטן אַקט, איז ראָזא ניט געווען שוין מער דאָ. זי האָט זיך קימאַט אינגאנצן אַרויסגעבויגן פון דער לאָזשע און קוקט דורך איר בינאָקל און זעט פאר זיך אַ גאָרטן, עטלעכע דעקאָראַטיוועביימער. צווישן די ביימער זעט זי פיגורן. צווישן די פיגורן איז ניטאָ דער, וואָס אירע אויגן זוכן אים... עס ווייזט זיך איר אויס, אז די פיגורן זענען פונם זעלביקן מאַטעריאַל, וואָס די ביי־מער. דעקאָראַטיווע פיגורן, רירעוודיקע מאַנעקענען, רעדנדיקע גוילעמס. עפּעס איינער אן אלטער מאַן, עלעגאַנט געקליידעט, לייענט אַ פּאַפּיר. דער אַלטער רעדט וויינענדיק, מיט אַ פרעמד קאָל. נעבן אים שטייט אַ דינער אין אַן אַלטמאָדישער אוניפאָרם, מיט אַ צעפּל פונהינטן. עפּעס שמועסן זיי, דידאָזיקע הילצערנע פיגורן, צווישן זיך. וואָס — ווייסט זי ניט. דערנאָך קומט אָן אַ מיידל, נישט גוט גרימירט, מיט שלעכט אונטערגעפירטע ברעמען. אירע הענט זענען צו גרויס און רויט. ווער איז דאָס מיידל? וואָס טוט זי דאָ? זי רופט אָן דעם אַלטן אף דייטש: „פאַטער". עפּעס רעדן זיי, דאַכט זיך, נאַרישע, איבעריקע רייד. פון

דער אַמסטערדאַמער בעריזע רעדן זיי; פון רובענס און פון וואַן דייק; פון מוישע ראַביינו און פון סאָקראַטעס און פון קריסטוס; פון קונסט און פון רעליגיע; און דאַוועקע אַף דייטש: „רעליגיאָן". נאַרישע איבעריקע רייד... דער דינער גייט אוועק — דאַנקען גאָט, איינעם געפּאַטערט. דער אַלטער איז שוין אויך נישטאָ. דאָס מיידל בלייבט אליין. זי דרייט זיך ארום איבער דער בינע, ווי אַן איבעריקע. זי פאַרגלאָנצט די שלעכט אונטערגעפּירטע אויגן אַרוף, דריקט צו די רויטע הענט צו דער פאַל־שער ברוסט און רעדט דייטש (דאַוועקע דייטש): „די קייטען פון קליינמוטיגקייט ליגען אויף מיין הערץ". נאַרישע, איבעריקע רייד. נאָר אָט איז — ער! אוריעל אַקאָסטאַ... ראָזאַ פילט, אַז עס האָט איר פאַרכאַפּט דער אָטעם. עס פּולסירט דאָס בלוט, און דאָס האַרץ רייסט זיך באַ איר, וויל אַרויסשפּרינגען, נאָר אַרויסשפּרינגען. טיק־טיק־טאַק! טיק־טיק־טאַק! אַ מינוט האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז אוריעל אַקאָסטאַ קוקט צו איר אין לאָזשע אַריין, גלייך אַף איר. זי פילט, אַז איר פּאָנים ברענט, ווי אַ העליש פייער, ניין, עס האָט זיך איר נאָר אויסגעדאַכט, אויסגעוויזן.

רואיק, שטיל און געלאַסן רעדט אוריעל מיט זיין געליבטער יעהודיס. זיין קאָל איז ווייך, זיינע באַוועגונגען זענען שיין, איידל און פּלאַסטיש. אלעס מיט אַ וואָג און מיט אַ מאָס. קיין איבעריקער טראָט, קיין אומזיסטער ניואַנס. דאָס גאַנצע טעאַטער הערט זיך איין אין יעדן וואָרט, וואָס ער רעדט אַרויס. גלייך ווי נאָר ער אליין וואָלט דאָ געווען, און אויסער אים נישט קיינער. מיטאַמאָל העכערט זיך באַ אים די שטימע. עס הערט זיך אַ באַזונדערע שטאַרקייט אין זיינע ווערטער. צערטלעך ווייך און פול מיט ליבע נעמט ער אָן די געליבטע יעהודיס ברודערלעך באַ דער האַנט: „מיין טייערע יעהודיס, צום לעצטן מאָל — זיי געזונט!"

אַך! ווי שיין, ווי גרויסאַרטיק שיין עס זענען זיינע אויגן! וויפל געפיל, וויפל שמערצלעכע ליבע עס פינקלט זיך אָפּ אין זיי! ניט שוין־זשע גייט ער דאָס אוועק פון דער סצענע? ניין. עס קומט אָן דער פריערדיקער אלטער מיט נאָך עפּעס פאַרשוינען, און אוריעל איז געבליבן — דאַנקען גאָט, וואָס ער איז געבליבן. ראָזאַ שטעלט אָן אף אים איר בינאָקל. זי זעט, אז יעהודיס נעמט אים פאר אַ האַנט, און זיי גייען פּאַוואָלי אוועק. פונדערווייטנס הערט זיך מוזיק.

מיט אַ זיפץ לייגט ראָזאַ אוועק איר בינאָקל. דער יונגער מאַעסטראָ סטעלמאַך, וואָס זיצט נעבן איר, פאַרקוקט איר אין די אויגן. ער וויל זען, וואָס איז מיט איר?... ער וויל זי פרעגן, וואָס זיפצט זי אַזוי? ראָזאַ זעט אים ניט. ראָזאַ זעט קיינעם ניט. ראָזאַ איז איצט באַ זיך, אפן אָפּגרונט

פון איר אייגענער נעשאָמע: „נישט שוין־זשע איז דאָס ער? אָט דער, וואָס זי האָט אזוי לאַנג אף אים אַרויסגעקוקט? אָט דער, וואָס זי האָט אים געזועען אַזוי אָפט אין כאָלעם? אָדער אַ כאָלעם איז דאָס, וואָס זי זעצט אַצינד? ניין, ס׳איז ניט קיין כאָלעם״... הינטער אירע פּלייצעס הערט זי, ווי מע שושקעט זיך. דאָס איז פון דער צווייטער לאָזשע. אַלץ יענע, וואָס האָט זיך אָנגערופן פּרימאַדאָנאַ און האָט באַרימט זיך, אַז ראַפּאַלעסקאָ איז איר כאָסן. איז דאָס מעגלעך?... זי וועט אים פרעגן. נאָך היינט וועט זי אים פרעגן. וואו וועט זי אים זען? טאַקע דאָ אין טעאַטער. הינטער די קוליסן. באַלד ווי עס ענדיקט זיך דער צווייטער אַקט גייט זי אַרוף און הייסט זיך אַרויסרופן דעם גאַסטראָלער, לעאָ ראַפּאַלעסקאָ. ווי אַזוי זאָל מען אים זאָגן? ווער פרעגט אף אים? א ליידי וויל אים זען. אָן א נאָמען — א ליידי... אַלע קוקן אַף איר: ווער איז די ליידי, וואָס פרעגט זיך נאָך אף ראַפּאַלעסקאָן? נאָר וועמען הערט זי?...

איין זאַך האָט ראָזא פאַרגעסן: אַז זי איז ניט אליין אין טעאַטער. אַז מיט איר אין לאָזשע זיצט נאָך עמעצער. אַז דאָ זיצט מיט איר גרישא סטעלמאך. אַך, גרישא סטעלמאך! אָן אים האָט זי טאקע פאַרגעסן. אינגאַנצן פארגעסן. פאַרגעסן, וואָס ער געהער זיך אָן מיט איר. פאַרגעסן, וואָס היינט איז פאָרגעקומען צווישן זיי. פאַרגעסן גאָר, אַז ס׳איז פאַראן אף דער וועלט אזעלכער, וואָס הייסט מיטן נאָמען גרישא סטעלמאַך... אָרעמער, אָרעמער גרישאַ סטעלמאַך!

פּלוצים דערהערט זיך פון דער סצענע אַ קאָל פון א שויפער. ראָזאַ טוט זיך א וואָרף, גלייך ווי פון שלאָף. די בינע איז פול מיט מענטשן. אַלע רעדן, ווי עס דאַכט זיך איר, מאָדנע נאַרישע, איבעריקע ווערטער. וואו איז אוריעל? אָט איז ער! שוין ווידער א גאנץ אַנדער אויסזען. אַ גאנץ אנדערער מענטש. מיט א נייער קראפט קלינגט זיין שטימע.

ראָזאַ נעמט נישט צו דעם בינאָקל פון די אויגן, הערט זיך איין אין די ווערטער פונם לאַנגן מאָנאָלאָג, פאַרשטייט זיי ניט אַקוראט, נאָר איטלעכס וואָרט באַזונדער האָט פאר איר אַן אַנדער באַדייטונג. און ניט אַזוי אויך די ווערטער, ווי די שטימע. זיין שטימע. ווי אַזוי האָט זי געקאָנט פארגעסן זיין שטימע? וויפל מאָל האָט זי מיט צוגעמאַכטע אויגן געהערט אים רעדן?...

„צאָרעס טראָגן גלייך מיט אלע וויל איך! אייער כיירעם קאָן גילטן — איך בין א איד!״ — אזוי לאָזט אויס מיט גאַדלעס אוריעל אקאָסטאַ זיין מאָנאָלאָג, און דאָס גאַנצע טעאַטער ברעכט אויס אין א מוירעדיקן אַפּלויז. דאָס האָט כעוורע יונגוואַרג זיך אָנגעצונדן אין געפיל פון שאַרפן נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט דערגרייכט צו אונזערע ברידער אַף יענער זייט אַטלאַנטיק. זיי איז אַמערסטן געפעלן די

ווערטער: „צאָרעס טראָגן גלייך מיט אַלע וויל איך". און אַף זיי קוקנ־דיק האָט שוין דער איבעריקער אוילעם, וואָס זענען אין אַמעריקע מער אָדער ווייניקער מעווינים אַף קונסט, אויך גענומען אַפּלאָדירן, שטאַרק אַפּלאָדירן, ווייל אַלע האָבן געפילט, אַז עס שטייט פאַר זיי אַן אומגעווײנלעכע קראַפט, אַן עמעסער אַרטיסט, אַן אַרטיסט, וואָס טראָגט ארויס די גאַנצע טרופּע אַף זיינע פּלייצעס, וואָס האַלט דאָס גאַנצע פּובליקום בא זיך אין האַנט, וואָס האָט פאַרקישעפט דאָס גאַנצע טעאַטער. יאָ, דאָס איז אַ „סטאַר",—האָבן אַלע ווי איינשטימיק אַרויסגעזאָגט — דאָס איז בעעמעס אַ שטערן, אַן אופגייענדיקער שטערן אַפן הימל פון דער אידישער בינע.

אויך דעמאָלט, ווען דער צווייטער אַקט האָט זיך שוין לאַנג געענ־דיקט, האָבן די אַפּלאָדיסמענטן ניט אופגעהערט. זיי האָבן זיך אויסגעמישט מיט ווילדע געשרייען: „ראַפּאַלעסקאָ! בראַוואָ, ראַפּאַלעסקאָ!"

— שאַראַפּ! לאָז זיין שטיל!—האָבן זיך אנדערע געפּרואווט איינ־שטילן דעם אוילעם. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. אנשטאט „בראַוואָ ראַפּאַלעסקאָ"! האָט מען אָנגעהויבן שרייען: „הורריי פיר ראַפּאַלעסקאָ!"

— דאָס טעאַטער איז מעשוגע געוואָרן! — האָט זיך דערהערט אַ קאָל פון פּאַרטער.

דער, וואָס האָט דאָס געזאָגט, איז געווען גערעכט: דאָס טעאַטער איז מעשוגע געוואָרן.

## קאַפּיטל 62

# מיסטער ניקעל ספּיטשט אויך.

אין אַמעריקע ספּיטשן אַלע: קליין און גרויס, יונג און אַלט. און אַלע קאָנען ספּיטשן. סיידן דער, וואָס איז אַ געבוירענער אַ שטומער.

אין אַמעריקע ווערט געספּיטשט אַף יעדער סימכע און בא יעדער גע־לעגנהייט: אַ קנאַסמאָל, אַ כאַסענע, אַ בריס, אַ פּידיען־האַבען, אַ באַר־מיצווע, אַ כנוקעס־האַבאַיס, אַ סיעם האַטוירע, אַ געט, אַ כליצע, אַ שלאַק, אַ צאָרע שעלוי טאָווע,—דאָס אלעס גיט אַ געלעגנהייט צו ספּיטשן. און ווער שמועסט אַף אַן אַסיפע, אַ מיטינג, אַ לעקטשור, אַן אָוונט, אַ גאַסט, אַ רעסעפּשאָן (אַ באַנקעט), אַ קאָנצערט אָדער אַ פּאָרשטעלונג— דעמאָלט האָט דאָך גאָט אליין געהייסן ספּיטשן.

אין טעאַטער, אַז עס קומט אַ גאַסטראָלער, אַ סטאַר, ווערט פון זיין קאָוועד וועגן געספּיטשט פון דער סטיידזש (בינע) צווישן די אַקטן. דאָס

טוט, געוויינלעך, אָדער דער גאַסט אַליין, אָדער איינער פון די אַקטיאָרן, וואָס האָט א גוטע געמבע און קאָן געבן א טאָן. און אמאָל גייט אַרוף דער מענעדזשער, דער באַלעבאָס פון טעאטער, הייסט עס, און גיט צו וויסן דעם געערטן פובליקום דאָס, וואָס ער געפינט, אַז דער עולם דאַרף עס וויסן.

איצטיקס מאָל, נאָכן צווייטן אַקט, אז דאָס פובליקום איז שיר מעשוגע געוואָרן, קלאַפנדיק בראַוואָ און שרייענדיק: „הורריי פיר ראַפּאַלעסקאָ!", און ראַפּאַלעסקאָ האָט זיך שוין איינגעמידט אַרויסצוגיין אלע האַלבע מינוט און פאַרנייגן זיך פארן פאריקטן ניו־יאָרקער פובליקום, האָט זיך אויפגעהויבן דער פאָרהאַנג און אָנשטאָט ראַפּאַלעסקאָן האָט זיך באוויזן די אַלעמען גוט באַקאַנטע פריילעכע פיגור פון מיסטער ניקעל.

אָנגעטון איז ער געווען גאַנץ איינפאַך, ווי א באַלעבאָס בא זיך אין שטוב: אין א קורץ ווייטיקל, גאַנץ וואָכעדיק, די הענט אין די קעשענעס, און אַף די ליפּן א שמייכעלע. דאָס באַקאַנטע שטענדיקע שמייכעלע, וואָס האָט געמאַכט דעם מיסטער ניקעל פאַר א „גוד־באָי".

— ליידיעס ענד דזשענטעלמען! — האָט מיסטער ניקעל אָנגעהויבן זיין עקספּראָמט. — צום אַלעם ערשטן געפין איך פאר נייטיק אויסצודריקן מיין טיפסטן דאַנק דעם געערטן פובליקום פאר דער ערע, וואָס זיי האָבן מיר מיטגעטיילט מיט זייער קומען צו מיר אין טעאַטער אריין. עס וואונדערט מיך ניט, וואָס אַלע פאָרשטעלונגען פון מיין טעאַטער קומען פאָר אַלעמאָל בא פול־געפּאַקטע הייזער, אין דער צייט ווען אין אַנדערע טעאַטערס אין ניו־יאָרק איז דאָ אַ פּלאַץ אַף דורכפאָרן זיך מיט א מאָטאָרקאַר אין דער ברייט און אין דער לענג. איך מיין ניט, כאָלילע, דערמיט צו בלאַמירן מיינע קאָנקורענטן, נאָר די וואַרהייט קאָן מען ניט פארבאָרגן, אַז דאָס געערטע פובליקום גלייכט מיין טעאַטער מער אלס אלע אַנדערע. מעגלעך, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל איך טו אלעס מעגלעכס, אום דאָס פובליקום צופרידן צו שטעלן. איך קער ניט פאר קיין געלט און שטעל מיך ניט אָפּ פאר קיין אויסגאַבן, ווי גרויס זיי זאָלן ניט זיין. אויך איצט איז מיר געלונגען, זעלבסטפאַרשטענדלעך. מיט אומגעהייערע קאָסטן, אַראָפּצוברייננגען פון בוקאַרעשט דעם געערטן גאַסט פון היינטיקן אָוונט אַף געציילטע גאַסטראָלן. דאָס איז דער קעניג פון די שוישפּילערס. דאָס איז דער וועלט־באַרימטער דראַמאַטישער אַרטיסט לעאָ ראַפּאַלעסקאָ פון בוקאַרעשט, וועלכער האָט ניט זיין גלייכן ניט דאָ בא אונז, ניט דאָרט אַף יענער זייט אטלאַנטיק. עס פרייט מיך צו זען, אז דאָס ווערטע פובליקום האָט אים אָפּגעשאַצט לויט זיין ווערט, און איך בין גרייט צו פאַרשפּרעכן אויך אַף ווייטער, אז איך וועל ניט קוקן אַף קיין סומען, ווי גרויס זיי זאָלן ניט זיין, ביכדיי דעם זשעניאַלן גאַסט צו פארהאַלטן וואָס

לײַנגער, אום צו געבן די מעגלעכקײט די־יעניקע הונדערטער און טויזנ־טער לײַט, װעלכע האָבן נעבעך געמוזט הײנט מיט א װײטיק אין האַרצן אַװעקגײן אהײם, װײל ס׳איז, װי איר זעט, נישט אַן עפּל דורכצו־װאַרפן.

לײדיעס ענד דזשענטעלמען! אױסשפּרעכנדיק מײַן אַנערקענונג דעם געערטן פּובליקום, קאָן איך מיך ניט אײַנהאַלטן פון אָפּצודאַנקען די־יע־ניקע פּראָמינענטע געסט, װעלכע האָבן באַערט מײַן טעאַטער מיט זײער אַנװעזנהײט. א גאַנץ באַזונדערע פרײדע מאכט מיר אײך מיטצוטײלן, אַז צװישן די פּראָמינענטע געסט, װאָס האָבן מיט זײער הױכער אָנװעזנ־הײט באַערט מײַן טעאַטער, געפינען זיך דאָ אױך אַזעלכע, װאָס האָבן קײן אידיש טעאַטער ביז הײנטיקן טאָג אין ניו־יאָרק, אױסער מײַן טעאַטער, נאָך ניט באַזוכט. צװישן זײ האָבן אונז באַערט צװײ, װאָס זענען אַלײן אױך אַרטיסטן און זענען אלײן אױך שטאַרק באַרימט אין בײדע װעלטן, אין יוראָפּ, װי אין אַמעריקע. זײ געפינען זיך, לײדיעס ענד זשענטעל־מען, אָט דאָ, אין דער באָקס (לאָזשע), װאָס אין דער לינקער זײט. איך גלױב, אַז ס׳איז ניטאָ א מענטש, װאָס זאָל ניט האָבן געהאַט געהערט דעם נאָמען גרישאַ סטעלמאַך און מיט ראָזאַליאַ ספּײװאַק, װי ס׳איז ניטאָ א מענטש, װאָס זאָל ניט האָבן געהערט דעם נאָמען װאַ־שינגטאָן, לינקאָלן אָדער עדיסאָן... . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דאָס איבעריקע, װאָס מיסטער ניקעל האָט געספּיטשט, האָט שױן קײנער נישט געקאָנט הערן, און אַפילו ער אַלײן אױך ניט, װײל דאָס פּובליקום, װאָס איז געװען רעכט צעהיצט נאָך פון פריער, איז נאָך מער צעהיצט געװאָרן, אז מע האָט דערהערט, אז דאָ געפינען זיך גרי־שאַ סטעלמאַך און ראָזאַ ספּיװאַק, װעלכעס נעמען עס זײנען ניט אַראָפּ פון דער פּרעסע אין די לעצטע טעג. דאָס גאַנצע פּאַרטער־פּובליקום האָט זיך װי אײן מענטש אופגעשטעלט און גענומען מאַכן דידאָזיקע צװײ באַרימטהײטן אַזעלכע הײסע שטורמישע אָװאַציעס, אז דעם באַ־רימטן פּאָרל, גרישא סטעלמאך און ראָזא ספּיװאַק, איז ניט געבליבן קײן אנדער אױסגאַנג, װי אופהײבן זיך און אַנטלױפן פון ניקעל־טעאַ־טער, גלײך װי זײ װאָלטן דאָ געהאט דעם גרעסטן אומקאָװעד. דערצו האָט זײ קימאַט װי געצװאונגען סטעלמאך דער פּאָטער, װאָס האָט קאָם זיך דערשלאָגן צו זײער לאָזשע. ער האָט זײ בײדן אײנגערוימט א סאָד אפן אױער, און אײנײנעם מיטן שװאַרצן מענטשן, אונטער טריומפירנ־דע אפּלאָדיסמענטן און קױלעס, זײ אַרױסבאַגלײט ביז צום אױטאָמאָ־ביל. דאָרט האָט ער מיט זײ אײנײנעם אַרײנגעזעצט זיך און איז אװעק מיט א קלאָלע אף די ליפּן פונם אידישן ניו־יאָרק, פונם פאַרשאָלטענעם

דאון־טאון, וואָס האָט זיי געמאכט אזא פּאראדנע, קימאַט א קייזערלעכע לעוואַיע.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דעם געלונגענעם ספּיטש פון מיסטער ניקעל האָט ראפאלעסקאָ געהערט, נאָר ניט ביזן סאָף. וויבאלד יענער האָט גענומען דאנקען די פּראָמינענטע געסט, וואָס האָבן מיט זייער „הויכער אַנוועזנהייט באערט זיין טעאַטער", האָט ראפאלעסקאָ שוין מער נישט געקאָנט אויסהאלטן און איז אָפּגעגאנגען צו זיך אין זיין גארדעראָבע, זיך גרימירן צום דריטן אקט.

— וואָס איז דאָרט פאר א געפּילדער? — האָט ער א פרעג געגעבן באם באַרבער (פּאריקמאכער), וואָס איז ארייַנגעלאָפן א פארשוויצטער פון פּאַרטער.

— מעשוגאָים! — האָט אים געענטפערט דער באַרבער, א יונגערמאן א פריידיינקער און א „סאָשעליסט" (סאָציאליסט), וואָס לאָזט ניט דורך קיין איינציקן סאָציאליסטישן לעקטשור אין קלינטאָן־האָל, אבי עס קומט נישט פאָר באנאכט, ווען ער איז פארנומען מיטן גרים. — ריינע מעשוגאָים! ווילדע מענטשן אָן א טראָפּן ציוויליזאציע! אונזער מענעדזשער, מיסטער ניקעל, האָט זיך פארגלוסט האלטן א ספּיטש צוליב היינטיקן אָוונט. האלט־זשע דיר דיין ספּיטש אנשטענדיק, ווי עס געהער צו זיין. ניין. איז ער דאָך, צווישן אונז רעדנדיק, א באָס (א באלעבאָס), א בורזשוי, דארף ער כאנפענען די קאפּיטאליסטן, די פּראָמינענטע געסט און זייערע אריסטאָקראטישע ארטיסטן, וואָס האָבן אונז באערט, זיך אראָפּגעלאָזט אזש פון דער פינפטער עוועניו צו אונז דאַון־טאַון. פּס — א קלייניקייט! קארל מארקס זאָל זיין דאָ, וואָלט ער זיך באגראָבן א לעבעדיקער ...

— ווער־זשע זענען דאָס די ארטיסטן פון דער פינפטער עוועניו? — פרעגט אים ראפאלעסקאָ, ארייַנקוקנדיק אין שפּיגל און נעמענדיק א פּאָזע, וואָס זאָל אים אמבעסטן פּאסן צום דריטן אקט, בעאייס זיין טראגיש באגעגעניש מיט זיין פאמיליע און מיט דער בלינדער מוטער.

— ווער זיי זענען? ער איז א וויאָלאָניסט, שפּילט פידל שפּילט ער, און זי איז א זינגערן, א פּרימאדאָנא. ער הייסט גרישאַ סטעלמאַך און זי — ראָזאליא ספּייוואק, אָדער ראָזא ספּיוואק...

דער באַרבער דער סאָשעליסט זאָל אים געווען אָפּבריען מיט א הייסן אייזן, אָדער איינשניידן אומגערן דעם האלז מיט א שארפן גאָלמעסער, וואָלט ראפאלעסקאָ ניט באדארפט אופשפּרינגען מיט מער אימפּעט, ווי ער איז אופגעשפּרונגען בא די לעצטע ווערטער פונם באַרבער. איין רעגע איז ער געשטאנען ווי צעמישט, געווען בלאס ווי דער

טויט. דערנאָך האָט ער אַראָפּגעכאַפּט דעם פּאַריק פונם קאָפּ און דאָס בערדל פונם פּנים און האָט זיך געלאָזט לויפן צו דער טיר. דער באַר־בער האָט געמיינט, אַז דער יונגער מאַעסטראָ איז פּלוצים געוואָרן גע־רירט, אַראָפּ פונם זינען... אין דער מינוט האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר און, נישט דערוואַרט זיך אפן געוויינלעכן „קאָם אין", איז אַריינגעקומען צו ראַפּאַלעסקאָן אין גאַרדעראָבנע מיט אַ ראַש און מיט אַ כאַ־כאַ די פּרימאַדאָנאַ — הענריעטאַ שוואַלב.

— כאַ־כאַ־כאַ! אַ קאָמעדיע מיט אונזערע אָפּ־טאַונער אַריסטאָקראַ־טישע קאָלעגן! ווי פון אַ פּעסט זענען זיי אַנטלאָפן פון אונז. אַ קאָמע־דיע, אַ וואָדעוויל, כאַ־כאַ־כאַ.

קאַפּיטל 63

## נאָך אַ באַגעגעניש.

אין דער צייט, ווען דאָס צעהיצטע פּובליקום פון ניקעל־טעאַטער האָט געשטורעמט און געדונערט, געמאַכט אָוואַציעס פאַר ראַפּאַלעס־קאָן, דערנאָך גרישאַ סטעלמאַך מיט ראָזאַ ספּיוואַק, האָט זיך אין וועס־טיבול פון טעאַטער אָפּגעשפּילט אַזאַ מין סצענע:

אונזער עלעגאַנטער פּריינט מיסטער קלאַמער איז געשטאַנען אין וועסטיבול, בײַ דער טיר, און פונדאָרטן צוגעהערט, ווי מיסטער ניקעל ספּיטשט. איין אויג האָט ער געהאַלטן צו, אַ טייל פון זיין הערצל־באָרד האָט ער אַריינגענומען אין מויל אַריין, און דאָס גאַנצע אויסזען זיינס האָט געזאָגט, אַז אים איז דער ספּיטש פון מיסטער ניקעל גאָר ניט גע־פעלן. ער פאַרשטייט ניט, ווי נעמט זיך עס אונטער אַ רויער מענטש, וואָס האָט נישט קיין ברעקל יעדיע ניט פון דער היסטאָריע, ניט פון קונסט, ניט פון שעקספּיר, זיך אַוועקשטעלן פאַר אַזאַ פּובליקום האַלטן אַ רעדע? ווען מע לאָזט אים, מיסטער קלאַמערן, אַרויף אַף דער סטיידזש, וואָלט שוין געווען אָל־רייט. עס וואָלט געווען אַף טיש און אַף בײַנק, אָדער ווי זאָגט דער איינגעלשמען: „איי וואולד פייר אוויי פאָר אָל איי עם וואָרטה"...

— אַאַאַ? שאָלעם־אַלייכעם, מיין ליבער קנאַקער, וואָס מאַכט אַ איד? אייך זוך איך דאָך טאַקע מיט ליכט. צוליב אייך טאַקע בין איך דאָך אַהער געקומען צו פאָרן, גאָט זאָל מיר אַזוי געבן גליק און האַצלאָכע.

מיסטער קלאַמער האָט דערזעען פאַר זיך אַ נידעריקן פאַרשוין מיט מאַמזערישע אויגן, אָנגעטון אין אַ נייעם אָנצוג. נאָר־וואָס פון דער

נאָדל אַרויס, מיט מאָדנע גרויסע לאַקירטע שיך און מיט צו ברייטע אַרבל פונם אייבערשטן העמד, וועלכע האָבן זיך געריסן אַרויס אריבער די הענט און וועלכע דער פאַרשוין האָט אַלע מינוט געבעטן מעכילע, זיי זאָלן גיין צוריק. צוליב דעם זענען זיינע ביידע הענט געווען קע־ סיידער אין דער אַרבעט. גערעדט האָט דערדאָזיקער נעפעש אַביסל היי־ זעריקלעך און גיך, אין איין אָטעם, און נישט געוואַרט אַף קאָוועד, ביז יענער וועט אים ענטפערן.

— זאָגט־זשע מיר, מיין טייערער איינגלענדער מיט די קעסטלדיקע הויזן, ווי גייט אייך דאָ אינם דאָזיקן לאַנד, וואָס מאַכט איר אין געזונט, ווי אזוי זענען די ביזנעס און וואָס קוקט איר מיך אָן, ווי אַ כאָסן אַפן ניכטערן האַרצן, — איר האָט מיך ניט דערקענט? אַנו, דערמאנט אייך אַקאָרשט: מיין נאָמען איז מוראַוועטשיק. שאָלעם־מייער מוראַוועטשיק. איך בין באַ אייך געשטאַנען אין לאָנדאָן, ניט פאַר איצטער גערעדט, געווען אַף גרויסע צאָרעס. געמוזט אָנקומען צו אייך נאָך אַ גמילעס כעסעד, אויסלייען עטלעכע שילינג, געוויינטלעך אַף אַ מאשקן. שאָלעם בעבאַיס, מאַשקן בעקעשענע. איצט בין איך געקומען אָפגעבן אייך אייער כויוו און אָפנעמען דאָס פעקל. נאָסן מאָעס, לאָקאַך קעמאַך, איך האָב פיינט טראָגן אַ פאַרך אַף זיך, פאַרשטייט איר מיך. און אגעוו דאַרף איך טאַ־ קע האָבן די פאַפירן.

— וואָסערע פאַפירן?

עס ווייזט אויס, אַז מיסטער קלאַמער האָט אים נישט אָנגעהויבן צו דערקענען. דער פאַרשוין מיט די מאַמזערישע אויגן האָט זיך צעלאַכט מיט זיין הייזעריקן געלעכטער, נישט אופגעהערט צו מילכאָמע האַלטן מיט די מאַנזשעטן פונם העמד.

— געפעלט אייך אַ איד מאַכט זיך געפייגערט? איר האָט פאַרגעסן? אַ קליין סעטשעל, אַ רויטלעכס, מיט אַ בייכל, פול געפאַקט מיט פאַ־ פירן, נייטיקע פאַפירן. פאַר אייך האָבן זיי עפשער ניט אַזאַ גרויסן ווערט, נאָר בא מיר איז דאָס אַ גאַנצער מאַיאָנטעק. אַנו, פרואווט גיט מיר פאַר מיינע פאַפירן טויזנט דאָלאַר, אויב איך וועל בא אייך נעמען? גאָט זאָל מיר אַזוי געבן גליק און האַצלאָכע!

— טאַקע בעעמעס? זעט אָבער, אויב איר האָט אייך ניט טויע געווען און געטראָפן אין אַ פרעמדער טיר?

יענער האָט ניט אופגעהערט צו לאַכן:

— אַ שיינע מאַיסע, נאָר אַ קורצע! הערט איר, איך האָב נאָך קיינמאָל קיין טאָעס ניט געהאט און טרעף טאָמיד, וואו מע דאַרף, און אויב אירווילט וויסן נאָך מער, האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געפאַטשט דעם, וואָס מע דאַרף ניט. אַ סימען וועל איך אייך זאָגן, אַז איך רופט

מען מיסטער קלאַמער, און איר זיצט סאַמע אין מיטן ווייטשעפּעל, און אייער אַכסאַניע אָדער אייער האָטעל הייסט מיטן הייליקן נאָמען „קאָפּעּנאַציאָנאַל". איצט זעט איר שוין, אַז איך האָב קיין טאָעס ניט געהאַט? אויב אַזוי נאַט־זשע אייך נאָך אַ סימען: מיין סעטשעל מיט די פּאַפּירן האָט איר בײַ מיר צוגענומען פֿון דער האַנט און אַרופֿגעטראָגן אַרויף און פֿאַרשלאָסן אין אַ קליידערשאַפּע. וואָס וועט איר איצטער זאָגן, פּאַני פּיפּערנאָטער, מיין איך, מיסטער קלאַמער?

אַפּאָנים, אַז דאָ האָט זיך שוין מיסטער קלאַמער יאָ דערמאַנט, אַז ער האָט אַמאָל יאָ געהאַט בײַ זיך אָט אַזאַ מין סעטשעל מיט פּאַפּירן. נאָר וואו דאָס איז אַהינגעקומען — האָט ער פֿאַרגעסן, כאָטש נעמט אים אַראָפּ דעם קאָפּ. איז בײַ אים געבליבן, אַז מע דאַרף זיך מאַכן געפּיי־גערט:

— עך הייב ניט אָן צו וויסן פֿון קיין סעטשעל און פֿון קיין פּאַפּירן און פֿון קיין נעכטיקן טאָג, און דרייט מיר ניט קיין מויעך, וואָרום אָט געב עך אַ פייף, וואַרפֿט מען אייך אַרויס פֿון טעאַטער גלייך אַף דער סטריט.

— גאָר אַזוי? פייפן וועט איר? נו, פייפט־זשע טאַקע, פייפט! פֿאַר־וואָס פייפט איר ניט?

מיט די ווערטער האָט זיך אונזער אַלטער באַקאַנטער, שאָלעם־מייער מוראַווטשיק, צוגערוקט צו מיסטער קלאַמער אַלעמאָל נעענטער און נע־ענטער, ביז ער האָט זיך צוגערוקט צו אים שטאַרק נאָענט, אַזוי נאָענט, אַז קלאַמערס גרויסאַרטיקע הערצל־באָרד איז שוין קימאַט געווען בײַ אים אין די הענט, און ווער ווייסט, וואָס עס וואָלט דערפֿון אַרויס, ווען אַף מיסטער קלאַמערס גוואַלד־געשריי קומט נישט אָן ניסל שוואַלב (ווי איז דאָס מעגלעך אַ סקאַנדאַל — און ניסל שוואַלב זאָל ניט זיין דער־ביי?) און מיט אים די כעווּרע אָשערס און דינערס פֿון טעאַטער, וואָס האָבן זיך אַ נעם געטון צו שאָלעם־מייער מוראַווטשיקס נייעם אַנצוג מיטן קאַפּעלושל — און ס'איז געוואָרן לאַיהודים.

. . . . . . . . . . . . .

אויב דער לעזער מיינט, אַז שאָלעם־מייער מוראַווטשיק איז געקומען קיין ניו־יאָרק נאָר צוליב דעם אַליין, אַז ער זאָל אַריינפּאָרן דעם מיסטער קלאַמער אין זיין הערצל־באָרד און קריגן דערפֿאַר געבראָכן די ביינער און צעקנייטשט דאָס קאַפּעלושל, האָט ער אַ גרויסן טאָעס. געקומען איז ער, אייגנטלעך, קיין אַמעריקע, אויסער זיינע פּאַפּירן, אויסער זיינע גע־שעפֿטן מיט ראָזאַ ספּיוואַק, צוליב אַ גאַנץ נייטיקער ביזנעס, צום יונגן העלד פֿון אונזער ראָמאַן, צום באַרימטן אופֿגייענדיקן שטערן לעאָ ראַ־פֿאַלעסקאָ. דאָס איז געווען אַזאַ ביזנעס, וואָס אַז אונזער העלד האָט

דאָס דערהערט, האָט ער... נאָר לעמאַי זאָלן מיר פאַרלויפן אַף צופריער? לאָמיר זיך בעסער אומקערן אַף אַ ווײַלע קיין לאָנדאָן און דערציילן ווי ווייט מעגלעך אין קורצן, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען מיט אונזער מוראַוו־טשיקן דאָרטן.

## קאַפּיטל 64

# א רעשטל צו די צאָרעס.

פון שאָלעם־מייער מוראַוּוטשיקס בריוו פון לאָנדאָן צו זיין פריינט אַלבערט שטשופּאַק אין אדעס באַדאַרף דער לעזער געדיינקען, אַז ער האָט זיך געקליבן מעוואַקר כוילע זיין דעם אַמאָליקן קאָלעגאַ זיינעם, דעם דירעקטאָר האָלצמאַן.

לאָנדאָן איז אָבער ניט די שטאָט, וואָס מע געפינט אַזוי גיך דעם, וואָס מע זוכט. מע באַדאַרף זיך צו אַזאַ שטיקל אַרבעט גוט אונטער־גאַרטלען. אויסערדעם, איז אונזער שאָלעם־מייער געוועזן אין יענער צייט, ווי ער אליין האָט זיך אויסגעדריקט, אַף גרויסע צאָרעס. דאָס ביסל מינץ, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון פּאַריז, איז צעקראָכן געוואָרן אונטער די הענט, און זיין פריינט שטשופּאַק האָט זיך ניט אַזוי געכאַפּט אַרויסצושיקן אים די „קערבלעך״, וואָס ער האָט באַ אים גע־בעטן. אַכאַס לעאַכאַס איז אַוועקגעגאַנגען אַ טאָג נאָך אַ טאָג, ביז מו־ראַוּוטשיק האָט איינמאָל אין אַ כוישעכדיקער פּאָגע, ווי עס גיט זיך אויס אינם כוישעכדיקן לאָנדאָן, נאָך גרויסער מי דערשלאָגן זיך ערגעץ אין אַ העק, אין אַ ברוקליין־סטריט, וואָס וואָלט געמעגט שטיין אין ווילנע אָדער אין באַרדיטשעוו און וואָלט דאָרטן אויך ניט פאַרשעמט געוואָרן.

אַריינגעקומען איז ער אין אַ גרויסן הויף מיט צוויי טירן, רעכטס און לינקס, ביידע מיט פינצטערע גליטשיקע טרעפּ אַראָפּ און אַרויף, און ביידע האָבן אים אויסגעזעען, ווי שוואַרצע אָפענע מיילער, וואָס קוקן אַרויס עמעצן איינצושלינגען. אַ געדיכטער אַראָמאַט פון געפּרעגלטע ציבעלע מיט שמאַלץ, אויסגעמישט מיט בסאָמים פון געפּרייטע (גע־פּרעגלטע) פיש אַף פּראַסטן אייל, און אַ געזאַנג פון קליינע קינדערלעך, אויסגעמישט מיט ווייבערשע קאָמפּלימענטן און ווינשעוואַניעס אַף אַלערליי דיאַלעקטן: „מיטן קעפּעלע זאָלסטו אָנלייגן, ליכטיקער פּאַרצעף! ווער דערוואָרגן, טרייפענער האלז! גיין זאָלסטו אַף קוליעס, געשלייערטע שיקסע!״ — דאָס אַלעס האָט געזאָגט איידעס, אַז דאָ זיצן היימישע אידן און ווייבער, „מעאַנשע שלוימיינו״, ווי מע רופט עס אָן.

געלאָזט האָט זיך אונזער מוראַוואָטשיק אַף גאָטס באַראָט אַרויף, מאַי־טאַמע, ווי וועט ער ניט באַגעגענען עפּעס אַ לעבעדיקן מענטשן? און ווייל ער האָט קיין לעבעדיקן מענטשן אַף די טרעפּ דאָך נישט באַגעגנט, איז ער געגאַנגען און געגאַנגען, קימאַט ביזן לעצטן שטאָק. ער וואָלט געשטיגן נאָך העכער, האָט ער זיך אָנגעשלאָגן אַף עפּעס אַ באַשעפעניש אינם געשטאַלט פון אַ מאַכשייפע, אַ הויכע טרוקענע אַלטע אידענע מיט ברייטביינעריקע פּלייצעס און מיט אַזא מוירעדיק פּאָנים, וואָס ס'איז גלייכער, מע זאָל אַ קעגן נאַכט מיט אַזעלכע זיך ניט באַגעגענען. דאָס באַשעפעניש, אָדער די מאַכשייפע, האָט געטראָגן איןביידע הענט אַ גאַנץ גרויסן ברעמעק האָלץ פון אונטן אַרויף און געסאַפּעט, ווי אַ בלאָזאַק.

— מומעניו! — האָט זיך מוראַוואָטשיק אָנגערופן צו דער אַלטער, — ווייסט איר ניט, וואו זיצט דאָ ערגעץ אַ דירעקטאָר פון אַ אידיש טעאַטער, וואָס מע רופט אים מיט זיין הייליקן נאָמען האָצמאַך, מיין איך, האָלצמאַן?

די, וואָס מוראַוואָטשיק האָט זי אָנגערופן „מומעניו", האָט זיך אָפּגעשטעלט, איינגעקוקט זיך אין דער פינצטער, געוואָלט זען, ווער עס פרעגט. נאָכדעם האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ און אַ זאָג געגעבן:

— קומט, איך וועל אייך ווייזן.

אַרופגעשטיגן נאָך עטלעכע טרעפּלעך, האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ מין זיצעכץ פון צוויי שטיבלעך מיט אַ קיך, וואָס האָבן ניט אויסגעזעען אַזוי ווייט קאָמפאָרטאַבעל, אַז דאָ זאָל זיצן אַ דירעקטאָר פון אַ טעאַטער, כאָטש אַפילע פון אַ אידישן. אין קיך האָט די אַלטע אַראָפּגעוואָרפן דעם ברעמעק האָלץ, אויסגעגלייכט זיך דיביינער און באַטראַכט מיט אירע אַלטע רויטע פאַרוויינטע אויגן דעם אַריינגעקומענעם.

— צו וועמען, הייסט עס, דאַרפט איר?

— הייסט עס צו אים אַליין טאַקע, צום דירעקטאָר האָצמאַך, מיין איך, האָלצמאַן. זאָגט אים, זייט מויכל, אַז זיינער אַ גוטער פריינט איז געקומען אים מעוואַקער כוילע זיין און וויל זיך זען מיט אים.

— זיך זען מיט אים? — די אַלטע האָט אופגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט ביידע הענט. — מיט אים זען זיך איז שווער. ער איז שוין ווייט...

— אַוועקגעפאָרן?

די אַלטע האָט ווידער אופגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט ביידע הענט, נאָכדעם האָט זי זיך אָנגעבויגן צום אריינגעקומענעם גוטן פריינט, ווייל זי איז געווען מיט צוויי קעפּ העכער פון אים, און האָט אויסגעשריגן אים אין אויער אַריין, גלייך ווי יענער וואָלט געווען טויב:

— אָלאָוו האַשאָלעם.

שאָלעם־מייער מוראַוואָטשיק איז אָפּגעשפּרונגען, פאַרבראָכן די הענט:

— געשטאָרבן? האָצמאַך, מיין איך, האָלצמאַן געשטאָרבן? וואָס רעדט איר?

— וואָס איך רעד? אַז אָך און ווי איז מיר, ס'איז מיינער אַ זון, אַ בעניאָכיד. איינאונאיינצי׳...

די אַלטע האָט נישט געקאָנט אויסרעדן דאָס לעצטע וואָרט. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף אַ פּירעקעכיקן קיכשטול באַ דער טיר, באַהאַלטן דאָס אַלטע געקנייטשטע פּאָנים אין איר אַלטן צעריסענעם פאַרטעך, און אירע ברייטע טרוקענע פּלייצעס האָבן געזאָגט, אַז די אַלטע וויינט יאָ־מערלעך.

דאָס וואָרט „געשטאָרבן" איז אַ מיעס וואָרט און האָט אין זיך, אַפּאָ־נים, אַ גוואַלדיקן קויעך. שאָלעם־מייער מוראַוואָטשיק איז געבליבן אָפּ־הענטיק און האָט גאָר פאַרגעסן, אַז דער, וואָס איז געשטאָרבן, איז, אייגנטלעך, געווען זיינער אַ בלוטיקער סוינע. אַדעראבע, עס האָט זיך אים גאָר אויסגעדאַכט, אַז ער האָט פאַרלוירן אַ גוטן פריינט. אַ נאָענטן פריינט. זייער אַ נאָענטן פריינט. מע קאָן זאָגן, אַן אייגענעם. אַ קליי־ניקייט — ער און האָלצמאַן? ער האָט אָפּגעוואַרט אַביסל, נאָכדעם האָט ער זיך אַוועקגעזעצט צו איר נאָענטלעך, אַף אַ צווייטן קיכשטול:

— זענט איר, הייסט עס, זיינע אַ מאַמע? מיין פריינטס מאַמע? מיין פריינט פלעגט מיר אָבער טאַקע דערציילן אָפט פון זיין מאַמע. קימאַט ניט אַרויסגעלאָזט די מאַמע פונם מויל. „איך זאָל אַזוי דערלעבן זען מיין מאַמע" — דאָס איז באַ אים געווען די גרעסטע שוואוע. וואָס ווייסט איר, וואָס פאַר א געטרייען זון איר האָט געהאַט! וואָס פאַר א גוטער ברודער דאָס איז געווען! אַ גוטער ברודער? מיטן לעצטן ביסן זיך טיילן! און ווער שמועסט מיט מיר — ניט שאַיעך צו זאָגן, איין גוף, איין נעשאָמע, גאָט זאָל מיר אַזוי געבן גליק און האַצלאָכע!

און נאָך אַסאַך מאַילעס און שוואָכים האָט שאָלעם־מייער מוראַוואָטשיק געהאַט צו דערציילן אַף זיין געשטאָרבענעם פריינט פאַר דער אַלטער מאַמע, און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אלצדינג, וואָס ער דער־ציילט, איז טוירעס עמעס.

פאַר דער אַלטער מאַמע זיינען דידאָזיקע ווערטער געווען, פאַרשטייט זיך, אַ זאַלב צו איר פרישן ווייטיק. דאַנקען גאָט, עס האָט זיך געפונען כאָטש איינער אַ גוטער פריינט פאַר איר זון, וואָס איז נעבעך אויסגע־גאַנגען, ווי אַ ליכט, איינער אליין, עלנט און ווייט פון דער היים, אין דעמדאָזיקן וויסטן פינצטערן לאָנדאָן, וואָס וואָלט געמעגט איינגעזונקען ווערן אַזוי ווי סדוים. וואָרום ווען ניט דאָס וויסטע פינצטערע לאָנדאָן, וואָלט דאָך איר זון נאָך געהוסט און ווער ווייסט וויפל יאָרן...

און די אָרעמע סאָרע־בראָכע האָט אויסדערציילט איר אומגליק פאַר איר זונס פריינט, טאַקע אָט דאָ אין קיך זיצנדיק, ווי אַזוי איר הערש־בער האָט געהוסט, ווי אַזוי ער האָט געבלוט, ווי אַזוי זי האָט אים געראַטעוועט, און וויפל דאָס האָט געקאָסט, וואָרום אַ קלייניקייט איר זון? אַזאַ זון! און נאָכדעם ווי אַזוי ער איז געשטאָרבן, ווי אַזוי זי האָט ניט געוואָלט גלויבן, וואָרום ווי קאָן איר זון שטאַרבן? אַזא זון?! און נאָכדעם ווי אַזוי מע האָט אים צוגענומען, נישט באַהאַלטן, ווי מע באַהאלט באַ אונז, מיט אַ מיטע, מיט קיילים, מיט שאַמאָשים. ווער? וואָס? געקומען עטלעכע מאַלכע־כאַבאָלע מיט שוואַרצע ספּאָדקעס, מיט אַ הויכן שוואַרצן וואָגן, אופגעכאַפּט און אַוועקגעפירט, ניט געלאָזט אַפילע זיך אָנוויינען, ווי עס געהער צו זיין, עפּעס טאַקע נאָר אן אויס־כאַפּעניש איז אף אים געקומען, קומען זאָל אַף זיי אַלעמען דאָ אַן אויסכאַפּעניש אין איין טאָג, ריבוינע שעל אוילעם!

— קוואַ! קוואַ! — האָט זיך געלאָזט הערן פון די אינווייניק־סטע כאַדאָרים אַ מאָדנע קוויטשיק קעלעכל, וואָס האָט געקאָנט זיין אַ פּישטשען פון אַ קליין הינטל, אָדער אַ מיאַוקען פון אַ קעצל.

מוראַווטשיק האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, געכאַפּט אַ קוק אף דער אַלטער, וואָס איז מיטאַמאָל אנטשוויגן געוואָרן. זי האָט זיך אופגעכאַפּט פונם אָרט, ניט געוואוסט, וואוהין זאָל זי זיך וואַרפן, האָט זי אַראָפּגע־לאָזט דעם קאָפּ און געבליבן שטיין איינגעאַנצן אַ פאַרלוירענע.

שאָלעם־מייער, וואָס איז געווען ניט אַזוי אַלט ווי געניט, האָט נאָכן טאָן, אַפּאָנים, פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז פאַר אַ מין קוואָקן, און ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנים צו דער אַלטער און אַף זיין הייזעריק קאָל אַ פרעג געגעבן:

— אַ „יאַטל”?

נישט באַקומען דערוף קיין ענטפער, האָט ער געשטעלט אַן אַנדער פראַגע:

— ווּעמענס „יאַטל”?

נישט באַקומען קיין ענטפער דערוף אויך און באַטראַכט די אַלטע, ווי זי שטייט נעבעך אַ פאַרלוירענע, האָט ער געפונען פאַר נייטיק מער נישט פרעגן גאָרנישט. ער האָט נאָר אַ זאָג געגעבן פון זיך, גלאַט אין דער וועלט אַריין:

— אַ רעשטל צו די צאָרעס?

— אַ רעשטל צו די צאָרעס! — האָט אַ זאָג געגעבן אויך די אַלטע און האָט זיך צוגעזעצט צוריק צום אַריינגעקומענעם גאַסט, צו איר זונס פריינט. — איר האָט דאָס גוט געזאָגט, לאָמיך האָבן אַזאַ יאָר, ס'איז טאַקע אַ רעשטל, אוי, אַ רעשטל צו די צאָרעס!... . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דאַכט זיך, וואָס ליגט אַזעלכס אין די פינף ווערטער: „אַ רעשטל צו די צאָרעס״? זיי זיינען אָבער געזאָגט געוואָרן אזוי צו דער צייט און מיט אַזא ריכטיקן טאָן, אז זיי זיינען געווען אַ שליסל אַף צו עפענען דער אַלטערס מויל און דער אַלטערס האַרץ, און זי האָט פאַר איר זונס פריינט דערציילט אַלצדינג, דעם גאַנצן עמעס — דאָס, וואָס האָבן געזאָלט וויסן נאָר זיי אינצווייען: זי און איר טאָכטער זלאַטקע, און גאָט א דריטער...

### קאַפּיטל 65

## שאָלעם־מייער מוראַווטשיק — אַ גוטער פריינט.

אַ מענטש קאָן גאָרניט וויסן, ווער ס׳איז אים אַ גוטער פריינט און ווער אַ סוינע. אַן אַווײרע, וואָס דער דירעקטאָר האָלצמאַן קאָן ניט אופשטיין פון קייווער און אַ קוק טון אף זיין בלוטיקן סוינע שאָלעם־מייער מוראַווטשיק, ווי ער לייגט זיך אַוועק פאַר זיין אַלטער מאַמע סאָרע־בראָכע און פאַר זיין שוועסטערל זלאַטקע. ער וואָלט זיכער נישט געגלויבט זיינע אויגן. ער וואָלט געשטוינט, ווי אַזוי אָט דער שאָלעם־מייער, וועמענס פּאָנים ער האָט נישט געקענט זען אָן דעם, ס׳זאָלן אים ניט „אופקאָכן אַלע געבליטן״, פּאָרט איצט מיט זיין מאַמע און שוועסטער אַפן שיף קיין אַמעריקע, טיילט זיי צו „קאָל האַפּאַרגעניגן״, לויפט אַריין אַלע מאָל צו זיי אין דעם קעבין צווייטער קלאַס, געוואָרע ווערן, וואָס פעלט זיי, וואָס פאַרלאַנגען זיי, טאָמער דאַרפן זיי עפּעס?

דער אַלטער סאָרע־בראָכע און איר טאָכטער זלאַטקען פעלט אָבער גאָרנישט און זיי פּאַרלאַנגען ניט קיין זאַך און זיי דאַרפן נישט קיין זאַך. זייביידע זיצן איבער אַ קליין באַשעפעניש, אַ נעפעשל, וואָס איז איינגעהילט אין ווינדעלעך און איינגעוויקלט אין קישעלעך און קוקט אַרויס ווי אַ ליאַלקע אַף גאָטס וועלט מיט אַ פּאָר אייגעלעך, בלויע, ווי דער הימל, און קלאָר, ווי דער שיין. און אַ מיילעכל האָט עס, ווי אַ פייגעלע, און דאָס פּענימל בא דעם איז ווי פאַרטראַכט. גלייך ווי עס האָט שוין אייגענע מאַכשאָוועס. אַך, ווי גוט דאָס איז, וואָס זיי האָבן געטראָפן מיט זייער נעסיע אין אַזאַ צייט, ווען דער יאַם איז שטיל, „ווי שאַבעס נאָכן טיש״. געלויבט דער אייבערשטער! ניט אַזוי פאַר זיך דאַנקען זיי

גאָט, ווי פאַר אָט דעם נעפעשל, נעבעך, אַ גאָטס באַשעפעניש — וואָס ווייסט עס? און אַ קליין קינד, האָבן זיי געהערט זאָגן, ליידט נעבעך אַפן וואַסער נישט ווינציקער ווי א גרויסער. נישט מער — אַן אויפעלע, אַ שטומע צונג...

אַ מאָדנע זאַך מיט די צוויי! מיילע פון זלאַטקען שמועסט מען ניט. זלאַטקע, אַז זי איז נאָך געלעגן אין געהאַקטע וואונדן, געמיינט, אַז ס'איז אַן עק, זי געזעגנט זיך מיטן לעבן, מאַמעש געזעגן פאר זיך דעם מאַלכעמאָוועס, נאָר דערהערט דעם ערשטן פּיסק פונם געבוירענעם ווען, האָט זי זיך שוין געבעטן, מע זאָל איר ווייזן דאָס, וואָס ס'איז געבוירן געוואָרן, און פון דער ערשטער מינוט, וואָס זי האָט דאָס דערזעען, האָט זיך דערוועקט אין איר אַ געפיל פון ראַכמאָנעס אָן אַן ערעך צום דאָזיקן נעפעשל, און עס זענען איר אין איין מינוט פארגאנגען אַלע ווייטיקן, פאַרהיילט אַלע וואונדן. וואו איז אַהינגעקומען דער ביזאָיען, וואָס זי האָט געמיינט פריער, אַז זי וועט אים זיכער ניט אריבערטראָגן? וואו זענען אַהינגעקומען אירע פריערי קע געדאַנקען וועגן דעם, וואָס מע זאָל זי וועלן איבערפאָרן אין דעם טומלדיקן געגעם, וואָס הייסט לאָנ־דאָן, אַבי פּאָטער צו ווערן איינמאָל פאר אַלעמאָל פון דער כאַרפּע, וואָס האָט זיך, ווי אַ מוירעדיקער וואָלקן, געטראָגן אַקעגן איר מיט סאקאָ־נעס נעפאָשעס!? אַלע געדאַנקען און אַלע געפילן האָבן אָפּגעטראָטן דעם איינאונאיינציקן געדאַנק, דעם איינאונאיינציקן געפיל, אַז זי איז אַ מאַמע...

אויב דאָ איז פאראן וועמען צו באוואונדערן — איז דאָס די אַלטע סאָרע־בראָכע. פאר איר איז דאָס יאָ געווען, ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג, ווי צען מוירען וואָלטן איינגעפאלן אף איר, ווי הונדערט האַר־מאַטן וואָלטן איר געטראָפן גלייך אין האַרצן אַריין.

דאָס איז געווען סאַמע אין דער צייט, וואָס זיי זיינען געזעסן שיווע מיט איר טאָכטער נאָך איר געטרייען זון. זייערע אויגן האָבן שוין לאַנג אויסגעטריקנט. די קוואַלן פון טרערן האָבן זיך שוין לאַנג אויסגעלאָזן. און אַ מאָדנע פוסטקייט איז אריינגעטראָטן אין זייערע הערצער, און אַ מוירעדיקע טומנעקייט מיט אַ מאָרעשכוירע האָבן ארומגענומען זייערע נעשאָמעס.

— היינט איז דער זעקסטער טאָג,—האָט זיך די מאַמע אָנגערופן צו דער טאָכטער. — אימירצעשעם, איבערמאָרגן שטייען מיר שוין אוף. וואָס וועלן מיר טון? וואוהין וועלן מיר גיין? צו וועמען וועלן מיר זיך קערן און ווענדן?

די אַלטע איז שוין גרייט געווען ווידעראַמאָל איבעראַנייס זיך צע־וויינען, איז איר פלוצים די טאָכטער געפאלן אפן האַלז, אַרומגעכאַפּט

קושן די אַלטע מאַמע, מוירעדיק רויט געוואָרן, זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט באַם בויך און אויסגעלאָזט מיט אַ געשריי:

— מאַ—מע! ראַטעווע—איך בין פאַרביי!...

— גאָט איז מיט דיר, טאָכטער! אַ דונער האָט מיך געטראָפן—וואָס איז דיר? וואָס איז דיר?

די טאָכטער האָט גענומען ברעכן די הענט, כאַפּן זיך אַלע מינוט באַם בויך, זיך שלאָגן אין קאָפּ, רייסן פון זיך שטיקער פלייש און ניט אופגעהערט צו שרייען אין איין קאָל:

— מאַ—מע! איך בין פאַרביי!...

עס איז געשעען אַ נעס, אָדער עפשער איז דאָס געווען דער אינ־סטינקט פון אַ פרוי און פון אַ מוטער — די אַלטע סאָרע־בראָכע האָט געכאַפּט אף זיך דעם צעריסענעם בורנעס, פאַרגעסן דעם ביזאָיען, פאַר־געסן אַלצדינג אַף דער וועלט, אַריינגעלאָפן צו איין שכיינע, צו דער צווייטער, זיך דערפרעגט אף אַן אַקושערקע—און נאָך אַ שווערער נאַכט, אין וועלכער איר טאָכטער, איר אויג אין קאָפּ, האָט זיך געראַנגלט מיטן מאַלכעמאָוועס, געשוועבט צווישן לעבן און טויט, האָט זי גאָט באַגליקט — שוין צום טאָג־גלייך — מיט אַן אייניקל...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַן אויסגעמאַטערטע, אַ בלאַסע, אַן אויסגעצערטע, איז זלאַטקע גע־לעגן אין בעט. די צעוואָרפענע שוואַרצע האָר האָבן זיך צעשפּרייט אפן ווייסן קישן. איר שפּיצעכיק נעזל האָט זיך נאָך מער פאַרשפּיצט. די אויגן האָבן געבלאָנזעט, זיך געצויגן מער אַהין, צופוסנס, וואו איינגע־וויקלט אין אַ ליילעך האָט זיך גערירט און גערודערט אַ לעבעדיקע זאַך. זי האָט זיך צוגעהערט מיט נייגיריקייט, ווי עפּעס שנאָרכט און פאָרשקעט און פישטשעט און קאַוויטשעט שטיל, ווי אַ קעצעלע.

יונג און שיין איז געווען דידאָזיקע געווינערן. דאָס פּאָנים קינדיש, בלוט און מילך. די הענטלעך קליין. די ברוסט האַרט און שעמעוודיק. און אַלעס איניינעם האָט זיך ווי געבעטן און באַקלאָגט זיך: „אידישע קינדער, אוי־ווײ, איך בין נאָך נישט אַלט קיין אַכצן יאָר!"...

גאַנץ אַנדערש האָט אויסגעזעען סאָרע־בראָכע. די אַלטע מאַמע האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל ביז די ברייטביינעריקע עלנבויגנס, אַרויסבאוויזן די אָפּגעשטאַנענע אָנגעדראָלענע אָדערן פון אירע ברייטע טרוקענע הענט, פאַרלייגט די פּאַטשיילע אף יענער זייט אויערן, אונטערגעשטעקט דעם פאַרטעך, געבראַכט צו טראָגן אַ שווערע הילצערנע באַליע, וואָס מע וואַשט גרעט, צוגעשטעלט אַן אָקראָפּ אַף צו באָדן דאָס קינד און געזידלט, געשימפּט און געטאַדלט די שטאָט לאָנדאָן מיט אירע איינ־וואוינער אף וואָס די וועלט שטייט.

— אַ שטאָט — איינגעזונקען זאָל זי ווערן! אַ הויף — פאַרברענט זאָל ער ווערן! שכיינים — אַף קיין גוטן אָרט זאָלן זיי ניט שטיין! עס זאָל זיך ניט געפינען צווישן אידן אַ מולטער, אַ הילצערנע מולטער!...

האַקיצער, די אלטע איז אַריין אין איר מאַמע־ראָל, גלייך ווי זי וואָלט זיך צו דעם געגרייט שוין פון לאַנג, גלייך ווי זי וואָלט גע־וואוסט, וואָס דאָ וועט פאָרקומען... וואָס זאָלט איר קלערן? אַוואדע איז איר ווייטיק געווען גרויס און דער ביזאָיען נאָך גרעסער. עס זאָל זיך איר עפענען אַ גרוב, וואָלט זי זיכער אַריין אַ לעבעדיקע. נאָר וואָס זאָל מען טון? זי וועט דאָך ניט אַוועקזעצן זיך איצטער זאָגן מו־סער דער טאָכטער, וואָס איז נאָר־וואָס איבערגעקומען אַזאַ סאַקאָנע. לאָז נאָר דער אייבערשטער העלפן, זי זאָל שוין אופשטיין בעשאָלעם, וועט זי איר, נישקאָשע, אויסלוימערן ווי עס געהער צו זיין. זי וועט זיך שוין צו איר אַ נעם טון, איר געבן אַ וויסטן סאָף: „זאָג נאָר, טאָכ־טער לעבן! ווי אַזוי און ווען און וואו און... פון וועמען? פאַרפינצ־טערט און פאַרוויסט זענען זיי ביידע געוואָרן — וואָס וועלן זיי טון? וואוהין וועלן זיי גיין? צו וועמען וועלן זיי זיך קערן און ווענדן?"...

דאָס וועט אָבער אַלץ זיין נאָכדעם. שפּעטער, נישט איצט. איצט דאַרף מען זי צוזען, צופּילנעווען, צושטעלן צוויי מאָל אין טאָג אַ יאַיכל... אַ קימפּעטאָרן, אַן ערשטלינג — אַ דונער האָט זי דערשלאָגן!... און דאָס קינד? וואָס איז שולדיק דאָס קינד? גאָט די נעשאָמע. אַ לע־בעדיק באַשעפעניש. אַ צאַר באַלעכאַים. ס'זאָל וועלן אַליין זיך אָפּטראָגן, וואָלט עס אַוואַדע געווען אַ כאָכמע פון זיעם. נעמען דאָס און דער־ווערגן — דאָס ניט. אָדער אָפּקאָכן מיט זודיק וואַסער — דאָס אויך ניט. מע איז דאָך עפּעס אידישע קינדער אף דער וועלט, צי ניין? אַ שטיקל גליק כאָטש, וואָס ס'איז געבוירן געוואָרן אַ מיידל, ניט קיין אינגל: פאַרשפּאָרט אַ בריס—ווינציקער מיט אַ ביזאָיען... און ווי אף צעלאָכעס, אַ געזונט מיידל, קיין איינאָרע, אַ מויד! און שיין איז דאָס — טאַקע נאָר אַף אַ טשיקאַוועס. אַלע שכיינעס זאָגן, אַז זיי האָבן אַזאַ קינד שוין לאַנג ניט געזען. אין וועמען איז דאָס געראָטן?

— אין וועמען? אינם טאַטן, — זאָגט זיי סאָרע־בראָכע. — ער איז אַ שיינער יונג, אַ שניידער, אין אַמעריקע איז ער...

סאָרע־בראָכע פילט, אַז עס ברענט אף איר דאָס אַלטע פּאָנים פאַר בושע. אָפּגעלעבט אַזויפיל יאָרן, און אַף דער עלטער געוואָרן אַ ליגנע־רן, אַז אָך און ווי איז צו אירע גרויע האָר און אַ קלאָג אַף אירע סאָנימס קעפּ, זיין זאָלן זיי אַלע די קאַפּאָרע פאר איר קינד מיט אים איניינעם!...

ווען מען די אַלטע האָט געמיינט מיטן נאָמען „אים" — דאָס איז ניט אַזוי שווער צו טרעפן... שיין איז נאָר דאָס, וואָס זלאַטקע איז שוין אופגעשטאַנען פון קימפּעט, שוין אַרומגעשלעפּט זיך איבער דער שטוב — און סאָרע־בראָכע האָט איר קיין ווינסטן סאָף נאָך אַלץ נישט געגעבן... עס איז געווען לאַכלוטן איבעריק. ערשטנס, דאָס קינד, אַן אויפעלע. מע דאַרף עס באָדן — וואָס ווייסט זלאַטקע? משטיינס־געזאָגט, אַליין אַ „פּיסקליאַ". און צווייטנס, אָט דער הייזעריקער שלימאַזל, איר זונס גוטער פריינט, שאָלעם מייער מוראַוועטשיק, ער האָט זיך פאַרנאַדיעט צו זיי אין שטוב, אָנגעהויבן גיין צוויי מאָל אַ טאָג און האָט פאַרגעלייגט דער אַלטער סאָרע־בראָכען אַ פּלאַן, וואָס האָט באַדאַרפט אויסלייזן זיי פון אַלע צאָרעס און פון אַלע ביזיוינעס. ער מיינט כאָלילע ניט דערביי קיין זאַך. אדעראבע. ער טוט עס נאָר אויס ריינע גוטפריינטשאַפט צו איר און צו איר זון, אָלאָוו האשאָלעם, וואָס איז געווען זיין בעסטער אייגציקער פריינט — „גאָט זאָל אים אַזוי געבן גליק און האַצלאָכע".

קאַפּיטל 66

# אַ מענטש אָן אַ גאַל.

טכילעס איז אונזער מוראַוועטשיק — עס קאָן זיין — טאַקע נישט אויסן געווען קיין זאַך. אַריינשטעקן אַ נאָז אין יענעמס טעלער, געוואָר ווערן, מיט וואָס דאָרט שמעקט, און דינען יענעם מיט אַן אייצע, — דאָס איז אַ אידישע זאַך. נישט מער שאָלעם־מייערס נאָז האָט אַביסל צו אַ שאַרפן כוש־האָרייעך. דאָס, וואָס אַן אַנדערער באַדאַרף האָבן דערוף וואָכן און עפּשער כאַדאָשים, וועט דאָס אייך מוראַוועטשיק דערגיין אין אַ טאָג. אָט דערדאָזיקער מענטש האָט אין זיך אַ קויעך — באַלד ווערט ער אייך אַ גוטער ברודער, און איר וועט אים פאַרטרויען, ווי אַן אייגענעם, אויסדערציילן, וואָס באַ אייך אונטער די נעגל טוט זיך. נישט נאָר די אַלטע סאָרע־בראָכע, נאָר אפילע די שעמעוודיקע זלאַטקע האָט אים געקוקט אין מויל אריין און זיך צוגעהערט צו זיין הייזעריקער שטימע און צו זיינע ווערטער, וואָס האָבן זיך, ווי אַ בוימל, געגאָסן צו זיי אין הארצן אַריין. ער האָט צו זיי געזאָגט:

— וואָס זאָל איך מיט אייך טון, אַז איר, מומעניו, זענט אַ אידענע פון דער אַלטער וועלט, און אייער טאָכטער איז אַ שעפעלע? איר פרעגט מיך, וועל איך אייך זאָגן אַקוראַט, וואָס דאָ טוט זיך. איך וועל עס אייך לייענען ווי פון אַ ביכל. איך קען מיינע לייט, פאַרשטייט איר מיך,

אויסגעבונדן. איך בין דאָך עפּעס אַליין אַן אַקטיאָר. דער כעוורעמאַן, אַף וויפל איך קען אים פון דער היים, נאָך פון האָלענעשטי, — איך געדיינק אים ווי דורכן שלאָף — איז אַ באָכער, לאָמיך האָבן אַזאַ יאָר. נישטמער, ער איז אַוועק קיין אַמעריקע, איז ער אַרויס פון די האָלאָבליעס און פאַרגעסן דעם זיי־געזונט, ווי זאָגט מען באַ אונז: „דאַלי אָטשי, דאַלי סערדצע". איז אָבער אין אַמעריקע פאַראַן אַ זאַקאָן, בעאים אַז אַ באָכער טוט אָט אַזאַ מאַיסע, וואָס סע קומט אים דערפאַר אַ קניפּ אין בעקל (באַ די ווערטער כאַפּט ער אַ קוק אָפן „יאַטל", וואָס באַ זלאַטקען אָפן שויס, און זלאַטקע ווערט רויט ווי אַ צוויק און לאָזט אַראָפּ די אויגן...), מאַכט מען ניט מיט אים קיין לאַנגע שיעס: איינס־צוויי־דריי — און „הרי את מקודשת לי, בטבעת זי, האַלט מיך צי, איך פלי, איך פלי"... און טאָמער כאָלילע זאָגט ער לוי, איז דערויף פאַראַן אַ כאַדגאַדיע: דאָרט רופט מען עס „קונקל־מונקל", אָדער „סיקסינג" 1); איך וויס, כאָטש איך בין דאָרט נאָך נישט געוועזן. איך גיי ערשט אַהין; איך האָב דאָרט, פאַרשטייט איר מיך, אַ ביזנעס צו איינער אַ באַרימטער זינגערן, אַ פּרימאַדאָנאַ, וואָס אויב עס וועט מיר געראָטן, וועל איך מאַכן האַמויצע מיט האָניק און וועל אָנשלאָגן אָט אַזאַ היטל מיט גאָלד — דאָלאַרס רופט מען עס באַ זיי. דאָלאַרס, דאַרפט איר וויסן, איז אַ גוטע מאַטבייע. פאַר איין דאָלאַר באַקומט מען באַ אונז אַזוי גרויס ווי צוויי קאַרבוינים ... וואָט־זשע, הייסט עס, האָב איך אייך געוואָלט זאָגן? יאָ. אַז פאָרן, זאָלן מיר פאָרן איניינעם, וואָרום איך, אַז איך וועל געבן אַ רעד מיט דעם באָכער, וועט דאָס זיין וואַיוימער — און ער האָט געזאָגט, על—צו, מוישע—מוישען, ליימויר — אַזוי צו זאָגן. איך, פאַרשטייט איר מיך, האָב פיינט ציגעלע־מיגעלע, און אַן אַקטיאָר איז גאָר אַנדערע באַרבורים. באַ מיר, זייט זיכער, וועט ער שוין גיין אין דראָנזשיק! איר מיינט, מאַכמעס וואָס טו איך עס? מער נישט פאַר ראַכמאָנעס. איך האָב ראַכמאָנעס אַף אייער טאָכטער און איך וויל, אַז איר „יאַטל", אַף מיר אַזאַ יאָר, וואָס פאַר אַ „יאַטל" דאָס איז — זאָל האָבן אַ טאַטן. מער וויל איך גאָרנישט, גאָט זאָל מיר אַזוי געבן גליק און האַצלאָכע.

שאָלעם־מייער מוראַוועטשיק האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט ווערטער אַליין. באַ אים איז אַ קלאַל: איז ער עמעצן איבערגעגעבן — איז מיטן גוף און מיט דער נעשאָמע און מיטן לייב און לעבן. ער האָט נישט געקאָנט צוזען, ווי די אַלטע סאָרע־בראָכע טראָגט זיך אַליין אַלעמאָל אָדער מיט אַ בערעמעק האָלץ, אָדער מיט אַ באַרעל מיסט. „לאָזט מיך,

---

*) סינג-סינג — טורמע.

וועל איך אייך ווייזן, ווי אַזוי מע טראָגט האָלץ, אַז ס׳זאָל זיך אייך אויסווייזן, אַז ס׳איז ניט קיין האָלץ, נאָר פעדערן״. אָדער: „ניט אזוי נעמט מען אַ בּאַרעל מיסט. אַ בּאַרעל מיסט נעמט מען אָט אַזוי״.

דעסגלייכן האָט ער נישט געקאָנט ליידן, וואָס זלאַטקע טויטשעט זיך מיטן „יאַטל״ גאַנצע טעג מיט גאַנצע נעכט. עמעס, ער אַליין האָט קיין „יאַטלעך״ קיינמאָל ניט געהאַט, האַלעוואַי ווייטער, דערפאַר האָט ער אַ שוועסטער, אַפילע נישקאָשע פון אַ קאַבּצנטע, נאָר אַ קינדלדיקע איז זי מיט סאַקאָנעס נעפּאשעס! זי האַלט פון דער מאָדע „צוויי־קינדער־סיסטעם״ און האָט אַלע יאָר אַ צווילינגל. דעריבּער איז ער אַזוי געניט אין די זאַכן. ער ווייסט אַפילו אַ סגולע, וואָס מע טוט, אַז אַ קינד זאָל אופהערן שרייען.

און נישט לאַנג געטראַכט, כאַפּט ער אַרויס בּאַ זלאַטקען פון די הענט דאָס קינד, וואָס האָט אין דער מינוט געהאַלטן סאַמע אין רעכטן שרייען, און האָט דאָס גענומען וואַרפן מיט ביידע הענט רעכטס און לינקס, אַרוף און אַראָפּ, אַזוי אַז דאָס „יאַטל״ איז טאַקע אַנשוויגן געוואָרן, נאָר דערפאַר איז אָבער בּאַ זלאַטקען שיר דאָס האַרץ נישט איינגעפאַלן פאַר שרעק.

פאַר איר אייגענעם בּרודער האָט זלאטקע אין איר גאַנצן לעבּן נישט ארויסגעזאָגט קיין הונדערט כיילעק ניט פון דעם, וואָס זי האט אַרויסגעזאָגט פאר אָט דעם מוראַוטשיקן. אים האָט זי פאַרטרויט אָט דאָס, וואָס זי האָט אַפילע פאר איר אייגענער מאמע נישט פאַר־טרויט.

דאָס איז געווען אין אַ פרימאָרגן, ווען סאָרע־בּראָכע איז געווען אין מאַרק איינקויפן אַף „דינער״, און זלאַטקע איז געבּליבּן מיט מוראַוו־טשיקן אליין — יענעם פרימאָרגן איז זלאַטקע געווען מאָדנע אופגערעגט.

— איך האָב צו אייך אַ בּאַקאָשע, — האָט זי אים אַ זאָג געגעבּן מיט אַ געבּראָכן קאָל און האָט שוין כאַראָטע געהאַט. נאָר אָנגעהויבּן — איז פאַרפאַלן.

— וואָס פאר אַ בּאַקאָשע, קעצעלע? אין פייער און אין וואַסער.

מיט ציטערנדיקע הענט האָט זלאַטקע אַרויסגענומען פון בּוזעם אין אַ געלע פּאַטשיילע אַיינגעוויקלט עפּעס אַ זאַך. דידאָזיקע „זאַך״ איז איר פאַרבּליבּן פון איר בּרודער. ער האָט דאָס איר איבּערגעגעבּן אַ שאָ פאַרן טויט, אָנגעזאָגט איר, מיט האַלבּע ווערטער שוין, „זי זאָל דאָס היטן, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונם אויג, אַז קיין פויגל זאָל פון דעם ניט וויסן, אַפילע די מאַמע״... בּאַ דידאָזיקע ווערטער האָט זיך האָלצמאַן פאַרהוסט, אָנגעהויבּן גויסעסן און מער נישט געקאָנט שוין זאָגן גאָר־נישט ניט...

אָפּגעגעבן די „זאַך" צו איר נייעם פריינט, האט זלאַטקע דער־פילט, אַז ס'איז איר אַראָפּ אַ שטיין פונעם האַרצן. זי האָט צו אים געזאָגט:

— איך גיב אייך אַוועק אָט דאָס קניפּל — אונזער גאַנצן כאַיעס. איך פאַרטרוי אייך מיין נעשאָמע. נעמט אָט דאָס־אָ און טוט מיט דעם, וואָס איר ווילט, אַבי ברענגט מיך צו אים, אַזוי ווי איר האָט געזאגט...

מער האָט די אָרעמע זלאַטקע ניט געקאָנט רעדן. אַ גאַנצער שטורעם האָט זיך אופגעהויבן באַ איר אין האַרצן און עס האָבן זי געשטיקט די טרערן. שאָלעם־מייער מוראַווטשיק איז געווען אַזוי גערירט. אַז ער האָט גאָרניט אריינגעקוקט, וואָס אין קניפּל טוט זיך, און האָט דאָס, ווי אַ קונצנמאַכער, אַראָפּגעלאָזט גלייך אין קעשענע. אַגעוו איז אָנגעקומען די אַלטע, און ער האָט מער נישט געקאָנט אַז אַ טרייסל טון זלאַטקען באַ דער האַנט און א זאָג טון איר:

— זייט זיכער. ליובעניו, זאָל מיין נאָמען ניט הייסן מוראַווטשיק.

נישט שפּעטער ווי אַף מאָרגן איז מוראַווטשיק געקומען צו גיין אַ געראַזירטער און אָנגעטון פון קאָפּ ביז פיס אין שפּאָגל נייעס, ווי אַ כאָסן צו דער כופּע, און אַ זאָג געגעבן ברייטלעך:

— הערט־זשע אויס, מומעניו, די מאַיסע דערפון איז אַזוי. מיינע ביזנעס. דאַנקען גאָט, גייען אַסאך בעסער, ווי איך האָב גערעכנט. ס'איז גאָלע גימל אַרום און אָרום. נישטמער איין זאַך: מע רופט מיך קיין ניו־יאָרק. אויב איר ווילט פאַרגעסן אָן אַלע צאָרעס און האָבן נאָכעס אַף אייערע עלטערע יאָרן, זאָלט איר ניט מאַכן קיין לאַנגע שיעס און שוין נעמען, ווי זאָגט ער, דאָס פּעקל מיטן זעקל, איך מיין די טאָכטער מיטן „יאַטל", און האָלעך מוישע מאָרדכע מיטן רעכטן פוס. איך טו אַ שפּרונג נאָך טיקעטס, שיפסקאַרטן, הייסט עס, און פון קיין געלט זאָלט איר מיט מיר ניט רעדן. גאָט וועט העלפן, וועלן מיר זיך צע־רעכענען...

סאָרע־בראָכע האָט זיך איבערגעקוקט מיט איר טאָכטער. זי האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז פאַר א מין אָנשיקעניש? דאַכט זיך, אַ שלימאַזל — און נעמט אַף זיך אַזוי פיל! און פאַר גרויס היספּאַליעס, אַפּאָנים, האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט אַראָפּ איבער איר אַלט געקנייטשט פאַרמעט־פּאָנים צוויי קיילעכיקע טרערן, ווי באָב. זי האָט נאָר־וואָס גע־קליבן זיך אָפּדאַנקען איר זונס גוטן פריינט, אים בענטשן און ווינטש־ווען אים, ווי ער האָט דאָס באַ איר קאָשער פאַרדינט, האָט ער זיך פאַרשטעלט מיט די הענט ביידע אויערן און איז אַוועק, גאָרנישט גע־וואָלט הערן אַפילע.

— שיין! שיין! אַ גוטן טאָג. איך לויף נאָך בילעטן, און איר גרייט זיך אין וועג אַריין. מאָרגן פאָרן מיר. אַדיעאו.

— ביסט עפּעס אַ מייוון? אַ מענטש אָן אַ גאל! — האָט די מוטער אַ זאָג געגעבן צו דער טאָכטער, אופגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט ביידע הענט און געבליבן שטיין אין מיטן שטוב.

— אַ מענש אָן גאַל, — האָט איר די טאָכטער צוגעגעבן, און ביידע האָבן זיי זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין.

קאַפּיטל 67

## ראַפאַלעסקאָס גרויסער דורכפאַל.

מיר האָבן איבערגעלאָזט אונזער יונגן העלד ראַפאַלעסקאָ צווישן צווייטן און דריטן אקט מיט דער פּרימאַדאָנאַ הענריעטאַ שוואַלב, ווי זי האָט זיך אריינגעריסן צו אים מיט א געלעכטער אין גאַרדעראָבנע פּונקט אין דער מינוט, ווען ער איז נאָר־וואָס געוואָרע געוואָרן פונם באַרבער, אז אין טעאַטער אף זיין פאָרשטעלונג געפינט זיך ראָזע ספּיוואַק.

— א קאָמעדיע מיט אונזערע אַפּטאַונער אַריסטאָקראַטישע קאָלעגן. אַ קאָמעדיע, א וואָדעוויל, כאַ־כאַ־כאַ! דו ווייסט? זיי זענען דאָך אַנטלאָפן געוואָרן, כאַ־כאַ־כאַ!

ראַפאַלעסקאָ, וואָס האָט געהאַלטן באַ אַרויסצולויפן פון דער גאַר־דעראָבנע, אליין נישט צו וויסן וואוהין, באַגעגנט זיך מיט הענריעטען, האָט ער זיך א נעם געגעבן צוריק און אווטאָמאַטיש אַ פרעג געגעבן באַ איר: „ווער איז אַנטלאָפן געוואָרן?" דערויף האָט אים הענריעטע דערלאַנגט גאַנץ בלאַזנע אַ שמיר איבער דער נאָז:

— דו גרינער אַגרעס, וואָס דו ביסט! דו ווייסט גאָרנישט, וואָס פאַר געהויבענע געסט מיר האָבן דאָ געהאַט? גרישאַ סטעלמאַך און ראָזע ספּיוואַק... אין לאָזשע נומער דריי זענען זיי געזעסן. די צווייטע פון דער דירעקטאָר־לאָזשע. מיר האָבן זיך מיט איר באקענט... עס זענען איר געפעלן מיינע בראסלעטן. איך האָב איר געזאָגט. אז דאָס האָב איך אַ מאַטאָנע פון דיר. זי האָט זיך נאָכגעפרעגט, פונוואַנען דו ביסט...

— וואָס־זשע האָסטו איר געזאָגט?

— וואָס זאָל איך איר זאָגן? איך האָב איר געזאָגט, אז דו ביסט פון בוקאַרעשט, כאַ־כאַ! די רומענישע קעניגן, כאַ־כאַ־כאַ! מע קאָן שטאַרבן פאַר געלעכטער. נאָר דאָס איז נאָך אלץ גאָרנישט אַקעגן

דעם, ווי זיי זענען אַנטלאָפֿן פֿון טעאַטער. ווער עס האָט זיי ניט געזען לויפֿן, דער האָט גאָר קיין שענערס ניט געזען, כאַ־כאַ־כאַ!

ראַפֿאַלעסקאָ האָט זיך גענומען ווישן דעם קאַלטן שווייס, וואָס איז אים אַרויסגעטראָטן אויפֿן שטערן, און ער האָט זי קאַלטבלוטיק, אָף וויפֿל ס'איז נאָר מעגלעך געווען, אַ פֿרעג געגעבן:

— וואָס־זשע האָבן זיי אייגנטלעך באַדאַרפֿט אַנטלויפֿן?

— אַפּאַנים, ס'איז זיי באַ אונז ניט געפֿעלן, כאַ־כאַ, אַזעלכע אַריסטאָקראַטן! אַ קלייניקייט? איך האָב נאָכגעקוקט די גאַנצע צייט, וואָס דו האָסט געשפּילט, איז דאָס פּאָרל געזעסן און געלאַכט, כאַ־כאַ־כאַ! ...

אין דעם קלאָגעדיקן ראָמאַן פֿון אונזער העלד צו דער פּרימאַדאָנאַ שוואַלב זענען געווען פֿאַרשיידענע מאָמענטן. עס זענען געווען צייטן, ווען ער האָט זי פֿיינט געהאַט פֿאַר איר נאַרישקייט, נישט געקאָנט אָנקוקן. עס זענען געווען צייטן, וואָס ער האָט איר מוחל געווען איר טיפּשעס, איבערגעטראָגן אַלע אירע קאַפּריזן און געווען מיט איר כאַווער ... אין דער מינוט, וואָס מיר באַשרייבן אַצינד, איז זי אים געווען אַזוי נימעס, אַז ניט נאָר ער האָט זי פֿיינט געהאַט — ער איז גרייט געווען זיך אַרופֿוואַרפֿן אויף איר, זי אָנעמען מיט ביידע הענט פֿאַרן גאָרגל און דערוואַרגן זי, אָדער פֿאַרשטופּן איר דאָס מויל מיט אַ טאַשנטיכל און זי דערשטיקן, ווי באַ שעקספּירן אָטעלאָ דערשטיקט דעזדעמאָנען — אַזוי שטאַרק האָט געקאָכט אין אים דאָס בלוט. און עס האָט אים געקלאַפּט ווי מיט צען האַמערס אין די שלייפֿן, און מאָדנע רינגעלעך פֿון אַלערליי פֿאַרבן האָבן זיך אים געדרייט פֿאַר די אויגן. עס האָט אים געקיצלט אין נאָז, און די ציין האָבן אים שטילערהייט געקריצט אין מויל. אַ כאַיע, אַ ווילדע, אַ צעררייצטע כאַיע האָט זיך אין אים אויפֿגעוועקט. מע האָט באַדאַרפֿט זיין שטאַרקער פֿון אייזן, מע האָט באַדאַרפֿט זיין אינדערעמעסן אַ העלד, מע זאָל אַריבערטראָגן דאָס, וואָס אונזער העלד ראַפֿאַלעסקאָ האָט איבערגעלעבט אין די דאָזיקע עטלעכע שווערע־שווערע מינוטן.

און הענריעטאַ שוואַלב איז שוין לאַנג נישט געווען אַזוי אויפֿגעלייגט, ווי אין דעם אָוונט. זי האָט זיך אַ וואָרף געגעבן אויף ראַפֿאַלעסקאָס ביינקל, וואָס אַקעגן שפּיגל, און פֿאַרוואָרפֿן דעם קאָפּ אַרונטער און, קוקנדיק אין שפּיגל אויף אירע אייגענע ווייסע ציין, האָט זי זיך אַזוי צעלאַכט, אַז דער באַרבער האָט זיך געטראַכט: „טאָמער איז קאַרג, נאַט אייך נאָך אַ מעשוגענע“ ...

— ניין! — האָט הענריעטאַ איבערגעקייט נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. — מע האָט באַדאַרפֿט אָנקוקן, ווי די צוויי האָבן זיך גענומען אונטער די הענט און — מאַרש־מאַרש פֿון זער לאָזשע איבערן גאַנצן

קאָרידאָר, ווי א בליץ גלייך אין דרויסן ארויס, צום אַווטאָמאָביל, און דאָס פּובליקום: בראוואָ, סטעלמאַך! — א ריינע קאָמעדיע. א וואָדע־וויל, כאַ־כאַ־כאַ! כאַ־כאַ־כאַ! ...

— האַריאָפּ! עס גייט שוין דער דריטער אַקט, — האָט אויסגערופן אַ הויכער דזשענטעלמען און האָט אריינגעשטעקט דעם קאָפּ צו ראַפּאַ־לעסקאָן אין גאַרדעראָבנע און באַוויזן, אַז ער האָט א פּויגלש פּאָנים אָן א סימען פון ברעמען אף די רויטע אויגן. דאָס איז געווען דער רעזשיסער פון ניקעל־טעאַטער, וואָס גיט אַכטונג אפן ארויסטריט פון די אַרטיסטן, עס זאָל זיין אין דער צייט.

דערהערט דעם „האריאָפּ", האָט זיך אונזער פּרימאַדאָנאַ אופגעכאַפּט און באַפרייט דאָס ביינקל, און ראַפּאַלעסקאָ האָט זיך מיט אן אַראָפּגע־לאָזטן קאָפּ אוועקגעזעצט צוריק צום גרים, און דער באַרבער האָט זיך גענומען צו זיין אַרבעט מיטן גאַנצן ערנסט פון אַן אַרטיסט, וואָס ווייסט, וואָס ער האָט צו טון. גיך איז ארופגעזעצט געוואָרן אף זיין אָרט דער פּאַריק, עס איז ארופגעקעמט געוואָרן צוריק דאָס קליינע בערדל; אַ שמיר אַהער, אַ רייב אהין — און אוריעל אַקאָסטאַ איז שוין געשטאַנען ווידער גרייט אופצוטרעטן אף דער בינע פאַרן פּובליקום, וואָס האָט זיך שוין אביסל באַרואיקט און אַרויסגעקוקט אפן גאַסטראָ־לער, אף דעם יונגן אופגייענדן שטערן לעאָ ראַפּאַלעסקאָ פון בוקאַ־רעשט.

נאָר אנשטאָט דעם אופגייענדן שטערן פון בוקאַרעשט, אנשטאָט דעם סימפּאַטישן אוריעל אַקאָסטאַ, איז אף דער בינע געזעסן בא א שרייבטיש דער אומסימפּאַטישער מענאַשע און גענודיעט דעם עולם מיט זיינע מאָנאָטאָנע רייד פון ביכער, כעשבוינעס, ציפערן. „לאַנג נאָך וועט ער דרייען א מויעך, אָט דער אַלטער שטורמאַק?" האָט זיך דאָס פּובליקום געטראַכט און געקוקט צו דער טיר, ווען וועט זיך שוין אַמאָל באַווייזן אוריעל? ענדלעך עפנט זיך די טיר, נאָר אנשטאָט או־ריעלן קומט אָן יעהודיס און עס פאַרבינדט זיך צווישן איר און צווישן איר פאָטער מענאַשע אַ לאַנגער געשפּרעך אָן א סאָף: „עס וועט אַמאָל נעמען אן עק, צי ניין?" דאַנקען גאָט, אָט איז ער דער דינער:

— דאָקטאָר סילוואַ איז געקומען.

— שאַראַפּ! — זאָגט שטילערהייט איינער פון פּובליקום, — אין דער ערד אַריין דעם דאָקטאָר דע סילוואַ, אוריעל אַקאָסטאַן גיט אַהער! אָט נודניקעס.. איידער מע דערלאַנגט דאָס ביסל איינגעמאכטס צום טיש, דאַרף מען זיך פריער אָנזשליאָקען מיט וואסער ... אָ! אָט איז ער דאָ, דער באָכער.

עס קומט אָן אוריעל אַקאָסטאַ און בלייבט שטיין בײַ דער טיר מיט צונויפגעלייגטע הענט אויף דער ברוסט, און א שוידער גייט דורך איבערן גאַנצן טעאַטער, און עס ווערט שטיל — א פליג דורכצופליען. אַלע זענען גרייט צו הערן עפּעס נייע דיבורים, הויכע ווערטער, זען נייע אומגעווינלעכע באַוועגונגען. און ראַפּאַלעסקאָ בלאָנזעט מיט די אויגן איבערן גאַנצן טעאַטער, און קאַם וואָס מע הערט פון אים א וואָרט:

„דאָס בין איך, דע סילוואַ...”

— אַ ליטל לאַודער! העכער! — דערהערט זיך א געשריי פון דער גאַנץ אייבערשטער גאַלעריע, און דער עולם פון דער איבעריקער גאַלעריע כאַפּט אונטער:

— ספּיק אַפּ! — העכער! העכער!

און ראַפּאַלעסקאָ קאַם וואָס ער שעפּטשעט אַרויס:

„מעג דער פאַרשאָלטענער צוטרעטן צום הייליקן באַשיצער פון ריינע נעשאָמעס?”

— לאַודער! ספּיק אַפּ! העכער! העכער! — שרייט מען צו אים פון דער גאַנצער גאַלעריע.

— שאַראַפּ! שטילער! קווייעט! שטיל זאָל זיין! — ענטפערט מען פון פּאַרטער, און דער טומל וואַקסט.

ראַפּאַלעסקאָ, וואָס איז ניט געוואוינט צו אַזאַ אופנעמען, קוקט אַרויף. ער פאַרשטייט ניט, וואָס באַטייטן די דאָזיקע קולעס. עס דאַכט זיך אים, אז ער רעדט גאַנץ הויך. ער ווערט מעוואולוול און פאַרגעסט, וואו ער האַלט. נאָך איידער דע סילוואַ ענדיקט זיין דיאַלאָג, וואו ער דאַרף אים ערקלערן, וואָס צו טון באַם ראָוו בען־אַקיווע, פרעגט אים אוריעל: „זיך אָפּזאָגן? דאָס וואָרט קלינגט מיר אזוי פרעמד”... און ער ווערט אנשוויגן, וואָרום דער, וואָס שפּילט די ראָלע פון דאָקטאָר דע סילוואַ, אן אקטיאָר מיט א שווערן טריט און מיט גראָבע ליפּן, קוקט אויף אים מיט א מוירעדיקן קוק און זאָגט צו אים שטילערהייט:

— אין גאָטעס ווילן! וואָס פאַרכאַפּט איר די פּיש פאַר דער נעץ?...

און ער לאָזט אויס הויך: „איך קום ערשט פון בעסדן, אַקאָסטאַ. זיי זענען שוין אביסל ווייכער”...

ענטפערט אים דערויף אוריעל: „דאָס ווייס איך גאַנץ גוט. איך זוך מיר שוין לאַנג א וועג. נאָר וואָס קער זיך אָן איינס צום אנדערן?” ...

— גוט מאָרגן, געלי, רעטעך טראָג איך... — לאָזט זיך הערן אַ קאָל פון דער גאַלעריע, און דאָס גאַנצע טעאַטער ווי איין מענטש ווערט

לעבעדיק. עס טראָגט זיך א געלעכטער, ווי אין וואַלד אַ ווייטער דונער. דער געלעכטער קאַטשעט זיך, און דער אָרעמער ראַפֿאַלעסקאָ, וואָס איז נישט געוואוינט געוואָרן אָנקומען צום סופֿלער, טוט זיך איצט א וואָרף צום סופֿלער־ביידל און דערזעט, ווי יענער מאַכט צו אים עפּעס מאָדנע האַוואַיעס, ווייזט אים מיט די הענט, ווינקט אים מיט די אויגן. נאָר ער פֿאַרשטייט ניט, וואָס יענער מיינט.

ראַפֿאַלעסקאָ האָט שוין אַליין דערפֿילט, אז ער גייט ניט גלייך, אז עפּעס וויגט זיך אונטער אים דער באָדן, אָט־אָט פֿאַלט ער אום. ער איז שוין געגאנגען אַף גאָטס באראָט, ווי א מענטש, וואָס האָט צוגע־נומען די האַנט פֿונם האַרצן: „כאַפּט דאָס דער רוען — ערגער פֿון ערגער וועט דאָך ניט זיין!...‟ און טוט א זאָג צו דע־סילוואַן גלאַט אין דער וועלט אַריין:

„ווי איך זע, האָב איך מיט אייך גאָרניט וואָס צו רעדן...‟

— דאַטס רייט! — האָט זיך געלאָזט הערן דערזעלבער קאָל פֿון דער אייבערשטער גאַלעריע, און דאָס גאַנצע טעאַטער האָט געקייכט פֿאַר געלעכטער. מע האָט שוין נישט געהערט, ניט דעם דאָקטאָר דע־סילוואַ, ניט דעם מאָנאָלאָג פֿון אוריעל אַקאָסטא, וואָס רעדט, בעאייס ער בלייבט אַליין, מיט שטאָלץ, אז „כאראָטע האָבן קאָן ער ניט און זיין קאָפּ פֿאַר די ראַבאָנים וועט ער ניט אָנבייגן‟. דאָס פּובליקום הערט ניט אויף צו לאַכן אויך דעמאָלט, ווען עס קומט אָן די בלינדע עסטער מיט אירע צוויי זין, עס העלפֿט ניט יעהודיס, וואָס האָט ערשט אָט דאָ אָנגעהויבן אַריין אין איר ראָל. עס העלפֿט נישט דאָס, וואָס ראַפֿאַלעס־קאָ ענדיקט זיין ראָל אינם דריטן אַקט מיט היץ. פֿאַרפֿאַלן, ער מעג שוין שפּילן ווי גאָט אליין, וועט אים שוין ניט העלפֿן. דאָס פּובליקום איז געווען אופֿגערעגט, צערייצט און בייז אפֿן קומיר, אפֿן אָפּגאָט, וואָס עס האָט זיך צו אים נאָר־וואָס געבוקט, און מע האָט גענומען הוקען און פּייפֿן, אויספּייפֿן אים גאָר אפֿן העכסטן גראַד. די סאָנים פֿון מיסטער ניקעל און דער צאַד שעקענעגדוי פֿון דער „קיבעצאַרני‟ זענען געווען גערעכט, וואָס זיי האָבן געזאָגט, אז די נאַכט איז נאָך גרויס און אַז די טראַגעדיע „אוריעל אַקאָסטאַ‟ האָט אין זיך פֿינף אַקטן. זיי האָבן זיך דערלעבט אַזאַ נעקאָמע, און דער אופֿגייענדער שטערן ראַ־פֿאַלעסקאָ האָט געהאַט אַזאַ גרויסן מוירעדיקן דורכפֿאַל, וואָס זיי אליין האָבן זיך אַף אזויפֿיל ניט גערעכט.

## קאַפּיטל 68

# מוראַוועטשיק הינטער די קוליסן.

די לעצטע סצענע פֿון דעם לעצטן אַקט, וואו אוריעל אַקאָסטאַ לאָזט זיך לויפֿן, האָט ראַפּאַלעסקאָ דאָך דורכגעפֿירט גלענצנד. עס האָט זיך אומגעקערט צו אים דער פֿריערדיקער גרויסער אַרטיסט. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט באַ דעם קאָפּ און מיט אַ באַזונדערן פֿייער און מיט זעלטע־נער קראַפֿט האָט ער ווי פֿון שלאָף אופֿגעוואַכט, אויסגערופֿן מיט אַ לייבנגעשריי:

„גענוג!... לאָזט מיך! לאָזט מיך! איך גיי... איך לויף!...” און איז אַרויסגעלאָפֿן הינטער די קוליסן און דאָרט האָט ער דערפֿילט, אַז עס גליטשט זיך אים דער באָדן אונטער די פֿיס און עס דרייען זיך אים די דעקאָראַציעס פֿאַר די אויגן — איז ער געפֿאַלן אַף די הענט פֿונם ערשטן מענטשן, וואָס ער האָט באַגעגנט, עפּעס אַן אומבאַקאַנטן פֿאַרשוין פֿון נידעריקער וואוקס מיט אַ צעקנייטשט קאַפּעלושל און מיט מאַמזערישע אויגן. דערדאָזיקער מענטש האָט באַמערקט, אַז אוריעל אַקאָסטאַ פֿאַלט, איז ער צוגעלאָפֿן און האָט אים אונטערגעכאַפּט און אויסגעשריגן אַף אַ הייזעריק קאָל צו די איבעריקע לייט, וואָס הינטער די קוליסן:

— וואָס שטייט איר, ווי ליימענע גוילעמס? וואַסער גיט אַהער, וואַסער!

אין עטלעכע מינוט אַרום איז ראַפּאַלעסקאָ געלעגן באַ זיך אין גאַר־דעראָבנע, אויסגעצויגן אַף אַ סאָפֿע, שוין אינגאַנצן באַרואיקט און נעבן אים, אַף אַ פֿירעקעכיק טאַבורעטל, איז געזעסן שאָלעם־מייער מוראַוו־טשיק (דאָס איז געווען ער).

ווי קומט אַהער מוראַוועטשיק? — דער לעזער דאַרף געדיינקען די סצענע, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין וועסטיבול פֿון ניקעל־טעאַטער צווישן שאָלעם־מייער מוראַוועטשיק און מיסטער קלאַמער. אָפּגערעכנט זיך מיט מיסטער קלאַמערס הערצל־באָרד און באַקומען אַ רעכטע פּאָרציע פֿון ניסל שוואַלבס פּעכקע יאָדאַים, האָט זיך אונזער מוראַוועטשיק מאַמזעריש אַרויסגעדרייט פֿון זייערע הענט און פֿון די הענט פֿון די אָשערס און דינערס, וואָס זענען געקומען דעם מיסטער קלאַמער צוהילף.

שאָלעם־מייער מוראַוועטשיק מעג זיך רעכענען פֿאַר אַ מוצלעך, וואָס ער איז ניט אַריינגעפֿאַלן אין די הענט פֿון די ניו־יאָרקער פּאָליסלייט. אַמעריקע האָט טאַקע זייער אַ ליבעראַלע „קאָנסטיטושאָן”, נאָר פֿונ־דעסטוועגן איז גלייכער, אַז מע קאָן זיך מיט דער „פּאָליס” פֿונדער־ווייטן...

— דער רועך האָט מיך געטראָגן, איך זאָל מיך זאַטשעפּען מיט אָט דער וואַנץ... (מיסטער קלאַמער זאָל הערן, מיט וואָס פאַר אַ נאָמען מע האָט אים געקרוינט!) ווי אַ קאָשערער איד קאָן ניט זען קיין כאַזער, אַזוי קאָן איך ניט אָנקוקן אָט דעם אידנס באָרד!

אַזוי האָט זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ אונזער מוראַווטשיק, ווי ווייט מעגלעך זיך צורעכט געמאַכט דאָס צעיושעטע פּאָנים און האָט זיך גע־נומען דורכשלאָגן דורך די הינטערשטע טירן אַף יענער זייט קוליסן. דאָרטן האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט צווישן די דעקאָראַציעס אַזוי קונ־ציק, אַז ער האָט געזעען אַלעמען און אים האָט נישט געזעען קיינער. מיט אַלע אויגן האָט ער גענומען באַטראַכטן די בינע, זוכן צווישן די שפּילערס דעם, וואָס ער דאַרף האָבן.

— וועלכער פון זיי איז ראַפּאַלעסקאָ?—האָט ער זיך צערעדט שטי־לערהייט מיט דעם, וואָס גיט אַכטונג אַפן פּאָרהאַנג, אַ פאַרזאָרגטער נעפּעש, אַ פּעסימיסט מיט בלויזע אויגן, וואָס זעט אויס, ווי די גאַנצע וועלט איז אַף אים געפאַלן.

— אָט דער, וואָס מיט די לאַנגע האָר און מיטן ווייסן קאָלנער, וואָס שפּילט די ראָל פון אוריעל אַקאָסטאַ.

— כאָכעם! זיי טראָגן אַלע לאַנגע האָר מיט ווייסע קאָלנערס.

דער פאַרזאָרגטער נעפּעש האָט אַוועקגעשטעלט אַף מוראַווטשיקן זיינע בלויזע אויגן:

— איך בין ניט שולדיק, אַז איר זענט אַ יאָלד און אַלע יעוואָנים האָבן בא אייך איין פּאָנים. באַ אייך איז אַלץ איינס, וואָס מענאַשע און וואָס אוריעל אַקאָסטאַ.

— מיר פאַר דיין כאָכמע, ליכטיקער פּאָנים! מיר דאַכט, אַז איר זענט גערעכט. שאַ, איך ווייס שוין, ווער פון זיי איז דער עמעסער אוריעל אַקאָסטאַ.

אַזוי האָט זיך מוראַווטשיק אויסגעטאַינעט שטילערהייט מיט זיין נייעם גוטן פריינט, וואָס ער האָט זיך ערוואָרבן דאָ בא די דעקאָראַ־ציעס, און האָט אים אַ וואונק געגעבן מיט די מאַמזערישע אויגן.

— געפינט זיך באַ אייך, ליובעניו, אַ סיגאַרעטל?

— גרינהאָרן! וואָס ווילט איר, מע זאָל אייך פּלעטן דעם מויעך און אַרונטערלאָזן פון אַלע טרעפּ? דאָ בא די דעקאָריישענס ווילט איר רוי־כערן סיגאַרעטלעך?

— שאַ־שאַ! איז איינוי מיט די קנישעס. זע נאַר, גלייך מע האָט אים געקוילעט די קאַפּאָטע!

און שאָלעם־מייער מוראַווטשיק האָט אים דערלאַנגט אַ קיצל אונטער די פּאַכוועס און געבעטן, ער זאָל זיין אַזוי גוט זיך אַ רוק טון אַביסל, וועט ער זיך קאָנען אַוועקזעצן מיט אים אַף אייןביינקל.

— וואָרום — האָט ער אים געגעבן צו פאַרשטיין — אויסשטיין אַף די פיס אַ גאַנצן אַקט בין איך ניט בעקויעך. איך האָב נאָך היינטיקן טאָג קימאַט גאָרניט געאַכלט, ניט מאַכמעס ס׳איז בא מיר אַ טאָנעס, און ניט מאַכמעס איך האָב ניט כאָלילע פאַרוואָס: אַכוץ מיין שאָדן, אַף אַלע אידישע קינדער געזאָגט געוואָרן, — נאָר פּאָשעט, איך בין היינט זייער פאַרכאַלעפּורימט.

— ביזי זאָגט מען בא אונז, — האָט אים דער פאַרזאָרגטער פּעסימיסט פאַריכט און טאַקע אין איינגוועגס אויסגעפרעגט בא אים, וואָס פאַר אַ ביזנעס ער האָט דאָ אין ניו־יאָרק און ווען קומט ער פון יוראָפּ און מיט וואָסער שיף און ווי אַזוי איז אים געגאַנגען די רייזע?

שאָלעם־מייער האָט אים אויסגעטראַכט אַזעלכע ביזנעס, וואָס ניט געשטויגן ניט געפלויגן, און אַזוי איז אַוועק באַ די צוויי אין שמועסן דער גאַנצער לעצטער אַקט, און עס האָט געבראַכט דערצו, אַז דער פאַרזאָרגטער נעפּעש, וואָס איז געזעצט געוואָרן אָט דאָ אַכטונג געבן אַפן פאָרהאַנג, האָט שיר־שיר ניט דורכגעלאָזט זיין דזשאַב, און דאָס וואָלט פאַראורזאַכט אַ נייעם סקאַנדאַל: דאָס גאַנצע פּובליקום וואָלט געקאָנט זען, ווי אוריעל אַקאָסטאַ איז געפאַלן צו עמעצן אַף די הענט. אָט ווי אַזוי אויסטערליש ס׳איז פאָרגעקומען זייער באַגעגעניש.

ווייבאַלד נאָר ראַפאַלעסקאָ איז געקומען צו זיך, האָט ער אַ זאָג געגעבן צו דעם, וואָס האָט אים אַזוי קונציק אונטערגעכאַפּט אַף די הענט:

— אייער פּאָנים איז מיר עפּעס זייער קענטלעך.

— אַ כידעש אַביסל! וויפל מאָל האָבן מיר זיך געזעען אין האָלענעשטי?

— אין האָלענשטי?!

דאָס איז געווען גענוג פאַר אונזער יונגן העלד, ער זאָל פאַרגעסן אין זיין גרויסן דורכפאַל, וואָס ער האָט געהאַט נאָר־וואָס אין טעאַטער, און ער זאָל בעטן דעם גאַנצן אוילעם אַרויסגיין פון זיין גאַרדעראָבנע. און אַז זיי זיינען געבליבן אינצווייען, האָט ער זיך אַרופגעוואָרפן אַף מוראַווטשיקן, ער זאָל אים דערציילן, ווער ער איז און וואָס ער איז און פונוואַנען ער קומט און וואָס ער טוט דאָ.

— ווער איך בין? אויך אַ באָנדער. אַן אַקטיאָר, הייסט עס, פון אידישן טעאַטער. פונוואַנען איך קום? פון לאָנדאָן. וואָס איך טו דאָ? איך זוך דעם נעכטיקן טאָג. מיינער אַ פריינט און אַ כאַווער, אויך אַ אידישער אַקטיאָר, האָט בא מיר גענומען די האַנט אַ שאָ פאַרן טויט: באַשער בעכיין אַזוי ווי ער האָט אַ שוועסטעריל, אַ מיידל, אַ באָקסער, בלוט און מילך, וואָס אַ באָכער, אויך אַן אַקטיאָר, האָט זיך געליבט מיט איר, און וואָס פון דער ליבע האָט זיך ניט דאָ געדאַכט געטראָפן—

עס זאָל זיך אַזוי ניט טרעפן — דאָס מיידל האָט צו ניין כּאַדאָשים לע־מאַזל געבוירן אַ „יאַטל", און אַזוי ווי דער באָכער, דער פאָטער פונם „יאַטל", הייסט עס, האָט זיך באַצייטנס אָפּגעטראָגן קיין אַמעריקע, אַל־קיין זאָל איך אים געבן מיין האַנט טקיעס־קאַף און שווערן אים בא גאָט, וואָס זיצט גאַנץ אויבן און ווייסט פון אַלע פּאָדלעסטן, וואָס ווערן אָפּגעטון פון אונטן, אַז איך זאָל נעמען זיין שוועסטערל מיטן „יאַטל" און ברענגען זיי קיין ניו־יאָרק און נישט אָפּטרעטן פונם פיינעם באָכער, ביז ער וועט ניט שטעלן מיט איר קיין כופּע קעדאַס מוישע וועאיסראָעל. און איך האָב אים געמוזט געבן די האַנט און שווערן מיט קאָל האַ־שוואועס פון דער טויכעכע. נו, כאַפּט דאָס ניט דעם אָנבליק בא אייך אין די אויגן פון אַ ראָמאַן, פון די ראָמאַנען, וואָס דרוקן זיך אין די ביכלעך?

מעגלעך, אַז אונזער העלד האָט געהאַט אַ פּאַרגעפיל, און, מעגלעך, אַז ער איז גלאַט געווען נייגיריק צו באַקענען זיך נעענטער מיטן דאָ־זיקן מאָדנעם ראָמאַן. ער האָט אַ פרעג געגעבן בא זיין אומבאַקאַנטן באַקאַנטן:

— קאָן מען וויסן, ווי אַזוי האָט געהייסן אייער פריינט, וואָס האָט אייך איבערגעגעבן אַזאַ פיינע ביזנעס?

— פאַרוואָס זאָל מען ניט קאָנען וויסן? מיטן גרעסטן קאָוועד! גע־רופן האָט מען אים, מיין פריינט, הייסט עס, האָצמאַך, נאָר דער עמע־סער נאָמען זיינער איז געווען האָלצמאַן.

ראַפּאַלעסקאָ האָט זיך אופגעכאַפּט טויט ווי די וואַנט:

— האָלצמאַן? בערנאַרד האָלצמאַן, זאָגט איר, איז...

— געשטאָרבן זאָל לעבן. און זיין שוועסטערל רופט מען זלאַטקע. זי איז דאָ מיט מיר אין ניו־יאָרק. זי האָט אַפילע זייער כיישעק געהאַט צו גיין מיט מיר אין טעאַטער הערן אייך שפּילן. קאָן זי ניט אַוועק־וואַרפן דאָס „יאַטל". אַ יונגע מאַמע און אזוי געטריי. קאָן מען אָפּשאַצן אַ אידישע נעשאָמע?... ווילט איר עפּשער וויסן, ווער איז דער באָכער, דאָס הייסט דער פאָטער פונם „יאַטל"? —האָט מוראַוועטשיק אים אַ פרעג געגעבן און פארקוקט אין די אויגן אַריין. — ער קומט אַרויס אַזש פון בוקאַרעשט. דאָס הייסט, ער איז אזוי פון בוקאַרעשט, ווי איך בין פון יערושאָלאַים... גאָט איז מיט אייך! וואָס זענט איר אַזוי בלאַס געוואָרן? וואָס ציטערט איר אַזוי? עס וועט אייך כאָלילע קיין שלעכטס ניט גע־שעען... גלויבט מיר בענעמאָנעס, איר קענט מיך נאָך ניט, וואָס פאַר אַ מענטש איך בין. איך בין שאָלעם־מייער מוראַוועטשיק... איך מיין נישט מער נאָר אייער טויווע און די טויווע פון מיין פריינט אף יענער וועלט. גאָט זאָל מיר אַזוי געבן גליק און האַצלאָכע!...

## קאַפּיטל 69

# געפּלאַצט נאָך אַ קאָמבינאַציע.

ווי פּאַר וועמען — פּאַר ניסל שוואַלב מיט זיינע קאָמבינאַציעס איז דער גרויסער דורכפּאַל פון ראַפּאַלעסקאָן געווען דאַווקע די גרעסטע מאַילע. ער האָט דורך דעם געקענט זיך אַ נעם טון דורכפירן זיין פּלאַן מיט אַסאַך מער ערפאָלג ווי פריער, וואָרום אַ געשלאָגענער הונט איז ווינציקער מעיוכעס, און אַ מענטש, אַז ער איז בא זיך געפאַלן, קאָן מען מיט אים מאַכן וואָס מע וויל.

אַזוי האָט זיך אונזער קאָמבינאַטאָר שוואַלב געטראַכט און האָט זיך גענומען צו זיין אַרבעט ניט שפּעטער ווי אַף מאָרגנדיקן טאָג נאָכן געוויסן ספּעקטאַקל, ווען מע האָט געבראַכט צו פירן ראַפּאַלעסקאָן אַהיים מיט אַ געבראָכענעם האַרץ און מיט אַ געשלאָגענעם געמיט.

געקומען צו זיין יונגן פריינט, האָט ער צו זיין גרויס באַוואונדערונג געטראָפן בא אים דעם נידעריקן נעפעש מיט די מאַמזערישע אויגן, וואָס ער האָט אים נעכטן אין וועסטיבול פון טעאַטער קאָם אָפּגעריסן פון מיסטער קלאַמערס באָרד.

— איר לעבט נאָך? — האָט אים שוואַלב אַ פרעג געגעבן פריילעך, ווי זיין שטייגער איז, — אַפּאָנים, וואו מע זייט אייך ניט, דאָרט וואַקסט איר?

— וואָס דען האָט איר געמיינט? — האָט אים יענער אָפּגעענטפערט מיטן זעלבן פריילעכן טאָן. — אייער טרייפענער גליק, וואָס איר זענט נעכטן געווען אַסאַך און איך בין געווען איינער. אַניט וואָלט איך אָט דעם שיינעם דזשענטעלמען פון לאָנדאָנער ווייטשעפּעל קיין גאַנצן פון מיינע הענט נישט אַרויסגעלאָזט. אָן אַ באָרד וואָלט ער בא מיר געבליבן, מיט אַ פעדער אונטער דער נאָז וואָלט ער בא מיר געלעגן און מיינע פּאַפּירן וואָלט ער מיר אָפּגעגעבן. מאָלט אייך, ער וועט זיי מיר אַזוי אויך אָפּגעבן, איר קאָנט שוין זיין זיכער. דאָס זאָגט אייך שאָלעם־מייער מוראַוועטשיק.

— מוראַוועטשיק? — אַ קענטלעכער נאָמען. פון וועלכע מוראַוועטשיקעס זענט איר?

שוואַלב האָט זיך צוגערוקט צו זיין נייעם באַקאַנטן און אויסגעצויגן אים אַ מוירעדיקע גרויסע פעטע ווייכע האַנט, און מוראַוועטשיק האָט אים אָפּגעענטפערט אַף זיין הייזעריקער שטימע:

— פון וואָסערע מוראַוועטשיקעס איך בין? פון די עמעסע מוראַוועטשיקעס, וואָס זענען קיינעם אַף זייער לעבן קיין געלט ניט שולדיק

געוועזן, וואָרום קיינער האָט זיי ניט געליען, און אז זיי האָבן געליען, איז געווען פאַרפאַלן, אַזוי ווי די קלעפּ, וואָס מע האָט מיר נעכטן איינגעלייגט; איר מעגט מיר גלויבן אַף נעמאָנעס — איך האָב שוין לאַנג אַזעלכע קלעפּ ניט פאַרזוכט, גאָט זאָל מיר אַזוי געבן גליק און הצלחה. פונדעסטוועגן איינס צום אַנדערן געהער זיך ניט אָן. אייער פּאָנים געפעלט מיר אַסאַך מער פון אייערע הענט. א פּאָר יאָדאים באַ אייך — זיי מעגן אייך אָפּדאַרן. איך גיב אייך מיין ערן־וואָרט, אַז איך וועל האָבן צייט, וועל איך מיך מיט אייך באַקענען אַביסל נעענטער. דערווייל בין איך ביזי, ווי מע זאָגט באַ אייך, איך מוז גיין. זייט מיר געזונט און שטאַרק, לאָזט גריסן און שרייבט בריוולעך.

מיט די ווערטער האָט אים שאָלעם־מייער אַטרייסל געגעבן זיין מוירעדיק גרויסע פעטע ווייכע האַנט, און שוואַלב האָט אים געזאָגט מיט זייער אַ פריינטלעכן טאָן:

— איך קאָנט אייך גאָר ניט פאָרשטעלן, ווי עס האָט מיך געפרייט אייער באַקאַנטשאַפט, איך זאָל אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס...

— דאָס האָב איך נאָך געזען נעכטן, און ניט אַזוי געזען מיט די די אויגן, ווי געפילט מיט די ביינער, גאָט זאָל מיר אַזוי געבן גליק און הצלחה.

אַזוי האָט אים געענטפערט מיט אַ קאָמפּלימענט אַף אַ קאָמפּלימענט מוראַוואַטשיק שוין באַ דער טיר. ראַפּאַלעסקאָ האָט דעם גאַסט אַרויסגעבאַגלייט פון כיידער, און אַף יענער זייט טיר האָבן זיי זיך אָקעגן אַ צוויי מינוט געסוידעט שטילערהייט, און אַז ער איז אַריינגעקומען צוריק, האָט אים ניסל שוואַלב אַ פרעג געגעבן:

— ווער איז ער, אָט דער שלימאַזל מיט די מאַמזערישע אויגן? זעט אויס אַ פּיקפּאַקעט, אַ פערד־גאַנעוו, אָדער פון די, וואָס האַנדלען מיט לעבעדיקע סכוירע...

נישט דערוואָרט זיך אַף אַן ענטפער, מאַכט ניסל שוואַלב נאָך אַמאָל צו ראַפּאַלעסקאָן שוין מיט אַן ערנסטן טאָן, ווי אַן עלטערער ברודער:

— איך וואָלט אַזאַ שלימאַזל, ווי אָט דער הייזעריקער נעפעש, געגעבן דעם וועג, אַז וואו ערגעץ אַ שלעפּער, אַ שוואַרץ־יאַר זאָל ניט האָבן קיין אַריינטריט צו מיר אין שטוב אַריין!.. האַקלאַל, מיין ליבער ראַפּאַלעסקעלע, לאָז ער גיין אין דער אַדאָמע, מיר וועלן בעסער גיין צו אונזערע ביזנעס.

אַזוי איז ניסל שוואַלב צוגעטראָטן צו זיין קאָמבינאַציע, אַרומשפּאַנענדיק, ווי זיין שטייגער איז, איבערן כיידער.

— איך בין געקומען צו דיר, ערשטנס, אויסרעדן אַביסל דאָס האַרץ. מע דאַרף ניט זיין אַזוי טראָווערדיק, טאָמער מאַכט זיך אַמאָל, מע כאַפּט אַ פּסאַק, מע האָט אַ דורכפאַל.

— אַלץ הייסט א פּסאק! אַלץ הייסט א דורכפֿאַל! — האָט אים ראַפּאַלעסקאָ געענטפֿערט און אַף אים קוקנדיק אויך גענומען אַרומשפּאַנען הין און צוריק איבערן כיידער.— א דורכפֿאַל צו א דורכפֿאַל איז ניט גלייך. זינט איך לעב, זינט איך קען מיך מיט דער בינע, האָט זיך מיר נאָך אַזעלכס ניט געטראָפֿן, אַז איך זאָל דאַרפֿן אָנקומען צום סופֿלער! ניין, דאָס איז געווען די עמעסע מאַפּאָלע.

— מאָל דיר, צו א מפּאָלע איז דאָס נאָך ווייט. גאָט וועט העלפֿן איבערמאָרגן, צום צווייטן ספּעקטאַקל, וועלן מיר זיך פֿאַרבעסערן. דערווייל דאַרף מען זען אין די פּאָר טעג, וואָס מיר האָבן פֿריי, אָפּטון אונזער היימיש שטיקל אַרבעט, איינס־צוויי־דריי — און אַן עק לאָז דאָס האָבן. ווען רעכנסטו, זאָל זיין די כאַסענע?

— וואָסער כאַסענע?

— וואָס הייסט — וואָסער כאַסענע?

ביידע האָבן זיי אופֿגעהערט אַרומשפּאַנען איבער כיידער, געבליבן שטיין איינס אַקעגן דאָס אַנדערע און אָנגעקוקט זיך איינס דאָס אַנדערע, גלייך ווי זיי זעען זיך דאָס צום ערשטן מאָל אַף זייער לעבן.

— דו טרייבסט קאַטאָוועס? — האָט ניסל שוואַלב א פֿרעג געגעבן זיין יונגן פֿריינט און געוואָלט א שמייכל טון, איז דאָס אים ניט געראָטן.

— איך טרייב קאַטאָוועס? — האָט אים ראַפּאַלעסקאָ געענטפֿערט, — דאָס טרייבסטו קאַטאָוועס. איר אַלע האָט זיך אָנגערעדט טרייבן מיט מיר קאַטאָוועס.

— מיר אַלע האָבן זיך אָנגערעדט טרייבן קאַטאָוועס?

— איר אַלע: דו און דיין אָכי און דיין שוועסטער, די פּרימאַדאָנאַ. וואָס דען איז געווען אָט דער ספּיטש פֿון מיסטער קלאַמער באַם לאָמזשער כאַזן, אַז ניט קיין קאַטאָוועס? אַז ניט קיין שפּאַס? א מיעסער שפּאַס, א באַנאַלער שפּאַס! וואָס מיינסטו, שוואַלב, איר האָט דערטאַפּט א אינגעלע א פּראָווינציאַל און וועט אים פֿירן אַף א שטריקל? גאָט האָט אייך באַגליקט מיט א שוועסטער, א שיינע פּאָרע אַדומע, א גאָטס בעהיימעלע, וואָס איר אַליין רופֿט זי „שיקסע" און „דורבאַטש" און „שייט האָלץ" און קאָנט פֿון איר ניט פּאָטער ווערן, ווילט איר מיך פֿאַרשלייערן פֿאַר איר, איך זאָל קיין טכיעס האַמייסים קיינמאָל ניט אופֿשטיין? — איך דאַנק אייך זייער און זייער! זוכט אייך אַן אַנדער אידיאָט.

מיט די ווערטער האָט זיך ראַפּאַלעסקאָ אָנגעבויגן פֿאַר זיין פֿריינט שוואַלב אַזוי העפֿלעך־שיין, אַזוי אָפּנטלעך־גראַציעז, און האָט דעמדאָזיקן מאָנאָלאָג דורכגעפֿירט מיט אַזויפֿיל קונסט און כיין, אַז ווען דאָס קומט פֿאָר אַף דער בינע, וואָלט ער געכאַפּט דערפֿאַר דעם גרעסטן אַפּלויז. נאָר אַזוי ווי דאָס איז פֿאָרגעקומען ניט אַף דער בינע, נאָר אינם לעבן, און נאָך בא אַזא

פראגע, וואָס דאָס איז געגאַנגען א גאנצער פאמיליע, ווי מע זאָגט, אין נעפּעש אַריין, קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן, ווי אַזוי ניסל שוואלב האָט אויסגעזען. פריער איז ער געוואָרן בלייך. דערנאָך רויט, דערנאָך בלוי. אף זיין גראָבן רויטן האַלז האָט זיך אָנגעבלאָזן אַן אָדער און גענומען פולסירן אַרוף און אַראָפ, ווי בא אַן אָקס א מינוט נאָך דער שכיטע. עס האָט אויסגעזען, אז די אויגן בא אים האָבן זיך געקליבן אַרויסשפּרינגען פון זייערע ערטער, ווי בא אַ פיש, ווען מע האלט אים מיטן בויך אראָפ און מע רייניקט אים די ליסקע פון דער פעל. דער פיש טראכט זיך, אפּאָנים, בעאייס מאַיסע: „רייניקט, רייניקט, מיר וועלן זען, וואָס וועט זיין ווייטער"... פאר גרויס איבעראַשונג און ערגערניש האָט זיך ניסל שוואלב שווער אַראָפּגעלאָזט אף א שטול און שווער אָפּגעאָטעמט. עס איז אים געוואָרן טרוקן אין מויל, און דאָס קאָל האָט זיך בא אים איבערגעביטן. ער האָט זיך אָנגערופן צו ראפאלעסקאָן מיט א טאָן נידעריקער:

— זאָג מיר נאָר, טייערער, וואָס איך וועל דיך פרעגן: ווייסטו, וואָס באטייטן די ווערטער „בריטש אָף פּראָמיס"?

ראפאלעסקאָ האָט זיך אים אוועקגעשטעלט אקעגן, די הענט פאר־לייגט אהינטער, ער איז געווען ניט ווינציקער אופגערעגט, ווי זיין פריינט שוואַלב, נאָר ער האָט זיך געהאלטן רואיק.

— וואָס באטייטן די ווערטער „בריטש אָף פּראָמיס"?

— דאָס באטייט, אז א באָכער גיט א וואָרט א מיידל פאר איידעס, אַז ער וועט זי נעמען, און שטעלט איר א פייג, באקומט ער א קניפּ אין בעקל און מוז פאר איר כאסענע האָבן.

ראפאלעסקאָ גייט צו צו ניסל שוואַלב גאנץ נאָענט:

— ווען האָב איך געגעבן אייער שוועסטער א וואָרט? עפּשער יענעם אפדערנאכט באם לאָמזשער סאָלאָוויי, ווען איר האָט מיך אָנגעשיקערט מיט זויערן שאמפאניער־וויין און געקראָכן צו מיר אלע זיך קושן, אזוי אַז אפילע ברייטדעלע קאָזאק און אפילע די כאזנטע האָט מיך ארומגע־כאפּט און געסמאָצקעט, כא־כאַ־כאַ?

דער געלעכטער איז געווען פאַר ניסל שוואלב עפּשער נאָך פיל ערגער פון די ווערטער, וואָס ער האָט דאָ אויסגעהערט. ניט שוין־זשע האָט געפּלאַצט די גאנצע קאָמבינאציע? אַזא דראָט־ארבעט, וואָס ער האָט דאָ געהאט, און פּלוצים—טראַך! ער האָט שוין מער ניט געקאָנט איינזיצן. האָט ער זיך אופגעהויבן, ארופגעלייגט זיין שווערע האנט אַף ראַ־פאלעסקאָס יונגע פּלייצעס און ארויסגעזאָגט גיך, אין איין אָטעם, ווי זיין שטייגער איז:

— ראַפאלעסקעלע! מיר וועלן האָבן א מיעסן דין טוירע דאָ אין אַמע־ריטשקע, אַמעריטשקע איז א לאַנד, וואָס האָט פיינט קאַטאָוועסלעך. מיר האָבן

איידעס, נארעלע, וואָס וועלן אַרויסטרעטן צום מישפּעט מיט א שוואוע, אַז זיי האָבּן געזעען, ווי דער באָכער האָט געהאלטן דאָס מיידל אַף די הענט און געקושט... אפן שויף איז דאָס געווען — געדיינקסט עס נאָך, צי דו האָסט דאָס שוין פאַרגעסן ?... און נאָך וועלן זיך געפינען איידעס, וואָס דו האָסט געקויפט בא זיי בּראסלעטלעך מיט נאָך אזעלכע זאכע־נישן פאר מיין שוועסטערל און אָנגעטון איר אף דער האנט פאר אַלעמען אין די אויגן... נאַרעלע, פאָלג מיך, איך בּין דיר א גוטער פריינט, גיי בעסער מיט גוטן, וואָרום מיט בייזן וועסטו מאכן ערגער, איך זאָל אזוי האָבּן אַלעמענס גוטס. וועסט מיר זאָגן א דאנק, קינדעניו. אָניט זאָלסטו דיך דערוואַרגן מיטן דאָזיקן טיש.

מיט די ווערטער איז ניסל שוואַלב אוועק.

— דערוואָרגן וואָלט איר געמעגט ווערן אלע ! — האָט ראפאלעסקאָ נאָכגעזאָגט אים מיט א ביטער געלעכטער, בעאייס ניסל שוואַלב איז שוין געווען אף יענער זייט טיר.

נאָכדעם ווי ער האָט נאָך אביסל ארומגעשפּאַנט איבערן כיידער, האָט זיך אונזער יונגער העלד אוועקגעזעצט באם פענצטער, פארויכערט א סיגאר, פאַרלייגט א פוס אַף אַ פוס און האָט זיך שטארק פאַר־טראכט.

קאַפּיטל 70

## ראַפאַלעסקאָ — ווידער אַ באַל־טשוואווע.

ראַפאַלעסקאָ האָט געהאַט פון וואָס צו טראַכטן. געדיכטע וואָלקנס האָבּן זיך אַף זיין הימל צונויפגעזאַמלט. עס האָט זיך צונויפגעקליבן באַ אים אַלעס אַף אַמאָל. און איבּערהויפּט דער נעכטיקער דורכפאַל, וואָס ער האָט געהאַט אין ניקעל־טעאַטער. נאָר דאָס איז געווען, אייגנטלעך, פון די קלענסטע אומגליקן. וואָרום נישט קוקנדיק דערויף, האָבּן נעכטן צווישן די אַקטן און נאָכן שלוס זיך געדרייט אַרום אים פאַר׳שידענע מענטשן, שילוכים פון איינגלישן טעאַטער, אים איינגערוימט אַ סאָד אַפּן אויער, אַז ער איז אָל־רייט. דאָס האָט געהייסן, אַז ער זאָל זיך ניט בינדן מיט קיין טעאַטער, ביז עס וועט ניט קומען צו אים מאָרגן אַ גע־וויסע פערזאָן און וועט אים מאַכן אַזאַ פּראָפּאָזישאָן, וואָס קיין אידיש טעאַטער פאַרמאָגט דאָס גאָר נישט אף זיין אייגנס.

און די געוויסע פּערזאָן האָט זיך דאַווקע ניט געלאָזט לאַנג וואַרטן און איז געקומען צו אים היינט גאַנץ פרי.

דאָס איז געווען אַ פרישער, אויסגעצוואָגענער און אָפּגעראַזירטער איינגלענדער מיט אַ נאַקעטן שאַרבן, מיט גאָלדענע ציין און מיט מאָדנע לאַנגע נעגל. צוזאַמען מיטן איינגלענדער איז געקומען נאָך איינער, אַ רעפּאָרטער פון אַ גרויסער איינגלישער צייטונג, אַ דורכגעטריבענער נעפּעש מיט אַ שמייכלענדיק פּאָנים, אַביסל רויטלעך, וואָס רעדט אַלע שפּראַכן, אַפילו אידיש. נאָכן נאָמען, וואָס דער שמייכלענדיקער רעפּאָרטער האָט זיך אָנגערופן — אַרטשיבאַלד בויערוולס — און נאָך זיין אויסגעצייכנט איינגליש ספּאָקען, מיט דער „טהדזי" אַף דער שפּיץ צונג און מיטן „עררוו" אַפן הוילן גומען, וואָלט ער געקאָנט זיין אַן עמעסער אַ געבוירענער אַמעריקאַנער, אַן עכטער יענקי. נאָר דער איי־בערשטער טייל פון דער נאָז, דער גלאַנץ פון די האָר און איבערהויפּט די אויגן (אוי, אידישע אויגן!) האָבן געשריגן: „וואָס מיר אַרטשי־באַלד? ווער מיר בויערוולס? זאָג, אַז מע רופט דיך אַרצי בערלס און אַ סאָף!..."

די ביידע דזשענטעללייט, אַז זיי זיינען אַריינגעקומען, האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט, פּאַרקאַטשעט די הויזן אַף די קניעס, אַרויסבאַוויזן די ברייטע נעזלעך פון זייערע באקוועמע אַמעריקאַנער שוכוואַרג, און מע איז צוגעטראָטן גלייך צו די ביזנעס. דער, וואָס מיטן נאַקעטן שאַרבן, האָט גערעדט, ווי אַ מענטש, וואָס מע האָט אים ערשט היינט אַרויס־געריסן צוויי באַקציינער און אַריינגעלייגט וואַט; און דער שמייכלענ־דיקער אַרטשיבאַלד בויערוולס האָט אים איבערגעזעצט אַף אידיש.

דער אינהאַלט פונם שמועס איז געווען, אַז מע לייגט אים פאָר, אַז ער זאָל אַריבער גלייך אין איינגלישן טעאַטער; די ערשטע צייט קאָן ער שפּילן זיינע ראָלן אין אידישן, ביז ער וועט זיך אויסלערנען פלענטי די איינגלישע שפּראַך; און באדינגונגען גיט מען אים אַזעלכע, אַז ראַפּאַ־לעסקאָן האָט זיך אַזש דער קאָפּ פאַרדרייט. פונדעסטוועגן האָט אונזער ראַפּאַלעסקאָ געהאַט אַף אַזוי וויכט סייכל און טאַקט, אַז ער האָט זיי אויסגעהערט גאַנץ קאַלטבלוטיק און געזאָגט, אַז ער מוז האָבן פיר און צוואַנציק שאָ אַף צו באַטראַכטן זיך.

— אָל־רייט! — האָט אויסגערופן דער דזשענטעלמען מיטן נאַקעטן שאַרבן און האָט זיך אופגעכאַפּט גיין, און דער רעפּאָרטער מיטן שמייכ־לענדיקן פּאָנים האָט אַ זאָג געגעבן צו ראַפּאַלעסקאָן אַף אידיש:

— יעהודי בעלוי! לאָזט נישט דורך דעם סלוטציי. ס'אַ פעטער פיי־גער... גוד ביי!

דאָס איז געווען נומער איינס. דער צווייטער פונקט, וואָס האָט גע־מאַכט אונזער העלד צו זיין פאַרטראַכט מער, ווי אַלעמאָל, איז געווען ראָזאַ ספּיוואַק.

וואָס האָט זי געבראַכט אין ניקעל־טעאַטער גראַדע אין דעם ערשטן אָוונט פון זיין אופטריט? איז דאָס געווען אַ פּראָסטער צופאַל, אָדער זי האָט נאָכגעקוקט די אידישע ניו־יאָרקער צייטונגען און געוואוסט, אַז דאָס איז זיין, ראַפּאַלעסקאָס, בענעפיס? אויב אַזוי, וואָס־זשע איז זי אַנטלאָפן צווישן צווייטן און דריטן אַקט? און צי איז עמעס דאָס, וואָס העריעטאַ דערציילט, אַז ראָזאַ מיט איר אַריסטאָקראַטישן קאַוואַליער, גרישע סטעלמאַך, האָבן, זיצנדיק אין דער לאָזשע, זיך איבערגעקוקט און געלאַכט, בעאייס ער, ראַפּאַלעסקאָ, האָט דורכגעמאַכט זיין ערנסטע, טראַגישע ראָל? עמעס, ער איז נעכטן געווען שוואַכלעך אין זיין ראָל. אָבער לאַכן וואָס האָט מען באַדאַרפט? און נאָך אין די ערשטע צוויי אַקטן, וועלכע זענען דורכגעגאנגען, דאַכט זיך, מיטן גרעסטן ערפאָלג? אַך, וויפל וואָלט ער אוועקגעגעבן פון זיין לעבן, ער זאָל קאָנען אָט דאָס אַלעס געוואָרע ווערן! וואָלט דאָס געווען אין אַן אַנדער צייט, וואָלט ער ניט גערוט, ביז ער וואָלט ניט אויסגעטראָטן אַ וועג, ביז ער וואָלט זיך ניט דורכגעשלאָגן סאָפּקאָלסאָף צו דער, צו וועלכער ער שלאָגט זיך שוין אַזויפיל יאָרן, צוליב וועלכער עס האָט אים געבראַכט אייגנטלעך אַהער. איז אָבער איצט!... און דאָ קומט דער פּונקט נומער דריי. דאָס איז אָט דער שאָלעם־מייער מוראַוושיק מיט זיין גוטער בסורע און מיט זיין מאַזלטאָוו...

דער טויט פון זיין אַמאָליקן גוטן פריינט און כאַווער האָלצמאַן, מיט וועלכן ער איז אַנטלאָפן פון זיין ליבער היים און מיט וועלכן ער האָט פארבראכט, מע קאָן זאָגן, זיינע בעסטע יונגע יאָרן, האָט אָן אַלעמען געמאַכט אַף אים אַ מוירעדיקן איינדרוק. ער איז געווען קימאט אַזויפיל געבראָכן, ווי אין יענער מינוט, ווען ער האָט דערהערט פונם קאַסיר סאָסן־וועסימכע, ווי דער לעזער געדיינקט, די הייזע בסורע פון זיין מוטערס טויט, מיט דעם אונטערשיד נאָר, וואָס זיין מוטערס טויט האָט אַרויסגערופן בא אים מער ניט טרערן פון ראַכמאָנעס און עטוואָס כאַראָטע, ווערנד דער טויט פון זיין אומגליקלעכן פריינט האָט אים געמאַכט צו דיינקען, אַז ער האָט זיך באַגאַנגען מיט האָלצמאַנען, ווי אַ מענטש אַ פאַרדאָרבענער, אָן אַ שום געוויסן, אָן אַ טראָפּן יוישער און—אויב איר ווילט — טאַקע ווי אַ מערדער. ווי האָט ער געקאָנט אַזוי לייכטזיניק און מיט אַזאַ גרינג האַרץ פאַרלאָזן אַ קראַנקן פריינט, בא וועמענס בעטל — ער געדיינקט דאָס גאַנץ גוט—ס'איז שוין געשטאַנען דער מאַלכעמאָוועס?...

און נישט ווילנדיק דערמאַנט זיך ראַפּאַלעסקאָ אין יענעם פרימאָרגן, ווען ער איז געקומען זיך געזעגענען מיט זיין פריינט, און דאָס טרויערִיקע בילד, וואָס האָט אים נאָכגעיאָגט אַפן שיף, איז אים געקומען אַפיר אויך איצט...

און נאָך זאַכן דערמאַנט זיך אַצינד אונזער יונגער העלד, זיצנדיק זיך אַזוי באַם פענצטער, זאַכן, פון וועלכע עס גייט אים איבער אַ שוידער איבערן לייב, זאַכן, פון וועלכע ער וואָלט וועלן פאַרגעסן און קען ניט...

נאָר שרעקלעכער פון אַלע ערינערונגען איז זלאַטקע... מיט זלאַטקען — געדיינקט ער — האָט ער אַפילע ניט געזעגנט זיך. ער האָט זיך געשעצט גליקלעך דעמאָלט, וואָס ער האָט זי ניט געטראָפן אינדערהיים. פון איר איז ער פּאָשעט אַנטלאָפן. אַנטלאָפן, ווי עס אַנטלויפט אַ גאַנעוו, וואָס האָט מוירע, מע זאָל אים ניט כאַפּן מיט דער גנייווע... קיין יונגער מענטש האָט זיך נאָך אַזוי אומענטשלעך ניט באַגאַנגען מיט אַ מיידל, ווי ער האָט זיך באַגאַנגען מיט דער אָרעמער אומשולדיקער זלאַטקע... וואָס האָט זי זיך געטראַכט נאָכדעם, אַז זי האָט זיך דערוואוסט פון איר קראַנקן ברודער, אַז ער, ראַפאַלעסקאָ, איר אידעאַל, איר גאָט, איז אַנטלאָפן פון זיי קיין אַמעריקע? וואָס האָט זי איבערגעטראָגן און איבערגעליטן אין דער גאַנצער צייט? וואָס פאר אַ מיינונג איז זי וועגן אים געווען דעמאָלט און אויך איצט? וואו איז דאָ אַף דער וועלט אַזאַ שטראָף, וואָס דער לייכטזיניקער מערדער האָט קאָשער פאַרדינט?... זיין שטראָף איז אָט וואָס: ער באַדאַרף אַרויסרייסן פונם הארצן אַלע זיינע אינגלשע כאַלוימעס, נאַרישע פאַנטאַזיעס. ער באַדארף פאַרגעסן, אַז ס'איז געווען אַמאָל אַ ראָזע אַף דער וועלט, און באַדאַרף שוין גאָר נישט געטראַכט אַפילע, אומקערן דער אָרעמער זלאַטקע איר אַוועקגערויבטן אידעאַל, קומען צו דער אומגליקלעכער זלאַטקען, פאַלן איר צו די פיס, קושן איר די הענט און זאָגן איר: „זלאַטקע, איך בין דיינער, דיינער אַף אייביק!"

און ער וועט דאָס אַזוי טון, זיכער טון. ער וואָלט דאָס געטון נאָך היינט אינדערפרי, האָט אים אָט דער מוראַוועטשיק אָפּגעהאַלטן. ער האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מע דאַרף עס טון ניט אַזוי ראַשנד. „זלאַטקע, האָט ער אים געזאָגט, איז אַ פּראָסט ערלעך מיידל (כאַ־כאַ, כאָטש זי האָט אַ „יאַטל"...), וואָס האָט קיין ראָמאַנען קיינמאָל ניט געלייענט, און אז עס וועט קומען צו איר אַ באָכער און וועט זיך געבן אַ וואַלגער איר צו די פיס און אָנהייבן שרייען: כאָטאָסי, קאָפּאָראָסי, כאַליפּאָסי, וועט זי כאַלעשן פאר דערשרעק, וועט קומען צו לויפן די מאַמע — מע דארף ניט פאַרגעסן, אַז ס'איז דאָ אַן אַלטע מאַמע מיטן נאָמען סאָרעבראָכע — קאָן זי אים געבן אַ וויסטן סאָף און אָפּשפּילן אַ וויוואַט, ער זאָל האָבן צו געדיינקען"... ניין, בעסער וועט ער, שאָלעם־מייער מוראַוועטשיק, זיך דורכגיין אָקאָרשט אַהין, צו זיינע ווייבער, הייסט עס, און וועט זיי ביסלעכווייס צוגרייטן, און פאַרקערט, דאַווקע ניט דער־

ציילן זיי קיין מאַיסעס, אַז מע שלאָגט זיך איבער זיי אַלכעט. ווייבער האָבן פיינט צעקוועטשטע מאַנסבילן, וואָס באַלד עפּעס צעיאַכמערן זיי זיך און צעגיסן זיך מיט סקאַרבאָווע ווערטער, אַנטימאָניע מיט שמעריצע, פילאָזאָפיע מיט קרויט, פּעטרישקע מיט זייף — פע! ווייבער האָבן ליב, אַז אַ מאַנספּאַרשוין זאָל זיין אַ מאַנספּאַרשוין... מוראַווטשיק ווייס שוין די זאַכן גוט, ער האָט ניט אַזויפיל האָר אין קאָפּ, וויפל ער האָט שוין איבערגעהאַנדלט מיט ווייבער, גאָט זאָל אים אַזוי געבן גליק און האַצלאָכע.

אַזוי האָט אויסגעלאָזט, ווי אַלעמאָל, אונזער שילאָטן־שאַמעש באַ אַלע שווערע זאַכן, און איז אַוועק, ווי מיר האָבן דאָס געזען, אין זיין שליכעס. און אונזער יונגער העלד, וואָס איז שוין ווידער געוואָרן אַ באַלמשואווע, האָט אַרויסבאַגלייט מיט אַ מיעסער נאָז זיין צווייטן פריינט, ניסל שוואַלב, און איז געבליבן זיצן מיט אַ ציגאַר אין מויל איינער אַליין מיט זיינע געדאַנקען באַם פענצטער פון האָטעל און געקוקט אין דרויסן אַרויס.

קוקנדיק אַזוי, דערזעט ער צופאָרן צום האָטעל אַ גרויסאַרטיקן אַווטאָמאָביל. פון אַווטאָמאָביל שפּרינגט אַרויס אַ שוואַרצער מענטש און לאָזט זיך גלייך צום האָטעל. „שיין וואָלט דאָס געווען, ווען דאָס איז צו מיר", — טראַכט זיך ראַפאַלעסקאָ גלאַט אַזוי, נישט צו האָבן דערביי קיין שום זייטיקע מאַכשאָווע. און קאַכאַווע — ער דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר.

— קאַם אין!

עס קומט אַריין דער שוואַרצער מענטש. ער האָט אַ לעטער אָפּצוגעבן פּוירסעלני נאָר צום מיסטער ראַפאַלעסקאָ אין די הענט אַריין.

— אַי עם ראַפאַלעסקאָ.

מיט ציטערנדע הענט האָט ראַפאַלעסקאָ אָפּגענומען פונם שוואַרצנס הענט אַ שיין קאָנווערטל, פאַרזיגלט מיט אַ פאַרפומענשמעקנדיקע כסימע, פאַרזיכטיק אופגעעפענט און צום אַלעם ערשטן געכאַפּט אַ קוק אַף דער אונטערשריפט — און עס האָט אים אַזוי שטאַרק אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ, אַז ער האָט זיך געמוזט צוזעצן.

## קאַפּיטל 71

## דאָס בריוול.

„מיין טייערער בלאָנזנדער שטערן!

„די געפערלעכסטע פאַנטאַזיע איז ניט אימשטאַנד אַזוי ווילד צו פאַר־
„פלאָנטען און פאַרקיימלען איין געשעעניש מיטן אַנדערן, ווי דאָס האָט
„געמאַכט דער צופאַל, דאָס לעבן אַליין. איך בין אָבער נאָך אַזוי אופ־
„גערעגט פון דעם, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין די לעצטע צוועלף

„שטונדן, אַז איך פיל, אַז איך בין ניט אימשטאַנד איבערצוגעבן אַפילו
„א הונדערטכיילעך פון דעם, וואָס איך האָב דיר צו זאָגן פּערזענלעך.
„אין קורצן מוז איך דיר צו וויסן געבן, אַז נאָר א ווילדער צופאַל האָט
„מיך געבראַכט נעכטן צו דיין בענעפיס אין ניקעל־טעאַטער. אויב מיין
„האַרץ איז ניט צעשפּרונגען געוואָרן אויף שטיקלעך, אַז איך בין גע־
„וואָרע געוואָרן, אַז אוריעל אַקאָסטאַ דאָס ביסטו, איז אַ סימען, אַז מיין
„האַרץ איז פון שטאָל. ווי א פאַרשטיינערטע בין איך אויסגעזעסן ביזן
„שלוס פונם צווייטן אַקט. אָבער מער ניט ווי דעם צווייטן אַקט. דען
„עס איז פאָרגעקומען א שטיקל סקאַנדאַל, וואָס קיינער האָט זיך אויף אים
„נישט געקאָנט ריכטן: מע האָט אונז דערקענט אין דער לאָזשע. און
„אַנטדעקט אונזער אינקאָגניטאָ אויף א מיעסן אַרט און מע האָט מיך
„געצוואונגען, איך זאָל אַנטלויפן, כאָטש דער הימל איז מיין איידעס,
„ווי אַזוי עס האָט מיך געצויגן צוריק, צוריק, נאָך איין מאָל א קוק טון
„אויף דיר, נאָך איין מאָל צו הערן דיין קאָל, וועלכס האָט ניט אופגע־
„הערט צו קלינגען אין מיינע אויערן אלע יאָרן פון אונזער אַרומבלאָנ־
„זען איבער דער גרויסער ליכטיקער וועלט. נאָר וואַרט אויס—דאָס איז
„נאָך ניט אינגאַנצן. געקומען אַהיים, האָב איך געטראָפן בא זיך אפן טיש
„א גאַנצן פּאַק מיט בריוו, וואָס לויט די פּאָסט־שטעמפּלען זענען עטלעכע
„פון זיי שוין לאַנג אָנגעקומען, נאָר זיי זענען מיר נישט איבערגעגעבן
„געוואָרן צו דער צייט איבער דער צענזור, וואָס מיין מענעדזשער—
„אַפילו אן איינגלענדער און א דזשענטעלמען—האָט זיך ערלויבט אויף
„מיר קעגן מיין ווילן און אָן מיין וויסן אַרופצוואַרפן. דער שפּיץ איז
„געווען, איך האָב אים היינט געשיקט רופן און אָן לאַנגע דיבורים און
„כקירעס אים געגעבן צו וויסן, אַז פון היינט אָן בין איך פריי פון מיין
„אַגרימענט, און ער קאָן אויף מיר דערלאַנגען, מיך מאָנען דעמעדזשעס—
„דאָס איז זיין זאַך. נאָר נישט דאָס איז דער איקער. די הויפּטזאַך איז,
„וואָס אינם פּעקל מיט בריוו איז געווען אויך דיין בריוו, וועלכן איך
„האָב דורכגעליינט איך ווייס אַליין ניט וויפל מאָל, און דער גאַנצער
„גענעם האָט אופגעפלאַטערט אין מיין האַרצן. קושנדיק די אויסיעס פון
„דיין טייערן בריוו, האָב איך זיי באַנעצט מיט מיינע טרערן. וואָס עפּעס
„טרערן, ווער סטו פרעגן? דאָס האָב איך באַוויינט אונזער געשטאָרבענע
„קינדהייט, אונזערע גליקלעכע יונגע יאָרן, אונזער פריצייטיקע ליבע,
„וואָס, מעגלעך, אַז זי זאָל קענען זיין איצט פיל הייסער, פיל פלאַמענ־
„דיקער, ווי זי איז געווען דעמאָלט, זי וועט אָבער, מע מוז מודע זיין,
„שוין קיינמאָל ניט זיין אַזוי קרישטאָל־ריין, אַזוי הימל־הויך, אַזוי גע־
„לעך־שיין און אַזוי קינדעריש־נאַאיוו, ווי זי איז געווען דעמאָלט אין אונ־
„זער קליינינקן, אָרעמינקן, אומפאַרגעסלעכן האָלענעשטי...

„אַך, האָלענעשטי! ווייסטו, אַז איך בין דאָרטן געווען און געזוכט
„מיין לייבלען, זיך נאָכגעפרעגט אַף מיין „נאָגידס אינגל״? ליידער האָט
„מיר קיינער־קיינער ניט געוואוסט וואָס צו דערציילן וועגן דיר! דו
„ביסט ווי אַ זיסער כאָלעם פאַרשוואונדן געוואָרן פון מיין הימל, ווי אַ
„טרוים, וואָס מע זעט נאָר איין מאָל, ניט קיין צוויי מאָל!...

„טייערער מיינער! דו פרעגסט מיך אין דיין בריוו, אויב איך געדיינק, וואָס מיר האָט געזאָגט די אַלטע קאָרטנוואַרפערקע אין יענעם
„שטעטעלע, אין גאַליציע. נו! איך געדיינק זייער גוט. נאָר ווי אַרום
„ווייסטו פון דעם? איז געדרונגען, אַז דו האָסט זיך נאָכגעפרעגט אַף
„מיר, ווי איך אַף דיר? פאַרוואָס־זשע האָסטו זיך, שלעכטער מענטש,
„אַזוי מעיאַעש געווען פון מיר, אַז דו האָסט ערלויבט אַן אַנדערע, אויך
„אַ פרימאַדאָנאַ—עפּשער אַ שענערע פון מיר, נאָר אַסאַך אַסאַך אַ נאַרי־
„שערע—אַז זי זאָל זיך באַריִמען פאַר אַלעמען, אַז דו ביסט איר אויס־
„דערוויילטער?... נאָר, אַך! וואָס רעד איך? ווי טאָר איך דיר זאָגן מוּ־
„סער אין דער צייט, ווען איך אַליין בין דורך פאַרשיידענע פאַרפלאָנ־
„טערטע אומשטענדן געווען געטריבן אַרומצוהייגען אַף זיך גאָלדענע
„קייטן?... נאָר לאָמיר ניט רעדן פון קיין קייטן, וועלכע מע קאָן יעדע
„מינוט צעררייסן און אַראָפוואַרפן פון זיך, אַבי מיר זאָלן נאָר
„וועלן... לאָמיר בעסער רעדן פון דעם, וואו מיר קענען זיך היינט זען.
„אונטן געפינסטו אַן אַדרעס. צווישן 4 און 5, ווען דו קומסט אַהין,
„זוכסט מיך גוט, געפינסטו מיך דאָרט. מיר זענען דאָרט גאַנץ אַליין און
„קאָנען זיך גענוג אָנרעדן (און מיר האָבן דאָך אַזוי פיל צו רעדן!). זיי
„דאָרט היינט פון 4 ביז 5 און זוך מיך. איך הייס דיר, זאָלסט זיין.
„ניין, ס'אַליגן.—לעמאַי זאָל איך דיר ניט זאָגן דעם גאַנצן עמעס?—ניט
„איך הייס דיר, נאָר איך בעט דיך, איך כאַלעש פאַר דיר, איך מאָל דיר
„צו די פיס, און איך קוש דיך, איך קוש דיך! דו הערסט? איך קוש
„דיך!...

ר ײ ז ל.״

## קאַפּיטל 72

# ווידעראַמאָל ברײנדעלע קאָזאַק.

שאָלעם־מייער מוראַוועטשיק איז געקומען צו זיין נייעם פריינט ראַפאַלעסקאָ פינקטלעך אין דער צייט, וואָס זיי האָבן אָפּגעשמועסט. האָט ער אָבער שוין ניט געטראָפן אים אינדערהיים. אַפן טיש איז געלעגן צוגעגרייט אַן אָפן צעטעלע, וועלכע אויס טאַקע פון זיינעטוועגן:

„מיין ליבער מוראַווטשיק. איך פאָר אָפּ פון ניו־יאָרק אף עטלעכע שאָ. ווען איך וועל זיין צוריק—ווייס איך ניט. אונזער נעסיע לייגן מיר אָפּ אף אַן אַנדערס מאָל. איך בעט פאַרענטפערן מיך פאר יענע, וואָס איר ווייסט, און ווי אַזוי איר ווייסט—איך וועל דאָס אייך קיינמאָל ניט פאַר־געסן!

אייער ל. ראַפּאַלעסקאָ".

— וואָס ס'האָט זיך מיר געכאָלעמט די נאַכט און יענע נאַכט, און וואָס ס'האָט זיך מיר געכאָלעמט די גאַנצע צייט, העט אפּן יאַם, העט אף דער יאַבּאָשע, זאָל פאַלן אף מיינע סאָנימס קעפּ! אַן אַקטיאָר בלייבּט אַן אַקטיאָר, ער מעג זיך זיין צען מאָל אַ טאַטנס א קינד! אַ מענטש רעדט אָפּ מיט מיר אפּן זייגער; אַ מענטש ברענט און פלאַקערט, נעמט איין אָקערשט א מיסע מעשונע—צום סאָף...

דאָ האָט אונזער מוראַווטשיק זיך אויסגעדרייט צוריק, שוין גרייט געווען צו געבן אַ שפּיי אויס, דערהערט זיך א קלאַפּ אין טיר: סטוק־סטוק.

מוראַווטשיק האָט זיך דערפרייט: „ס'איז אַוואַדע ער"... — אַריין!

עס הערט זיך ווידעראַמאָל: סטוק־סטוק. „די מאַשמאָעס, אז ס'איז ניט ער"... אַף זיין צווייטן „אַריין" דערהערט ער א דריטן סטוק־סטוק. ווערט שוין מוראַווטשיק אין קאַס און רופט זיך אָן הויך:

— מיטן קאָפּ אין וואַנט!

עפנט זיך אוף פּאַוואָלינקע די טיר און עס קומט אריין—ברײנדעלע קאָזאַק.

ווען אַפּן אָרט פון ברײידעלע קאָזאַק וואָלט אַרייַנגעקומען, לעמאָשל, האַצמאַך פון יענער וועלט, וואָלט אונזער מוראַווטשיק נישט באַדאַרפט זיין מער איבעראַשט, ווי ער איז געווען אין דער מינוט. פונדעסטוועגן האָט ער נאָך געפונען אין זיך אַזוי פיל קויעך, אז ער זאָל נישט מער ווי אין א האלבע מינוט ארום קומען צו זיך און ווערן דער אייגענער לעבעדיקער, פריילעכער, אופגעלייגטער מוראַווטשיק, וואָס אַלעמאָל. מיט אַ זעלטענער פריינטלעכקייט, מיט אַן אויסגעשטרעקטער האנט און מיט א ברייט הייזעריק געלעכטערל איז ער ארויסגעטראָטן אקעגן דער אַרייַנגעקומענער:

— באָרוך האַבּאָ, סקאָצל קומט, א גאסט! וואָס מאכט איר עפּעס גוטס, בריינדעלע — טפו! — מיין איך מאַדאַם טשערניאַק?

דערפאַר האָט אָבער די מאַדאַם טשערניאַק נישט געפונען קיין אייב־ציק וואָרט, וואָס אים צו ענטפערן. זי איז געבליבן שטיין בא דער טיר אין איר רויטער ראָטאָנדע בעעמעס פּאַראַליזירט, נישט צו קענען רירן זיך פונם אָרט.

וואָרום אויב מוראַוושיק האָט געהערט זאָגן, אַז ברײנדעלע קאָזאַק געפינט זיך ערגעץ אין אַמעריקע, האָט ברײנדעלע קאָזאַק אפילו ניט געכאָלעמט זיך, אַז זי זאָל זיך באַגעגענען דאָ אין ניו־יאָרק מיט איר אַמאָליקן סוינע שאָלעם־מייער מוראַוושיק. און וואו? בא ראַפּאַלעסקאָן! און ווען? בעת זי איז געקומען ראַטעווען דעם יונגן סטאַר פון אַן אומגליק.

פון איר נייעם גוטען פרײנט ניסל שוואַלב האָט זי נאָר־וואָס דערהערט א שרעקלעכע נייעס: אַז ראַפּאַלעסקאָ זאָגט זיך אָפּ פון זײן שוועסטער, פון דער פּרימאַדאָנאַ הענריעטאַ שוואַלב, און אַז ניסל שוואַלב איז אַוועקגעלאָפן צו א לאָיער, וויל אײנגעבן אויף אים אין קאָורט אַ קלאַגע פאַר ברעכן דאָס וואָרט („ברייטש אָף פּראָמיס"); אַ כוץ וואָס דער כאַזן מיט דער כאַזנטע מיטן מיסטער קלאַמער וועלן גיין שווערן, אַז זיי האָבן געזען די פּרימאַדאָנאַ בא ראַפּאַלעסקאָן אויף די הענט נאָך פאָרנדיק אפן שיף, שטעלט ער אײדעס א האַלבע שטאָט ניו־יאָרק (און די מאַדאַם טשערניאַק בעסויכאָם), וואָס זײנען געווען אויף זייער אָפּיציעלן קאַנסמאָל, געבראָכן טעלער, געטרונקען שאַמפּאַניער, געקושט זיך מיט אַלע געסט — מיט אײנעם וואָרט, ניסל שוואַלב שווערט מיט קאָל האַשוואוּעס, אַז ער וועט אופהייבן אַזאַ סקאַנדאַל אין ניו־יאָרק, וואָס זינט קאָלאָמבוס האָט אַנטדעקט אַמעריקע איז נאָך אַזאַ סקאַנדאַל ניט געווען. נו, ווי קאָן דאָס די מאַדאַם טשערניאַק דערלאָזן אַזא זאַך? ערשטנס, איז א ראַכמאָנעס אויף ראַפּאַלעסקאָן. א יונגער אַרטיסט, אַ סטאַר, וואָס האַלט ערשט אין אופגײן, א בלום, וואָס האַלט ערשט אין בליען — ער קאָן דאָך כאָלילע פאַרלירן זײן גאַנצע קאַריערע! איז איין מאָל אַוועק. וועהאַשייניס, האָט די מאַדאַם טשערניאַק געהאַט איר אייגענעם אינטערעס אויך דערבײ.

אונזער לעזער געדײנקט גאַנץ גוט, אַז מיטן אָנקומען קיין ניו־יאָרק פון דער באַרימטער קאָמונע „קלאַמער, שוואַלב עט קאָמפּ." האָט זיך בא דער מאַדאַם טשערניאַק אָנגעהויבן א נייע עפּאָכע אין איר לעבן, אַ נייע סעדרע מיטן נאָמען „ניסל שוואַלב". ניסל שוואַלב—דאָס איז געווען איר לעצטע האָפענונג, די לעצטע סטאַנציע פון איר לאַנגן לעבנסוועג, דער אײנציקער שטערן, וואָס האָט נאָך העל געלויכטן אויף איר טונקעלן הימל. זי איז גרייט געווען דעריבער פון זײנעטוועגן אויף אַלעס, ווי מע זאָגט, אין פייער און אין וואַסער.

אָרעמע ברײנדעלע קאָזאַק! אין דערדאָזיקער צײַט איז זי נעבעך געווען פאַרליבט אין איר פרײנט ניסל שוואַלב מיטן זעלבן פייער, — אויב נישט מער נאָך—ווי דאָס ערשטע מאָל אויף איר לעבן. און עס איז גאָר קיין אַוולע ניט, כ׳לעבן; עס וואָלט שוין לאַנג צײַט געווען, אַז די

מאַדאַם טשערניאַק זאָל אַמאָל אויך זיין לייטנגלייך, אַז זי זאָל זיך אַמאָל אויך צושלאָגן צו א ברעג, אַז זי זאָל זיך אַמאָל אויך אַרופאַרבעטן אַף א שטיקל טאַכלעס, אופהערן זיין נאַוועגאַד, קלייבן א דאָלאַר צו א דאָ־לאַר און זיך וואַלגערן אַף דער וועלט.

עס איז דעריבער קיין כידעש ניט, וואָס די מאַדאַם טשערניאַק איז גרייט געווען זיך מויסערנעפעש זיין צוליב איר נייעם אידעאַל גיסל שוואַלב. ער האָט איר איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון זיין אידערפרי־עדיקן געשפּרעך מיט ראַפּאַלעסקאָן און אויך די מאַיסע פון דעם נעכטיקן וויזיט אין ניקעל־טעאַטער פון ראָזע ספּיוואַק מיט איר גרישאַ סטעלמאַך. האָט ברייַנדעלע קאָזאַק גלייך אָנגעשמעקט, וואָס דאָ טוט זיך, און ס'איז געבוירן געוואָרן בא איר אין קאָפּ עטלעכע קאָמבינאַציעס מיט אַמאָל: 1) צוליב וועמען האָט ראָזע געקאָנט זיין אין מיטן דרינען אין ניקעל־טעאַטער, אויב ניט צוליב ראַפּאַלעסקאָן? 2) הייסט עס, אַז זיי האָבן זיך אופגערעדט דורך דער פּאָסט, אַז זי זאָל קומען צו זיין ערשטן אַרויס־טריט? 3) אַי, די קאַשע, וואָס איז דאָס געווען פּאַר א קאָמעדיע באַם לאָמזשער סאָלאָוויי מיטן צעבראָכענעם טעלער און מיט די מאַזלטאָווס און מיטן קושן זיך?—דאָס איז, אַפּאָנים, נאָר געווען אום צו פּאַרבלענדן די אויגן. 4) וויבאַלד אזוי, דאַרף מען זיך אַריינכאַפּן אַף א מינוטקעלע צו דעם פיינעם באָכער, ערשטנס, אים א קוק טון אין די אויגן אריין— זי דארף מער ניט—און אַגעוו זיך איינקויפן צו אים מיט גוטע רייד. טאָמער וועט זי דורך אים קענען דערשלאָגן זיך צו איר אמאָליקע פריינדן ראָזע, וואָס מע לאָזט זי נישט צו צו איר און מע ענטפערט אַפילע נישט אַף קיין בריוו. לאָז די מאַדאַם טשערניאַק אָקאָרשט זיך אביסל דורכ־רעדן מיט ראָזען, וועט זי זיי שוין צורעכט מאַכן דאָס מאַזל. דער באָ־כער וועט שוין דעמאָלט שטעלן א כופּע מיט העגריעטאַ שוואַלב — און דעמאָלט... אָ! דעמאָלט וועט שוין זיין טאַקע, ווי מע זאָגט אָט דאָ אין דעם לאַנד, „אָל־רייט“.

אָט דאָס זענען געווען די אויסזיכטן, מיט וועלכע די מאַדאַם טשער־ניאַק, אַן אויסגעפּוצטע און אָנגעפּודערטע, איז אַריינגעקומען צו ראַ־פּאַלעסקאָן און געטראָפן איר אַמאָליקן ביטערן סוינע, שאָלעם־מייער מוראַוּוטשיק.

און שאָלעם־מייער מוראַוּוטשיק, דערזעען, אַז פון ברייַנדעלע קאָזאַק איז געוואָרן דאָס אייגענע, וואָס אַמאָל איז געוואָרן פון לאָטס ווייב, האָט ער ראַכמאָנעס געקראָגן אַף איר און איז איר געקומען צו הילף.

— וואָס טויג מיר גרויס—איר האָט זיך קיין איינאָרע גוט פּאָפּראַ־וועט אינם דאָזיקן לאַנד און אַפילע ניט אַף א האָר פּאַרענדערט זיך! אַדעראַבע, איר זענט נאָך געוואָרן אינגער מיט איך ווייס אַליין ניט וויפל.

ווען ניט אייער רויטע ראָטאָנדע, אָסער אויב איך וואָלט אייך דערקענט. גאָט זאָל מיר אזוי געבן גליק און האַצלאָכע!

די מאַדאַם טשערניאַק, וואָס איז ניט געוואוינט געוואָרן צו אַזעלכע קאָמפּלימענטן פון די „שאַלקהאַפטיקע מאַנספּאַרשוינען", איז צעגאַנגען געוואָרן ווי א פּוטער און איר קיילעכיק לעוואָנע־פּאָנים האָט זיך באַלד איבערגעביטן, געוואָרן רויט און אָנגעהויבן שוויצן. אין דער מינוט איז זי גרייט געווען צו פאַרגעסן אַלצדינג, אַלע באַליידיקונגען, וואָס זי האָט ווען געהאַט פון אָט דעם הייזעריקן שלימאַזל, און דעם ווייטיק, וואָס ער האָט איר אַמאָל פאַרשאַפן, און אַפילע דעם אַלטן כויוו, וואָס איז שטיין געבליבן אף אים,—אַלצדינג איז זי גרייט געווען צו פאַרגעסן אים אין דער מינוט. און זי האָט צעשפּילעט די רויטע ראָטאָנדע, צוגערוקט צו מוראַווטשיקן איר שטול, און צווישן זיי האָט זיך פאַרבונדן א געשפּרעך, וועלכן מיר גיבן איבער מיט קימאַט סטענאָגראַפישער פּינקטלעכקייט.

קאַפּיטל 73

## דער געשפּרעך.

אָט דאָס איז געווען דער דיאַלאָג, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן ברײַנדעלע קאָזאַק און שאָלעם־מייער מוראַווטשיק:

ברײַנדעלע קאָזאַק: ווענמען־ווענמען, נאָך אייך האָט זיך מיר אַפילע ניט געכאָלעמט צו באַגעגענען אָט דאָ.

מוראַווטשיק: א סימען, אז איר האָט מיך אין דער ערד, ווערנד איך טראַכט פון אייך טאָג ווי נאַכט, אין כאָלעם און אף דער וואָר.

ברײַנדעלע קאָזאַק: לעבן זאָלט איר מיר אזוי.

מוראַווטשיק: אָמיין אלע ווייבער.

ברײַנדעלע קאָזאַק: איר זענט דערזעלבער מעשומעד, וואָס געווען... זאָגט מיר בעסער, וואו איז אצינד אָט דער גאַנאַמניק, אייער באַלעבאָס, פאַרברענט זאָל ער ווערן?

מוראַווטשיק: ווער? שטשופּאַק? אין אָדעס, די כאָלערע זאָל אים דאָרטן דערשטיקן אין מיטן ווינטער!

ברײַנדעלע קאָזאַק: איר קערט וועלן זאָגן די טשומאַ?

מוראַווטשיק: באַ מיר האָט איר געפּויעלט גלאַט אַ מיסע־מעשונע אין מיטן העלן טאָג, אבי ס'זאָל זיך ניט אריינציען כאָלילע אין די גרויסע פרעסט. וואָס־זשע טוט איר דאָ, ליובעניו? איר דאַרפט אויך צו אונזער ראַפּאלעסקאָן?

ברײנדעלע קאָזאַק: צו וועמען דען? מיר איז נאָר א וואונדער: אין דער צייט טרעפט מען אים אלעמאָל אינדערהיים.

מוראַוושיק: נאָך שענער! מיר האָט ער אָפּגעשטעלט אַ שאָ, אויסגעגלייכט די זייגערס. ווי־זשע גייט דאָס אייך, קעצעלע?

ברײנדעלע קאָזאַק: נומער ערגער, אבי מע מאַכט אַ לעבן... נו, און איר?

מוראַוושיק: פּאָסטאַראָמו. מע טויטשעט זיך און מע מאָרדע־וועט זיך, קאַם־קאַם וואַסער צו דער קאַשע... זאָגט־זשע מיר, נעשאָ־מעניו, וואָס איך האָב געוואָלט פרעגן? יאָ. איז וואָס־זשע, הייסט עס, טוט איר דאָ באַ אָט דעם שמויגער? עפּעס א ביזנעס?

ברײנדעלע קאָזאַק: אַך, אונזערע ביזנעס!... שוין לאַנג זענט איר אין ניו־יאָרק?

מוראַוושיק: וועדליק די קלעפּ, וואָס איך האָב דאָ געכאַפּט, וואָלט איך געמיינט, אז איך בין שוין דאָ אין איין צייט מיט קאָלומ־בוסן. זאָגט־זשע מיר, האַרצעניו, אשטייגער פּאַר־עקזאַמפּעל נאַפּשיקלאַד קעדוימע־לעמאָשל נאַפּרימער צום ביישפּיל, וואָס פאַראַ ביזנעס קאָנט איר האָבן צו מיין יאָקעמבעמבאַ?

ברײנדעלע קאָזאַק: פון ווען אָן איז ער דאָס געוואָרן אייערער?

מוראוושיק: פון ווען אָן? כאַ־כאַ! א סוואָרע, אז איך קען אים נאָך, ווען ער איז געווען מיט אַ קאָפּ גרעסער ווי אַ קאַץ.

ברײנדעלע קאָזאַק: ס'איז אלצדינג מעגלעך. וויבאַלד אזוי, קערט איך דאָך קענען האָבן אף אים א שטיקל איינפלוס...

מוראוושיק: כאַ־כאַ! אויב איך קען האָבן.

ברײנדעלע קאָזאַק: פאַרוואָס־זשע זעט איר ניט, ס'זאָל שוין זיין אַ כופּע?

מוראוושיק: צו א כופּע, ליובעניו, איז נאָך ווייטלעך.

ברײנדעלע קאָזאַק: טאַקע? אין וואָס איז דען אייגנטלעך די מעניע?

מוראוושיק: די מעניע איז אין אָט אַזאַ פּיצינקעלע נע־פּעשל!

ברײנדעלע קאָזאַק: פון וואָסער נעפּעשל רעדט איר דאָס?

מוראַוושיק: איך רעד פונם „יאַטל".

ברײנדעלע קאָזאַק: וואָסער „יאַטל"?

מוראַוושיק: אַזוי? איר פרעגט וואָסער „יאַטל"? איז דאָך אַ סימען, אַז איר ווייסט עטוואָס מער פון א טויטן, היינט וואָס דרייט איר אַ מויעך?

**בריינדעלע קאָזאַק:** האָט קיין יעסורים ניט, איך ווייס גאַנץ גוט, וואָס איך רעד. איך רעד פֿון דער פּרימאַדאָנאַ, און איר קומט צו גיין מיט אייער „יאַטל".

**מוראַוטשיק:** ערשטנס, איז דאָס „יאַטל" ניט מיינס. און צווייטנס, פֿון וואָסער פּרימאַדאָנאַ רעדט איר?

**בריינדעלע קאָזאַק:** פֿון וואָסער פּרימאַדאָנאַ רעדט איר? איך ווייס פֿון צוויי פּרימאַדאָנעס.

**מוראַוטשיק:** פֿונוואַנען האָבן זיך גענומען צוויי פּרימאַדאָנעס?

**בריינדעלע קאָזאַק:** זעט איר שוין, אַז איר ווייסט ניט, ווער עס האָט אייך געשלייערט, אַז איר פֿרעגט, פֿונוואַנען האָבן זיך גענומען צוויי פּרימאַדאָנעס!

**מוראַוטשיק:** ווייסט איר וואָס? אָט ווערט דערוואָרגן מיט אייערע פּרימאַדאָנעס!

**בריינדעלע קאָזאַק:** ווערט איר פֿריער, איר זענט עלטער.

**מוראַוטשיק:** מאָלט אייך, ווער ס'איז עלטער, קען מען ניט וויסן... איך זע נאָר, אַז היינט איז מיט אייך נישט צו מאַכן גאָרנישט ניט. איר זענט נאָך אַן ערגערע ניכפּע, ווי איר זענט געווען.

**בריינדעלע קאָזאַק:** און איר זענט געווען אַ מעשומעד און א מעשומעד וועט איר בלייבן.

**מוראַוטשיק:** מיט אייער פּאָנים וואָלט אייך אָנגעשטאַנען זיין אַ סעדיכע אין מיטן ווילנע אַף גיטקע טויבעס זאַוואולעק.

**בריינדעלע קאָזאַק:** און אייך שטייט אָן נאָר ארומפּאָרן מיט אַזאַ פּעזעוועניק ווי שטשופּאַק און האַנדלען מיט ווייבער.

**מוראַוטשיק:** איר זאָלט אַזוי וויסן פֿון אייערע וואָנסעס, ווי איך ווייס פֿון שטשופּאַקן מיט זיינע ווייבער.

**בריינדעלע קאָזאַק:** און ווער האָט ארויסגענאַרט דעם כאַזנס מיידל פֿון האָלענעשטי, ניט איר מיט שטשופּאַקן?

**מוראַוטשיק:** פֿונוואַנען ווייסט איר האָלענעשטי? פֿונוואַנען ווייסט איר דעם כאַזנס מיידל?

**בריינדעלע קאָזאַק:** אַהאַ! זעט איר שוין, אַז איך ווייס מער פֿון אייך?

**מוראַוטשיק:** ווייסט איר וואָס? לעמאַי זאָלן מיר זיך קריגן אין אמעריקע? אמעריקע איז אַ לאַנד פֿון שאָלעם. לאָז זיין אַזוי: איך וועל אייך דערציילן די מאַיסע מיטן „יאַטל". נאַט אייך מיין ערן־וואָרט. און איר דערציילט מיר די מאַיסע מיט די פּרימאַדאָנעס... איז דאָס געמאַכט?

**בריינדעלע קאָזאַק:** אייער האַנט טקיעס־קאַף.

**מוראַוטשיק:** אָט האָט איר מיין האַנט טקיעס־קאַף.

בריינדעלע קאָזאַק: שווערט זיך.

מוראַוואַטשיק: איך זאָל אַזוי...

בריינדעלע קאָזאַק: אַזוי וואָס?

מוראַוואַטשיק: אַזוי האָבן גליק און האַצלאָכע.

בריינדעלע קאָזאַק: און אַז ניט?

מוראַוואַטשיק: זאָל פון מיר ווערן אַ כאָליווע...

בריינדעלע קאָזאַק: בלאָטע!

מוראַוואַטשיק: זאָל אויף מיר איינפאַלן אַ קאַזאַרמע.

בריינדעלע קאָזאַק: נאַרישקייטן!

מוראַוואַטשיק: זאָל מיך קומען וואַרגן קאָלומבוס פון יענער וועלט...

בריינדעלע קאָזאַק: דאָס איז ניט קיין שוואוּע!

מוראַוואַטשיק: טפו זאָלט איר ווערן, עס האָט מיך אַזש באַשלאָגן אַ שווייס!

דער סאָף איז געווען, אַז בריינדעלע קאָזאַק האָט ביסלעכווייס איבערגעגעבן מוראַוואַטשיקן אַלצדינג, וואָס זי האָט געוואוסט וועגן ראַפּאַלעסקאָן און וועגן ביידע פּרימאַדאָנעס: הענריעטאַ שוואַלב און ראָזאַ ספּיוואַק. און אַז ס'איז געקומען צו מוראַוואַטשיקן, ער זאָל דערציילן זיין געשיכטע מיטן „יאַטל", האָט בריינדעלע קאָזאַק ארויסגעזען, אַז ער דרייט מיט דער צונג און אַז ער האַקט אַ טשאַייניק, האָט זי זיך אופגעהויבן, אַ רויטע און אַ פאַרשוויצטע, איינגעוויקלט אין דער ראָטאָנדע, און אַרויסגעלאָזט אַזאַ געלעכטער, ווי טויזנט שיידים קאָנען אַזוי ניט לאַכן. מוראַוואַטשיק האָט זיך אַזש דערשראָקן פאַר איר:

— וואָס איז מיט אייך? וואָס איז אייך אַזעלכס צוגעקומען?

— כאַ־כאַ־כאַ! האָט די מאַדאַם טשערניאַק ניט אופגעהערט צו לאַכן. — אַלצדינג, וואָס איך האָב אייך דערציילט איז אַ נעכטיקער טאָג, שעקער וועקאָזאָוו, ניט געשטויגן ניט געפלויגן — כאַ־כאַ־כאַ!

שאָלעם־מייער מוראַוואַטשיק האָט אָנגעשטעלט אַזאַ פּאָנים, גלייך ווי ער איז מיט סאַקאָנעס נעפּאָשעס אופגעבראַכט אויף דער מאַדאַם טשערניאַק, וואָס האָט אים אַזוי מיעס אָפּגענאַרט. נאָר אין האַרצן האָט ער זיך געטראַכט: „דאָס וועסטו שוין דערציילן, בריינדעלע קאָזאַק, דער באָבע דיינער!..." און דאָס אינטערעסאַנטע פּאָרל איז זיך צעגאַנגען, יעדער אין אַן אַנדער שטימונג: ער — זייער צופרידן פונם באַגעגעניש מיט בריינדעלע קאָזאַק, וואָס ער האָט פון איר ארויסבאַקומען דאָס, וואָס ער באַדאַרף; און זי — גאַזלען אויף דעם הייזעריקן מאַמזער, פאַרכאַפּט זאָל ער ווערן, און אין קאַס אויף זיך אַליין, פאַרוואָס זי האָט זיך געלאָזט ווידעראַמאָל פירן פאַר דער נאָז פון אָט די „שאַלקהאַפטיקע מאַנסבילן", אַ כאָליערע זאָל אויף זיי קומען אויף אַלעמען, כויך איינעם!

## קאַפּיטל 74

# באַ שאָלעמען אין רעסטאָראַן.

די געשיכטע, וואָס מוראַווטשיק האָט זיך אָנגעהערט פון ברײַנדעלע קאָזאַק וועגן דעם באָכער (ראַפּאַלעסקאָ) מיט דער פּרימאַדאָנאַ הענריעטאַ שוואַלב, און איבערהויפּט דער ראָמאַן מיט דער יעפּײַפּיע (ראָזאַ ספּיוואַק), זענען בעעמעס געווען באַ אים וויכטיקע נײַעס, האַפּלע וואָפּעלע. זיי האָבן אים פּאָשעט געעפנט די אויגן. עס זענען אים פאַרענטפערט געוואָרן אַסאַך זאַכן, וואָס ער האָט זיי פריער ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטײן. ער האָט זיך דערמאנט ווי די ראָזע האָט אַמאָל געצאַפּלט, זיך נאָכגעפרעגט אַלץ אױף האָצמאַכן קלוימערשט, און געמיינט האָט זי גאָר, אַפּאָנים, אָט דעם „יאַט", וואָס פלעגט זיך פּלאָנטען פאַר די אויגן דעמאָלט אין דעם וויסטן האָלענעשטי. — אַי, ראָזע! — האָט ער זיך געטראַכט, — און דאַווקע אַ כאַזנס אַ מײדל. ביסט ווערט, שאָלעם־מײער, מע זאָל דיך אַוועקלײגן אָט דאָ, אין מיטן אַמעריקע, און אַרײַנצימבלען כאָטש אַ שטיקלעך פּופּציק, אַז דו האָסט ניט אויסגענוצט די לאַגע און ביז אַהער ניט אָפּגעלעקט אַ ביינדל ניט פון כאָסנס צאַד און ניט פון קאַלעס צאַד. און טאָמער האָסטו שוין יאָ דערטאַפּט אַ פּעקל מיט קסאָווים פון אָט דער באָכערטע ראָזע, גייסטו און פאַרהאַנדלסט זיי פאַר עטלעכע שילינג באַ אָט דעם לאָנדאָנער קראַסאָווטשיק, פאַרכאַפּט זאָל ער ווערן אין מיטן ניו־יאָרק! ער האָט דאָך מיך בעדיל־האַדאַל געשטעלט. איך וואָלט געקענט איצט ווערן נאָך אַמאָל אַן אוישער, ווען איך האָב באַ זיך די פּאַפּירן... איצט קאָן איך מיך אַפילע ניט באַווײַזן פאַר אירע אויגן, וואָרום איך בין דאָך באַ איר געבליבן אי אַ פאַרד, אי אַ ליגנער...

דאָ האָט זיך אונזער מוראַווטשיק אַביסל פאַרטראַכט. דערנאָך האָט ער זיך אופגעכאַפּט ווי פונם שלאָף און ווידער גענומען רעדן צו זיך אַליין:

— מאָלט אײַך, אַזאַ מאַקע זאָל זיך זעצן שטשופּאַקן אין אָדעס און מיסטער קלאַמערן אין ניו־יאָרק, ווי איך וועל נאָך אויסנוצן דידאָזיקע געשיכטע, אימירצעשעם, מיטן אייבערשטנס הילף. אַניט ביסטו ווערט, שאָלעם־מײער, מע זאָל דיר געבן קײַען שטרוי, גאָט זאָל מיר אַזוי געבן גליק און האַצלאָכע...

און ס'איז פאַרטיק געוואָרן באַ אים אין דערדאָזיקער שאָ אַ פּלאַן, אַ גאָלדענער פּלאַן, וואָס ער אַליין האָט זיך געוואָלט געבן אַ קניפּ אין בעקל:

— מוראַווטשיק, ביסט אַ מאַמזערשער קאָפּ!...

דערווייל איז געקומען די צייט פון עסן, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט זוכן אַ אידישן רעסטאָראַן און געטראָפן אַקוראַט צום באַרימטן שאָלעמס רעסטאָראַן, וואָס הערט ניט אויף צו רעקלאַמירן און צו דרוקן זיין פּיקטשור אַלע טאָג אין אַלע ניו־יאָרקער בלעטער.

„פאַרגעסט ניט אייער פריינט שאָלעם, וואָס באַזאָרגט אייך אַלע טאָג מיט די בעסטע רומענישע שפּייזן, קאָשער און פריש און געשמאַק און אַזוי ווייטער...״

אריינגעקומען צו שאָלעמען אין רעסטאָראַן, האָט שאָלעם־מייער מוראַווטשיק געטראָפן שוין קימאַט אַלע טישלעך באַזעצט מיט ביזנעס־לייט, וואָס האָבן קיין צייט ניט און עסן יעדער זיין מאָלצייט בעכי־פּאָזנדיק, האַריאָפּ, ווי אַלצדינג אין אַמעריקע, און ער האָט גענומען אויסקוקן אַ פּלאַץ, וואו ער זאָל קאָנען בלייבן איינער אַליין מיט זיין מיטאָג און מיט זיינע פּלענער און געדאַנקען.

איידער ער האָט זיך אַרומגעקוקט, איז אויסגעוואקסן אַ זשוואַווער יונג, אַ דזשענטעלמען מיט אַ ווייס טישטעכל, אַ געלער און אַ געגאָלטער ווי אַן אַרטיסט, ארויסגעכאַפּט ווי אַ קונצנמאַכער אַ פּאונטען־פּען מיט אַ קליין ביכעלע און אַ וואָרף געגעבן אַ פּאָר קויל־פייערדיקע אויגן אפן אריינגעקומענעם גאַסט, עטוואָס זיך אָנגעבויגן צו אים, ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: „מיסטער, באשטעלט אייער דינער, נאָר באַדערט מיך ניט לאַנג: איר זעט, וויפל קאָסטאָמערס מיר האָבן? האַריאָפּ!״

מוראַווטשיק האָט זיך אָבער פאַר דעמדאָזיקן געלן דזשענטעלמען מיטן ווייסן טישטעכל ווינציק־וואָס איבערגעשראָקן. ער האָט זיך געזעצט באַם טישל און אַראָפּגעוואָרפן דאָס נייע קאַפּעלושל, וואָס אָט דער ווערגעלעך, ניסל שוואַלב, האָט דאָס אים נעכטן צעקנייטשט — „אָפּדאַרן זאָלן אים די יאָדאַים!״. נאָכדעם האָט ער אַרויסבאַקומען פון אַ זייט־קעשענע אַ קליין קעמעלע, וואָס לייגט זיך צונויף אינצווייען, גענומען זיך צעקעמען די האָר פון פאָרנט ארויף און אין איינוועגס באַשטעלן זיך אַ מיטאָג נאָך זיין אייגענעם מעניו, וואָס האָט אים אונטערגעזאָגט זיין צעריצטער אַפּעטיט, בעזע האַלאָשן:

— אַ פּאַפרעצירטער גולאַש פון פּיפּעקלעך, לעבערלעך, פליגעלעך — איז ניט איינס. אַ יויך מיט אַן אַנשטענדיק פערטל אָף — איז ניט צוויי. אַן איינגעלייגטס מיט פאַרפעלעך — איז ניט דריי. אַ מערצימעסל מיט אַ שטיקל געפילטע קישקע — איז ניט פיר. אַ קליין גלעזעלע קאָניאַק „פון שאַמפּאַן״ מיט אַ שטיקעלע רעטעך מיט שמאַלץ דער־

בײַ און אַ פֿײַנע גלאָז לאַגער־ביר — איז ניט פֿינף. און הײדאַ מיט דעם רעכטן פֿוס, און ריךעוודיק, און מיטן קוק, און מיטן קנאַק, און אַ רועך אין דײַן פּאָרנט און מיטן אַרײַן!

די לעצטע װערטער האָט מוראַװטשיק אױסגעלאָזט גיך אין אײן אָטעם און לעבעדיק, װי זײַן שטײגער איז. דער געלער דזשענטעלמען מיטן װײַסן טישטעכל האָט פֿאַרשריבן די אַלע אױסגערעכנטע מינים מיט אַזאַ גיכקײט, װאָס מע דאַרף ניט קײן סטענאָגראַף. דערנאָך האָט ער געגעבן אַ קוק איבער דאָס גאַנצע צעטל פֿון אױבן אַראָפּ און אַ פֿרעג געגעבן באַם גאַסט: — װעל! װאָס איז דאָס אײגנטלעך „אַן אײנגעלײגטס"?

מוראַװטשיק האָט אַװעקגעשטעלט זײַנע מאַמזערישע אױגן אױפֿן געלן כעװרע־מאַן און האָט זיך אָנגערופֿן צו אים האַלב ערנסט, האַלב אױף אַ קאַטאָװעס:

— אַן אײנגעלײגטס װײסטו ניט? אַ געדישעכץ. װײסטו אױך ניט? װאָס־זשע ביסטו פֿאַר אַ מעשאָרעס אין אַ רעסטאָראַן? פֿאַרװאָס זאָלסטו בעסער ניט גײן פּוצן קײן שטיװל אױף דער סטריט, אָדער רײניקן די...

מוראַװטשיק האָט נישט געענדיקט, װאָרום דער געלער דזשענטעל־מען מיטן װײַסן טישטעכל האָט געגעבן אױף אים אַ װאָרף זײַנע קײַל־פֿײערדיקע אױגן, אַרופֿגעטראָטן גלײַך אױף מוראַװטשיקן, געעפֿנט אױף אים אַ מױל און גענומען רעדן מיט אים בעלאָשן אַמעריקע, דאָס הײסט העכער האַלב אױף ענגליש:

— סײַ, מיסטער, האַלטס מױל! איך בין ניט קײן מעשאָרעס, איך בין אַ װײטער אין אַ דזשואיש רעסטאָראַן! איך בין אַ מעמבער פֿון אַ יוניאָן! איך בין אַ...

אַ גליק, װאָס ס'איז אונטערגעקומען שאָלעם דער רעסטאָראַטאָר אַלײן און האָט זיך אַרײַנגעלײגט אין אַ שאָלעם. אַניט װאָלט אײנער פֿון די צװײ ניט גוט אָפּגעשניטן.

די איבערגעשריבענע סצענע האָט פֿונדעסטװעגן גאָרניט געשאַדט אונזער מוראַװטשיקן כאָלילע צום אַפּעטיט. ער האָט זיך גענומען צו זײַן באַשטעלטן מיטאָג גאַנץ געשמאַק, און אין קאָפּ האָט זיך באַ אים בעאײס מאַיסע געװעבט אַזאַ מין פּלאַן:

„דאָס, װאָס דער שפּיל־פֿױגל (ראַפּאַלעסקאָ) האָט זיך פֿאַרקאָכט אין מײַן באָכערטע (ראָזאַ ספּיװאַק), איז דאָװקע אַ מאַילע צום שידעך. מע באַדאַרף נאָר זען, אַז דער אײסעק זאָל כאָלילע ניט קאַלי װערן. איך האָב צו זײ אײגנטלעך גאָרנישט ניט. לאָזן זײ זיך עלטערן אין אױשער און אין קאָװעד. אײ, װאָס װעט זײַן מיט זלאַטקען? דאָס, װאָס מיט

אַלע מיידלעך, וואָס גליטשן זיך אויס, גלויבן אף נעמאָנעס און גיבּן אַוועק דעם נאַדן פאַר דער כאַסענע. אַוואַדע איז דער ראַכמאָנעס אף איר גרויס. נאָר וואָס זאָל מען טון? זי וועט אַזוי לאַנג ווײנען, ביז זי וועט אופהערן. איך וועל זי מיסטאָמע ניט לאָזן פאַלן... איך בּין ניט שטשופּאַק, און האָבּ ניט קיין בּינטל ווײבּער, איך האָבּ אַפּילע קיין איינע ניט... עס איז שוין, דאַכט מיר, צײט, איך זאָל שוין אַמאָל אויך האָבּן אן אייגן ווינקל, וואו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן. בּיז וואַנעט איז דער שיר צו זײן נאַווענאַד, דינען פּרעמדע אַוואוידעזאָרעס? אובּי־פּראַט, אַז די זלאַטקע איז א גאַנץ פּײן מיידל. אַ שטילע, אן ערלעכע, אַ קאָשער לעמעלע, און זי איז נעבּעך בּאַ זיך זייער געפּאַלן; אזעלכע, אַז מע נעמט, האָט מען דאָך טאַקע אַ מיצווע... בּאַ מיר שפּילט ניט קיין ראָלע מיט אַ „יאַטל", אָן אַ „יאַטל" — אבּי אן ערלעכע... און אַז בּאַ מיר וועט איר זײן גוט — לאָמיך שוין האָבּן אַזאַ יאָר. איך וועל איר ניט אופּמישן קיין אַלטע אַווײרעס... און דאָס שטיקל בּרויט וועט זי בּאַ מיר אויך ניט זשעדנע זײן. איך בּין דאָך ניט שטשופּאַק, אימאַך שמוי זאָל ער ווערן! געווײנטלעך, ווען זיי אונז דאַרפּן געבּן שטיצע... איך מײן טאַקע, ער און זי... זיי זענען ניט קליין. נישקאָשטיצע, אָן אַן אומגליק. זיי זענען בּיידע גוטע פּאַרדינערס, און ווער שמושע, אַן אַן עסט זי—יענע זשעבּרעט, זאָגט מען, גאָלד אין אַמעריקע מיט בּיידע הענט... ער דאַרף דאָך אַרײנגײן אין מײן פּאָלאָזשעניע: איך נעם דאָך זי, ווי זי שטײט און גײט, מיט א קינד און מיט א מאַמען אַ צוגאָבּ, טאָמער איז קאַרג... איך האָף, אז ער וועט זיך ניט לאָזן לאַנג דינגען און וועט מיסטאָמע נאָכגעבּן, וואָרום איך האָבּ אים אין האַנט... לאָז ער מיר נאָר וועלן מאַכן פּוילע טנועס, בּרײנגט מען אים צו דער כופּע אַ מאַטאָנע א „יאַטל"... אָ, מיסטער לאָקשמאַן! צאָלן!

דער לעצטער אויסרוף האָט געהערט, אייגנטלעך, דעם געלן דזשענטעלמען מיטן ווײסן טישטעכל, נאָר ווײל צווישן זיי איז דאָך געהאַט אַרויס א שטיקל אינצידענט, האָט זיך יענער געמאַכט ווי ער הערט ניט, מויכל געווען אים דאָס טרינקגעלט און געשיקט דעם בּאַלעבּאָס זיך צערעכענען מיטן גרינהאָרן.

זיך צעצאָלט פּארן מיטאָג און א וואָרף געגעבּן אַפּן טשעד פּאַרן קעלנער אויך א פּאָר סענט, איז מוראַווטשיק אופּגעשטאַנען פון טיש מיט אן אויסגעגלעט בּײכל, ווי א זאַטער בּורזשוי, פּאַרוײכערט א סיגאַר און איז אַרויס מיט א טענצנדיק גײנגל מאַכן א שפּאַציר איבּער די גאַסן פון ניו־יאָרק.

קאַפּיטל 75

# אונטער דער ערד.

צו פֿרי האָט זיך אונזער העלד געכאַפּט גיין אַפֿן ראַנדעוואו, וואָס ראָזאַ האָט אים באַשטימט. ער האָט פֿאַרגעסן אַפֿילע אַ קוק טון אַפֿן זייגער. ערשט אַז ער איז געווען אין גאַס און צום צענטן מאָל געלייענט דאָס ליבע זיסע בריוועלע, וואָס ער האָט שוין באַלד געקענט אַף אויסנווייניק, און דערזעען די ציפֿערן „פֿון 4 ביז 5", האָט ער זיך אַרומגעקוקט, אַז ער האָט נאָך גענוג צייט אַף אַרייַנצוגיין אין אַ באַרבערשאַפּ נעמען אַ שייוו, פּונדאָרטן אין אַ גרויסאַרטיקן קאַפֿע־סאַלאָן איבערכאַפּן דעם הונגער און דיעסגלייכן. די ווייזערס פֿונם זייגער האָבן זיך גערוקט פֿויל און שלעפֿעריק. קיינמאָל איז אים נאָך די צייט ניט געווען אַזוי לאַנג, ווי איצט. ער איז געגאַנגען מיט זייער קורצע לאַנגזאַמע טריט. קימאַט בײַ יעדן בלאָק האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לייענען די דריי־איילנדיקע אַפֿישן מיט די מוירעדיקע פּעטע אויסיעס פֿון פֿאַרשידענע מוירעדיקע אַדווערטייזמענטס און שרייענדיקע אַנאָנסן מיט גוואַלדיקע פּיקטשורס און מעשונעדיקע פּענימער, וואָס איז צו זען אין ניו־יאָרק אַף יעדן בלאָק. נישט באַמערקטערהייט האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אין יענער אונטערערדישער וועלט, וואָס ווערט אָנגערופֿן אין אַמעריקע מיטן נאָמען „סאָבוויי", אָדער מעטראָפּאָליטען־באַן, וואָס בינדט צונויף אַלע גאַסן פֿון דער שטאָט ניו־יאָרק אונטער דער ערד. די „סאָבוויי" — דאָס איז אַ נייע שטאָט מיט נייע גאַסן מיט אַ נייער וועלט, אַ וועלט פֿון אייַזן און עלעקטריע. אַהין קומט נישט אַרײַן קיין איינציקער שטראַל פֿון זון, און דאָך איז דאָרט ליכטיק און לעבעדיק פֿיר און צוואַנציק שאָ אין מעסלעס. דאָרט ווייסט מען ניט פֿון קיין נאַכט. אַלע פֿיר און צוואַנציק שאָ זעט איר דאָרטן מענטשן לויפֿן אויף און אָפּ, ווי אין אַן אוילעם האַטויע. יעדער אין זיין וועג, יעדער מיט זיינע ביזנעס, און שטענדיק געכאַפּט זיך, שטענדיק געיאָגט זיך, שטענדיק האַרייאָפּ! קימאַט דאָס אייגענע לעבן מיטן לויפֿעניש און מיטן יאָגעניש און מיטן גאַנצן טאַרעראַם, וואָס קומט פֿאָר אינם פֿאַרהאַוועטן ניו־יאָרק פֿון אויבן, אַף דער ערד, קומט דאָרט פֿאָר אויך אונטער דער ערד.

איר לאָזט זיך אַראָפּ דורך טרעפּ אין דער אונטערערדישער מעמשאָלע און איר דערפֿילט באַלד, אַז איר זענט אין אַן אַנדער וועלט. אייַזן און עלעקטריע נעמען אַרום ווי מיט צוואַנגען אייער גאַנצן „איך", און עס דאַכט זיך אייך, אַז איר הערט די סוידעס פֿון דעם אָפּגרונט, און ניט ווילנדיק פֿאַרטראַכט איר אייך אַף זאַכן, וואָס אין אַן אַנדער

אָרט זענט איר ווייט פֿון זיי. און ניט ווילנדיק טוט איר אַ קלער פֿון די אייביקע פֿאַרבאָרגענע קויכעס, וואָס זענען איבער אייך און אונטער אייך. לאַנג טראַכטן אָבער לאָזט דאָס אייך ניט. פֿונדערווייטן נאָך דער־הערט איר אַ הילך און אַ הודזיען פֿון אַ כאַיע, וואָס טראָגט זיך ער־גען אין דער פֿינצטערניש מיט אַ גוואַלדיקן קויעך. אָט־אָט שניידט זי זיך אַרויס פֿון דעם טיפֿן פֿינצטערן אָפּגרונט, און אָט זעט איר שוין פֿאַר זיך אָט די מאָדנע ריזיקע אייזערנע כאַיע מיט די מוירעדיקע גרוי־סע עלעקטרישע אויגן. אָט ציט זי זיך אויס פֿאַר אייך, געדרייט ווי אַ שלאַנג, איבער די גלאַנצנדיקע רעלסן. ווי די שיידים שפּרינגען אויף די קאָנדוקטאָרעס און שרייען אויס דעם נאָמען פֿון דער סטיישען און עס הערט זיך אַ קלאַפּן פֿון טירלעך. און עס טוט זיך אַ שאָט אַרויס הונ־דערטער און עפּשער טויזנטער מענטשן — איין שטראָם אַרויס, דער אַנ־דערער שטראָם אַריין — און דאָס אַלצדינג ווערט אָפּגעטון שאַ־שטיל, אָן אַ שום בעהאָלע, און ווינציקער ווי אין אַ האַלבע מינוט, וואָרום ס'איז ניטאָ קיין צייט — האַריאָפּ!

מיט דעמדאָזיקן שטראָם, וואָס האָט זיך געצויגן אַריין, איז געווען אויך אונזער העלד ראַפּאַלעסקאָ, וואָס האָט שוין געהאַלטן מיט איין פֿוס אין וואַגאָן, נאָר פּלוצים האָט אים אַ בלישטשע געגעבן אין די אויגן צווישן די אַרויסגעשאָטענע פּאַסאַזשירן אַ באַקאַנטע פֿיגור, אַ נידעריקע, מיט אַ קליין צעקנייטשט קאַפּעלושל. דאַכט זיך, מוראַווטשיק? און ראַ־פּאַלעסקאָ איז געבליבן פֿון דער זייט.

אויך מוראַווטשיק, דערזעען ראַפּאַלעסקאָן, איז ער געבליבן שטיין איבעראַשט. ער האָט זיך נישט געריכט, אַז ער וועט זיך באַגעגענען אָט דאָ מיט ראַפּאַלעסקאָן פּונקט אין דער צייט, ווען ער איז דורך ברייג־דעלע קאָזאַק געוואָרע געוואָרן פֿון אַזעלכע זאַכן, וואָס ער האָט זיי פֿריער ניט געוואוסט.

נאָך זיצנדיק באַ שאָלעמען אין רעסטאָראַן, איז באַ אונזער מוראַוו־טשיקן פֿאַרטיק געוואָרן אַ גאַנצער פּלאַן, ווי אַזוי אויסצונוצן אַמבעסטן די וואונדערלעכע לאַגע, אין וועלכער עס האָט זיך געפֿונען זיין נייער פֿריינט ראַפּאַלעסקאָ מיט זיינע דריי קאַלעס: די פּרימאַדאָנאַ שוואַלב, ראָזאַ ספּיוואַק און זלאַטקע האָלצמאַן. מיילע פֿון די ערשטע צוויי קאַ־לעס — אַזוי האָט מוראַווטשיק באַ זיך אָפּגעפּאַסקנט — איז קיין סאָפּעק ניט, אַז לויט די געשיכטן, וואָס ברײנדעלע קאָזאַק האָט אים דערציילט, וועט מיט דער פּרימאַדאָנאַ שוואַלב ראַפּאַלעסקאָ, אימירצעשעם, שלאָגן קאַפּאָרעס, וואָרום מע דאַרף זיין אַ אידיאָט און אָן אָקס פֿונם באַרג סינאַי, מע זאָל פֿאַרבייטן אַזאַ גאָלדן עפּעלע, ווי ראָזאַ ספּיוואַק, וואָס ס'קלינגט מיט איר די וועלט, אף עפּעס אַ לעמבערגער מויד, אַ פֿריי־

מאַדאָנאַ פון אידישן טעאַטער. אַי, וואָס ס'איז געווען צווישן זיי אַ קנאַס־מאָל? איז רוף מיך קנאַקניסל און לאָד מיך צום אונסאַנע טויקעף. אַן אַרטיסט און נאָך אַ אידישער דערצו, שרעקט זיך טאַקע איבער פאַר אַזעלכע זאַכן. קאַרג איז פאַראן בא אונז אידישע אַקטיאָרן, וואָס האָבן נישט נאָר דריי קאַלעס, נאָר טאַקע דריי ווייבער: מ ײ נ ס און ד ײ נ ס און שוטפעסדיקס?... וואָס־זשע קומט אים אָבער אַרויס דערפון? גאָלע גאָרנישט! עס בלייבט איבער נאָר די קאַלע נומער דריי: זלאַטקע מיטן יאַטל... און דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן. דאָ דאַרף מען זען אָפּלעקן אַ ביינדל. „זיי נאָר גיט, שאָלעם־מייער, קיין אָקס פונם באַרג סינאַי און וויס, וואָס דו האָסט צו טון מיטן צימפּל־גערימפּל, וואָס גאָט האָט דיר צוגעשיקט אין ניו־יאָרק, אַניט וועט מען דיר דאַרפן געבן קייען שטרוי"...

אַזוי האָט געזאָגט מוראַווטשיק צו זיך אַליין, אַז ער האָט זיך באַגעגנט מיט ראַפּאַלעסקאָן פּלוצים אָט דאָ, אונטער דער ערד. נאָר ער האָט באהאלטן זיין פרייד בא זיך אין האַרצן, זיך געמאַכט קאַלטבלוטיק און אַ זאָג געגעבן טאַמעוואַטע צו ראַפּאַלעסקאָן:

— אַז אַזאַ פויגל, ווי איר, פאָרט אונטער דער ערד, היינט וואָס זאָלן מ י ר שוין זאָגן, פּראָסטע באָסער ווערדאָסן פון די קאָבצעניוקעס?

## קאַפּיטל 76

## אַי, אַמעריטשקע.

אויב מוראַווטשיק האָט געפונען פאַר נייטיק צו פאַרבאָרגן פון ראַפּאַלעסקאָן זיין סימכע, האָט ראַפּאַלעסקאָ פאַר מוראַווטשיקן אַרויסגעוויזן ג אַ נ ץ אָפּנטלעך זיין צופרידנהייט און זיין פרייד, וואָס ער האָט זיך באַגעגנט מיט זיין נייעם באַקאַנטן.

— האַללאָ! האָר־דאָר־אָר־דאָו! — האָט ראַפּאַלעסקאָ אויסגערופן מיט אַ פרייד אַפן אַמעריקאַנישן שטייגער און האָט אים אויסגעצויגן אַ האַנט. — גוט, וואָס מיר זעען זיך. גאָט אַליין האָט אייך אַהער געבראַכט. איך דאַרף אייך טאַקע האָבן.

— מאַכטייסע, היגייני — איך בין אָנגעבריית! — האָט אים מוראַווטשיק אַ זאָג געגעבן טאַמעוואַטע קאַלט. — וואוהין וועלן מיר גיין, קעדוימע לעמאָשל נאַפּרימער?

— אין ערגעץ ניט, — זאָגט ראַפּאַלעסקאָ און זוכט מיט די אויגן אַ פּלאַץ אַף צוצווזעצן זיך. — אָט איז אַ באַנק. דאָ וועלן מיר אַביסל שמועסן.

— אָט דאָ טאַקע אונטער דער ערד?

— אָט דאָ טאַקע אונטער דער ערד.

— טאַ! אַז אייך איז ליב, איז מיר ניכע.

און ביידע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אף דער באַנק און גיך האָט זיך פאַרבונדן בא זיי אַ געשפּרעך. גערעדט האָט אייגנטלעך ראַפּאַלעסקאָ, און שאָלעם־מייער מוראַוושיק האָט אים געקוקט אין די אויגן אַריין און געהערט מיט קאָפּ. אַ מאָדנעם קויעך האָט אין זיך אָט דער מוראַוושיק. מיט קיינעם וועט איר אייך ניט קענען אַזוי גיך באַפריינדן, אַזוי ווי מיט אים, ווערן אַ מעכוטן, אַ קנעפּל שעבעקנעפּל, און פאַרטרויען אים, וואָס אף דער נעשאָמע. ראַפּאַלעסקאָ, ווייניקסטנס, האָט זיך געפּילט מיט אים אסאך נעענטער, ווי מיט אַ ברודער. היינט האָט ער זיך אַ מאילע, אָט דער מוראַוושיק: מע באַדאַרף מיט אים קיין סאך ניט רעדן. ווערטער זענען לאַכלוטן איבעריק. ער קוקט אף אייך מיט זיינע מאַמזערישע אויגן און טרעפט, וואָס בא אייך אפן האַרץ טוט זיך, און כאַפּט אַרויס בא אייך די ווערטער פונם מויל. אַ מעכאַיע, אַ פאַרגעניגן מיט אזא מענטשן!

— איר באַדאַרפט מיר קיין פינגער אין מויל ניט אריינלייגן,—האָט מוראַוושיק אונטערגעזשומזשעט מיט זיין מאָנאָטאָנער הייזעריקער, נאָר גלאַטער שטימע צו ראַפּאַלעסקאָן אין אויער אריין. — גלויבט מיר, איך פאַרשטיי די זאַך אַרום און אַרום. איך וועל עס אייך זאָגן, אויב איר ווילט, ווי פון אַ סידער: מע זאָל באַהיט און באַשירעמט ווערן פון אַ גוט אויג, עס מאַכט זיך אמאָל מיט נאַשבראַט, אַ זינדיקער מענטש, מע פאַלט אריין, אַ מיידל איז אַ יעיצער־האָרע, און אמאָל איז מען אליין ניט שולדיק גאָט די נעשאָמע און דעם רועך אַ גאַנג, גיי זיי אַ נאָווי, סט'זיך אויסלאָזן מיט אַ „יאַטל", ווי זאָגט ער, האַלט זיך מיט דער באָמבע... אין עמעסן אָבער איז דאָס נישט פאַר אייך און נישט פאַר איר און נישט פאַר אייך ביידן. איר מיינט, זי פאַרשטייט דאָס ניט? זי פאַרשטייט דאָס אַליין בעסער פאַר אונז אַלעמען, גאָט זאָל מיר אַזוי געבן גליק און האַצלאָכע.

באַ אונזער העלד האָט זיך באַ די ווערטער אַראָפּגעקייקלט אַ שווערער שטיין פונם האַרצן. ער האָט אַרויסגעזעען, אַז אַלע זיינע רייד מיט אַלע זיינע האַקדאָמעס, היסנאַצלעס און פאַרענטפערעכצן זענען גאָר געווען איבעריק. מוראַוושיק האָט ניט נאָר באַוויזן אַ ווידערשטאַנד, ניט נאָר אָנגענומען זיך די קריוודע פון דער געפאַלענער זלאַטקע נעבעך, נאָר אַדעראַבע, נאָך זיינע רייד קומט אויס, אַז זלאַטקע אַליין יאָגט זיך גאָרניט אַזוי שטאַרק נאָכן שידעך. אום נאָך מער צו באַרואיקן אונזער העלד, זאָגט צו אים מוראַוושיק:

— פונוואַנען, מיינט איר, פאָר איך דאָס אַצינד? טאַקע פונדאָרטן. געוואָלט איבערגעבן איר אייערע ווערטער, וואָס איר האָט מיר געהייסן. ווײַנט זי: וואָס בין איך, זאָגט זי, פאַר אַ גלייכן מיט אים? ער איז, זאָגט זי, אַזוי אין די פּעדערן, לעמאַי זאָל זיך מיר דאַכטן, אַז איך בין באַ אים אַן אָנגעהאַנגענע, אַן אײַנגעבעטענע? — איר הערט ווערטער?

ראַפּאַלעסקאָ איז גערירט:

— טאַקע בעעמעס?

— וואָס־זשע, איך וועל אײַך אויסטראַכטן אפּן הימל אַ יאַריד?

— ניין. איך מיין ניט דאָס. איך מיין, אָט די ווערטער האָט זי אײַך טאַקע געזאָגט?

— איך זאָל אַזוי האָבן גליק און האַצלאָכע. איר ווייסט דען, וואָס פאַר אַ קאָשערע נעשאָמע דאָס איז? אַ קאַפּאָרע אַלצן פּרימאַדאָנעס!

אַף ראַפּאַלעסקאָט אויגן באַווייזן זיך טרערן. נאָר ער פאַרשטעלט זיי פאַר זײַן נייעם פרײַנט. און זײַן נײַער פרײַנט מוראַווטשיק האַקט ווײַטער:

— אַהין־אַהער, איך זע, דאָס מיידל רעדט ווי אַ באַרדאַס, טראַכט איך מיר: עפּשער ביסטו גערעכט. און רוף מיך אָן צו איר אַזוי: הער־זשע אויס, נעשאָמעניו, זאָג איך, די מאַיסע דערפון איז אַזוי: דער באַכער, זאָג איך, האָט געמיינט מער ניט אַז דײַן טויווע, זאָג איך, און די טויווע פון דײַן קליינעם נעפעשל. נאָר וויבאַלד, זאָג איך, אַז באַ דיר איז דאָס ניט אַי־אַי־אַי, איז אויך די אייגענע מאַיסע. נויטן, זאָג איך, וועט מען דיך ניט און מיט גוואַלט וועט מען דיך ניט שלעפן. אַי וואָס? דאָס יאַטל? דאַרפסטו זיך, זאָג איך, ניט זאָרגן, דאַרפסטו געדיינקען, זאָג איך, אַז ער איז ניט קיין אַבי־ווער, קיין באָכערל פון דער גאַס, און אַ פּאַרדינער איז ער, קיין איינאָרע, אַ שיינער, וועט ער מיסטאָמע זען, זאָג איך, באַוואָרענען דיך, ווי עס געהער צו זײַן, דיך און דאָס קינד, זאָג איך, און אַפילע די מאַמע, זאָג איך, וועט אויך ניט דאַרפן אָנקומען כאָלילע צו לײַטן. אוביפראַט, זאָג איך, דו בלײַבסט ניט אַליין, איך בין, זאָג איך, נאָך אויך ניט געשטאָרבן. איך בין, זאָג איך, געוועזן מיט דיר, מיט דיר וועל איך בלײַבן. ווער, זאָג איך, האָט דיך אַהער געבראַכט צו פירן, אַז ניט מוראַווטשיק? ווער, זאָג איך, האָט דיך פאַרשריבן אַף זײַן נאָמען באַם שיף אַראָפּגיין, אַז ניט מוראַווטשיק? לאָז זיך דיר דאַכטן, זאָג איך, עלעהיי דו ביסט שוין מײַנע און איך בין דײַנער, און וואָס מאַכט דאָס אויס? און טאָמער וועט דאָס האַלטן דערבײַ, קאָן מען אין אַמעריקע אויך קריגן פיר שטעקנס, און שאָלעם-מייער מוראַווטשיק נעמט און זאָגט אָפּ דעם קעדאַס מוישע וועאיסראָעל און — אַ גוטן טאָג. און איך אַליין, ווי איר קוקט מיך אָן, בין ניט שטאַרק

ווייט דערפון, ערשטנס, מיצאַד ראַכמאָנעס. נעבעך אַ יעסוימע, און וועהאַשיינים — אן ערלעך קינד, אַ שטילע טויב. אַי, די קאַשע, וואָס וועט זיין מיטן פּיסק? איז גאָט אַ פאָטער, און ווי געזאָגט, איר וועט מיסטאמע אויך ניט פאַרגעסן...

— פאַרגעסן? — ראַפּאַלעסקאָ האָט אָנגעכאַפּט מוראַווטשיקן בא דער האַנט. ער זאָל זיך ניט שעמען פאר זיך אַליין, וואָלט ער אים אַרומגעכאַפּט קושן, — איך קאָן מיך מיט אייך אַפּילע צעשרייבן, אויב איר ווילט.

— צו וואָס איז דאָס צעשרייבעניש? איר וועט אונטערשרייבן אַ פּאָר וועקסעלעך און אַן עק, טאַקע אף מיין נאָמען, הייסט אַפּדערנאַכט. איך וועל בא אייך זיין, וועל איך אייך שוין ברייננגען אַלצדינג. איצטער קערט איר דאָך מיסטאָמע ערגעץ ווערן גיין?

ראַפּאַלעסקאָ איז געווען אַזוי אַריינגעטון אינם שמועס, אַז ער האָט גאָר ניט באַמערקט, וויפל מאָל די שטאָלענע שלאַנג מיט די עלעקטרישע אויגן איז דורכגעלאָפן פאַרביי זיי, ארויסגעוואָרפן שטראָמען און אריינגעצויגן שטראָמען. די ווייזערס פונם זייגער האָבן זיך קאם אָנגעהויבן דערנעענטערן צו דריי. אין אַ שאָ אַרום באדארף ער שוין זיין דאָרטן. דאָס וואָרט „דאָרטן" האָט אים אַ בריי געגעבן אין האַרצן. ער האָט זיך זייער פריינטלעך אָפּגעזעגנט מיט מוראַווטשיקן, אַריינגעכאַפּט זיך אין איינעם פון די לאַנגע וואַגאָנעס און אין אַ האלבע מינוט אַרום האָט אים איינגעשלונגען די אונטערערדישע פינצטערניש.

— שאָלעם־מייער, דו ביסט אָל־רייט! — האָט מוראַווטשיק אַ זאָג געגעבן צו זיך אליין און גענומען אַרויסקוקן אַזן אנדערן טריין. — אַזאַ יאָר אַף מיר, וואָס פאר אַ לאַנד עס איז אָט דאָס אַמעריטשקע. נו, אַמעריטשקע!

## קאַפּיטל 77

# צווישן כאַיעס.

דער אָרט, וואָס ראַזאַ ספּיוואַק האָט באשטעלט פאַר איר געליבטן ראַפּאַלעסקאָ, איז געווען דער פּארק פונם זאָאָלאָגישן גאָרטן, וואָס איז ווינטער נישט אזוי שטאַרק באזוכט ווי זומער, און מע קאָן דעריבער דאָרט גאָר פריי שפּאצירן און קימאַט מיט קיינעם זיך ניט באַגעגענען, אויסער מיט די כאַיעס, וואָס שטייען איינגעשפּאַרט אין זייערע שטייגן.

געקומען איז אונזער העלד צום אָפּגעשטעלטן פּלאַץ, נישט קוקנדיק אַף זיינע אָפּהאַלטענישן אינם דאָזיקן טאָג, דאָך מיט גוטע אָנדער־

האַלבן שאָ פריער פאר דער צייט. און וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין די אָנדערהאַלבן שאָ, שפּאַצירנדיק צווישן די כאַיעס, פון שטייג צו שטייג, האָט ער זיכער ניט איבערגעלעבט אין אלע זיינע יונגע יאָרן פון זיין נאווענאד זיין אף דער וועלט. די וויכטיקייט פון דעם מאָמענט, צו וועלכן ער שטרעבט יאָרן מיט יאָרן, איז שוין אליין געווען גענוג, אַז דאָס האַרץ זאָל אים קלאַפּן ווי א האַמער, און אליין זאָל ער ציטערן ווי אַ לולעוו. און דערצו זענען אים ארופגעקומען אַפן קאָפּ אַלערליי ווילדע מאכשאָוועס און מעשונעדיקע געדאַנקען, שוואַרצע, טרויעריקע געדאנקען, איינער טרויעריקער פונם אַנדערן: ווער ווייסט — האָט ער זיך געטראכט — אויב זי וועט גאָר קומען? און אז זי וועט קומען — ווער ווייסט, מיט וואָס זי וועט קומען? ווער ווייסט, וואָס עס טוט זיך בא איר מיט די „גאָלדענע קייטן”, אף וועלכע זי האָט אים אָנגעוואונקען אין איר בריוו? ווער ווייסט, וואָס בא איר האָט געקענט פאָרקומען אין דער לעצטער מינוט פאַר אַ טצענע מיט גרישאַ סטעלמאַך?... אַלצדינג, וואו נאָר עס איז פאַראַן ערגעץ אַן אומעטיקער געדאַנק, אַ פינצטערע מאַכשאָווע, איינגעהילט אין שוואַרצן, איז עס געקראָכן צו אים אין קאָפּ אַריין. און וויפל ער האָט ניט געטריבן פון זיך דידאָזיקע טונקעלע מאַכשאָוועס, און וויפל ער האָט זיך ניט געפלייסט בייצוקומען זיך, האָט זיך אים ניט איינגעגעבן, ער זאָל זיין רואיק. ער האָט געפילט, אַז עס טרעט איין אַ וויכטיקער מאָמענט, דער טאַמע וויכטיקסטער אין זיין לעבן, און נישט ווילנדיק האָט ער זיך פאַרטראכט אף דעם, וואָס ער האָט נאָר־וואָס אָפּגעאַרבעט מיט אָט דעם מוראַוועטשיקן — ווי אַזוי ער האָט אים נאָר־וואָס פאַרקויפט בעיאָדאַים די גאָט־די־נעשאָמע־שולדיקע זלאַטקע, איבערגעגעבן זי פון האַנט צו האַנט, ווי מע גיט איבער א זאך, א שקלאַף, אַ קנעכט. און צו וועמען? צו א מענטשן, וואָס ער קען אים ניט און ווייס אים ניט. און ווען? נאָכדעם ווי ער איז ערשט היינט אינדערפרי גרייט געווען לויפן צו דער אָרעמער זלאַטקע, פאַלן איר צו די פיס, שווערן איר, אז ער איז אירער, אירער אַף אייביק?! און עס דאכט זיך אים אויס, אז עמעצער שעפּטשעט אים אין אויער אַריין שטי־לערהייט: — קאַין! — קאַין! — קאַין!...

ראַפּאַלעסקאָ פאַרטיפט זיך נאָך ווייטער אין זאָאָלאָגישן גאָרטן, צווישן די כאַיעס. ער וואָלט וועלן וועלן אַנטלויפן פון זיך אליין—קאָן ער ניט. ער וואָלט וועלן אויסמעקן, אָפּווישן דאָס גאַנצע פאַרגאַנגענע פון זיין לעבן — קאָן ער ניט. אדעראַבע, עס ליגט אים פאַר די אויגן אזוי קלאָר און דייטלעך מיט אַלע זיינע גרויסע און קליינע פאַרברעכנס, מיט אלע זיינע אַר־טיסטישע שטרעבונגען און אידעאַלן, און ווי פון אַן אָפן בוך לייענט ער דעם סאַכאַקל, וואָס ער אַליין האָט זיך אונטערגעפירט: אלס מענטש איז

ער אַ פֿאַרברעכער, א קאַין, אַ קאַין!... אַלס אַרטיסט איז ער קליין און נישטיק, אַרומגערינגלט מיט קליינע מענטשעלעך, איינגעטונקען אין פֿאַלשע רעקלאַמעס, פֿון אויבן ביז אַראָפּ בלאָף און בלאָף!... אַסאַך וואַסערן וועלן נאָך אָפּלויפֿן, א סאַך קאָרבאָנעס וועלן אופגעבראַכט ווערן, אַסאַך מיזבייכעס וועלן כאָרעוו ווערן — און נאָך וועט ער שטיין, ווי איצט, אינדרויסן פֿון דער זײַט טיר פֿון יענעם הייליקן טעמפּל, וואוהין עס רייסט זיך פֿון קינדווייס אוף זיין יונגע, נאָר שוין צעוויטיקטע נעשאָמע... נאָר שאַ: ווער גייט עס?... ער דערפֿילט, ווי דאָס האַרץ האָט זיך אים אָפּגעשטעלט. די אויגן זענען געוואָרן ברייט און קיילעכיק, אָט־אָט שפּרינגען זיי אַרויס: ניט שוין־זשע? ניט שוין־שע? ער קוקט זיך איין נאָך שטאַרקער. אַקעגן אים שניידט זיך אַ מיטלמעסיקע פֿיגור פֿון א בילד־שיינע פֿרוי, וואָס ניט זי גייט, נאָר זי שוועבט, טראָגט זיך אין דער לופֿטן. ניט שוין־זשע איז דאָס „זי"?..

יאָ, דאָס איז געווען „זי".

— — — — — — — — — — — — — — —

עס האָט זיך נאָך ניט געטראָפֿן אף דער וועלט, אַז מיר זאָלן באַגעגענען אין אַ מענטשן דעם, וועלכן מיר האָבן ערוואַרטעט, און געפֿינען אין אים דאָס, וואָס מיר האָבן אַרויסגעקוקט צו געפֿינען. עס איז ניט געווען די, וועלכע ראַפּאַלעסקאָ האָט זיך פֿאָרגעשטעלט אין זיינע כאַלוימעס. עס איז ניט געווען די רייזל, וועלכע ער האָט זיך געמאָלט אין זיין פֿאַנטאַזיע. א גאַנץ אַנדערע האָט ער פֿאַר זיך דערזעען. זי האָט אים אויסגעוויזן אסאך גרעסער און אסאַך עלטער און אנדערש, אַנדערש, אַנדערש, ווי ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט. צו ערנסט, צו שטריינג און צו קאַלט האָט זי זיך אויסגעוויזן אין דער ערשטער מינוט, וואָס ער האָט זי דערזעען. נאָר די אויגן זענען געווען דיזעלבע מאַט־שוואַרצע פֿייעריקע ציגיינער־אויגן.

אויך ער האָט אויסגעזעען אין אירע אויגן נישט דער ראַפּאַלעסקאָ, וואָס זי האָט זיך פֿאָרגעשטעלט אין אירע כאַלוימעס, און נישט דער לייבל, דעם נאָגידס אינגל, וועלכער איז פֿאַרבליבן באַ איר אין זיקאָרן פּונם ביידער. אינגאַנצן, אינגאַנצן פֿאַרענדערט. נישט פֿאַרענדערט האָבן זיך נאָר זיינען אויגן, זיינע גוטע בלויע מילדע אויגן. א מינוט זענען זיי אַזוי געשטאַנען איינס אקעגן דאָס אַנדערע, אָן א וואָרט אויסצורעדן און נישט צו רירן מיט אן אייווער. עס האָט אויסגעזעען, אזביידע לייענען אַף זייערע געזיכטער דאָס גאַנצע פֿארגאנגענע, אַז ביידע ווילן געפֿינען אין זייערע אויגן די געשיכטע פֿון זייער יוגנט, וואָס איז אוועקגעגאנגען פֿאַר זיי אזוי נישט פֿריילעך, אין דער פֿרעמד, אין זייער גרויסן נאָווענאַד זיין אַף דער וועלט. דאָס אַלעס האָט אָבער מער

ניט גענומען ווי א מינוט, באַלד האָט זיך באוויזן אף איר פּאָנים א שמייכל, דאָס ערשטע שמייכל, און ער האָט דערפילט, אז זיין האַרץ האָט אַ צאַפּל געטון און עס האָט אים אַ צי געגעבן צו איר ווי א מאגנעט.

* *
*

דער טאָג איז שוין לאנג אויסגעלאָשן. די זון — אונטערגעגאַנגען. אפן הימל שעמערירן שטערן. די לעוואָנע איז אַרויסגעשוואומען. אונזערעביידע יונגע העלדן, לייבל ראַפּאַלעסקאָ און רייזל כּפּיוואַק, זיצן נאָך אַלץ און רעדן. זיי דערמאַנען האָלענעשטי, דאָס אידישע טעאַטער, „גאָטס גאַס“, די סריינפּע. די בלאָנזנדע שטערן...

# עפּילאָג

## ב ר י װ

### 1

## פון מײער סטעלמאַך צו זײַן גוטן פרײַנט.

„... אָט אַזוי איז דאָס, ברודער, פרעגט נישט קײן קאַשעס. ס'איז, ווי זאָגט ער, א וועלט מיט וועלטעלעך. נאָר גאָרניט. נעכײַבי וואָלטן זיי זיך צעגאַנגען און אַן עק. עס מאַכט זיך, א שידעך ווערט אויס שידעך — וואָס זאָל מען טון? איז ניין. אי אויס שידעך, אי גוטע פרײַנט איז מען. נאָר ווי אַזוי מײנט איר גוטע פרײַנט? גוטע פרײַנט צו גוטע פרײַנט איז ניט גלײַך. מע שרײַבט זיך בריוולעך אײנס דאָס אַנדערע אלע וואָך. און נישט נאָר מיט ראָזען אַלײן. מיט אים, מיט איר לאַנדסמאַן, שרײַבט ער זיך איבער, מיט דעם ראַפּאַלעסקאָ, הײסט עס. פון זינט די צוויי האָבן זיך דערקענט, מײַן גרישאַ מיט דעם ראַפּאַלעסקאָ, איז מען געוואָרן אײנס צום אַנדערן צוגעוואָטן, נעפּעש אַכאַס, און מע האַלט אײנס פאַרן אַנדערן אָן אוילעם אומלויע, אַז מע שמועסט „ליובאָוו" — איז דאָך ניט שאַיעך! נו, וואָס זאָגט איר דערוף? וואָלט נאָך געווען דאָס אַלײן, איז אויך גאָרניט. ווי זאָגט איר, אַז דיר איז ליב, איז מיר ניכע. איז אָבער דער ביזאָיען פאַר לײַטן. און ווער איז שולדיק, אז ניט איך אַלײן? וואָרום איך זאָל זיי ניט געווען ברײַנגען דעמאָלט אין אידישן טעאַטער אַף דעם ראַפּאַלעסקאָס בענעפיס, וואָלט דאָך גאָרניט געווען... און נאָך אַלעמען דאַרף מען אָנעמען א פולן מויל מיט וואַסער — און פּאַסעך שין שאַ! איר וואָלט הערן, וואָס פאַר א פּליאָטקעס עס טראָגן זיך איבער דער וועלט. מע זאָגט, אַז צווישן ראָזען מיט אָט דעם כעווֹרעמאַן ראַפּאַלעסקאָ איז אַן אַלטע געשיכטע, א פאַרליבעניש פון ווײס איך ווען אָן, נאָך פון די קינדער־יאָרן, און הײַנט־מאָרגן שטעלט מען כופּע... דערצײל איך דאָס מײַן גרישען, לאַכט ער: „נאַרישקײטן, זאָגט ער, ראָזאַ וועט ניט כאַסענע האָבן פאַר ראַפּאַלעסקאָן קײנמאָל ניט, איר הערט? קײנמאָל

ניט!" היינט גיי דערגיי א טאָלק. און דאָ הערט מען זיך אָן אַזעלכע מעמרעס און דיבורים, וואָס מע קאָן כאַלעשן. געווג ס'איז ביטער אפן האַרצן, קומען זיי צו גיין און זאַלצן אף די וואונדן! הערט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן, ליבער פריינט? אידן זענען א קליינע אומע, נאָר א פּאַסקודנע!... און אז איר וועט מיר שרייבן, זאָלט איר מיר שרייבן קיין לאָנדאָן, ווי איר האָט מיר געשריבן ביז אַהער, און האָט קיין פּאַריבל ניט, וואָס איך האָב אייך אָנגעדולט א קאָפּ. מע רעדט זיך אויס דאָס האַרץ פאר א גוטן פריינט, מיינט מען, ס'וועט ווערן גרינגער.

פון מיר אייער פריינט, וואָס איז צעדרייט און צעפלאָכטן און אָנגעדרודלט אף דער גאַנצער וועלט

מייער סטעלמאַך"

2

## פון שאָלעם-מייער מוראַווטשיק צו אַלבערט שטשופּאַק.

„... אָט דאָ האָסטו דיר דיין פּיפּצעריק עך האָב דעך אין דער ערד מיט די ביינער עך בין באָריך אַשעם אימשטאַנד אַצינדערט אַליין דיר אויסלייען א פּיפּצעריק אויב דו באַדאַרפסט האָבן געלט און עך שרייב דיר אז דיין כאַזנס מיידל איז פין זינען פאר גרויס ראָשקעס האָט זי זעך באוואָרנט מיט צוויי כאַסאַנעם און ווייט ניט פאַר וועמען זאָל זי פריער כאַסענע האָבן זי זאָל מעך פאָלגן וואָלט זי באַדאַרפט שטעלן כיפּע מיט ביידע וואָרום אָט דער גרישאַ סטעלמאַך איז אָנגעשטיפּט מיט געלט אין דער צווייטער כאָסן האָב עך דיר שוין געשריבן איז אָט אַיענער יאַט פון האָלענעשטי ראַפּאַלאָוויטש וואָס אַצינד הייסט ער מיטן הייליקן נאָמען ראַפּאַלעסקע און איז שטאַרק אין די פּעדערן וואָרום די איינגעלענדער האָבן אים איבערגעכמאַליעט צו זיך און באַשיטן אים מיט רענדלעך פון קאָפּ ביז פיס און עך שרייב דיר אַז עך האָב נאָך ליסאַטע קיין שום געשעפט עך קוק נאָך אַ טעאַטערל דאָס הייסט ניט קיין טעאַטערל נאָר א וואָדעוויל הייזל ס'זאָל זעך מאַכן אין גלייכן געלט וואָלט עך אָפּדינגען און וואָלט געמאַכט גוטע ביזנעס כאָטש דאָס אידישע טעאַטער דאַרף עך דיר זאָגן גאַנץ אָפּגעלעך איז דאָ אין אַמעריטשקע אַביסל קאַלי געוואָרן מע האָט שוין גאָר אָנגעהויבן אַראָפּברייגען פון בערלין די בעסטע דייטשע אַקטיאָרן און מע צאָלט זיי אין טאָג אַריין אַמעריטשקע גאַנעוו אַ קלאָג צו קאָלאָמבעסן נאָר ביז עפּעס וואָס מיין עך אַז מע קאָן נאָך מיט דיין קאָל מעקאַדעש אויסנעמען אין אַמעריטשקע בעכיין שרייב

עך דיר אַלבערט אויבֿ דו ווילסט טו אַ שפּיי אף ריסנלאַנד און קום צו פֿאָרן וועלן מיר מאַכן שיטפּעס און אַז ניט ליג אין דער ערד און באַק בייגל מיט אַכטענקספאָל

שאָלעם־מייער מוראַווטשיק".

„איקער שאָקאַכטי אָקערשט בין עך געוואָרגעוואָרן א נייס וואָס אז דו הערסט עס נעמסטע איין די קאַפּאָרע באַלד אפן אָרט הער א מאַנסע געדיינקסט דאָך אונזער האָצמאַכן וואָס עך האָבֿ דיר שוין גע־שריבן פון לאָנדאָן איז ער זעך מעיאַשעוו האָצמאַך הייסט עס און מאַכט א שטאַרבֿ באָרעך דיין צימעס און לאָזט איבער א שוועסטערל זלאַטקע הייסט זי א מיידל א צאַצקע כאָטש מיט א כעסאָרן עך האָבֿ זי טאַקע שטאַרק אין זינען געהאַט שירשיר ניט געוואָרן כאָסן קאַלע לאָזט זיך אָבער אויס אַ מאַנסע אַז זי האָט גאָר כאַסענע ווי מע דערציילט טרעף פאַר ווערמען זאָלסט זיין מיט צען קעפּ וועסטע א מאַקע טרעפן טאַקע פאַר אָט אַיענעם כעוורעמאַן ראַפאַלעסקע אימאַך שעמוי זאָל ער ווערן און ווער מיינסטע לייגט אַזוי אַן די וועלט פאַר איר אַלץ זי טאַקע רייזל מיין איך דיין כאַזנס מיידל די מעשיגענע גאָט זאָל מיר אזוי געבן גליק און האַצלאָכע גיי ריכט זיך גאָר אף אַזא שלאַק נו זאָג אליין דארפסטע זיך ניט באַגראָבן דאָרטן ווי קייראַך ניין איילן אין דער ערד ווי עס ווינטשט דיר פון טיפן הערצן מיט אַכטענקספאָל

שאָלעם־מייער מוראַווטשיק"

3

## פֿון ברײנדעלע קאָזאַק צו הענריעטאַ שוואַלבֿ.

„... און שרייבט מיר ארויס, נעשאָמעניו, אַלצדינג, ווי גייט עס אייך דאָרט אין דעם נייעם אָרט, אין יאָהאַניסבערג? איך האָף, אַז איר זענט אָל־רייט, וואָרום וואָס גייט אייך אָפּ, קיין ביין אויג? אַלע זאָגן, אַז ער איז א פילפאַכער מיליאָנער און אַז ער האָט אייך געקויפט אזוי פיל דיי־מאַנטס מיט ברילִיאַנטן, אַז נאָר א ראָקעפעלער קען זיך פאַרגינען אַזויפיל צו קויפן. איר קאָנט אייך גאָרניט פאָרשטעלן, ווי אַזוי דאָס האָט מיך געפרייט. וואָרום ווער ווייסט נאָך אזויפיל, ווי איך, ווי אַזוי איר האָט זיך נעבעך געפּלאָגט דאָס גאַנצע לעבן בא אייערע ברידער. און אַפילע די לעצטע צייט, אַז איר האָט שוין אָנגעהויבן פאַרדינען שיין געלט און מאַכן אַ לעבן, האָבן זיי אייך אויסגעקאָכט דאָס וואַסער, איינער מיט

גוטן, דער אַנדערער מיט ביין. איך וויל אַף זיי קיין שלעכטס ניט רעדן, זיי זענען דאָך אייערע ברידער. נאָר, כ׳לעבן, זיי זענען ניט ווערט אייער מינדסט פינגערל. איך דאַרף אייך ניט כאַנפענען און וויל זיי ניט שימפּן, נאָר, כ׳לעבן, זיי מעגןביידע זיין די קאַפּאָרע פאַר אייער מינדסטן נאָגל. און ווער שמועסט אייער ניסל מיט זיינע זיסע ריידעלעך און מיט זיינע שוואועס. גאָט מעג זיך מיט אים רעכענען, ווי אָרנטלעך און לייטיש ער האָט זיך מיט מיר באַגאַנגען, אַזאַ יאָר אַף אַלע מאַנסבילן, ריבוינע שעל אוילעם, און אַזאַ מאַזל אַף אים אַליין. מאָלט אייך, ער האָט דאָס זייניקע. ס׳איז א סוואָרע, אַז ער ווערט אויסגעריסן אַף זיינע יאָר און טעג, איך מיין טאַקע אייער ברודער ניסל. זינט די קאָמונע איז זיך צעקראָכן, האָט ער שוין איבערגעדינט אַלע אַוואוידע־זאָרעס, דורכגעפאַלן מיט אַלע זיינע קאָמבינאַציעס. איצט האָט ער אַ נייע קאָמבינאַציע. ער האָט דערטאַפּט ערגעץ אַ אידן מיט אַ מאָדעל פון בייסאַמיקדעש, געמאַכט פון פּאַפּיר, און קלעפּט אַפּישן איבער גאַנץ ניו־יאָרק, און וועט מיסטאָמע באַגראָבן ווערן מיט דער קאָמבינאַציע, גלייך ווי מיט אַלע קאָמבינאַציעס. גאָט מעג אים צאָלן פאַר אייך און פאַר מיר און פאַר קאָל איסראָעל. אייער ברודער איזאַק איז שוין אַ גאָלד אַקעגן אים, אָבוואָל דער רועך האָט אים אויך ניט גענומען. אויך א גוטע נעשאָמע. וואָס דער ־עדט אויס אַף אייך, זאָל עס נאָר פאַלן אין יאָם אַריין. ער זאָגט, אַז איר האָט איינ׳ אַליין פאַרקויפט פאַר געלט און אַז אייער מאַן האַנדלט מיט... איך וויל גאָר ניט נאָכזאָגן זיינע ווערטער. און אַלץ איבער וואָס? איבערן וויסטן דאָלאַר. איך וואָלט אייך געראַטי, איר זאָלט אים פאַרשטופּן דאָס מויל מיט א פּאָר דאָלאַר. ער מעג זיך אויסציען דאָ אין מיטן גאַס, וועט אים קיינער ניט העלפן. ווער וועט זיך אַף אים אַרומקוקן? דער „לאָמזשער סאָלאָוויי״? ווי לאַנג קריינקט זי, די כאַזנטע זיינע מיט אירע רויטע האָר! זי האָט שוין אַראָפּגעוואָרפן דעם געלן פּאַרוק און איז געוואָרן א גאַנצע מיסעס. א קלייניקייט! אירע קינדער, זאָגט מען, שאַרן דאָ גאָלד מיט לאָפּעטעס. א מעדינע ווי אַ קאַדאָכעס: ווערמען עס כאַפּט אָן. גיי רעכט זיך, אז אַ לאָמזשער כאַזן וועט קומען צופאָרן אַהער מיט א כאַליאַסטרע פּיקערס, וועט מען אים אָפּגילטן. און יוישער האָט אין זיך אָט דער כאַזן אַקוראַט אַזוי־ויל, וויפל א רוסישער קאָזאַק. אייערע ברידער זאָלן זיך פאַר אים אויסציען, וועט ער זיי אַ סענט ניט געבן. וואָס דאַרפט איר מער? מיסטער קלאַמער, וואָס האָט זיך אויסגעבראַכט אַף אים מיט דער מישפּאָכע, ביז ער האָט זיי אַראָפּגעבראַכט און צונויפגעשטעלט די קאָמונע, איצט האָט ער קאַם געקראָגן אַף הויצאָעס אַוועקצופאָרן צוריק קיין לאָנדאָן. און ווייסט איר, ווער עס האָט אים אויסגעליען די פּאָר דאָלאַר? אַז איר וועט זיין מיט

אַכצן קעפּ, וועט איר אויך ניט טרעפן.—דאַווקע אָט דער שלימאַזל, מוראַוועטשיק, וואָס האָט צונויפגעפּירט דאָס טייערע פּאָרל, אייער געוועזענעם כאָסן מיט דער זינגערן, וואָס האָט אַצינד פאַריסן די נאָז, אַ שרעק! מיטן ערשטן כאָסן, מיט סטעלמאַכן, איז זי זיך שוין, דאַנקען גאָט, צעגאַנגען, און נאָך מיט א גרויסן סקאַנדאַל דערצו. דער אַלטער סטעלמאַך, זאָגט מען, האָט געוואָלט זיך לאָדן מיט איר, האָט אָבער דער זון נישט דערלאָזט. מײַנע צאָרעס אַף זייער קאָפּ! אַף וויפל דאָ איז עמעס—ווייס איך ניט. אַזוי האָב איך געהערט דערציילן. וואָס איך האָב געקויפט—דאָס פאַרקויף איך. צוקאָפּנס בין איך ניט געשטאַנען... און מיט יענעם, מיט אייערן, הייסט עס, איז זי זיך שוין אויך צעגאַנגען, און, ווי מע זאָגט, אַף אייביק. די ביידע האָבן זיך, זאָגט מען, שטאַרק צעווערטלט, און טרעפט איבער וועמען? איבער זלאַטקען טאַקע, איבער האָלצמאַנס שוועסטערל. דעם עמעס געזאָגט, האָב איך דאָ ניט וויניק מיטגעהאָלפן. איך האָב איר אָנגעשריבן אַ בריוו, גאַנץ אָפנטלעך אויסגעלייגט פאַר איר דעם עמעס, אויסגעשריבן אַלצדינג, וואָס מיר איז געלונגען אַרויסצובאַקומען פון אָט דעם אַפעריסט מוראַוועטשיק וועגן ראַפאַלעסקאָס ראָמאַן מיט האָלצמאַנס שוועסטערל, און כאָטש איך האָב ניט געהאַט די זכיה, זי זאָל מיך צולאָזן צו זיך, פונדעסטוועגן ווייס איך אַלצדינג, וואָס דאָרט קאָכט זיך... איך ווייס, צום ביישפּיל, אַז ראָזע אַליין מיט איר אייגענעם קאָוועד איז געווען מיט א באַזוך בא האָלצמאַנס שוועסטער זלאַטקען און האָט שטאַרק אָנגעקוואָלן פונם קאָשערן קינד, וואָס יענע האָט געהאַט פון ראַפאַלעסקאָן... ווייטער ווייס איך, אַז ראַפאַלעסקאָ איז אַריינגעטראָטן אין איינעם פון די גרעסטע היגע איינגלישע טעאַטערס, נאָר מיסטער ניקעל, וואָס האָט מיט אים א קאָנטראַקט אַפן גאַנצן סעזאָן, האָט געפאָדערט אַזאַ גרויסע סומע, אַז אַפילע ראַפאַלעסקאָ, וואָס פאַרשטייט אַזוי אין געלט, פונקט ווי איך אין בריליאַנטן, האָט שיר דעם שלאַק ניט באַקומען. נאָר דאָ איז ווידער אויסגעוואַקסן ראָזע און האָט געזאָגט, אז זי נעמט דאָס אַף זיך. ווי געפעלט אייך אַזאַ מאַיסע? אַף וויפל דאָ איז עמעס—ווייס איך ניט. וואָס איך האָב געקויפט—דאָס פאַרקויף איך. צוקאָפּנס בין איך ניט געשטאַנען... נאָר איר דאַרפט זיי ניט מעקאַנע זיין, ליובעניו, כ'לעבן, איר האָט זיי אַלעמען אין דער ערד. גאָט האָט אייך געהאָלפן, איר זענט רייכער פון זיי און איר פאַרמאָגט מער שמוק פון איר, און דרעסעס האָט איר אויך שענערע פון איר, און בייַנקען נאָך דער בינע דאַרפט איר אויך ניט, ס'איז — האָט מיר קיין פאַריבל ניט—אַ נאַרישקייט פון אייך, וואָס איר בייַנקט אזוי נאָך דער סצענע. איר זעט לעבט בעכער א גוטן טאָג אין אוישער און אין קאָוועד און טוט אייך אָן וואוילטאָג און פאַרגעניגנס און פאַרגעסט ניט, נעשאָ־

מעניו, אייער מישפּאָכע, איך מיין טאַקע די ברידער אייערע, אָבוואָל זיי האָבן עס בא אייך ניט פאַרדינט און באַ מיר אַוואַדע ניט, איך זאָל מיך אָנעמען זייער קריוודע. נאָר כאָפּט זיי דער גוטער יאָר. איידער זיי זאָלן דאַרפן אָנקומען צו פרעמדע, איז גלייכער, איר זאָלט עס ניט דערלאָזן. און פאַרגעסט ניט, האַרצעניו, אויך אייער פריינדן, וואָס איז אייך איבער־געגעבן מיט לייב און לעבן. שרייבט מיר אַריין אַמאָל א בריוול, און וואָס איר וועט דאַרפן, וועל איך אייך אויספּאָלגן. און טאָמער וועט זיך געפינען בא אייך עפּעס א רעכטער דזשאַב פאַר מיר, שרייבט מיר, וועל איך קומען צו פאָרן צו אייך קיין יאָהאַניסבערג, אָבוואָל ס׳איז אַזוי ווייט ווי אַף יענער וועלט, וואָרום עס האָט זיך מיר שוין צוגעגעסן דאָס לאַנד פון קאָלומבוסן מיט די מענטשן און איבערהויפּט אונזערע אַקטיאָרן, ס׳זאָל אף זיי קומען א מאַגייפע אף אַלעמען אין איין טאָג, קיין סאָריד אופּאָליט זאָל פון זיי ניט בלייבן. אָמיין. אָמיין. אָמיין.

איך שיק אייך איבער 1000 קושן.

אייער איבערגעבנסטע פריינדן

בריינע טשערניאַק.״

4

## פון לייע די כאזנטע צו איר טאָכטער.

„...און זיי וויסן, מיין קינד, אז איך קוק שוין אַרויס אַף דיר, ווי דו שרייבסט מיר, אַז דו קומסט צו פאָרן קיין האָלענעשטי צו גאַסט. וואָרום ווען ניט דאָס, וואָלט איך שוין לאַנג פאַרקויפט די דירע. וואָס דארף איך, איין מענטש אַליין, אַזאַ דירע מיט קיין איינאָרע אַזויפיל כאַדאָרים? נאָר טאָמער מיינסטו, אַז ס׳איז דאָ וועמען צו פאַרקויפן די דירע — האָסטו א טאָעס. ווער באַדאַרף אַזאַ דירע מיט קיין איינאָרע אַזויפיל כאַדאָרים אין האָלענעשטי? אַ שטאָט פון סאַמע, משטיינס־גע־זאָגט, קאַבצאָנים. אניאים ועוויונים, ניטאָ באַ קיינעם קיין געלט. און ווער עס האָט געהאַט אביסל געלט, דער איז אַרויסגעפאָרן קיין אַמעריקע. איין שטיקל האָפענונג איז אף העגעך דעם וויינשיינקערס איידעם. א נייער נאָגיד אין האָלענעשטי. ער האָט שטאַרק כיישעק צו דער דירע, נאָר ער האָט מוירע אַרויסצוגעבן זיך פאַר אַ קוינע, איך זאָל כאָלילע ניט וועלן צו טייער. און איך וויל ניט אַרויסבאַווייזן, אז איך פאַרקויף די דירע, ער זאָל ניט וועלן האַנדלען קיין מעציע. דערווייל בין איך גע־בליבן שטעקן ניט אַהין ניט אהער, און איך קוק שוין אַרויס אף דיר,

מײַן טײַערע טאָכטער, דו זאָלסט שוין קומען צו פֿאָרן און זאָלסט מיך שוין דערפֿרײען עפּעס מיט אַ רעכטן כאָסן, אַזאַ, וואָס שטײט דיר אָן, ניט ווי יענער, דער קלעזמער, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפֿן פֿאַר די רײד. איך האָב צו אים כאָלילע גאָרניט, נאָר פֿאַר איסראָלי דעם כאַזנס טאָכטער איז ער ניט קײן גלײַכן. זאָל אים דער אײבערשטער צושיקן זײַן באַשערטע ערגעץ אַנדערש, און דיר וועט ער מיסטאַמע מויכל זײַן, וואָס דו האָסט געבראָכן דאָס וואָרט, כאָטש בײַ אונז איז דאָס פֿאַרעכנט פֿאַר א גרויסע אַווײרע. און דאָס, וואָס דו שרײַבסט מיר וועגן אונזער לײבלען, דעם נאָגיד ראַפּאַלאָוויטשעס זון, אַז ער איז גליקלעך און גערימט, איז דאָס בײַ מיר אַוואַדע אָנגעלײגט, וואָרום די איבעריקע זײַנע שוועסטער און ברידער האָבן נעבעך גאָר קײן גליק ניט. אַ טעל געוואָרן פֿון דער גאַנצער מישפּאָכע. קינדער צעזײט און צעשפּרײט אַף אַלע זיבן יאַמים, מע ווײס גאָרניט, וואו זײער געבײן איז אַהינגעקומען. אײן אַנשל האַלט זיך עפּעס נאָך. ער קומט אַמאָל צו פֿאָרן, איך זאָל אים באַהילפֿיק זײַן, האַלט איך אים אונטער ווי ווײט מעגלעך. נאָר א לעכעריקן זאַק איז דען מעגלעך אָנצושטאָפּן? און דערצו איז ער אַן אויסברײַנגער, זעט אויס, און אַ פּאָנים האָט ער אַ מעגושעמדיקס, וואו איך האָב ערגעץ אַ סוינע! בײלקע אָלע האַשאָלעם זאָל אופשטײן פֿון קײווער און אַ קוק טון, וואָס עס איז געוואָרן פֿון איר שטוב און פֿון אירע קינדער און פֿון איר מאַן, משטײנס־געזאָגט! ער איז נעבעך גאָר אינגאַנצן גערירט און געפֿינט זיך ערגעץ אין אַ העקדעש אָדער אין באָלניצע, און קוקט ארויס, ביז דער גענײדעם, „סאָסן־ווערסימכע", וועט אַמאָל קומען צו פֿאָרן מיט אַ פֿונט טײ און מיט א היטל צוקער. אַז אָך און ווײ די יאָרן, אַף וואָס בעני ראַפּאַלאָוויטש איז איבערגעקומען, אַז דער קאַסירער איז זײַן גאַנײדעם און זײַן ברויטגעבער! ער קומט אַמאָל צו פֿאָרן צו מיר אויך, אָט דער „סאָסן־ווערסימכע", זיצט אָפּ א גאַנצן טאָג מיט אַ גאַנצער נאַכט און רעדט און רעדט. אַ איד אַ נודניק, גאָט זאָל ניט שטראָפֿן פֿאר די רײד! און די אַלטע באָבע זײערע די בלינדע, זאָלסט אָנקוקן, לעבט נאָך. אפּאָנים, אַז דער ריבוינע שעל אוילעם האָט גאָר פֿאַרגעסן אין איר. משטײנס־געזאָגט, ווער עס לעבט אַף דער וועלט! ווי מיר זאָגן אינם אונסאַנע טויקעף: „ווער עס לעבט און ווער עס ליגט אין דער ערד". וואָלט דען ניט גלײַכער געווען צען טויזנט מאָל, אַז דײַן טאַטע אָלאָוו האַשאָלעם זאָל איצט לעבן און זײַן מיט מיר, ניט איך זאָל מיך אַרומדרײען אײן מענטש אַלײן איבער קײן אײנאָרע אַזוי־פֿיל כאַדאָרים? נאָר גײ פֿרעג גאָט אַ קאַשע. לעמאַי יעכיעל דעם קלעזמער — געדײנקסטו? איז ער זיך מעיאַשעוו ערשט יענע וואָך און נעמט און שטאַרבט אַוועק. נאָך גאָר אַ יונגערמאַן געווען, אָט איז הענעך

װײַנשײנקער אויך אַװעקגעשטאָרבן, איז כאָטש ניט אַזאַ פּאַרדראָס — א איד א זאָקן און אַ נאָגיד. ער האָט דאָס געהאַט אַ לעװאַיע עפּעס טאַקע נאָר װי אַ גוטער איד! טאָמער װײסטו, פֿאַר װאָסערע מאַיסים טױװים? מײלע, אַז דײַן טאַטע אָלאָװ האַשאָלעם האָט געהאַט אַ שײנע לעװאַיע — פֿאַרשטײט מען נאָך. אָבער העניעך װײַנשײנקער! װאָס איז מיט אים די געדולע? פֿאַרװאָס קומט דאָס אים? באַשער ער איז א נאָגיד, קומט אים מע זאָל אים כאַנפּענען נאָכן טויט? נאָר גאָרניט. איך פֿאַרגין אים דעם קאָװעד און רעד נישט כאָלילע קײן לאָשן האָרע. ער האָט נעבעך געלאָזט אַן אַלמאָנע מיט פֿיר קינדער, כאָטש אַפּילע מיט אַ גוט געשעפֿט און מיט אַ סאַך געלט, נאָר פּאָרט יעסוימים. קײן טאַטן װעלן זײ שוין ניט האָבן. װאָס די ערד דעקט צו, איז פֿאַרפֿאַלן. אַ קלאַפּ מיט דער לאָפּעטע און אַ גוטן טאָג. אַסאַך ערגער איז נעבעך דער קלעזמערקע. זי איז יאָ געבליבן װי אַפֿן װאַסער. זי האָט ניט מיט װאָס אַ טאָג איבערצוקומען. מאַכט מען איר פֿון דער שטאָט. איך האָב אויך געגעבן װיפֿל איך האָב געקענט, האָבן זיך די גאַבאָים נאָך געקנײטשט. ס׳איז װינציקלעך, זאָגן זײ. איר זענט, זאָגן זײ, בײַ אונז הײנט קײן אײנאָרע אַ גװירנטע. איר האָט, זאָגן זײ, קײן אײנאָרע, אַזאַ טאָכטער און זיצט, זאָגן זײ, אין אַזאַ דירע, מיט קײן אײנאָרע אַזױפֿיל כאַדאָרים. הײנט גײ רעד מיט זײ, אַז מיר איז דאָס גאָר אינגאַנצן איבער דער טעװע — די דירע מיט די כאַדאָרים מיטן טאַרעראַם. דער אײבערשטער זאָל מיר העלפֿן, איך זאָל שוין דערלעבן, דו זאָלסט טאַקע קומען געזונטערהײט, װאָלט איך מיך אַן אײַצע געהאַלטן מיט דיר מעקויעך דער דירע, צו װאָס דאַרף איך אַזאַ דירע, אײן מענטש אַלײן מיט קײן אײנאָרע אַזױפֿיל כאַדאָרים? דו מײנסט, נאָר איך זאָג עס? אַלע זאָגן עס בײַ אונז. און אַלע קוקן שוין אַרױס אַף דיר, זאָלסט קומען. גאַנץ האָלענעשטי. אַפּילע נעכע די אַלמאָנע מיט אירע שװעסטערלעך (נאָך האָבן זײ ניט כאַסענע געהאַט, א מאַקע זײ!). זײ פֿרעגן זיך נאָך בײַ מיר אַלעמאָל: „זאָלט איר געזונט זײַן, לײַעניו, װען קומט שוין אײַער רײַזל?‟ פֿאַרשטאָכענע אויגן. זי האָט שוין גאָר פֿאַרגעסן די ביזױנעס, װאָס איך האָב דורך איר געהאַט, ניט הײַנט געדאַכט, זעמאָלט, װען דו ביסט פֿאַרפֿאַלן געװאָרן און מע האָט מיך געשלעפּט צום פּריסטאַװ, אימאַך שמוי װעזיכרוי — ער איז שוין לאַנג אַף דער װעלט נישטאָ. און זײ מיר געזונט מײַן קינד. און שרײַב מיר, צי ס׳איז עמעס, אַז דו קלײַבסט זיך, אימירצעשעם, נאָך אַ מאָל קײן אַמעריקע? מיר געפֿעלט ניט דער פּלאַן. דאָס לאַנד איז טאַקע נישקאָשע פֿון אַ לאַנד און די מענטשן זענען טאַקע נישקאָשעדיקע מענטשן, נאָר דאָס לאָשן זײערס געפֿעלט מיר ניט. אַז „טשיקען‟ איז אַן אָף און „קיטשען‟ איז אַ קעך און „רעװערינט‟ איז אַ

שויכעט, הײנט וואָס איז דאָס פאַר א לעבן? נאָר קום צו פאָרן מיט גאָטס הילף פריער קײן האָלענעשטי, וועלן מיר שוין איבערעדן פון אַלצדינג. דערווײל לאָזט דיר גערימן גאַנץ האָלענעשטי, און כאַים שאַיעס זונדל, נאָכעם, דער, וואָס שרײבט דעמדאָזיקן בריוו, שיקט דיר אַ באַזונדערן גערוס.

דײַן מאַמע, וואָס בעט גאָט פאַר דיר אַלעמאָל, באַטאָג און באַנאַכט.

לײע ספּיוואַק".

5

## פון ראָזא ספּיוואַק צו מאַרטשעלאַ עמבריך.

מוטערכען! ווי איר זעט, בין איך ווידער אין אײראָפּע. די בלאָנזנדע שטערן, וואָס האָבן זיך, ווי איר ווײסט, אַזאַ לאַנגע צײט געטראָגן אײנס קעגן דאָס אנדערע און נישט געקאָנט זיך צוזאמענטרעפן, האָבן זיך ענדלעך באַגעגנט, דאָס איז געווען אין אַמעריקע. אָבער נאָר באַגעגנט זיך — נישט מער! צוזאַמענקומען, ווערן אײנס — דאָס וועט קײנמאָל ניט זײן, קײנמאָל ניט. ווער איז שולדיק אין דעם: איך אָדער ער? — דאָס ווײס איך ניט. מעגלעך, אַז מיר בײדע. בײדע האָבן מיר געמאַכט אין אונזער לעבן ניט ווײניק פעלערן, כאָטש געלעבט האָבן מיר ווײניק, גאָר ווײניק... שפּעט, צו שפּעט, האָבן זיך באַגעגנט די בלאָנזנדע שטערן. נײן, מוטערכען. אפּאָנים, אז קײן גליק איז גאָר ניטאָ אַף דער ערד. עס איז נאָר פאַראַן דאָס שטרעבן צום גליק. דאָס גליק אַלײן אָבער איז נישט מער ווי אַ כאָלעם, אַ דימיען, ניטאָ אויך קײן ליבע, נאָר אַ פאָרשטעלונג פון איר, אַ אידעאַל, וואָס מיר אַלײן שאַפן אים אין אונזער פאַנטאַזיע. די ליבע איז נישט מער ווי אַ כאָלעם. אָ, מוטערכען. צו שפּעט האָבן זיך באַגעגנט די בלאָנזנדע שטערן. און אָט בין איך ווידער אײנע אַלײן, אָט טראָג איך מיך ווידער אום אין אַ רויך פון רום און ערפאָלג, אָט פיר איך ווידער אַ ציגײנעריש נאָווענאַד־לעבן. און לאַנג, לאַנג נאָך איז מיר, אַפּאָנים, באַשערט צו פירן דאָסדאָזיקע נאָווענאַד־לעבן... שרײבט מיר, מוטערכען, נאָר טרײסט מיך ניט, באַדויערט מיך ניט און רעדט מיך ניט אײן, איך זאָל אַנדערש ווערן. אַזוי איז געווען ביז אהער און אַזוי וועט זײן אויך ווײטער.

אײער אײביק פאַרשײטע נאָווענאַדנע ציגײנערן

ראָזאַ".

# דער טייטש פון די איינגלישע ווערטער, וואָס געפינען זיך אין בוך *)

אגרימענט — קאָנטראַקט.
אַדווערטייזמענט — אנאָנס, רעקלאַמע.
אַי בעג יור פּאַרדען — איך בעט איבער אייער קאָוועד.
אַי עם — איך בין.
אייז-קרים — געפרוירענעס, מאָראָזשענע.
איינגליש ספּאָקן — איינגליש ריידן.
איסט בראָדוויי — א אידישע גאַס אין ניו-יאָרק.
אָל-רייט! — זייער גוט! רעכט!
אַפּאַרטאַמענט — אַ דירע.
אפּוינטמענט — א טרעפעניש.
אַפּ-טאַון — דער הויכער טייל שטאָט ניו-יאָרק.
אַפּלויז — אַפּלאָדיסמענטן, בראַוואָ-פּאַטשעריי.
אָשער — טעאַטער-באַדינער.

באַדערן — דולן א מויעך.
באָי — אינגל.
באָס — אייגנטימער, באַלעבאָס.
באָקס — לאָזשע.
באַרבער — שערער, פּאַריקמאַכער.
באַרבער-שאָפּ — פּאַריקמאַכער-שטוב.
באַרעל — קעסטל.
בוטשער — קאַצעוו.
ביזי — באַשעפטיקט.
ביזנעס — געשעפט.
בייסיקל — וועלאָסיפּעד.
בייסמענט — קעלער, קעלערהויז.
בלאָף — א ליגן.
בלאָפן — לייגן.
בלאָק — קוואַרטאַל.
ברעקפעסט — אָנבייסן, פרישטיק.

גוד באָי — א וואוילער יונג.
גוד ביי — אַדיע, א גוטן טאָג.
גוד מאָרנינג — גוט מאָרגן.

דאַון-טאַון — דער נידעריקער טייל שטאָט ניו-יאָרק.
דאַטס-רייט! — דאָס איז ריכטיק!
דזשאָב — א באַשעפטיקונג.
דזשואיש — אידיש.
דזשעקעט — ראָק.
דיינינג-רום — עסצימער.
דינער — מיטאָג.
דעסק — שרייבטיש.
דעקאָריישענס —דעקאָראַציעס.
דרעס — פרויען-קלייד.

האו-דאו-יאו-דאו? — וואָס מאכט איר?
האָל — זאַל, טעאַטער.
האַנד-בעג — א קליין פּעקעלע.
האַריאָפּ! — גיך, שנעל.
הייד-פּאַרק — א גרויסער שטאָט-גאָרטן אין לאָנדאָן.
העט — א הוט.
העלפּ יור סעלף — העלף זיך זעלבסט.

וואַקיישאָן — וואַקאַציע, זומער-אָפּרו.
וויי‌טער — לאָקיי אין רעסטאָראַן.
ווייטשעפּעל — דער אידישער קוואַרטאַל אין לאָנדאָן.
וועל! — יאָ! מיילע!
וועכט — מאַירעוו-זייט.

טאָפּ-פלאָר — אונטער-דאַך-עטאַזש.
טיקעט — א בילעט.
טראָבל — דאַיגעס, צאָרעס.
טשאַרעטיעס — צדאָקע-כעוורעס.
טשיקען — א הון.
טשער — אַ שטול.

יונייטעד סטייטס — די פאַרייניקטע שטאַטן.
יוניע, יוניאָן — אַרבעטער-פאַרייניקונג.
יוראָפּ — אייראָפּע.

*) די טייטשן זיינען געגעבן פונם מעכאבער אליין.

לאָיער — אַדוואָקאַט.
ליידי — א דאַמע.
לעטער — א בריוו.

מאָטאָרקאַר — אויטאָמאָביל.
מאַטינע — פרימאָרגן.
מאָני — געלט.
מופן — אַריבערקלייבן זיך.
מיס — פריילן.
מיסעס — באַלעבאָסטע.
מעמבער — מיטגליד.
מענעדזשער — א פארוואַלטער.

ניקעל — א מאַטבייע פון 5 סענט.

סאָבוויי — אונטערערדישע באַן.
סאַפער — וועטשערע.
סאָסייעטי — א כעוורע.
סוקסעס — ערפאָלג.
סטאַר — א שטערן, א גרויסער ארטיסט.
סטיוארט — שיפסבאַדינער.
סטיישאָן — סטאַנציע.
סטריט — א גאַס.
סיטי — מיטן שטאָט.
סטיידזש — סצענע, בינע.
סיי! — הער-נאָר!
סייווען — אָפּשפּאָרן.
סינגעלמען — ניט קיין באַווייבטער.
סעטשעל — א פעקל.
סענדוויטש — בוטערבראָד.

סענסיישען — טענסאַציע, א ראַש.
ספּיטש — א רעדע.
ספּיטשן — א רעדע האַלטן.

עדיטאָריעל — לייט-אַרטיקל.
עקסקיוז מי — זייט מיר מויכל.

פאָגעס — טומאַנען.
פאונטן-פען — אויטאָמאַטישע פעדער.
פּוירסענלי — פערזענלעך.
פיידזש — א זייטל, אָמעד.
פייטן — שלאָגן זיך.
פייפער — א בלאַטצייטונג.
פיקטשע, פיקטשור — פאָטאָגראַפיש בילד.
פיקסען — צורעכט מאַכן.
פלענטי — גענוג.
פרעס — פרעסע, צייטונגען.

קאָורט — סוד, געריכט.
קאַסטאָמער — קונה, באַזוכער.
קאַר — טראַמוואַי.
קיטשען — קיך.
קעבין — שיפס-קאַיוטע.
קענדי — קאָנפעקטן.
קערידזש — פאַעטאָן.

ריווערענד — ראַבינער.

שאָפּ — פאַבריק.
שאַראַפּ — אוועק — שטיל זאָל זיין.
שייווען — ראַזירן, גאָלן.

# טייטש פון העברעאישע ווערטער און אויסדריקן*)

אַד כּאַצי האַמאַלכוס — ביז א האלבן קעניגרייך.

אַד כּאָרמע — „יאָגן אים אַד כּאָרמע״ — רוידעפן אים, פאַרפאָלגן אים ביז לעצט. בוכשטעבלעך: ביז דער שטאָט כּאָרמע.

אויג מעלעך האַבּאָשן — א ריזיק-הויכער מענטש. א לעגענדארישער קעניג פון לאַנד באָשן אין דער ביבל.

אוילעם האַטויע — „גייט ארום אין אוילעם האַטויע״ — גייט ארום שטאַרק פאַרטראָגן, ניט אף דער וועלט. בוכשטעבלעך: כּאַאָס-וועלט.

אומעס האָאוילעם — אנדערע פעלקער, ניט-אידן.

אירגאָזן — „מיט א אירגאָזן״ — מיט א בייזער, מיט א קאַס.

אַכאַס לעאַכאַס — איינס מיטן אנדערן, איינס צו איינס.

„אַני שלוימע״ — בוכשטעבלעך: איך בין שלוימע. לויט א לעגענדע איז שלוימע האַמייּלעך פאַרוואָרפן געוואָרן דורכן אַשמעדאַי אין א פרעמד לאנד, וואו קיינער האָט אים ניט געקאָנט. „אַני שלוימע!״ — האָט ער געשריען, און קיינער האָט דערויף קיין אַכט ניט געלייגט. „גיי שריי — אַני שלוימע״ — גיי שריי, דערצייל ווער איך בין.

אַרבּאַ קאַנפעס האָאָרעץ — פיר עקן פון דער וועלט.

באַכצויצרויס וועקאָל שויפער — מיט ראש און געפילדער. בוכשטעבלעך: מיט טרומייטן און מיט שויפער-בלאָזן.

באַרבּורים — פאַ־גרייזט פון „דיבּורים״.

בויאַי בעשאָלעם — א פאַסעק פון א טפילע פרייטיק צונאַכטס. בא דעם פאַסעק קערט זיך דער כאַזן אויס מיטן פּאָנים צום אוילעם און נייגט זיך אין פאַרשיידענע זייטן.

בילטי — נאַר.

בישטיקע — אין דער שטיל, פאַרבאהאלטענערהייט.

בעכיפאָזנדיק — איילנדיק.

בעסדן שעל מאַילע — הימלשער געריכט.

בעפאַרהעסיע — עפנטלעך, פאַר אלעמען אין די אויגן.

גאַניידן האָעליוין — הימלשער גאַניידן.

---

*) די טייטשן זיינען געגעבן לויטן קאָנטעקסט, ווי די ווערטער ווערן פאַרשטאַנען בא שאָלעם-אלייכעמען, האַגאַם טיילמאָל האָט דאָס העברעאישע וואָרט נאָך אַן אנדער באַטייט.

גאַניידן האַטאַכטוין — ערדישער גאַניידן.

האַכנאָסעס אָרכים — גאַסטפריינטלעכקייט.

האקל טאָלוי בעמאַזל — אלץ ווענדעט זיך אָינם מאַזל.

האַנויסן יאַד לעפּוישים — „האָט אים א נעם געטון מיט זיין האַנויסן יאַד לעפּוישים״ — האָט אים א נעם געטון מיט זיין „יאַד״ (מיט זיין געזונטער האַנט). די ריכטיקע טייטש: דער, וואָס דערלאַנגט זיי האַנט די זינדיקע.

היסנאַצלעס — פאַרענטפערונג, פאַרטיידיקונג.

וואַכלאַקלאַקעס — און גליטשיק.

יאַכדאָוו — בעשוטפעס. בוכשטעבלעך: צוזאַמען.

יאַילעס — א טפילע פון יאָמקיפּער צונאַכטס.

יווידייע סייפער — קענער, וואוילגעלערנטער.

כיבעט האַקייווער — גרויסע יעסורים, געבערענטע צאָרעס. בוכשטעבלעך: די ליידן, וואָס דער טויטער מוז אויסשטיין אין קייווער, איידער מע ברייננגט אים פאַרן הימלשן געריכט.

כיילעק קעכיילעק — גלייכע כאלאָקים.

„כל דכפין ייתי ויכול״ — ווער ס׳איז הונגעריק, דער זאָל קומען און עסן.

לעזיקאָרן — צום אנדיינק.

לעשעם — צוליב.

מאַ שמייכעם? — ווי איז אייער נאָמען?

מאלכע כאבאָלע — טייוואָלים, שיידים.

מאָעס מעזומאָנים — מעזומען געלט.

מעאַנשיי שלוימיינו — פון אונזערע לייט, היימישע מענטשן.

מעזעג טויוו — א גוטהארציקער, אן איידעלער כאראַקטער.

מעשאַלשל זיין — פארגרייזט פון „מעשאַלעם זיין״ — באַצאָלן.

עוון טויוו — א זעלטנהייט, אַ טייערע קיילע. בוכשטעבלעך: אן איידלשטיין.

ערעווראָוו — אַ געמיש פון מענטשן.

פאָרע אדומע — אַ בעהיימע, אַ נאַרישע. בוכשטעבלעך: אַ רויטע קו. (אין דער ביבל: אַ רויטע קו, וואָס ווערט באַנוצט צוליב ריטואַלע צוועקן).

פּיסעם מיט ראַמסעס — „מאַכן פיסעם מיט ראַמסעס״ — אופטון א וועלט מיט ארבעט. לויט דער ביבל: צוויי שטעט אין מיצראַים, וואָס מע האָט געצוואונגען די פאַרשקלאַפטע אידן צו בויען.

פּע קאָדעש — הייליק מויל (איראָניש).

„צאַר שעקענעגדוי״ — קעגנער, קאָנקורענט.

צאַדיקים גמורים — עכטע צאַדיקים.

צעלעם עלויקים — עכט, טיפּיש אויסזען. בוכשטעבלעך: דאָס געשטאלט פון גאָט, וואָס ליגט אָפן מענטשנס פאָנים.

קאַל וואָכוימער — אָפּלערנען, אויסדרינגען פון דעם לייכטן דאָס האַרבע. איינער פון די הויפּט-מעטאָדן פון דער טאַלמודישער לאָגיק.

קאָל מאַמינים שעהו — פון אַלערליי סאָרטן. וואָרט-שפּיל. אנשטאָט מיקאָל האמינים. (גענו־
מען פון אַ טפילע אום ראָשעשאָנע „וכל מאַמינים שהוא״).

קאפּלשמוינעדיק — פּילפּאַכיק.

קיבעד אָוו — קאָוועד אָפּגעבן, גוט האלטן דעם פאָטער.

קיקריעס יאַמסוף — זייער שווער. בוכשטעבלעך לויט דער ביבל: די צעשפּאַלטונג פון
רויטן יאַם, בעאייס די אידן זיינען ארויסגעגאנגען פון מיצראַים.

קעטויוו לעוו האמעלעך באיאַין — גוט אפּן האַרצן, אופגעלייגט. בוכשטעבלעך: בעאייס דער
קייסער איז גוט געשטימט געווען פונם אויסגעטרונקענעם וויין.

שאָווע בעשאָווע — „ניט שאָווע בעשאָווע״ — ניט גוטפריינט, בארויגעז.

שאָלטאכטיע — אָפּגרונט.

(זע אויך „טייטש פון העברעאישע ווערטער און אויסדריקן״ אין
1-טן טייל „בלאָנזנדע שטערן״).

**רעדאַקציע.**

# אינהאלט.